די ערשטע אָריגינעלע ענגלישע אויפלאַגע פון „מזלות“

**FIRST PERSON SINGULAR**

איז דערשינען אין ניו־יאָרק, דעם 17טן סעפּטעמבער 1931.

איינציקע יידישע אויסגאַבע מיט אויסשליסלעך־אויטאָ־
ריזירטע צירקולאַציע־רעכטן פאַר דער גאַנצער וועלט.

## װיליאם סאמערסעט מאָם

# מ ז ל ו ת

זעקס נאָװעלן געשריבן אין דער ערשטער פּערזאָן פון אײנצאָל

**ד אָ ס מ אָ ד נ ע ק ע ר נ ד ל**

איז אײנע פון די נאָװעלן, אין װעלכער עס װערט געשילדערט אויף אַ רירנדיקן אופן דאָס שטײגער־לעבן פון אַ ייִדישער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע אין ענגלאַנד

מיט אַן אַרײַנפירװאָרט פון דעם מחבר.

פון ענגלישן אָריגינאַל איבערגעזעצט
פון **ד״ר מיכאל לײבאָװיטש**

מיט אַן אָפּהאַנדלונג אויף דער טעמע
**װיליאַם סאמערסעט מאָם — דער מענטש און זײַן װערק**
**פון ד״ר מ י כ א ל ל ײ ב אָ װ י ט ש**

מיט זײַן בילד, אײגנהענטיק אונטערגעשריבן, װעלכן װ. סאמער־סעט מאָם װידמעט ספּעציעל דער דאָזיקער ייִדישער אויסגאַבע.


בוענאָס־אײרעס

1954

# מיכאל לייבאָוויטש

בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע, 1954.



אין אַלע ענינים, וואָס זענען נוגע דעם דאָזיקן בוך, זיך ווענדן לויטן אַדרעס:

Dr. M. LEJBOWICZ
c/o Instituto Científico Judío — IWO
Pasteur 633 — Buenos Aires
Argentina

די דאָזיקע אויסגאַבע איז פאַטראָניזירט פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט.

W. SOMERSET MAUGHAM

# M A S O L O I S

## ( S I N O S )

**SEIS NOVELAS CORTAS ESCRITAS EN LA PRIMERA PERSONA DEL SINGULAR**

Versión del inglés por el
**Dr. MIGUEL LEJBOWICZ**

Con un estudio del traductor sobre:
WILLIAM SOMERSET MAUGHAM, EL HOMBRE Y SU OBRA

Con un retrato autografiado por el autor
especialmente para esta edición

E d i t o r :
**M. LEJBOWICZ**

BUENOS AIRES
1 9 5 4

**W. SOMERSET MAUGHAM**

# FIRST PERSON SINGULAR

Contents. — THE ALIEN CORN
VIRTUE
THE HUMAN ELEMENT
JANE
THE CREATIVE IMPULSE
THE ROUND DOZEN

With a Preface by the Author

Translated into Yiddish by
**Dr. MICHAEL LEJBOWICZ**

Together with an Introductory Treatise on
WILLIAM SOMERSET MAUGHAM, THE MAN AND HIS WORK
by **Dr. Michael Lejbowicz**

With a signed photograph of the Author
especially for this book

Published by
**M. LEJBOWICZ**
BUENOS AIRES
1954

## אינהאַלט:

# װיליאם סאָמערסעט מאָם —
# דער מענטש און זײַן װערק

ווען איך פלעג זיין אין לאָנדאָן, איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע הנאה צו באַזוכן דעם אינטערעסאַנטן אינדיע־מוזעאום. עס זענען דאָרטן פאַראַן אַ סך סטאַטועס פון גרויסן בודאַ, אַראָפּגעבראַכטע פון אינדיע, ציילאָן, יאַפּאַן, כינע און אינדאָכינע.

איין זאַך פאַרכאַפּט תיכף אייער אויפמערקזאַמקייט: דאָס דריטע אויג, איינגעפּאַסט אין די שטערנס פון די סטאַטועס. אין די מער קאָסטבאַרע סטאַטועס איז דאָס דריטע אויג געמאַכט פון אַ גרינעם שטיין. וואָס באַדייט אָט דאָס אויג? דאָס איז דאָס אויג פון חכמה, די פעאיקייט צו קענען זען זאַכן און פאַרשטיין דערשיינונגען, וואָס אַ פּשוטער בשר־ודם קען נישט.

דאָס איז אַ געטלעכער כוח. ווייניק מענטשן פאַרמאָגן אַזאַ אייגנשאַפט. און אויב יאָ, האָבן זיי עס געגנבעט ביי די געטער, אַזוי ווי פּראָמעטעאוס האָט געגנבעט דאָס פייער פון די געטער.

אויב אַ יחיד פאַרמאָגט אַזאַ ברכה, ברענגט עס בלויז אים אַליין גרויסע נוצן. אָבער אויב אַ שרייבער ברענגט עס אַרויס אין זיינע ווערק, איז ער מגלה דעם סוד פאַר טויזנטער און טויזנטער מענטשן, וועלכע לייענען אים. ער ברענגט דעריבער אַ ברכה פאַר דער מענטשהייט.

צו די זייער ווייניקע, וועלכע פאַרמאָגן אַזאַ כוח, געהערט וו. סאמערסעט מאָם.

דאָס לעבן פון לאמבעט — אַן אָרעמער שטאָט־טייל פון לאָנדאָן, אַ געגנט פון סלאַמס, דאָס הייסט, פון שמאָלע, פאַרוואָרלאָזטע געסלעך, ווו עס הערשט דער דלות — האָט אויף דעם 23־יאָריקן שפּיטאָל־אַסיסטענט, וויליאַם סאָמערסעט מאָם, אויסגעאיבט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז ער האָט אין זיינע פרייע אָוונט־שעהען אָנגעשריבן אַ נאָוועלע מיטן נאָמען ליזאַ פון לאמבעט.

ער פלעגט באַזוכן לאַמבעט טאָג־טעגלעך און האָט שטודירט די פּסיכאָלאָגיע פון פאָלקסמענטש נישט ווייניקער, ווי ער פלעגט שטודירן און פאַרשן זיינע פּאַציענטן.

ווען דער מאַנוסקריפּט איז אַריינגעקומען אין פאַרלאַג פון ט. פישער אנווין, זענען די עלטערע לייטער פון פאַרלאַג געווען קעגן דרוקן די דאָזיקע אַרבעט; אָבער דער געשיקטער פישער אנווין האָט די זאַך דורכגעפירט און עס איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אַ קליינע צאָל עקזעמפּליאַרן. ווען די נאָוועלע איז דערשינען, האָט אין דעם פאַרלאַג־לאָקאַל געהערשט אַ זייער נערוועזע שטימונג. עס איז געווען אין אָקטאָבער 1897. די נאָכפראַגע איז געווען זייער אַ גרויסע און אין אַ חודש אַרום איז טאַקע דערשינען אַ צווייטע אויפלאַגע פון ליזא פון לאמבעט. דער יונגער מחבר האָט דערפאַר געקראָגן צוואנציק פונט און דער גרויסער דערפאָלג פון זיין נאָוועלע האָט אים איבערצייגט, אַז ער קען לייכט פאַרדינען פון זיין שרייבן.

אַזוי האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע וויליאַם סאמערסעט מאָם.

לואיס קראָנענבערג, דער ליטעראַטור־קריטיקער פון „ניו־יאָרק טיימס", האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק געשריבן, אַז מאָם איז אפשר דער צום וויניקסטן לאַנגווייליקער שרייבער פאַרן גרעסטן קרייז לייענער פון אונדזער דור. קראָנענבערג האַלט, אַז די אַלע, וועלכע לייענען הן טאָלסטאָי, הן סאבאַטיני, קענען לייענען מאָמען מיט אַ פאַרשטענדעניש און עונג־רוח.

דער באַרימטער קריטיקער אלוואראָ אלקאלא גאליאנאָ האָט אין דער גרויסער שפּאַנישער ענציקלאָפּעדיע כאַראַקטעריזירט מאָמען מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

— ער איז דער גייסטיקער ברודער פון פראַנצויזישן שרייבער מאָפּאסאַן. עס איז פאַראַן אין מאָמען דער זעלביקער פּעסימיזם, די זעלבע אומברחמנותדיקע פאָרשונג, אָן נאָכגיביקייט, בעת ער אָבסערווירט די מענטשלעכע באַשעפענישן, דער זעלביקער סטיל, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט זיין ניכטערקייט און קרעפטיקייט. אָבער דער ענגלענדער מאָם פאַרטיפט זיך מער אין דעם מענטשלעכן באַוווסטזיין, אַנאַליזירט בעסער דאָס מענטשלעכע וועזן און שטייגט איבער דעם פראַנצויז מיט זיינע נאָוועליסטישע איינפאַלן, מיט דער בייסנדיקער איראָניע פון זיינע פסיכאָלאָגישע שטריכן און דיאַלאָגן, און וועלכער מאַכט קלאָר פאַר אונדז עפּיזאָדן און געשטאַלטן ווי אַן עכטער און אויטענטישער דראַמאַטורג.

— פאַר מאָפּאסאַנען איז די פרוי דער צענטראַלער מאָמענט און סענסואַליטעט באַהערשט זיינע נאָוועלן. פאַר מאָמען, להיפוך, איז די פרוי, אָדער אַן אָנגענעמע שפּילצייג, אָדער אַ פאַטאַליטעט פון לעבן. דער ענגלישער שרייבער שטעלט זיך נישט צופרידן מיט עראָטישע באַשרייבונגען, אָבער ער מיידט אויך נישט אויס די רויע רעאַליטעט.

— ער האָט ליב די פּערזענלעכע פרייהייט, דאָס אומאָפּהענגיקע לעבן, פריי פון וועלכע עס איז שטערונגען, די שיינקייט פון דער נאַטור פון ווייטע לענדער, וועלכע זענען נאָך נישט פּראָפּאַנירט געוואָרן פון פּראָגרעס און ציוויליזאַציע. ער האָט פיינט די געזעלשאַפטלעכע קאָנווענציאָנאַליזמען, די פּוריטאַנישע מאָראַל און דאָס לעבן פול מיט פיקציעס פון אונדזער מערבדיקער ציוויליזאַציע.

די באַוווסטע ענגלישע שרייבערין, איטל מאַנין, שטעלט אונדז פאָר מאָמען אויף אַזאַ שטייגער:

— אין אויסזען איז ער טונקל, קליין־וווקסיק און עלעגאַנט; אין זיינע מאַנירן, צויבערדיק, איידל און אָפּטמאָל פאַרווילנדיק. אָבער ער מאַכט דעם איינדרוק, אַזוי ווי עס וואָלט אין אים עפּעס געברענט פון אינעווייניק, אַ מין ביטערקייט, וואָס קומט אַזוי בולט צום אויסדרוק אין זיינע ליטעראַרישע ווערק. „סענסיטיוו" און „סאַרדאָניש" זענען צוויי ווערטער, וועלכע טויכן אויף, ווען מען וויל זיך באַמיִען צו באַשרייבן זיין געשטאַלט און געמיט. מען פילט, אַז ער איז באַזעלט מיט אַ טיפן חוש פאַרן לעבן. ער פאַרשטייט די טונקעלע קוריאָזיטעטן פון לעבן און פילט דעם פיין, וואָס ברענט אין זיין וועזן ווי אַ טונקל פייער, און ער, סאָמערסעט מאָם אַליין, אָבסערווירט דאָס אַלץ פון דרויסן, באַוווסטזיניק, און גיט זיך אָפּ אַ גענויעם חשבון פון מענטשנס ליידנשאַפטן און פיין, אַרויסווייזנדיק מיטלייד. ער אָבסערווירט אָבער די געשעענישן מיט אַ ריזיקן אינטערעס, מיט אַן אָטעם־פאַרכאַפּנדיקן אינטערעס.

איטל מאַנין זאָגט, אַז מאָם איז נישט אינגאַנצן שוה־בשוה מיט דער נאַטור. דער יונגער מאַן פון זיין ביאָגראַפישן ראָמאַן פון מענטשלעכער פאַרשקלאַפונג איז „באַשאָנקען" מיט אַ לאָמען פוס, און זיין מחבר שטאַמלט אונטער, אָבער אויסערלעך איז ער שיין, אינטעליגענט, צויבערנדיק, מיט איין וואָרט, אַן אויסגעצייכנטע פּערזענלעכקייט פון דער בעסטער געזעלשאַפט.

די ווייטערדיקע טיפּיזיניקע פראַזן שפּיגלען אָפּ געדאַנקען, אויף וועלכע עס זענען געבויט געוואָרן זיינע ווערק.

— דאָס העכסטע גליק קוים אָפּגעזונדערט דורך אַ ציטערדיקן בלאַט פון דער טיפסטער פאַרצווייפלונג — איז עס נישט דאָס לעבן? (אַן אַפאָריזם פון סעינט בעוו).

— דער שטילער אָקעאַן (דער פּאַציפיק) ענדערט פון צייט צו צייט זיין געמיט און איז נישט זיכער ווי די נשמה פון מענטש (מאָם).

— קורץ איז דאָס מענטשלעכע לעבן און ענג איז דער ווינקל אויף דער ערד ווו דער מענטש לעבט (מאָם).

— ס׳איז שווער אַריבערצוטרעטן די שאַרף פון אַ ראַזירמעסער. די מזרחדיקע חכמים זאָגן, אַז פונקט אַזוי איז שווער דער וועג צו דער רעטונג (נירוואַנא) — אַ פּסוק פון דעם הייליקן הינדואישן ספר „קאַטהא אופּאַנישאַד".

וו. סאָמערסעט מאָם איז געבוירן געוואָרן דעם 25סטן יאַנואַר 1874, אין פּאַריז. לכבוד זיין 76־סטן געבוירנטאָג איז אינעם „הויז פון בוך", אין ניו־יאָרק, אַדורכגעפירט געוואָרן אַ פייערלעכע אויסשטעלונג פון זיינע איבער 300 מאַנוסקריפּטן, בריוו און אַנדערע דאָקומענטן.

די הקדמה פון זיין בוך אַ שרייבערס נאָטיצבוך, וואָס איז דערשינען מיט אַ קורצער צייט צוריק, פאַרענדיקט סאָמערסעט מאָם מיט די וויטער־דיקע ווערטער:

— איצט בין איך אַן אַלטער מאַן. איך קען פאַר קיינעם נישט זיין מער קיין קאָנקורענט, מחמת כ׳האָב זיך צוריקגעצויגן פונעם לעבנס־ווירוואַר און איך האָב זיך אַליין פאַרשטופּט גאַנץ טיף אויף דער פּאָליצע. אמת, מיין לאַגע איז זייער ווייט פון זיין אַ שווערע. עס פעלט מיר גאָרנישט. אַלע מיינע אַמביציעס, וועלכע כ׳האָב ווען עס איז געהאַט, זענען דערגרייכט געוואָרן. איך קאָנקוריר שוין מיט קיינעם נישט מער, נישט ווייל זיי זענען נישט ווערט קיין קאַמף, נאָר מחמת כ׳האָב שוין געזאָגט אַלץ, וואָס כ׳האָב געהאַט צו זאָגן. און כ׳בין צופרידן אָפּצוטרעטן מיין קליין פּלאַץ פאַר אַנדערע, אַ פּלאַץ, וואָס איך האָב פאַרנומען אין דער וועלט־ליטעראַטור אין משך פון די פאַר־גאַנגענע צענדליקער יאָרן. כ׳האָב אָפּגעטון, וואָס כ׳האָב געוואָלט טון, און איצט קומט מיר אָפּרו.

— מען זאָגט מיר, אַז היינטיקע צייטן ווערט אַ מענטש שנעל פאַרגעסן, אויב מען הערט פון אים נישט אָפּט צווישן עולם. איך גופא האַלט, אַז דאָס איז גאַנץ ריכטיק. יאָ, כ׳בין גרייט צו דעם.

— ווען מיין נעקראָלאָג וועט ענדלעך דערשיינען אין „טיימס" און מענטשן וועלן זאָגן: „וואָס? כ׳בין געווען זיכער, אַז ער איז שוין טויט זינט אַ לאַנגער צייט!" — דעמאָלט וועט מיין גייסט אין אַן איידעלן טאָן אונטער־לאַכן.

אינעם בוך מיין סך־הכל זאָגט מאָם, אַז איטלעכער מענטש בילדעט מיט זיך אַ מאָדעל, אַ שאַבלאָן. וואָס שייך זיין אייגענעם שאַבלאָן איז ער שוין קאָמפּלעט. יעדער מאָדעל האָט זיין יוגנט, מיטעלע יאָרן און עלטער. דער מענטש, זאָגט ער, דאַרף זיך באַמיִען וואָס מער אויספילן זיין מאָדעל מיט מעשׂים, און איינע פון די וויכטיקסטע טאַטן איז „דאָס פאַרגעניגן צו דער זעט", מחמת אָן די תענוגי העולם הזה איז דאָס לעבן אָרעם און מאָנאָטאָן.

מאָם האָט אָפּגעלעבט אַ גרויסאַרטיקן לעבן, כאָטש ער האָט זייער אַ סך געליטן צוליב זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד. פון זיין ליטעראַרישער אַרבעט האָט ער אַרויסגעצויגן אַן אוצר מיט געלט. זיינע ווערק זענען זיך צעגאַנגען אין מיליאָנען עקזעמפּליאַרן איבער די ענגליש־רעדנדיקע לענדער און זענען איבערזעצט געוואָרן אין פאַרשיידענע שפּראַכן און פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט. די קריטיק האָט אים זייער הויך אָפּגעשאַצט, הגם זי האָט נישט געקאַרגט קיין ביטערע שטעכווערטלעך אויף זיין אַדרעס, אָנרופנדיק אים „זייער קאָמפּעטענט“, אויף וואָס דער באַקאַנטער קריטיקער ריטשאַרד אַלדינגטאָן האָט אָפּגעענטפערט, אַז דאָס ריכטיקע וואָרט אויף אָפּצושאַצן מאָמס אַרבעט איז „מייסטערשאַפט“.

מאָמען אינטערעסירט נישט די מאַסע. עס אינטערעסירט אים דער יחיד. נישט דער כלל, נאָר דער פּרט.

אָפּזאָגנדיק זיך, זאָגט ער, אין אַ דאָגמאַטישן יאָרהונדערט, פון וועלכן עס איז חשק צו פּרעדיקן נביאות, האָט ער געהאַט אַ גרויסן אינטערעס אין דער מענטשלעכער נאַטור און ער איז געווען מיט דער מיינונג, אַז ער וועט קענען צום בעסטן איבערגעבן זיינע באַאָבאַכטונגען אין דער פאָרעם פון שרייבן נאָוועלן. די טיפּן, וועלכע ווערן פאָרגעשטעלט אין זיינע ווערק, זענען באַזירט אויף רעאַלע געשטאַלטן, נאָר מיט פאַרביטענע נעמען. ער האָט געמישט פיקציע מיטווירקלעכקייט, אַזוי עס צוזאַמענגעפלאָכטן, אַז עס איז אים אַליין איצט שווער צו דערמאָנען זיך, וועלכע זענען עס די רעאַלע און וועלכע די נישט־רעאַלע טיפּן און געשעענישן. ער זאָגט, אַז בעת ער איז אַלט געווען צוואַנציק יאָר האָבן די קריטיקער געזאָגט, אַז ער איז ברוטאַל; אין זיינע דרייסיקער האָבן זיי געזאָגט, אַז ער איז חוצפּהדיק און לצניש; אין זיינע פערציקער, אַז ער איז אַ ציניקער; אין זיינע פופציקער, אַז ער איז קאָמפּעטענט; אין זיינע זעכציקער, אַז ער איז אויבערפלאַכלעך. נישט געקוקט אויף די אַלע מיינונגען, איז ער געגאַנגען זיין אייגנאַרטיקן וועג, וועלכן ער האָט פון פריִער זיך אָנגעצייכנט.

מאָם האַלט, אַז די געשיכטע פון קריטיציזם ווייזט אַרויס, אַז די קעגנווערטיקע קריטיק איז פעלערהאַפטיק.

מאָם האָט זייער אַ סך געררייזט, הן אין מזרח, הן אין מערב, און האָט אַלץ געזען און פאַרצייכנט. ער האַלט, אַז שרייבער, וועלכע אינספּירירן זיך נישט אין רעאַלע געשטאַלטן, קענען נישט באַאיינפלוסן דעם לייענער. ער ברענגט פאַר אַ ביישפּיל טורגעניעוון, וועלכער זאָגט, אַז איר קענט געבן אייער שאַפונג וויטאַליטעט און אייגנאַרטיקייט נאָר דעמאָלט, ווען איר האָט פאַר זיך אַ רעאַלע געשטאַלט.

מאַם האָט אָנגעשריבן אַ קימאַלן פון הונדערט דערציילונגען, צווישן גרעסערע און קלענערע; 24 דראַמאַטישע ווערק און די זעלביקע צאָל גרע־סערע ראָמאַנען. מען רופט אים אָן „דער קעניג מידאס פון ליטעראַטור". דער שריפטשטעלער לעאַנדראָ פּיטאַ ראָמעראָ האַלט, אַז מאַם באַדאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ מאָטיוו פון גאווה פאַר אַלע שרייבער פון דער וועלט, אויב מען גיט אַ טראַכט, ווי מיט טינט און פעדער קען מען אויך דערגיין צו מיליאָנען דאָלאַרן, פונקט אַזוי ווי עס איז דער פאַל מיט פאַבריקאַנטן און סוחרים.

פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן האָט ער זיך געקויפט אַ פּרעכטיקע ווילע אין דרום־פראַנקרייך — די ווילא מאָרעסק, וואָס האָט אים געקאָסט זייער אַ סך געלט און וועלכע געהערט צו די צום מערסטן לוקסוסדיקע אויפן מיטל־לענדישן ים.

אין איינעם פון זיינע ווערק שטרענג פערזענלעך דערציילט ער, ווי ער איז געווען געצוווּנגען, בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה, צו פאַרלאָזן זיין באַ־ליבטע ווילע, ווען פראַנקרייך איז אָקופּירט געוואָרן פון די נאַציס. ער וויל נישט אַריינפאַלן אין די נאַצישע נעגל און אין זייערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס באַדייט פאַר אים אַ לאַנגזאַמען טויט. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז ער וועט שוין נישט קענען מער פאָרן איבער דער וועלט און זיך באַגעגענען מיט אינ־טערעסאַנטע טיפּן און עפּיזאָדן, וועלכע ער וועט שפּעטער אַרויספירן אין זיינע ווערק.

מאַם האָט פאַרדינט ריזיקע סומעס פאַר טעאַטראַליזירן זיינע ווערק. ער איז דורך־און־דורך אַ דראַמאַטורג. אַלע זיינע ווערק זענען דראַמאַטישע, אַפילו די קלענסטע דערציילונגען.

נישט לייכט איז אָנגעקומען סאָמערסעט מאָמען אַריינצוקומען אין טע־אַטער. ער האָט באַדאַרפט ביטער קעמפן. ער איז געווען אָרעם, ער האָט נישט געהאַט קיין שום הילף, ער איז געווען אָנגעוויזן בלויז אויף זיין אייגן פאַרדינסט און די מיטלען פון לעבן האָט ער בלויז געקענט אַרויסקריגן פון זיין שרייבן. ער זאָגט, אַז קיין זאַך דערנידעריקט נישט מער אַ מענטשן ווי זאָרג וועגן פּרנסה. געלט איז בבחינת פון אַ זעקסטן חוש, אָן וועלכן די איבע־ריקע פינף חושים קענען נישט אין אַ פולער מאָס פונקציאָנירן. אָן אַ גע־העריקער הכנסה זענען אַ העלפט פון די מעגלעכקייטן אין אונדזער וועלט אויסגעשלאָסן פאַר אַ יחיד. אויטאָריטעטן פון דער קאַטעגאָריע ווי מאַקס בירבאָהם האָבן אים מיט איידעלע ווערטער געוואָלט איבערצייגן, אַז ער טויג זיך נישט אויס פאַר דער סצענע. ער האָט אָבער נישט גערוט, ביז אין 1902 האָט די סטייִדזש סאָסייטי פון לאָנדאָן אויפגענומען צו שפּילן זיינע ערשטע פּיעסע דער ווירדיקער מאַן, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אין

1898. מאָם דערקלערט עפנטלעך, אַז ער וועט אויף אייביק פּאַרבלייבן דאַנקבאַר דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, וועמעס ציל איז געווען צו העלפן אַרויפֿקומען אויף דער סצענע די יונגע ענגלישע דראַמאַטורגן. אַדאַנק דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, האָבן געקענט אַרויסברענגען זייערע ווערק אויף דער ענגלישער סצענע אַזעלכע שרייבער ווי דזשאָרדזש בערנאַרד שאָ, דזשאָן גאַלזוואָרטי, גרענוויל באַרקער און די נישט ענגלישע דראַמאַטורגן ווי איבסען, מעטערלינק, ביערנסאָן, טאָלסטאָי, גאָרקי, טשעכאָוו, גאָגאָל, זודערמאַן און פיל אַנדערע. אָבער נאָך דער פאָרשטעלונג פון דער ווירדיקער מאַן איז ווידער אַריינגעקומען אַ סטאַגנאַציע פאַר מאָמען. עס האָט זיך פונדאָסניי אָנגעהויבן פאַר אים אַ פעריאָד פון שווערע צייטן. איין טעאַטער־דירעקטאָר נאָכן אַנדערן האָבן אָפגעזאָגט אויפצונעמען זיינע דראַמעס, ביז דער באַלעבאָס פון קאָרט־טעאַטער, אָטאָ סטואַרט, נישט קענענדיק באַקומען קיין וויכטיקע פּיעסע, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אויסגעבן קיין סך געלט און געפינענדיק זיך אַזוי אַרום אין אַ שווערער לאַגע, האָט מסכים געווען אויפצונעמען מאָמס דראַמע ליידי פרעדריק. ער האָט געמיינט, אַז די פּיעסע וועט אָנהאַלטן אַן ערך פון זעקס וואָכן, ביז דער צייט ווען ער וועט האָבן אויסגעפאַרטיקט אַ פּיעסע, וועלכע ער האָט צו יענער צייט באַשטעלט. אָבער ליידי פרעדריק איז פאַרבליבן אויף דער סצענע מעך פון אַ יאָר צייט! אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן סאַמערסעט מאָמס קאַריערע פון אַ געניאַלן און באַרימטן סצענישן מייסטער. אין די צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט האָבן די גרעסטע טעאַטערס פון איראָפּע און אַמעריקע געשפּילט מאָמס פּיעסעס מיט אַ ריזיקן דערפאָלג. ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש זענען מאָמס פרויען־טיפן. ער ברענגט אַרויס הן אויף דער סצענע, הן אין זיינע ראָמאַנען, הן אין זיינע נאָוועלן און דערציילונגען רייצנדיקע שיינהייטן, וועלכע זענען באַהערשט פון אַ געפיל פון אַוואַנטורעס, אָן סקרופּלען. דער שרייבער אַנבעל זוניגאַ זאָגט וועגן מאָמס פרויען־געשטאַלטן, אַז מאָמס אַוואַנטוריצע, ווי אַ דראַמאַטישע געשטאַלט, זעט אויס, גלייך ווי זי וואָלט געווען קאָפּירט פון אָסקאַר ווײַלדן, וועלכער איז מאָמס דירעקטער מוסטער. דער איינפלוס פון ווײַלדן דערגייט צום קולמינאַציע־פּונקט אין זיינע דראַמעס, ווי דער קרייז א״אַ, אין וועלכע ער פירט אונדז אַריין פונדאָסניי אין די סאַלאָנען פון דער ענגלישער הויכער געזעלשאַפט, וועמעס לעבן, פול מיט פּאַראַדאָקסן, קומט צום אויסדרוק דורך די דיאַלאָגן, וועלכע זענען געשריבן אַזוי טרעפלעך און זענען שניידנדיק ווי אַ שאַרף פון אַ בריטוועָ. אין אַ סך פון זיינע ווערק איז דער שפּור פון אָסקאַר ווײַלדן אַזוי אויגנשיינלעך, אַז לכל הפּחות אין זיין צום מערסטן טראַדיציאָנעלער ליניע דערשיינט מאָם ווי דער פּעאיקסטער פון

זיינע תלמידים. און אין דער אמתן, זינט דער עפּאָכע פון אָסקאַר ווײַלד האָט קיין שרײַבער נישט באַוויזן אַזוי טרעפלעך ווי ער צופרינצושטעלן דאָס פּובליקום מיט אַזעלכע גלענצנדיקע דיאַלאָגן, אַרויסגעזאָגט דורכן מויל פון זיינע צינישע פּערסאָנאַזשן, וועלכע האָבן אַרויסגעבראַכט זיין פּראַכט און זיין עלעגאַנטן ווידערווילן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער דראַמאַטישער עלאָקווענץ.

אין 1928 איז צום ערשטן מאָל דערשינען און באַלד דערנאָך געשפּילט געוואָרן אין ניו־יאָרק זיין דראַמע דער הייליקער פלאַם, וועלכע די וועלט־קריטיק האָט אָנערקענט פֿאַר איינער פון די הערלעכסטע דראַמעס פון אונדזער צייט. סאָמערסעט מאָם האָט דורך דעם דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט פון זיין דראַמאַטישער געניאַליטעט. אין 1929 איז דער הייליקער פלאַם געשפּילט געוואָרן אין תּל־אָביב דורך דעם באַרימטן העברעאישן טעאַטער הבימה מיט אַ ריזיקן דערפאָלג.

אין דעם ראָמאַן טעאַטער שילדערט סאָמערסעט מאָם אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן דאָס לעבן פון די היינטצייטיקע אַקטיאָרן.

נאָכן דערשיינען פון ליזע פון לאַמבעט, איז מאָם אַוועקגעפאָרן קיין שפּאַניע, זייענדיק אַלט 23 יאָר. ער האָט דאָרט געלעבט אַ גליקלעך לעבן. ער איז מודה, אַז ער האָט זיך פאַרליבט אין דער שטאָט סעוויליע. יאָר נאָך יאָר פלעגט ער אַראָפּקומען קיין סעוויליע. ער פלעגט וואַנדערן ל׳ענגאויס די ברעגן פון טייך גוואַדאַלקיוויר, רויכערן פיליפּינאַ־ציגאַרן, האָט זיך געלערנט שפּילן אויף דער גיטאַרע, זיך געקויפט אַ שפּאַנישן הוט, אין וועלכן ער פלעגט שפּאַצירן איבער דער גאַס דע לאַס סיערפּעס.

ד״ר פעליקס מאַרטי איבאַניעס שאַצט אָפּ סאָמערסעט מאָמען אויף אַזאַ אופן. ער זאָגט, אַז צופעליק איז אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט אַ ביכל פון אַ געוויסן שרײַבער סאָמערסעט מאָם. ווען ער האָט אָנגעהויבן לייענען דאָס ביכל האָט לכתחילה געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט די לעבעדיקייט פון אַנעקדאָט און דער סובטעלער הומאָריזם, וועלכער האָט די׳רכגעדרונגען די באַשיידענע און ניכטערע פּראָזע. בלויז נאָכן איבערלייענען איייניקע מאָל זיינע ווערק, האָט איבאַניעס זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז דאָס אויסגעצייכנטע דערפון איז נישט געווען בלויז דער בנין, נאָר די כלים און די טעכניק פון דעם אַרכיטעקט: דאָס קענען דערציילן אַ מעשה מיט יענער שוועדער פּשוטקייט, וועגן וועלכער עס האָט געערדעט סערוואַנטעס. אָ! זיינע הערלעכע ביכער וועגן זיינע רייזעס איבער אַזיע און שפּאַניע! און אַנדאַלוזיע, ווו דער טרוקענער, צינישער, שווייגנדיקער און חוזקנדיקער ענגלענדער זעצט זיך צו ביי אַ טישל אין איינער פון די שענקן פון דער גאַס דע לאַס סיערפּעס צו טרינקען אַ מאַנסאַניליע און עסן

פערסעבעס, ווערנדיק געוואָרעמט פון דער אַנדאַלוזישער זון — אָט דאָ איז נאָך איין כאַראַקטעריסטישער שטריך זיינער.

נאָכן דורכמאַכן אַ שפּאַציר איבערן געדיכטן ליטעראַרישן וואַלד, ווען מען וועט זיך פרעגן: וואָס קען מען זאָגן וועגן אים? — טראַכט איך אַז סיי מיט דער שטרענג־געאַרבעטער פּרעציזקייט, סיי מיט דעם אומגעבערדיקן פאַנטאַזיע־פלי, וואָס האָט פארמאַכט די מינאַרעטן פון קאָרדאָוואַ, האָט ער צוגעשטעלט אונדז אַ בוך פון זייער הויכן ווערט.

נאָכן דורכמאַכן אַ שפּאַציר איבערן געדיכטן ליטעראַרישן וואַלד, וועמעס אויפזעער עס איז מאָם, מוז ער זאָגן, זאָגט איבאַניעס, אַז אויב ער וואָלט געהאַט דעם אויסוואַל צו קרוינען ווי אַ פּרינץ דעם גרעסטן פון די מאָדערנע נאָווע־ליסטן, וואָלט ער אָן קווענקלעניש אַרויפגעלייגט די קרוין אויפן קאָפּ פון אָט דעם ענגלענדער מיט די האַלב־אָפענע אויגן און מיטן ציניש שמייכל. פאַר־וואָס? ווייל אָט דער ענגלענדער קען דערציילן אַ מעשה. נישט מער און נישט ווייניקער. די גאַנצע גראַציע פון די אַלט־אַראַבישע דערציילער, פון די קאַסטי־ליאַנישע מיטלאַלטערלעכע טרובאַדורן, פון די אַראַגאָנישע און קאַטאַלאַנישע ראַפּסאָדן פון דעם קעניגלעכן הויף פון כוזן דעם צווייטן, פון די גאַלישע ,,פּאַראַליירא־אָס" און פון די אַנדאַלוזישע מעשיות־דערציילער, דאָס אַלץ פאַר־מאָגט דער אַזוי געראָפּענער ענגלישער ,,דזשענטלמאַן" מיט דער איראָנישער מינע און דעם סקעפּטישן אַרט דענקען.

פעליקס מאַרטי איבאַניעס גיט איבער דעם פאָלגנדיקן עפּיזאָד. ווען סאָמערסעט מאָם איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער אים דורכן טעלע־פאָן איינגעלאַדן צו אַ מיטאָג. דאָס מיידל, וואָס האָט אָפּגענומען דאָס טעלע־פאָן־טרייבל איז כמעט ווי געפאַלן אין חלשות, ווען זי האָט דערהערט, מיט וועמען זי רעדט, מחמת סאָמערסעט מאָם איז דער אַממערסטן פּאָפּולערער שרייבער פון דעם מיטלקלאַס אין די פאַראייניקטע שטאַטן. — לויט מיין מיינונג — זאָגט ד"ר מאַרטי איבאַניעס — איז סאָמערסעט מאָם דער בעסטער, עכטער ראָמאַן־שרייבער פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וועלכער שאַפט אין גייסט פון פּרינציפּ: קונסט לשם קונסט, אָן אַ וועלכער עס איז מאָראַלישער טענדענץ. ער איז אַ סטענדאַל לויט זיין סטיליסטישער ניכטערקייט, אַ באַלזאַק, לויט זיין ברייטער וויזיע פון דער מענטשלעכער קאָמעדיע, מיט אַ צומישונג פון דעם חוזקנדיקן הומאָריזם פון סערוואַנטעסן.

מאָם איז פון פאַך אַ מעדיקער. ער האָט שטודירט מעדיצין אין סיינט־טאָמאַס־שפּיטאָל אין לאָנדאָן און אין היידעלבערגער אוניווערזיטעט. אין די שפּיטאָלן איז ער געקומען אין באַרירונג מיטן רויעם לעבן. דאָרטן האָט ער געזען, צו וועלכער מדרגה די מענטשלעכע עמאָציע קען דערגרייכן. דאָס האָט געשאַרפט זיין דראַמאַטישן חוש און אינסטינקט און געוועקט אים צו שרייבן. ער זאָגט, אַז מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער קען ער נאָך געדענקען אַזוי קלאָר געוויסע פּערזאָנען, אַז ער איז בכוח צו מאָלן פון זיי אַ בילד. ער קען נאָך אַזוי גענוי הערן זייערע ווערטער. ער האָט געזען ווי מענטשן ליידן

אין שטארבן. ער האָט געזען, ווי עס „זעט אויס" האָפענונג, שרעק און פאַר־צווייפלונג.

— איך ווייס נישט פון אַ בעסערער איבונג פאַר אַ שרייבער, ווי צו פאַר־ברענגען אייניקע יאָר אין דער מעדיציניש ער פּראָפעסיע — זאָגט סאמער־סעט מאָם.

מאָם איז זייער יונג פאַרבליבן אַ קיילעכדיקער יתום. זיין מוטער איז אים געשטאָרבן, ווען ער איז אַלט געווען אַכט יאָר, און זיין פאָטער איז אַוועק פון דער וועלט, ווען ער איז געווען אַ קינד פון צען יאָר. ער געדענקט זיי זייער שוואַך. ער ווייס אָבער, אַז דער פאָטער איז געווען אַ קליינער, מיאוסער מאַן און די מוטער אַ קליינע, אָבער אַ בילד־שיינע פרוי. צוויי זאַכן זענען ביי אים פאַרבליבן פון זייער אָנדענק: אַ ווונד אין האַרצן און אַ מיס־טישער צייכן.

דער טויט פון זיין מוטער איז פאַר אים געווען אַ ווונד, וואָס האָט זיך נישט געקענט פאַרהיילן אין משך פון פופציק יאָר, זאָגט מאָם.

דער פאָטער זיינער איז געווען אַ ראַטגעבער פון דער בריטישער אַמ־באַסאַדע אין פאַריז. אויף דער זומער־ווױנונג, וואָס דער פאָטער האָט אויפ־געבויט נישט ווייט פון פאַריז, האָט ער געהייסן אויסמאָלן אַ מיסטישן צייכן, אַ סגולה קעגן עין־הרע, וואָס ער האָט אַמאָל געפונען בעת זיינער אַ רייזע אין מאַראָקאָ. דאָס איז דער צייכן, וועלכן סאמערסעט מאָם האָט אָנגענומען פאַר זיך אויך און וועלכער געפינט זיך אָפּגעדרוקט אויף די שער־בלעטער פון זיינע ווערק.

נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז צוריקגעהאַלטן בנוגע זיך גופא, האָט ער אַריינגעבראַכט אין זיינע ווערק כמעט אַלע עפּיזאָדן פון זיין פערזענ־לעכער דערפאַרונג, בפרט אין זיין גרעסטן ווערק פון מענטשלעכער פאַר־שקלאַפונג, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר זיין אויטאָביאָגראַפיע. דעם טיטל פאַר דעם דאָזיקן ווערק האָט ער גענומען פון טיטל פון פערטן טייל פון ברוך שפּינאָזאַס ווערק „די עטיק".

דער מאַנוסקריפּט פון דאָזיקן מאָנומענטאַלן ווערק, וואָס איז אָסעקורירט געוואָרן אויף אַ סומע פון פופציק טויזנט דאָלער, האָט מאָם אַוועקגעשאָנקען דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק פון קאָנגרעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין וואַשינגטאָן.

דאָס, וואָס מאָם האָט נישט אַריינגעבראַכט פון זיין פערזענלעכן מאָמענט אין זיינע נאָוועלן, האָט ער דערגענצט אין זיין ווערק מיין סך־הכל. דאָ ער זאָגט אַרויס זייער אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע מיינונגען איבער

פאַרשיידענע פּראָבלעמען פון מענטשלעכן לעבן. ברוך שפּינאָזאַ און יאָהאַן וואָלפגאַנג געטע זענען זיינע לערער. ער ווירקט אונטער זייער איינפלוס.

וועגן שפּינאָזאַן זאָגט סאמערסעט מאָם, אַז ער באַטראַכט זיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט די ווערק פון ברוך שפּינאָזאַ פאַר אַן אויסערגעוויינ־לעכע דערפאַרונג אין זיין לעבן. עס האָט אים אָנגעפילט מיט אַזאַ געפיל פון מאַיעסטעט און דערהויבענעם כוח, ווי עס פילט אַ מענטש, וואָס באַ־וואונדערט אַ קייט פון גרויסע בערג.

שפּינאָזאַס גוטער פּרינציפּ באַשטייט אין דעם, זאָגט מאָם, אַז מען דאַרף באַצייכענען די נאַטור פון זאַכן מיט ווערטער, וואָס זייער געוויינ־לעכער באַדייט דאַרף נישט זיין אין סתירה מיט דעם באַגריף, וואָס מען וויל דורך זיי אויסדריקן.

מאָמס אויג לאָזט גאָרנישט דורך. ער קוקט אַריין טיף אין לעבן פון מענטש און נאַטור. טיפע מיסטישע געדאַנקען זאָגט ער אַרויס אין דער הקדמה צו קאסואַרינאַ־בוים. ער איז גרויזאַם; ער ווייסט, אַז פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט האָט ער רעכט דערצו.

זיינע געדאַנקען אויפן דאָזיקן געביט קומען צום אויסדרוק ספּעציעל אין זיינע נאָוועלן דער כישופמאַכער, דער מאַן פון גלאַזגאָ און לאָרד מאָנטדראַגאָ.

עס קומט אים אויפן זינען, זאָגט מאָם אין מיין סך־הכל, אַ געדאַנק, אַז עס זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע ווערן געבוירן נישט אויף זייערע פּאַסיקע ערטער. אַ צופאַל וואַרפט זיי אַריין אין אַ געוויסער געגנט, אָבער זיי האָבן תמיד אַ בענקשאַפט נאָך אַ היים, וועלכע זיי קענען נישט. זיי זענען פרעמדע אין דעם אָרט, וווּ זיי זענען געבוירן געוואָרן און די מיטביימער באַשיינטע געסלעך, וועלכע זיי האָבן געקענט פון קינדווייז־אָן אָדער די געדיכט באַ־וווינטע גאַסן, וווּ זיי פלעגן זיך שפּילן, פאַרבלייבן פאַר זיי בלויז ווי אַן אָרט, וווּ זיי האָבן אַ קורצע צייט געוווינט. זיי זעען אויס, ווי זיי וואָלטן פאַרבראַכט זייער גאַנץ לעבן ווי פרעמדע צווישן זייערע קרובים און פאַר־בלייבן דערווייטערט פון די איינציקע לעבנס־שטייגערס, וועלכע זענען זיי באַקאַנט. אפשר איז עס טאַקע אָט דער חוש פון פרעמדקייט, וואָס פאַרשיקט מענטשן אין דער ווייטער און ברייטער וועלט, מיטן צוועק צו זוכן אַ פּער־מאַנענטן פּלאַץ, מיט וועלכן זיי וואָלטן זיך געקענט באַהעפטן. אפשר איז פאַראַן אין דעם אַ געוויסער טיף־איינגעוואָרצלטער אַטאַוויזם, וועלכער טרייבט דעם וואַנדערער צוריק צו די לענדער, וועלכע זייערע אבות האָבן פאַרלאָזט בעת דעם טונקעלן בראשית פון דער געשיכטע. צייטנווייז שטויסט

זיך אָן אַ מענטש אָן אַ פּלאַץ, צו וועלכן ער פּילט, אויף אַ געהיימענישפולן אופן, אַז ער געהערט־אָן.

דאָ איז די היים, וועלכע ער האָט געזוכט און ער באַזעצט זיך אין אַ געגנט, וועלכע ער האָט פריִער קיינמאָל נישט געזען, צווישן מענטשן, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געקענט, אַזוי ווי זיי וואָלטן אים געווען באַקאַנט פון זיין געבורט אָן. דאָ ענדלעך געפינט ער זיין געגאַרטע רואיקייט.

רעדנדיק וועגן פאַמיליע־לעבן זאָגט מאָם, אַז עס זענען פאַראַן מענטשן, פאַר וועמען די באַרעמהאַרציקע השגחה האָט אָן ספק באַשטימט צו פירן אַן אומפאַרהייראַט לעבן, אָבער וועלכע האָבן במזיד אָדער צוליב אומשטענדן, אין וועלכע זיי האָבן זיך געפילט מאַכטלאָז, עובר געווען אויף אירע געבאָטן. עס איז נישט פאַראַן קיין יחיד, וואָס פאַרדינט אַזוי פיל רחמנות, ווי אַ חתונה־געהאַטער בחור.

ער זאָגט אין מיין סך־הכל, אַז ער איז נישט קיין פעסימיסט. עס וואָלט אויסגעזען אומזיניק ווען ער וואָלט אַזאַ געווען, זאָגט ער, ווייל ער געהערט צו דער קלענער צאָל פון גליקלעכע מענטשן. ער וואונדערט זיך אַליין אָפטמאָל איבער זיין גוטן מזל. ער זאָגט, אַז ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז אַ סך, וואָס זענען מער ווערט פון אים, האָבן נישט דערגרייכט דעם גליקלעכן גורל, וואָס איז פאַר אים באַשטימט געוואָרן. אַ צופאַל דאָ, זאָגט ער, אַ צופאַל דאָרט וואָלט געקענט בייטן אַלץ און ער וואָלט דאַן פאַרפאַלן געוואָרן, ווי עס זענען פאַרפאַלן געוואָרן אַנדערע לייט מיט טאַלאַנטן פון זיין גלייכן אָדער מיט גרעסערע פון זיין טאַלאַנט און מיט די זעלבע געלעגנהייטן.

אין אַן אַנדער אָרט פון זעלבן בוך זאָגט מאָם, אַז נאָך זיינע גרויסע דערפאָלגן איז געקומען אַ פעריאָד, ווען ער איז געווען פאַרמאַטערט. ער זאָגט, אַז עס זענען אים פאַרמיאוסט געוואָרן די מענטשן און די געדאַנקען, מיט וועלכע ער איז געווען אַזוי לאַנג פאַרבונדן. עס איז אים פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס לעבן, וועלכן ער האָט געפירט. ער האָט געפילט, אַז ער האָט אַרויסבאַקומען אַלץ, וואָס ער האָט געקענט אַרויסבאַקומען פון דער וועלט, אין וועלכער ער האָט זיך באַוועגט: זיין דערפאָלג ווי אַ דראַמאַטורג און דאָס לוקסוסדיקע לעבן, וואָס אָט דער דערפאָלג האָט אים פאַרשאַפט; דער גע־זעלשאַפטלעכער אַרום, די פראַכטפולע מיטאָגן אין די הייזער פון גרויסע לייט; די גלענצנדיקע באַלן און די וויק־ענד צוזאַמענקונפטן אין די הינטער־שטאָטישע ווילעס; די געזעלשאַפט פון קלוגע און וויכטיקע פערזענלעכקייטן, שרייבער, מאָלער, אַקטיאָרן; די ליבעס, וועלכע ער האָט געפירט און די זאָרגלאָזע פריינטשאַפט מיט זיינע חברים און באַקאַנטע; די געמיטלעכקייט און זיכערקייט פון לעבן. אָט דאָס אַלץ האָט אים געשטיקט און ער האָט

געלעכצט נאָך אַן אַנדער אופן פון לעבן און נאָך נייע דערפאַרונגען. אָבער, זאָגט ער, ער האָט נישט געוווסט, וווהין זיך צו קערן, כדי אָט די דערפאַרונגען צו געפינען. ער האָט געטראַכט וועגן רייזעס.

אין אַזאַ געמיט־צושטאַנד איז ער בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געפאָרן קיין רוסלאַנד. כאָטש זיין פּאַטריאָטיזם איז נישט געווען קלענער ווי פון אַלע אַנדערע בירגער, איז אין דעם געווען אַ גרויסע דאָזע פון אַ שטאַרקן דראַנג נאָך נייע דערפאַרונגען און נייע איבערלעבונגען. ער האָט פון תמיד־אָן געהאַט אַ גרויסן חשק צו זיין אין לאַנד פון טאָלסטאָי, טשעכאָוו און דאָסטאָיעווסקי. עס האָבן אים אינטערעסירט אויסערגעוויינלעך די געהיימענישן פון גרויסן לאַנד, נישט ווייניקער ווי זיין דיפּלאָמאַטישע מיסיע. זיינע איבערלעבונגען אין דער שווייץ און אין רוסלאַנד בעת דער מלחמה, זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף אַ העכסט אינטערעסאַנטן אופן אין דעם ראָמאַן אַשענדען.

אויסער דעם וואָס דער ראָמאַן אַשענדען איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, איז אין מאָסקווע אין 1929 אויך דערשינען אַן איבערזעצונג אין דער רוסישער שפּראַך פון דער פּליכעוואַטער מעקסיקאַנער, אַ טייל פון אַשענדען.

דורך זיינע ווערק זעט דער לייענער לעבעדיקע געשטאַלטן. פלייש און בלוט, נישט קיין מאַנעקינס, וועלכע ער באַקליידט קינסטלעריש און מיט וועלכע ער מאַניפּולירט ווי עס גלוסט אים.

סאַמערסעט מאָם האָט אַמבעסטן אַרויסגעבראַכט דעם טיפּ מענטש, וועלכער איז נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק געווען גאַנץ גוט באַקאַנט מיטן נאָמען דער מאַן פון דער גרויסער וועלט. אַ סך ווייניקער טאַלאַנטירטע שרייבער האָבן זיך באַמיט אים נאָכצוטון, אָבער זיי זענען אַלע דורכגעפאַלן.

זיינע איבערלעבונגען אויף די אינדזלען פון פּאַציפיק ווערן הערלעך באַשריבן אין די צאַלרייכע נאָוועלן אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען דער ציטער פון אַ בלאַט און קאַסואַרינאַ־בוים, ווי אויך אין דעם ראָמאַן דער שמאָלער ווינקל. זיינע איבערלעבונגען אין כינע, אינדיע און אינדאָכינע קומען צום אויסדרוק אין די ראָמאַנען דער דזשענטלמאַן אין סאַלאָן, דער געמאָלטער שלייער און די שאַרף פון אַ בריטווע.

די געשטאַלט און דער געמיט פון דעם מעדיצין־דאָקטאָר סאַנדערס, אַ פּערסאָנאַזש פון דער שמאָלער ווינקל צוזאַמען מיט די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון פיליפּ קערי, דעם העלד פון פון מענטשלעכער פאַרשקלאַפונג און פון וואָלטער פעין, דעם העלד פון ראָמאַן דער געמאָלטער שלייער, שפּיג־

לען אפשר זיי נישט אַפּ די נאַטור פון סאמערסעט מאָמען אַליין אין פּאַר־שיידענע עטאַפּן פון זיין לעבן?

זייער אַ סך פון זיינע ווערק זענען פילמירט און האָבן אַ ריזיקן דערפאָלג. די גרעסטע אַרטיסטן פון האָליוווד האָבן געשפּילט זייערע הויפּט־ראָלן.

לויט דער לעצטער סטאַטיסטיק זענען פאַרקויפט געוואָרן פינף־און־צוואנציק מיליאָן עקזעמפּליאַרן פון זיינע ווערק. מיר זעען אַלזאָ, אַז די וועלט האָט אים ווי געהעריק אָפּגעשאַצט.

מאָם, וועלכער האָט אַזוי אַלזייטיק נאָכגעפאָרשט דעם עצם־וועזן פון מענטשלעכן לעבן, האָט אויך נישט דורכגעלאָזט אין זיינע ווערק דעם ייִדישן מאָמענט.

אין זיין בוך אַ שרייבערס נאָטיצבוך פירט מאָם דורך אַ פּאַראַלעל צווישן די ייִדן און די גריכן: — איך נעם אָן, אַז אַ דאַנק די ייִדן איז פאַרהייליקט געוואָרן דאָס פאַמיליע־לעבן. זיי האָבן געפונען אין זייערע היימען זיכערקייט און שלום נאָכן גערויש און נאָך די פאַרפאָלגונגען אין דער אַרומיקער וועלט. דאָס איז געווען זייער איינציקע באַהעלטעניש און דעריבער האָבן זיי די היים ליב געהאַט. אָבער זיי האָבן עס ליב געהאַט צוליב זייער שוואַכקייט. ווי עס זעט אויס, האָבן די גריכן נישט געהאַט קיין היים־לעבן. קיינער איז זיי נישט חושד אין היימישקייט. פול מיט ענערגיע און מיט אייפעריקייט, פול מיט לעבנספרייד, אַ זאַך וואָס אַנדערע פעלקער האָבן נישט פאַרמאָגט, האָבן די גריכן געקוקט אויף דער וועלט ווי אויף אַ שלאַכטפעלד און דער גערויש פון דער מלחמה, די געשרייען פון נצחון און אַפילו דער יאָמער פון די באַזיגטע זענען געווען ווי מוזיק אין זייערע אויערן. זיי פלעגן זיך וואַרפן אין דער טאָג־טעגלעכקייט פון לעבן, ווי אַ געוואַגטער שווימער באַגעגנט זיך פּנים־אל־פּנים מיט די כוואַליעס פון ים.

אין ראָמאַן דער כישופמאַכער ווייזט אַרויס מאָם זיין שטאַרקע פאַר־אינטערעסירונג מיט דער קבלה. דורכן מויל פון זיינע העלדן ווייזט ער אַרויס זיין באַקאַנטשאַפט מיטן זוהר און מיט זיין היסטאָרישן הינטערגרונט, ווי אויך מיטן גאַנצן קאָמפּלעקס פון פּראָבלעמען, אין וועלכע עס איז איינ־געוויקלט אָט דער סודותפולער ענין, וועלכער האָט זיין אָנהויב שטעקן אין דער טיפעניש פון אַלטערטום.

אין זיין באַרימטן ראָמאַן די לבנה און דער זעקסער ברענגט אַרויס מאָם צוויי זייער שיינע ייִדישע געשטאַלטן. דער הויפּט־העלד איז דאָ טשאַרלז סטריקלאַנד, אַ לאָנדאָנער בירזשע־אַגענט, וועמען מענטשן האַלטן פאַר אַ גליקלעכן מאַן. ער האָט אַ שיינע אַריסטאָקראַטישע פרוי און זיסע קינדערלעך, וווינט אין אַ הערלעכער וווינונג און האָט, מיט איין וואָרט, דערגרייכט דאָס, וואָס מענטשן

רופן־אָן, דאָס ערדישע גליק. פלוצלינג פאַרלאָזט ער זיין פרוי, זיינע קינדער־לעך און זיין היים און באַשליסט זיך ווידמען דער מאָלעריי. ער הויבט־אָן צו ליידן הונגער, דערנידעריקונגען און כל המינים פורעניות, ביז ער קומט אַראָפּ אויפן עקזאָטישן אינדזל טאַיטי, ווו ער הויבט־אָן צו מאָלן פון דער ווילדער פּרימיטיווער נאַטור. ווי מאָם דערקלערט אין זיין אַנדערן ראָמאַן די שאַרף פון אַ בריטווע, איז אונטערן נאָמען פון טשאַרלז סטריקלאַנד געשילדערט געוואָרן, אין אַ ליטעראַרישער און נאָוועליסטישער פאָרעם, דאָס לעבן פון גרויסן מאָלער פּאָל גאָגען. אויף טאַיטי, שרייבט מאָם, האָט סטריקלאַנד געטראָפן אַ ייִדישן סוחר מיטן נאָמען כהן. זייער אַן אינטערעסאַנטע גע־שטאַלט. כהן איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון קונסט און האָט געוואָלט מיט אַלע כוחות העלפן סטריקלאַנדן און דערמעגלעכן אים אָנצוגיין מיט זיין מאָלערישער אַרבעט. אַ צווייטער ייִד מיטן נאָמען אברהם ווערט אַרויסגע־בראַכט אין זעלבן ראָמאַן. אַצינד האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ ייִדישן מעדיצין־דאָקטאָר, וועלכער האָט פאַר זיך אַ הערלעכע צוקונפט און וועמעס גלענצנ־דיקע פעאיקייטן ווערן אָנערקענט דורך אַלעמען. און אָט דער דאָקטאָר פאַר־לאָזט פּלוצלינג זיין היים און קאַריערע און פאַרנעמט אַ פּאָסטן אויף אַ שיף און ווערט פאַרפאַלן אין דער גרויסער וועלט, ביז מיט יאָרן שפּעטער געפינט אים אויס צופעליק מאָם אין עגיפּטן. מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַן אייגנאַר־טיקן אידעאַליסטישן טיפּ, וועמען מאָם מאָלט אין זייער בונטע און סימפּאַ־טישע קאָלירן.

אין דער פּיעסע סמיט זאָגט אלדזשי צו פּרימענען, אַז ער איז געווען אָנגעשטעלט אין לויף פון צוויי יאָר ביי דער פאַמיליע פון יצחק כהן און ער דערקלערט דערביי פּייערלעך, אַז ער וואָלט תמיד זיך געוווּנטשן צו האָבן צו טון מיט ייִדן. ער זאָגט, אַז ייִדן זענען זייער הערלעכע מענטשן, פרייגיביקע און באמת נישט קיין סך פאַדערנדיקע.

אין דעם ראָמאַן דער דזשענטלמאַן אין סאַלאָן איז פאַראַן אַן אינטערע־סאַנטער ייִדישער טיפּ, אַן אַמעריקאַנער סוחר מיטן נאָמען עלפנביין. אין ראָמאַן פאַרגעניגנס פון דער וועלט ברענגט אַרויס מאָם דעם ייִד דזשעק קייפּער, אַ רייכער, מגושמדיקער און ברייטהאַנטיקער דימענטן־סוחר פון אַמסטערדאַם, וועלכער שפּילט אַ כאַראַקטעריסטישע ראָל אין דעם ראָמאַן.

אין זיין בוך אַ שרייבערס נאָטיצבוך זאָגט מאָם, אַז ער האָט אויפן אינדזל לאַבואַן געזען אַ ייִדישע פרוי פון באַגדאַד, וועלכע איז געווען אַזוי שיין, אַז זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך ווי זי וואָלט אַרויסגעקומען פון איינער פון די מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט.

אין ראָמאַן פון מענטשלעכער פאַרשקלאַפונג דערשיינט אַ ייִד, וועלכער

איז אַן אייגנטימער פון אַ לויות־אַנשטאַלט. אין זעלבן ראָמאַן רעדט זיך וועגן אַ וואַרשטאַט פון ייִדישע שניידער.

אין דער נאָוועלע דאָס מאָדנע קערנדל, וואָס קומט אַריין אין דאָזיקן באַנד, זענען די ייִדישע פּערסאָנאַזשן פאַרגעשטעלט אין זייער בונטע קאָלירן. מיט וואָס פאַראַ קראַפט ווערן געמאָלט די געשטאַלטן פון פערדי ראבענשטיין און פון לאה מאקארט! די נאָוועלע מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אַ ייִדישן לייענער. די געשטאַלט פון דזשאָרדזשן איז בלי ספק דראַמאַטיש און רירנדיק.

עס איז קלאָר, אַז מאָם האָט דורך דער דאָזיקער נאָוועלע געוואָלט אַקצענטירן זיין שטאַרקן אינטערעס פאַר ייִדן בכלל. מען פילט דייטלעך, אַז ער האָט באַנוצט, אין אַ הויכער מאָס, זיין טאַלאַנט ביי מאָלן אַזאַ ערנסט בילד. אַלע דראַמאַטישע מאָמענטן זענען באַשריבן געוואָרן אויף אַ מייסטער־האַפטן אופן. די דאָזיקע נאָוועלע געהערט צו די שטאַרקסטע שאַפונגען פון מאָמען און וועט פאַרבלייבן ווי אַן אייגנאַרטיקע שאַפונג אין דער ליטע־ראַטור־געשיכטע פון די ווערק, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן אויף ייִדי־שע טעמעס דורך נישט־ייִדן.

די ייִדישע טיפּן אין מאָמס ווערק זענען פאַרשיידנאַרטיקע. איין זאַך איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, זיי זענען אַלע ליבהאָבער פון קונסט, גוטהאַרציקע, פרייגיביקע און קלוגע.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט שוין פון אַ לענגערער צייט געהאַט בדעה צו באַקענען די לייענער אין דער ייִדישער שפּראַך, מיט מאָמס ווערק דורך איבערזעצן אויף ייִדיש אייניקע פון זיינע אַרבעטן. אין דער לעצטער צייט האָב איך קאָרעספּאָנדירט מיט מאָמען וועגן דער דאָזיקע זאַך. אויף מיין פראַגע, צי ער וואָלט געוואָלט האָבן איבערגעזעצט זיינע אַרבעטן אין דער ייִדישער שפּראַך, האָט מאָם געענטפערט, אַז ער וואָלט געווען צופרידן, ווען איך וואָלט עס געטון. מיר זענען געקומען צו אַ פאָרמעלן אָפּמאַך, אויפן סמך פון וועלכן איך ווער אויטאָריזירט צו איבערזעצן געוויסע ווערק זיינע אין דער ייִדישער שפּראַך.

דרך־אַגב, האָט מיר סאמערסעט מאָם מודיע געווען, אַז זיינע ווערק זענען אין אַ גרויסער צאָל איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעאיש אין ישראל.

לאָמיר אויפנעמען די אויסגעשטרעקטע האַנט פון גרויסן וועלט־מייסטער פון דער מאָדערנער קלאַסישער ליטעראַטור מיט אַ האַרציקן יישר־כוח און לאָמיר אים באַגריסן מיט אונדזער טראַדיציאָנעלער באַגריסונג — שלום־עליכם!

ד"ר מיכאל לייבאָוויטש

כ׳וויל מיך דערלויבן צו באַלעסטיקן דעם לייענער פון די ווייטערדיקע זייטן מיט אַ קליינער אויפקלערונג. אויפן סמך פון געזעץ וועגן שוץ קעגן פּאַשקווילן האָט, למשל, אַן אַדוואָקאַט, וועלכער הייסט סמיט דאָס רעכט לכל הפּחות צו דראָען צו פאַרפירן אַ פּראָצעס קעגן דעם מחבר פון אַ נאָוועלע, אין וועלכער עס רעדט זיך וועגן אַן אַדוואָקאַט, וואָס הייסט סמיט. אַלס פּועל־יוצא דערפון איז געוואָרן היינטיקע צייטן אַ נאָרמאַלע זאַך פאַר אַ שרייבער, צו פאַרזען זיין בוך מיט אַ דערקלערונג, אַז קיינע פון די פּערסאָנאַזשן, וועל־כע ווערן דערמאָנט אין אים, רעפּרעזענטירן נישט קיין לעבעדיקע געשטאַלטן. אויך איך מאַך אין דעם פאַל די זעלבע פעסטשטעלונג, וואָס שייך די פּערסאָ־נאַזשן, וועלכע ווערן דערמאָנט אין די פאָלגנדיקע נאָוועלן, אויסער איינער. און ווייל עס איז פאַראַן אַן אויסנאַם, פיל איך עס פאַר מיין פליכט צו שרייבן אָט די שורות. איך בין עטוואָס עמפּינדלעך אויפן דאָזיקן פּונקט, מחמת איך בין ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן געווען באַשולדיקט, אַז איך שילדער געוויסע פּערזאָנען אַזוי פּינקטלעך, אַז עס איז ממש אוממעגלעך זיי נישט צו דערקענען. מען האָט מיר פאַרגעוואָרפן, אַז איך האָב אַ שלעכטן געשמאַק. דאָס האָט מיך געערגערט נישט אַזוי פיל צוליב מיינעטוועגן (ווייל איך בין שוין צוגעוווינט צו די שליידער־שטיינדלעך און פיילן פון מיין גרוי־זאַמען גורל) ווי צוליב דער קריטיק וועגן בכלל. מיר, שרייבער, באַמיִען זיך, גאַנץ פאַרשטענדלעך, צו זיין אידעלע לייט, אָבער גאַנץ אָפט געלינגט אונדז דאָס נישט און מיר מוזן זיך טרייסטן מיטן געדאַנק, אַז עס זענען פאַראַן ווייניק שרייבער פון אַ גרעסערער אָדער קלענערער באַדייטונג, וועלכע זענען פריי פון אַ וועלכן עס איז שטריך פון וווּלגאַריטעט. דאָס לעבן איז וווּלגאַר. עס איז פאַר מיר פון לאַנג־אָן נישט געווען קיין סוד, אַז זשורנאַליסטן, וועל־כע באַנוצן אין זייער פּריוואַטן לעבן אַ פּרייע שפּראַך און האָבן ליב אונטער־צוזינדיקן מיט ניבול־פּה, זענען זיך נוהג ביים געדרוקטן וואָרט צו זיין גרויסע מדקדקים אויפן געביט פון זיטלעכער זויבערקייט, און איך צווייפל נישט, אַז אַזוי באַדאַרף עס זיין, אָבער איך האָב מורא, אַז אויב זיי וועלן ווערן

צופיל אויסגעראַפינירט, וועלן פאַרבלייבן אַזוי ווייניק געמיינזאַמע קאָנטאַקט־פונקטן צווישן די שרייבער און זיי, ווען מ'עס אַנגענעמע פליכט עס איז צו אָפּשאַצן די שרייבער, אַז קריטיק וועט ווערן כמעט ווי אוממעגלעך.

איך האָב געקענט שרייבער, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז קיינע פון זייערע געשטאַלטן איז אַפילו נישט אין דער מינדסטער מאָס געווען באַזירט אויף אַ וועלכער עס איז פערזאָן, וואָס זיי האָבן געקענט, און איך האָב אָן שום קווענקלענישן אָנגענומען זייער פעסטשטעלונג. אָבער איך האָב זיך אויפגעהערט צו וווּנדערן, פאַרוואָס זיי האָבן בלויז באַוויזן צו שאַפן הילצערנע געשטאַלטן, וועלכע האָבן נישט אַרויסגעוויזן סימנים פון לעבן.

לייענענדיק די באַמערקונגען פון אַנרי בעיל, די בריוו פון פלאָבער אָדער דעם טאָגבוך פון זשיל רענאַר, זעען מיר מיט וואָס פאַר אַן אויפמערקזאַמקייט האָבן די דאָזיקע שרייבער אָבסערווירט זייערע באַקאַנטע, אויף ווי ווייט זיי וואָלטן זיי געקענט זיין נוצלעך ביי דער שאַפונג פון זייערע פערסאָנאַזשן, און מיט וואָס פאַרא ריקזיכטלאָזער באַטראַכטונג זיי האָבן פאַרצייכנט זייערע טיפּישע און כאַראַקטעריסטישע שטריכן. איך מיין, אַז די מערהייט פון נאָוועליסטן און גאַנץ זיכער די בעסטע פון זיי, האָבן פאַקטיש גענומען זייערע געשטאַלטן פון לעבן. אָבער כאָטש זיי האָבן געהאַט אין זינען אַ געוויסע פערזאָן, מיינט עס לחלוטין נישט, אַז זיי האָבן זי קאָפּירט אָדער אַז די פערזאָן, וואָס זיי האָבן אויסגעטראַכט, דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר אַ פּאָרטרעט. צום אַלעם ערשטן, האָבן זיי די דאָזיקע פערזאָן געזען דורך דער פּריזמע פון זייער אייגענעם טעמפּעראַמענט, און אויב זיי זענען אָריגינעלע שרייבער, מיינט עס, אַז דאָס, וואָס זיי האָבן געזען, איז עפּעס אַנדערש פון דעם פאַקט גופא. זיי האָבן פון דער פערזאָן גענומען בלויז דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט פון איר אַרויסבאַקומען. זיי האָבן זי באַנוצט ווי אַ באַקוועמען הענגער, אויף וועלכן זיי האָבן אויפגעהאָנגען זייערע פאַנטאַזיעס. בכדי צופרידן צו שטעלן זייערע כוונות, האָבן זיי איר צוגעטיילט כאַראַקטעריסטישע שטריכן, וועלכע דער מאָדעל האָט נישט געהאַט. זיי האָבן אַזוי אַרום זי אַרויסגעבראַכט ממשותדיק און וועזנטלעך. אַ רעאַלע פערזאָן, נישט קוקנדיק אויף איר אויסגעצייכנטקייט, שטעלט נישט צופרידן, על פּי רוב, די כוונות פון פיקציע. די קאָמפּלעטע געשטאַלט, וואָס איז גיכער דער רעזולטאַט פון אַ זאָרגעוודיקער באַאַרבעטונג ווי פון אַן אויסטראַכטונג, איז אַ ווערק פון קונסט און דאָס לעבן אין זיין רויעם צושטאַנד איז, ווי מיר ווייסן, נאָר איר שטאָף. עס איז דעריבער נישט יושרדיק מצד די קריטיקער צו טאַדלען דעם מחבר דערפאַר, ווייל ער מאָלט אַ פערסאָנאַזש, אין וועלכער זיי אַנטדעקן אַן ענלעכקייט צו עמעצן, וועמען זיי קענען, און עס איז פולשטענדיק פאַרנונפטלאָז

פון זייער זייט צו דערוואַרטן פון אים, אַז ער וועט קיינמאָל נישט קאַפּירן דעם אָדער יענעם שטריך פון לעבעדיקע נפשות. און דאָס וואָס איז דערביי אַממערסטן מאָדנע איז, אַז ביים אויסזעצן אַזעלכע באַשולדיקונגען, ווערט דער טראָפּ געלייגט אויף די וויניקער לויבנסווערטע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער באַטרעפנדיקער געשטאַלט. אויב איר זאָגט וועגן אַ פּערסאָנאַזש פון אַ בוך, אַז ער באַגייט זיך איידל מיט זיין מוטער, אָבער שלאָגט זיין פרוי, וועלן קינד־און־קייט פּה־אחד אויפהויבן אַ געוואַלד: „אָ, דאָס איז דאָך מיסטער בראַאון! עס איז דאָך ברוטאַל צו זאָגן וועגן אים, אַז ער שלאָגט זיין פרוי״; אָבער קיינער טוט נישט אויף קיין רגע אַ טראַכט וועגן, למשל, די הערן דזשאָנס און ראָבינסאָן, וועלכע זענען גוטהאַרציק אין באַצוג צו זייערע מוטערס. איך צי דערפון אַרויס די עטוואָס מאָדנע מסקנה, אַז מיר קענען אונדזערע פריינט לויט זייערע חסרונות און נישט לויט זייערע מעלות.

קיין זאַך איז נישט אַזוי סכנהדיק, ווי אַרויסצוברענגען אין אַ נאָוועלע אַ פּערזאָן, וואָס ווערט געמאָלט שורה נאָך שורה פון לעבן. אירע ווערטן זענען דעמאָלט פאַלשע און כאָטש עס זעט אויס מאָדנע, מאַכט זי נישט די איבעריקע געשטאַלטן אויסצוזען פאַלשע, נאָר זיך אַליין. אַזאַ געשטאַלט פאַרמאָגט נישט די איבערצייגונגס־קראַפט. צוליב דער טאַקע סיבה האָבן אַ סך שרייבער, וועלכע זענען באַאיינדרוקט געוואָרן פון דער אייגנאַרטיקער און מעכטיקער פיגור פון דעם פאַרשטאָרבענעם לאָרד נאָרטקליף, קיינמאָל נישט דערגרייכט קיין דערפאָלג אין זייערע באַמיאונגען אַרויסצוברענגען אַ גלויבנס־ווירדיקע געשטאַלט. איך צי דעריבער דעם לייענערס אויפמערקזאַמקייט מיט אַ געוויסער פאַרזיכטיקייט צו דער פּערזאָן פון מאָרטימער עליס אין דער דערציילונג מיטן נאָמען דאָס קיילעכדיקע טוץ. אַוודאי האָב איך אים געגעבן אַ פאַלשן נאָמען און אים היפּש געענדערט, מחמת אין קעגנטייל, אַזוי ווי עס איז דער פאַל מיט רעאַלע פּערזאָנען, וואָלט ער צעזעצט די גרענעצן פון מיין דערציילונג. איך אָנערקען, אַז עס איז נישט קיין פאָטאָגראַפיע, אָבער עס איז זיכער אַ פּאָרטרעט. איך בין זיך מודה צום פאַרברעכן, אָבער אַ מאָלער צעדרייט אַמאָל מיט אַ כיוון אַ געשטאַלט, טיילווייז ווייל ער וויל זיך אַליין פאַרוויילן, אָדער ווען ער וויל אויפרייצן דעם איינפאַכן עולם. אויך אַ שרייבער האָט דאָס רעכט צו בעטן אַנטשולדיקונג, אויב צייטנווייז דערלויבט ער זיך צופיל פרייהייט מיט זיין מאָדעל. נאָך אַלעמען איז ער דאָך אויך נישט מער ווי אַ מענטש און מחמת ער גיט זיך אָפּ חשבון, אַז ער באַגייט אַ טעות בלויז אין קונסט, איז אין דעם נישט פאַראַן קיין גרויסע רעה, אויב פון צייט צו צייט נעמט אים אָן אַ חשק אַ שטיף צו טון מיט זיין אייגענעם קאַפּריז.

מאָרטימער עליס געפינט זיך שוין אַצינד אין אַ ספערע, ווו עס איז נישט פאַראַן קיין רייד פון חתונה־האָבן אָדער חתונה־מאַכן און עס קען אים שוין נישט אַרן דער פאָרטרעט, וואָס איך האָב פון אים געמאַכט. לויט די אומשטענדן פון דער דערציילונג, האָט ער נישט איבערגעלאָזט קיין קינדער, וועלכע זאָלן מזכיר־זיין זיין נשמה, אָבער ער האָט באַדאַרפט האָבן אַ סך קרובים צוליב זיינע חתונות און איך וואָלט נישט געוואָלט באַעוולהן זייערע געפילן. האָבנדיק אַ גוטע נאַטור, האָט ער בלי ספק זיך דערוואָרבן אַ סך פריינט אויפן אינדזל אײַל אָוו ווייט, אין דער צייט פון די צווי פעריאָדן, וואָס ער האָט דאָרט פאַרבראַכט, ווען, זייענדיק באַשעפטיקט ביי פיזישער אַרבעט, האָט ער געגעסן דאָס ברויט פון דעם קעניג דזשאָרדזש דעם פינפטן; און אויב איך האָב עפּעס געזאָגט, וואָס קען זיי באַליידיקן, בין איך מוכן ומזומן אויפריכטיק צו בעטן ביי זיי אַנטשולדיקונג. איך באַגרינד מיין באַ־רעכטיקונג מיטן פאַקט, אַז ער איז געוועזן אַ הומאָריסטישע געשטאַלט. דער אַקטיוועור מאַן דריקט זיך אויס דורך זיינע מעשים, וועלכע זענען באַרופן צו רעדן וועגן אים. אָבער אַזאַ מאַן ווי דער, וועמען איך האָב אָנגערופן מאָרטימער עליס, פאָדערט אַ היסטאָריקער. מען וואָלט געקענט זאָגן, אַז זיין באַרימטקייט וואָלט אים באַדאַרפט שיצן פון מיין פעדער, אָבער אַפילו די אַממערסטן באַרימטע פון אונדז, זענען דאָך מענטשלעכע וועזנס, און זיי זענען דעריבער אַ פאַסיקער מאַטעריאַל פאַרן שרייבער. ווען די נאַטור באַשאַפט אַ קלאַאון, איז ער בחזקת חיה, וועלכע דער יעגער האָט דאָס רעכט צו פאַנגען, און דער האָט נישט קיין מאָטיוו צו באַקלאָגן זיך, אויב דער נאָוועליסט, אויסנוצנדיק אַלע זיינע ליטעראַרישע פעאיקייטן, ברענגט אים אַרויס אין דער עפנטלעכקייט ווי אַ טיפּ, וואָס קען דינען ווי אַ פאַר־ווילונג פאַר זיין דור. אויף אַזאַ שטייגער דערפילט ער באמת זיין אויפ־גאַבע. מיר באַדאַרפן נישט זיין צופיל איבערקלייבעריש. דאָס דורכשניטלעכע לעבן פון אַ נאָוועלע איז ניינציק טעג און מיר דאַרפן נישט האָבן פאַראיבל, אויב דורך דריי קורצע חדשים פאַרשאַפן מיר מענטשן אַ ביסל פאַרווײַלונג.

## וו. סאָמערסעט מאָם



אַ סצענע פון דאָס מאָדנע קערנדל פון דעם פילם קוואַרטעט, וועלכער באַשטייט פון 4 אינסצעניזירטע נאָוועלן פון וו. סאמערסעט מאָם.
[illegible] די פילם־געזעלשאפט יונייטעד ארטיסטס — אַרטיסטאַס אונידאָס.

כ׳האָב געקענט די משפּחה בלאַנד אַ לאַנגע צייט פאַר דעם, ווי כ׳האָב אַנטדעקט, אַז זיי האָבן אַ וועלכע עס איז שייכות מיט פערדי ראבענשטיין. פערדי האָט געדאַרפט אַלט זיין קרוב פופציק, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל באַגעגנט, און אין דער צייט, וועגן וועלכער איך שרייב, איז ער היפּש איבער די זיבעציקער. ער האָט זיך ווייניק־וואָס געביטן. זיינע האָר, גראָבע אָבער געדיכטע און געקרייזלטע, זענען געווען ווייס, דאָך האָט ער געווידמעט פיל אַכט זיין פיגור און זיך פּרעזענטירט אַזוי גאַלאַנט, ווי עס איז תמיד גע־וועזן זיין שטייגער. עס איז נישט געווען שווער צו גלויבן, אַז אין זיין יוגנט איז ער געווען אַזוי שיין, ווי מענטשן פלעגן עס דערציילן. ער האָט נאָך געהאַט זיין פיינעם סעמיטישן פּראָפיל און די שיינענדיקע שוואַרצע אויגן, וועלכע האָבן פאַראורזאַכט אַ בהלה אין אַזוי פיל גויאישע הערצער.

ער איז געווען זייער הויך, דאַר, מיט אַן אָוואַל פּנים און אַ קלאָרער הויט. ער האָט געטראָגן גוט געפּאַסטע קליידער, און אַפילו אַצינד אין זיין אָונטאָנצוג איז ער געווען איינער פון די שענסטע מענער, וועלכע איך האָב ווען־עס־איז געזען. ער האָט דעמאָלט געהאַט גרויסע שוואַרצע פּערל אין זיין מאַנישקע און פּלאַטינענע און סאַפיר רינגען אויף זיינע פינגער. מעגלעך, אַז ער איז געווען צופיל אויסגעפּוצט, אָבער איר האָט געפילט, אַז עס איז געווען אַזוי נאַטירלעך, אַז עס וואָלט געווען שווער זיך פאָרצושטעלן אים אַנדערש.

— נאָך אַלעמען, בין איך דאָך אַן אָריענטאַלער — האָט ער געזאָגט. — כ׳מעג פאַרמאָגן אַ געוויסע דאָזע פון באַרבאַרישע פּראַכט און גלאַנץ.

איך האָב זיך אָפּטמאָל געטראַכט, אַז פערדי ראבענשטיין וואָלט געקענט זיין אַ וווּנדערבאַרער סיוזשעט פאַר אַ ביאָגראַפיע. ער איז נישט געווען קיין גרויסע פּערזענלעכקייט, אָבער אין די גרענעצן, אין וועלכע ער האָט זיך איינגעפּאַסט, האָט ער פון זיין לעבן געמאַכט אַ ווערק פון קונסט. ער איז געווען, אין אַ קליינעם פאַרנעם, אַ מוסטער־ווערק, אַזוי ווי אַ פּערסישע מי־ניאַטור און ער האָט צו זיך געצויגן די גינסטיקע אויפמערקזאַמקייט אַדאַנק זיין פּערפעקטקייט. צום גרויסן באַדויערן זענען די נויטיקע מאַטעריאַלן דערצו

נישט געגוגנדיק. זיי וואָלטן באַשטאַנען פון בריוו, וועלכע וואָלטן גאַנץ לייכט געקענט פאַרניכטעט ווערן, און פון זכרונות פון לייט, וועלכע זענען שוין אַלט אַצינד און וועלן שוין לאַנג נישט אָנציִען.

זיין זכרון איז אויסערגעוויינלעך, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט שרייבן זיינע מעמוארן, מחמת ער באַטראַכט זיין עבר ווי אַ קוואַל פון ריין פּריוואַטער אָנגעלעגנהייט, און דערצו איז ער אַ מאַן פון זייער אַ פּערפעקטער דיסקרעציע. איך קען אויך נישט קיין אַנדערן, וועלכער וואָלט געקענט דורכ־פירן אָט־אָ די אויפגאַבע אויסער מאַקס בירבאָהם*). עס איז נישט פאַראַן קיין אַנדערער אין דער שווערער וועלט פון אונדזער צייט, וועלכער קען קוקן אויף באַנאַליטעטן מיט אַזאַ צאַרט מיטגעפיל און אַרויסבאַקומען אַזאַ איידעלן פּאַטאָס פון נישטיקייטן. עס איז פּאַר מיר אַ רעטעניש, פאַרוואָס מאַקס, וועל־כער האָט געדאַרפט קענען פּערדין אַ סך בעסער פון מיר און אַ סך לענגער, האָט קיינמאָל נישט געפילט קיין דראַנג אָנצווענדן זיין הערלעכע פאַנטאַזיע צו אַזאַ טעמע. ער איז געבוירן געוואָרן ווי אַ מאָדעל, וועלכן מאַקס זאָל באַשרייבן. און ווער וואָלט געדאַרפט אילוסטרירן דאָס עלעגאַנטע בוך, וואָס איך זע אין מיין פאַנטאַזיע, אויב נישט אָברי בירדזלי?**).

אויף אַזאַ אופן וואָלט אויפגעשטעלט געוואָרן אַ דענקמאָל פון דריי־פּאַכיקן בראַנדז און, ווי אַן אָנדענק פאַר די ווייטערדיקע דורות, וואָלט אין דער גאָלד־געלער, קריסטאַל־ריינער, בורשטינענער דורכזעעדיקייט פאַרפּיק־סירט געוואָרן די קורצדויערדיקייט פון אַ מענטשס לעבן.

פּערדי האָט געהאַט זייער אַ סך דערפאָלגן אויפן געזעלשאַפטלעכן גע־ביט און טעטיק איז ער געווען אין דער גרויסאַרטיקער וועלט. ער איז גע־בוירן געוואָרן אין דרום־אַפריקע און איז אַראָפּגעקומען קיין ענגלאַנד זייענדיק שוין אַ יונגערמאַן פון צוואַנציק. אַ געוויסע צייט איז ער געווען טעטיק אויף דער בירזשע פון ווערט־פּאַפּירן, אָבער נאָכן טויט פון זיין פאָטער האָט ער גערשנט אַ באַדייטנדיק פאַרמעגן און נאָך דעם, ווי ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיינע געשעפטן, האָט ער אָנגעהויבן אַ לעבן פון אַ דזשענטלמאַן פון דער גרויסער וועלט. דעמאָלט איז די ענגלישע געזעלשאַפט געווען אַ פאַרמאַכטער

---

*) מאַקס בירבאָהם — געבוירן אין 1872, ענגלישער סאַטיריקער, קאַריקאַטור־ריסט און קריטיקער — באַמערקונג פון איבערזעצער.

**) אָברי ווינסענט בירדזלי (1872—1898) — ענגלישער אַרטיסט און אילוסט־ראַטאָר — באַמערקונג פון איבערזעצער.

רוים און ס׳איז געווען שווער פאַר אַ ייִדן זיך דורכשלאָגן אַ וועג דורך אירע באַריערעס ,אָבער פאַר פערדין זענען זיי געפאַלן ווי די מויערן פון יריחו.

ער איז געווען שיין, ער איז געווען רייך, ער איז געווען אַ נאָבעלער מאַן און אַן אָנגענעמער חבר. ער האָט געהאַט אַ הויז אויף דער קערזאָן־גאַס, אויס־געמעבלירט מיט די פיינסטע פראַנצויזישע מעבל און האָט געהאַלטן אַ פּראַב־צויזישן ערשטקלאַסיקן קוכער. ער האָט אויך געהאַט אַ קאַרעטע, געשפּאַנט מיט איין פערד. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו וויסן וועגן די ערשטע שריט פון זיין ווונדערבאַרער קאַריערע; זיי זענען אָבער פאַרלוירן געגאַנגען אין דעם פינצטערן תהום פון דער צייט. ווען כ׳האָב אים צום ערשטן מאָל באַגעגנט, איז ער שוין זינט לאַנג געווען איינגעאָרדנט ווי איינער פון די אַממערסטן עלעגאַנטע לייט פון לאָנדאָן. דאָס איז געווען אין אַ פּרעכטיק הויז אין נאָרפעק, ווּוהין איך בין איינגעלאַדן געווען פון דער אייגנטימעריו, ווי אַ יונגער, טאַלאַנטירטער נאָוועליסט. די באַלעבאָסטע איז געווען אַ שטאַרקע ליבהאָבערין פון ליטעראַטור, אָבער די געזעלשאַפט איז געווען זייער אַ הויכ־געשטעלטע און איך האָב זיך שטאַרק איבערגעשראָקן. בסך־הכל זענען דאָרט געווען זעכצן פּערזאָן און איך האָב זיך געפילט נישט היימלעך און איינזאַם צווישן אָט־אָ די רעגירונגס־מיניסטאָרן, גרויסע דאַמעס און אימפּעריאַלע לאָרדן, וועלכע האָבן גערעדט פון מענטשן און זאַכן, פון וועלכע כ׳האָב נישט געהאַט קיין אַנונג. זיי זענען געווען העפלעך צו מיר אָבער גלייכגילטיק, און איך האָב מיר אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז כ׳בין געווען, אין אַ געוויסער מאָס, אַ מין לאַסט פאַר מיין באַלעבאָסטע.

פערדי האָט מיך געראַטעוועט. ער איז געזעסן מיט מיר, אַרומגעגאַנגען מיט מיר און גערעדט מיט מיר. ער האָט אַנטדעקט, אַז איך בין אַ שרייבער און מיר האָבן געשמועסט איבער דער דראַמע און דער נאָוועלע. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז איך האָב געלעבט אַ לאַנגע צייט אויפן קאָנטינענט און ער האָט מיט גרויס פאַרגעניגן גערעדט וועגן פראַנקרייך, דייטשלאַנד און שפּאַ־ניע. ער האָט אַזוי ווי געזוכט מיין געזעלשאַפט. ער האָט אויף מיר געמאַכט דעם שמייכלהאַפטן איינדרוק, אַז איך און ער זענען געשטעלט געוואָרן אָן אַ זייט פון די אַנדערע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט און, דורך אונדזער שמועס וועגן ענינים פון רוחניות, האָט דער געשפּרעך פון די אַנדערע וועגן דער פּאָליטישער לאַגע, דעם סקאַנדאַל פון עמעצנס גט און דער כסדר וואַקסנ־דיקער קעגנערשאַפט צו הרגענען פאַזאַנען, אויסגעזען אַ ביסל קאָמיש.

אָבער אויב פערדי האָט זייער טיף אין זיין נשמה געהאַט אַ געפיל פון

חוזק בנוגע דער האַרציקער, העכערער בריטישער געזעלשאַפט, וואָס האָט אונדז אַרומגערינגלט, בין איך זיכער, אַז עס איז געווען אויסשליסלעך פאַר מיר, פאַר וועמען ער האָט זיך דערלויבט צו געבן אַן אָנצוהערעניש פון אַזאַ זאַך; און, קוקנדיק אויף צוריק, דאַכט זיך מיר אויס, אַז נאָך אַלעמען, איז ער דערמיט אויסן געווען מיר צו מאַכן אַ צאַרטן און זייער איידעלן קאָמ־פלימענט. גאַנץ פאַרשטענדלעך, מיין איך, אַז ער האָט ליב געהאַט אָנצווענדן זיין רייך, און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס באַשיינפּערלעכע פאַרגע־ניגן, וואָס זיין געשפּרעך האָט מיר פאַרשאַפט, האָט אים, פון דער אַנדער זייט, צופרידן געשטעלט. אויב ער וואָלט באמת נישט געהאַט קיין אינטערעס פאַר קונסט און ליטעראַטור, וואָלט ער זיכער זיך נישט פאַרשאַפט אַזוי פיל מי און טירחה צוליב אַ לחלוטין אומבאַקאַנטן נאָוועליסט.

איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אין תוך זענען מירביידע געווען פרעמדע אין אָט דער געזעלשאַפט; איך, ווייל איך בין געווען אַ שרייבער און ער מחמת ייִד. אָבער איך האָב אים מקנא געווען פאַר דער זיכערקייט און געמיטלעכקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך אויפגעפירט. ער האָט זיך גע־פילט אַזוי ווי ביי זיך אין דער היים. יעדער האָט אים גערופן פערדי. עס האָט זיך געדאַכט ,אַז ער איז שטענדיק אין אַ גוט געמיט. עס האָט אים קיינמאָל נישט אויסגעפעלט אַ גלייכווערטל, אַ שפּאַס אָדער אַ וויציקער ענטפער. זיי האָבן אים ליב געהאַט אין יענעם הויז, מחמת ער פלעגט זיי מאַכן לאַכן, אָבער ער פלעגט זיי קיינמאָל נישט שטעלן אין אַן אומאָנגענעמער לאַגע דורך קוקן אויף זיי פון אויבן אַראָפּ, מיט ביטול. ער פלעגט אַריינברענגען אַ שוואַכן אָטעם פון אָריענטאַלישן ראָמאַנס אין זייערע לעבנס, אָבער אַזוי געשיקט, אַז זיי פלעגן זיך פילן נאָך מער ענגליש. מיט אים ביי אייער זייט, האָט איר קיינמאָל נישט געקענט זיך לאַנגווייליקן. אין זיין געזעלשאַפט האָט איר נישט געדאַרפט זיך שרעקן פאַר די פאַרוויסטנדיקע שטילקייטן, וועלכע באַהערשן צייטנווייז אַן ענגלישע געזעלשאַפט. אָט, דוכט זיך אויס, אַז עס קומט אָן אַ שטילשווייגן, אָבער פלוצלינג פירט אַריין פערדי ראַבענשטיין אַ שמועס אויף אַ טעמע, וועלכע אינטערעסירט אַלעמען. ער איז אַן אומאָפּשאַצבאַרער אוצר פאַר יעטוועדער מסיבה. ער האָט פאַרמאָגט אַן אומענדלעכן קוואַל פון ייִדישע מעשיות. ער איז געווען אַ זייער גוטער נאָכמאַכער פון ייִדישע אַק־צענטן און פלעגט אימיטירן ייִדישע זשעסטן און מינעס אויף אַן אויסגע־צייכנטן אופן.

אָט ציט ער איין זיין קאָפּ צווישן די אַקסלען, זיין פּנים נעמט אָן אַן אויס־

דרוק פון אַ קלוגן מאַן, זיין שטימע ווערט בוימלדיק און איר זעט פּאַר אייך אַ רבל, אָדער אַ הענדלער פון אַלטוואַרג, אָדער אַן עלעגאַנטן וואַיאַזשאַר, אָדער אַ דיקע רייפורקע פון פראַנקפורט. עס איז געווען אַזוי ווי אַ דראַמאַטיש ווערק, אַזוי ווי ער איז געווען אַליין אַ ייִד און פלעגט עס אונטערשטרייכן אויף אַ בולטן שטייגער, פלעגט דער עולם לאַכן אָפּנהאַרציק, אָבער ביי מיר פלעגט עס אַרויסרופן אַן אונטערשטראָם פון נישט־אַנגענעמקייט. דאָס גרויזאַמע חוזק־מאַכן פון זיין אייגענער ראַסע האָט ביי מיר נישט אַרויסגערופן לגמרי דאָס אמתע געפיל פון הומאָר.

שפּעטער האָב איך אַנטדעקט, אַז ייִדישע מעשיות זענען געווען זיין ספּעציאַליטעט. איך פלעג אים זעלטן ווו באַגעגענען נישט הערנדיק אים איבערדערציילן פריִער אָדער שפּעטער די לעצטע מעשיות, וועלכע ער פלעגט הערן. אָבער די בעסטע דערציילונג, וועלכע איך האָב פון אים געהערט ביי אַזאַ געלעגנהייט, איז געווען אַ נישט־ייִדישע. זי האָט אויף מיר אַזוי געווירקט, אַז איך האָב זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אָבער איך ווייס נישט פאַרוואָס האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט זי איבערצודערציילן.

איך גיב זי דאָ איבער, מחמת דאָס איז אַ קליינער, זעלטענער עפּיזאָד, וואָס איז נוגע פערזאָנען, וועמעס נעמען עס וועלן פאַרבלייבן לכל־הפּחות אין דער געזעלשאַפטלעכער געשיכטע פון דער וויקטאָריאַנער עפּאָכע פון ענגלאַנד און איך מיין, אַז עס וואָלט געווען אַ שאָד, אויב דער עפּיזאָד וואָלט פאַרלוירן געגאַנגען.

ער האָט מיר דעמאָלט דערציילט, אַז איינמאָל, ווען ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער מאַן, איז ער איינגעשטאַנען אין אַ פּראָווינציעלן הויז, אין וועלכן עס האָט זיך אויך געהאַט געפונען מאַדאַם לאַנגטרי, וועלכע איז דאַן געווען אין זעניט פון איר שיינהייט און גענאָסן פון אַ ווונדערבאַרער רעפּוטאַציע. נישט ווייט פון דאָרטן האָט זיך געפונען דאָס הויז, אין וועלכן עס האָט געוווינט די גרעפין פון סאָמערסעט, וועלכע איז געווען די שיינהייט־קעניגין פון דעם טורניר אין עגלינטאָן. קענענדיק זי, וואָס אַן אמת, נישט זייער גוט, איז אים דאָך איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז עס וואָלט געווען זייער איבערעסאַנט צוזאַמענצופירן די צוויי פרויען. ער האָט וועגן דעם אַ שמועס געטון מיט מאַדאַם לאַנגטרי, וועלכע האָט אויסגעדריקט איר הסכמה. ער האָט תיכף געשריבן אַ בריוו צו דער גרעפין און זי אָנגעפרעגט, צי ער וואָלט געקענט קומען צו איר אויף אַ באַזוך צוזאַמען מיט דער באַרימטער שיינהייט.

עס וואָלט זייער געפּאַסט, האָט ער געזאָגט, אַז די שענסטע פרוי פון

. אַט דעם דור (עס איז געווען אין די אַכציקער יאָרן פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט) זאָל אָפּגעבן כבוד דער שענסטער פרוי פון דעם פאַריקן דור. — ברענגט זי פאַר יעדן פרייז — האָט געענטפערט די גרעפין, — אָבער איך וואָרן איך, אַז עס וועט פאַר איר זיין אַ ביטערע איבערראַשונג. — זיי זענען געפאָרן אין אַ קאַרעטע געשפּאַנט מיט איין פערד. מאַדאַם לאַנגטרי האָט געטראָגן אַ שטייף־אָנגעצויגענעם בערעט מיט לאַנגע סאַטינענע באַנדן, וואָס האָט בולט געוויזן די הערלעכע געשטאַלט פון איר קאָפּ און האָט געמאַכט אירע אויגן נאָך מער בלוי. זיי זענען אויפגענומען געוואָרן פון אַ קליינער, מיאוסער, אַלטער פרוי, וועלכע האָט געקוקט מיט איראָניע אין אירע אויס־געגלאָצטע אויגן אויף דער שטראַלנדיקער שיינהייט, וועלכע איז געקומען זי באַזוכן. זיי האָבן געטרונקען טיי, געשמועסט און זענען צוריקגעפאָרן. מאַדאַם לאַנגטרי איז געווען זייער שטיל, און ווען פערדי האָט אויף איר אַ קוק געטון, האָט ער געזען, אַז זי וויינט שטילערהייט.

ווען זיי זענען צוריק געווען אין דער היים, איז זי אַריין צו זיך אין צימער און האָט נישט געוואָלט אַראָפּגיין עסן יענעם אָוונט. צום ערשטן מאָל האָט זי באַגריפן, אַז שיינקייט שטאַרבט.

פערדי האָט מיך געבעטן צו געבן אים מיין אַדרעס און אייניקע טעג נאָך דעם, ווי איך בין צוריקגעקומען קיין לאָנדאָן, האָט ער מיך איינגעלאַדן צו מיטאָג. עס זענען דאָרטן געווען זעקס פּערזאָן. אַן אַמעריקאַנער פרוי, איר מאַן, אַן ענגלישער לאָרד, אַ שוועדישער מאָלער, אַן אַקטריסע און אַ גוט באַקאַנטער קריטיקער. דער שמועס איז געווען אַ לייכטער און פאַרשטענדלע־כער. נאָכן מיטאָג האָט זיך פערדי געלאָזט איבעררעדן און זיך געזעצט ביים קלאַוויר. ער האָט נאָר געשפּילט ווינער וואַלצן — כ'האָב זיך שפּעטער דער־ווּסט, אַז זיי זענען געווען זיין ספּעציאַליטעט — און די לייכטע, קלינגענדיקע אוןליידנשאַפטלעכע מוזיק האָט זיך געדאַכט, אַז זי שטימט גוט מיט זיין דיסקרעטער באַמבאַסטישקייט. ער האָט געשפּילט אָן געקינצלטקייט, מיט אַ ריטם, באַהויכט פון אַ געפיל פול מיט גראַציע.

דאָס איז געווען דער ערשטער פון אַ רייע גוטע מיטאָגן, וואָס איך האָב מיט אים פאַרבראַכט. ער פלעגט מיך איינלאַדן צוויי אָדער דריי מאָל אַ יאָר און אין לויף פון דער צייט פלעג איך זיך מיט אים טרעפן, וואָס אַ מאָל אָפּטער, אין אַנדערע הייזער. איך בין געשטיגן אין דער וועלט און ער איז אפשר אַ ביסל אַראָפּגעזונקען. אין די לעצטע יאָרן פלעג איך אים צייטנווייז זען אויף אויפנאַמעס, ווו עס זענען אויך געווען אַנדערע יידן און עס האָט

זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך לייען אין זיינע שיינענדיקע פּיכטע אויגן, וועלכע פלעגן אויף אַ ווײַלע איינקלאַמערן זיך אין די מיטגלידער פון זיין ראַסע, אַ מין גוטמוטיקע צופרידנקייט אויפן געדאַנק, צו וואָס די וועלט איז דערגאַנגען.

עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע פלעגן זאָגן, אַז ער איז אַ סנאָב, אָבער איך צווייפל, צי ער איז טאַקע אַזאַ געווען. עס פאַרבלייבט אַ פאַקט דאָס וואָס עס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז אין זיינע יונגע יאָרן פלעגט ער זיך נאָר גע־פינען צווישן וויכטיקע פערזענלעכקייטן. ער האָט געהאַט אַן עכטע ליידנשאַפט צו קונסט און אין זיינע באַציאונגען מיט די יעניקע, וועלכע פלעגן זי שאַפן, פלעגט ער זיך פילן ווי אויף זיין פערדל. אין זייער געזעלשאַפט האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט יענע עטוואָס חוזקנדיקע מינע, וואָס פלעגט זיך אויס־מאָלן אויף זיין פנים, בעת ער פלעגט זיין צווישן די גרויסע לייט און וואָס פלעגט ביי אייך אַרויסרופן דאָס געפיל, אַז ער איז גאַרנישט נתפעל פון זייער גרויסקייט.

זיין חוש איז געווען אַן אויסגעצייכנטער און אַ סך פון זיינע פריינט פלעגן געניסן פון זיינע קענטעניש. ער איז געווען פון די בעסטע מבינים אויף אָפּצושאַצן אַלטע מעבל און ער האָט געראַטעוועט אַ סך הערלעכע זאַכן, וועלכע זענען שוין געווען פאַרשטעקט אויף די בוידעמס פון די הייזער פון עלטערן דור און האָט זיי געגעבן אַ ווירדיקן פּלאַץ אין די סאַלאָנען. ער האָט ליב געהאַט אַרומצושפּאַצירן איבער די ליקווידאַציע־צימערן און ער איז תמיד געווען גרייט צו געבן עצות די גרויסע דאַמען, וועלכע פלעגן וועלן תיכף איינהאַנדלען אַ שיינע זאַך און דערביי מאַכן אַ גינסטיקע קניה. ער איז גע־ווען רייך און גוטמוטיק. ער האָט ליב געהאַט צו באַשיצן קונסט און פלעגט זיך אָנטון אַ סך מי אַרויסצובאַקומען אַ קאָמיסיאָן פאַר אַזאַ יונגן מאָלער, וועמעס טאַלאַנט ער האָט באַוווּנדערט, אָדער העלפן צו אַנגאַזשירן צו שפּילן אין אַ רייך הויז אַ פידלער, וועלכער וואָלט אין קיין אַנדער פאַל נישט געהאַט די געלעגנהייט צו קענען אויסגעהערט ווערן. זיין געשמאַק איז געווען צו גוט, ער זאָל זיך קענען פאַרגינען אָפּצונאַרן, און כאָטש ער איז געווען זייער איידל כלפּי דורכשניטלעכע, פלעגט ער קיינמאָל נישט אויסשטרעקן קיין פינגער צו העלפן זיי.

זיינע אייגענע מוזיק־מסיבות, כאָטש זייער קליינע און זאָרגעוודיק אויס־געקליבן, זענען געווען אַ תענוג.

ער האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט.

## וו. סאַמערסעט מאָם

— איך בין אַ מענטש פון דער גרויסער וועלט — פלעגט ער זאָגן — און איך גרויס מיך דערמיט, וואָס כ׳בין נישט אָבערגלויביש. אַלע געה שמאַקן זענען פאַראַן אין דער נאַטור, אָבער כ׳צווייפל, צי איך וואָלט ביי זיך געקענט פועלן חתונה צו האָבן מיט אַ גויע. ס׳איז נישט קיין פאַרברעכן צו גיין אין דער אָפּערע אָנגעטון אין אַן אַלטעגלעכן בגד, אָבער מיר וואָלט עס קיינ־מאָל נישט איינגעפאַלן צו טון אַזוי.

— אויב אַזוי, פאַרוואָס האָט איר קיינמאָל נישט חתונה געהאַט מיט אַ ייִדישקע?

(איך האָב נישט געהערט דעם געשפּרעך, אָבער די לעבנסלוסטיקע און געוואַגטע באַשעפעניש, וואָס האָט אים געשטעלט די פראַגע, האָט מיר דאָס דערציילט).

— אָ, מיין טייערע, אונדזערע פרויען זענען אַזוי פּרוכטבאַר. כ׳וואָלט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם געדאַנק פון אָנפילן די וועלט מיט נאָך אַ קליי־ניטשקן איטשעלע און אַ קלייניטשקן יאַנקעלע און אַ קלייניטשקער רבקהלע און אַ קלייניטשקער לאהלע און אַ פּיצינקער רחלע.

אָבער ער האָט געפירט ליבעס, וועלכע זענען געווען באַרימט און דער גלאַנץ פון זיינע פאַרגאַנגענע ראָמאַנסן האָבן אים נאָך ביז איצט באַגלייט. יונגערהייט איז ער געווען שטאַרק באַליבט ביי פרויען. איך האָב באַגעגנט אַלטע דאַמען, וועלכע האָבן מיר דערציילט, אַז מען האָט זיך אים נישט געקענט ווידערשטעלן און ווען זיי פלעגן דערציילן פון זייערע זכרונות פאַקטן וועגן דער אָדער יענער דאַמע, וועלכע פלעגט ממש פאַרלירן איר זעלבסט־קאָנטראָל אונטער זיין איינפלוס, איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז ער האָט באַדאַרפט זיין אַזוי הערלעך שיין, אַז זיי האָבן נישט געקענט ביי זיך פועלן צו באַרעדן אַזאַ דאַמע.

עס איז געווען אינטערעסאַנט צו הערן פון גרויסע ליידיס, וועגן וועלכע איך פלעג לייענען אין די לעצטנס דערשינענע זכרונות, אָדער מיט וועלכע איך פלעג זיך טרעפן, זייענדיק איצט הויך־געשעצטע פערזענלעכקייטן, וואָס פלעגן זיך אַזוי פלייסיק פאַרנעמען מיט זייערע אייניקלעך, תלמידים פון איטאָן־קאָלעדזש, און האַלטן אין איין רעדן וועגן זיי, אָדער וועלכע פלעגן פאַרוואַנדלען אַ פּאַרטיע ברידזש אין אַ ווּיסטער קריגעריי, און זיך אין דער זעלבער צייט פאָרשטעלן, אַז אָט טאַקע זיי זענען עס געווען אינגאַנצן באַ־הערשט פון אַ זינדיקער ליידנשאַפט צום הערלעכן ייִד.

פערדיס באַרימטסטע ליבע איז געווען מיט דער פירסטין פון הירפאָרד, וועלכע איז געווען די שענסטע, גאַלאַנטסטע און געוואַגטסטע פון די ליידיס פון דער צייט פון דער הערשאַפט פון דער קעניגין וויקטאָריאַ. עס האָט אָנגעהאַלטן אין משך פון צוואַנציק יאָר. ער פלעגט פירן אין צווישנצייט אַ פלירט מיט אַנדערע דאַמען, בלי ספק, אָבער זייערע באַציאונגען זענען געווען דויערהאַפטע און אָנערקענטע. ער איז געווען אַ טאַקטפולער מאַן און דאָס איז אַמבולטסטן געקומען צום אויסדרוק צום סוף; ער האָט דאַן פאַרביטן אַן עלטערע מעטרעסע אויף אַ לאַיאַלן פריינט. איך געדענק, ווי איך פלעג דאָס פּאַרל טרעפן נישט לאַנג צוריק ביים אָנבייסן. זי איז געווען אַן אַלטע פרוי, הויך אין וווקס און פון אַ דאָמינירנדיקן אויסזען, אָבער מיט אַ מאַסקע פון פאַרב אויף אַן אָפּגענוצט פּנים.

מיר האָבן געפרישטיקט אין דעם קאַרלטאָן־רעסטאָראַן און פערדי, וועלכער האָט אונדז דאָרטן איינגעלאַדן, האָט זיך אויף אייניקע מינוטן פאַרשפּעטיקט. ער האָט אונדז פאַרגעלייגט אַ קאָקטייל, אָבער די פירסטין האָט אים געזאָגט, אַז מיר האָבן שוין געטרונקען.

— עס האָט מיך טאַקע געוווּנדערט, פון וואַנען זענען אייערע אויגן אַזוי טאָפּלט גלאַנציק — האָט ער געזאָגט.

די אַלטע, איינגעקאָרטשעטע פרוי האָט זיך פאַררויטלט פון פאַרגעניגן.

מיין יוגנט איז אַפּגעלאָפן, כ׳בין געוואָרן אַ מיטל־יאָריקער מאַן, כ׳בין נישט געווען זיכער, פון ווען אָן איך דאַרף זיך באַטראַכטן פאַר אַן עלטערן מענטש. כ׳האָב געשריבן ביכער און טעאַטער־שטיק, כ׳האָב גערייזט, כ׳האָב דורכגעלעבט דערפאַרונגען, כ׳האָב זיך פאַרליבט און אויפגעהערט צו ליבן, און כ׳פלעג ווייטער באַגעגענען פערדין ביי פאַרשיידענע אויפנאַמען. די מלחמה איז אויסגעבראָכן און איז געפירט געוואָרן. מיליאָנען מענטשלעכע באַשעפעניש זענען דערמאָרדעט געוואָרן און דער פּרצוף פון דער וועלט האָט זיך געענדערט. ער איז געווען צו אַלט אַנטייל צו נעמען אין דער מלחמה, און זיין דייטשישער נאָמען איז געווען אַן אומגעלומפּערטער, אָבער ער איז געווען זייער דיסקרעט און האָט זיך באַמיט אויסצוווייכן פון צו זיין דערבּידעריקט.

זיינע אַלטע פריינט זענען אים פאַרבליבן טריי און ער האָט פאַרבראַכט זיין לעבן אין אַ ווירדיקער אָבער נישט צו שטרענגער אָפּגעזונדערטקייט. אָבער שפּעטער איז געקומען דער פרידן און מיט קוראַזש איז ער צוגעטראָטן אויס־צונוצן אַמבעסטן די געביטענע באַדינגונגען. די געזעלשאַפט איז איצט געווען אַ געמישטע, צוזאַמענקונפטן רויִשיקע, אָבער פערדי האָט זיך צוגעפּאַסט צום

בייעם לעבן. ער פלעגט ווייטער דערציילן זיינע הומאָריסטישע ייִדישע מעשיות; ער פלעגט נאָך אַלץ אויף אַ באַצויבערנדיקן אופן שפּילן די וואַלצן פון שטראַאוסן, ער פלעגט נאָך אַלץ באַזוכן די ליקווידאַציע־צימערן און פלעגט זאָגן די ניי־אויפגעקומענע גבירים, וואָס זיי זאָלן קויפן. איך בין אַוועק וווינען אין אויסלאַנד, אָבער ווען איך פלעג קומען קיין לאָנדאָן, פלעג איך זען תמיד פערדינן, און איצט איז געווען עפּעס מאָדנע אין אים. ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. ער איז נישט קיין איינציקן טאָג קראַנק געווען. ער האָט אויסגעזען, אַזוי ווי ער וואָלט קיינמאָל נישט געווען פאַרמאַטערט. ער פלעגט זיך נאָך אַלץ אָנטון שיין. עס האָט אים אינטערעסירט אַלץ. זיין מוח איז געווען וואַכזאַם און לייט פלעגן אים פאַרבעטן אויף מיטאָג, נישט צוליב זיין פאַר־גאַנגענהייט, נאָר ווייל ער איז עס ווערט געווען אויך איצט. ער פלעגט נאָך געבן הערלעכע קליינע קאָנצערטן אין זיין וווינונג, אויף דער קערזאָן־גאַס.

עס איז געווען אויף איינעם פון אַזעלכע קאָנצערטן, צו וועלכע ער האָט מיך איינגעלאַדן, ווען איך האָב געמאַכט די אַנטדעקונג, וואָס האָט גורם געווען מיינע דעראינערונגען וועגן אים און וואָס איך האָב דאָ אָנגעשריבן. מיר האָבן געגעסן מיטאָג אין אַ שטוב אויף דער היל־סטריט. עס איז דאָרט געווען אַ גרויסער צוזאַמענקום, און ווען די פרויען זענען אַרויף אויפן העכערן שטאָק, האָב איך זיך געפונען מיט פערדינן זייט־ביי־זייט. ער האָט מיר גע־זאָגט, אַז לאה מאקארט וועט קומען צו אים שפּילן אין זיין דירה דעם קומענ־דיקן פרייטיק צו־נאַכט און אַז ער וואָלט געווען צופרידן, אויב איך וואָלט געקומען.

— איך באַדויער זייער — האָב איך געזאָגט — מחמת איך גיי צו די בלאַנדס.

— וואָס פאַרא בלאַנדס?

— זיי וווינען אין סאַסעקס, אין אַן אָרט וואָס הייסט טילבי.

— כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז איר קענט זיי.

ער האָט אויף מיר משונהדיק געקוקט. ער האָט געשמייכלט. כ׳האָב נישט געוווּסט, וואָס עס פאַרווילט אים.

— אָ, יאָ, איך קען זיי שוין זיבט יאָרן. עס איז אַ זייער פיין הויז.

— אַדאָלף איז מיין פּלימעניק.

— סער אַדאָלפוס?

— ער דערמאָנט אונדז אין אַ טיפּ פון יענע בראַווע יונגען פון דער

רעגענץ־עפּאָכע, נישט אמת? אָבער איך וועל פון אייך נישט אויסבאַהאַלטן, אַז מען האָט אים גערופן אַדאָלף.

— יעדער, וועמען איך קען, רופט אים פרעדי.

— איך ווייס און איך פאַרשטיי, אַז מרימען, זיין פרוי, פּאַסט דער נאָמען מיוריעל.

— ווי אַזוי איז ער אייער פלימעניק?

— ווייל חנה ראַבענשטיין, מיין שוועסטער, האָט חתונה געהאַט מיט אַדאָלף בלייקאָגעל, וועלכער האָט פאַרענדיקט זיין לעבן ווי סער אַלפרעד בלאַנד, ערשטער באַראָן, און זייער בן־יחיד איז אין דער געהעריקער צייט געוואָרן סער אַדאָלפוס בלאַנד, צווייטער באַראָן.

— אויב אַזוי איז פרעדי בלאַנדס מוטער, די ליידי בלאַנד, וועלכע וווינט אין פּאָרטלאַנד־פּלייס, אייער שוועסטער?

— יאָ, מיין שוועסטער חנה. זי איז געווען די עלטסטע פון דער פאַמיליע. זי איז שוין אַכציק יאָר אַלט, אָבער אין פולער באַהערשונג פון אַלע אירע חושים און אַן אויסגעצייכנטע פרוי.

— כ׳האָב זי קיינמאָל נישט באַגעגנט.

— איך מיין, אַז אייערע פריינט, די בלאַנדס, וואָלטן דאַסגלייכן געוואָלט, אַז איר זאָלט זי אויף וויַיטער נישט באַגעגענען. זי האָט ביז איצט נישט פאַר־לוירן איר דייטשישן אַקצענט.

— איר זעט זיי קיינמאָל נישט? — האָב איך אַ פרעג געטון.

— שוין זינט צוואַנציק יאָר ווי איך האָב מיט זיי נישט גערעדט. איך בין אַזוי שטאַרק יידיש און זיי זענען אַזוי שטאַרק ענגליש. — ער האָט גע־שמייכלט. — איך האָב קיינמאָל נישט געקענט געדענקען, אַז זייערע נעמען זענען פרעדי און מיוריעל. כ׳פלעג אַרויסשפּרינגען מיט אַן „אַדאָלף״ און אַ „מרים״ אין אומגעלומפּערטע מאָמענטן. און זיי פלעגן נישט ליב האָבן מיינע מעשיות. עס וואָלט געווען בעסער, האָט זיך מיר דאַן אויסגעדאַכט, אַז מיר זאָלן זיך נישט באַגעגענען. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן און איך האָב נישט געוואָלט בייטן מיין נאָמען, איז עס געווען דאָס לעצטע שטרויעלע. עס איז געווען צו שפּעט. כ׳וואָלט קיינמאָל נישט געקענט צוגעוווינען מיינע פריינט צו דענקען וועגן מיר עפּעס אַנדערש ווי וועגן פערדי ראַבענשטיין. איך בין געווען פולשטענדיק צופרידן. כ׳האָב נישט קיין אַמביציעס צו זיין אַ סמיט, אַ בראַאון אָדער אַ ראָבינסאָן.

## וו. סאמערסעט מאָם

כאָטש ער האָט גערעדט אין אַ וויצלענדיקן געמיט, איז אין זיין טאָן געווען דער מעגלעך שוואַכסטער חוזק, און איך האָב געפילט, אַפילו קוים געפילט, ווייל דער איינדרוק איז געווען אַזוי שאָטנדיק, אַז אַזוי ווי עס פלעגט זיך מיר אָפט אויסדאַכטן מאָדנע פריִער, איז אין דער טיפעניש פון זיין בישט־דורכדרינגלעך האַרץ געווען אַ ציניִשער ביטול כלפּי די גויִם, וועלכע ער האָט באַזיגט.

— בכן, קענט איר נישט די צוויי יִנגלעך? — האָב איך געזאָגט.

— ניין.

— דער עלטערער הייסט דזשאָרדזש, ווי איר ווייסט מסתמא. איך בין מסופק, צי ער איז אַזוי פעאיק ווי האַררי, דער אַנדערער. אָבער ער איז אַ ליבלעכער יונג. כ׳מיין, אַז איר וועט אים ליב האָבן.

— ווו איז ער אַצינד?

— יאָ, מען האָט אים אַרויסגעשיקט פון אָקספאָרד. כ׳גלויב, אַז ער איז אין דער היים. האַררי לערנט זיך נאָך אין איטאָן.

— פאַרוואָס ברענגט איר נישט דזשאָרדזשן אויף מיטאָג צוזאַמען מיט מיר?

— כ׳וועל אים בעטן. כ׳גלויב, אַז ער וועט וועלן קומען.

— עס האָט דערגרייכט מיינע אויערן, אַז ער האָט פאַרשאַפט אַ ביסל קאָפּדרייעניש.

— אָ, איך ווייס נישט. ער האָט נישט געוואָלט גיין דינען אין דער אַרמיי, דאָס וואָס זיי האָבן יאָ געוואָלט. זיי האָבן געהאַט חשק, ער זאָל דינען אין דער היים־גוואַרדיע. און אויף אַזאַ אופן איז ער אַנשטאָט דעם אַוועק קיין אָקספאָרד. ער האָט נישט געלערנט, האָט אויסגעגעבן אַ סך געלט און זיך געפירט צופיל הולטייאיש. עס איז דאָך אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך.

— פאַרוואָס האָט מען אים אַרויסגעשיקט?

— איך ווייס נישט גענוי. כ׳מיין צוליב נישט קיין וויכטיקער זאַך.

אין דעם מאָמענט איז אונדזער באַלעבאָס אויפגעשטאַנען און מיר זענען אַרויף אויפן העכערן שטאָק. ווען פערדי האָט זיך מיט מיר געזעגנט, האָט ער מיך געבעטן נישט צו פאַרגעסן וועגן זיין שוועסטערס אייניקל.

— טעלעפאָנירט מיר אָן — האָט ער געזאָגט. — מיטוואָך וועט פאַר מיר זיין זייער באַקוועם. אָדער אפשר פרייטיק.

אויף צו מאַרגנס בין איך אַראָפּגעפאָרן קיין טילבי. עס איז געווען אַ געבײדע פון עליזאַבעטישן סטיל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן פּאַרק, אין וועלכן עס זענען אַרומגעלאָפן סאַרנעס און פון אירע פענצטער האָט דער בליק אַרומגענומען פעלדער פּאַרדעקט מיט נידעריק גראָז. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, האָט דאָס לאַנד געהערט צו די בלאַנדס. די איינוווינער האָבן געשיינט צו געפינען אין סער אַדאָלפוס אַ וווּנדערבאַרן באַלעבאָס, ווייל איך האָב קיינמאָל נישט געזען קיין פּאַרמעס, וועלכע זענען געווען געפירט אין אַזאַ אָרדענונג; די שפּייכלערס און קי־שטאַלן זענען געווען תמיד ביי און די חזירים־שטאַלן זענען געווען הערלעך. דער שענק האָט אויסגעזען ווי אַ בילד געמאָלט מיט וואַסערקאָלירן און די שטיבלעך, וועלכע ער האָט אויסגעבויט אויף זיין לאַנד, האָבן אין זיך אויסגעצייכנט פּאַראייניקט מאָלערישקייט מיט געראַמקייט. עס האָט אים געמוזט אָפּקאָסטן אַ וועלט מיט געלט אָנצופירן אַ ווירטשאַפט אויף אַזאַ שטייגער. צום גליק האָט ער דאָס פּאַרמאָגט. דער פּאַרק מיט זיינע הערלעכע אַלטע ביימער (און זיין ניין־לאָכיקן גאָלף־פּלאַץ) איז געווען באַהאַנדלט אַזוי ווי אַ גאָרטן, און די ברייט־אויסגעשפּרייטע גערטנער זענען געווען דער שטאָלץ פון דער געגנט. דער הערלעכער בנין, מיט זיינע ראַשיק־זינקענדיקע דעכער און צוויי־שויבנדיקע פענצטער, איז רעמאָנטירט געוואָרן דורכן אַממערסטן באַרימטן אַרכיטעקט אין ענגלאַנד און אויסגעשטאַט געוואָרן דורך ליידי בלאַנד מיט געשמאַק און קענטעניש, אין אַ סטיל, וועלכער האָט אים אַמבעסטן געפּאַסט.

— אמת, עס איז זייער איינפאַך — האָט זי געזאָגט. — נו, טאַקע, נישט מער ווי אַן ענגליש הויז אויסער דער שטאָט.

דאָס עסצימער איז געווען באַפּוצט מיט אַלטע ענגלישע ספּאָרט־בילדער, און די טשיפּענדייל־שטולן זענען געווען פון אַ זייער גרויסן ווערט. אין אויפנאַם־סאַלאָן זענען געווען פּאָרטרעטן געמאָלט פון די מייסטערס רענעלד און גיינזבערע, און לאַנדשאַפטן פון אָלד־קראָאום און ריטשאַרד ווילסאָן. אַפילו אין מיין שלאָפצימער מיט זיין פיר־שטאַנגיק בעט זענען געווען וואַסער־קאָליר בילדער פון בערקעט פאָסטער. עס איז געווען זייער שיין און אַ מחיה צו זיין דאָרטן, אָבער כאָטש עס וואָלט אויסערגעוויינלעך אַנטוישט מיוריעל בלאַנד, ווען זי וואָלט עס געוווּסט, האָט עס, אויף אַ געװנוג מאָדנעם אופן, לגמרי נישט געמאַכט דעם עפעקט, צו וועלכן זי האָט געשטרעבט. נישט אויף קיין איין מאָמענט האָט עס אויף אייך געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן ענגליש הויז.

## וו. סאמערסעט מאָם

איר האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז יעדע זאַך איז געקויפט געוואָרן מיט אַ זאָרגפעלטיק אויג אין איינקלאַנג מיטן אַלגעמיינעם האַרמאָנישן אויסזען. עס האָבן דאָרטן געפעלט די פּאַרטעמפּטע אַקאַדעמיע־בילדער, וועלכע פלעגן הענגען אין עסצימער, ביי אַ בילד פון דעם מייסטער קאַרלאָ דאָלטשי, וואָס אַ טאַטע אָדער אַ זיידע האָט געבראַכט מיט זיך פון אַ ווייטער רייזע, און אַקוואַרעלן, געמאָלטע פון אַן עלטער־מומע, וועלכע פלעגן זיך צוזאַמענמישן מיט אַנדערע בילדער אויף אַ צוויבערדיקן אופן אין דעם אויפנאַם־סאַלאָן. עס איז דאָרטן נישט געווען קיין מיאוסע וויקטאָריאַנישע סאָפע, וואָס פלעגט תמיד דאָרטן זיך געפינען און וואָס עס פלעגט קיינעם נישט קומען אויפן געדאַנק, אַז מען דאַרף עס אַוועקנעמען, און נישט קיין נאָדל־געשטריקטע שטולן, וואָס אַ נישט חתונה־געהאַטע טאָכטער האָט אַזוי זאָרגעוודיק אויס־געאַרבעט, אומגעפער אין דער צייט פון דער גרויסער אויסשטעלונג. עס איז דאָרטן געווען שיינקייט אָבער נישט קיין סענטימענט.

און דאָך, ווי אָנגענעם איז עס געווען און ווי גוט מען פלעגט אייך דאָרטן באַהאַנדלען! און מיט וואָס פאַר אַ האַרציקן שלום־עליכם פלעגן די בלאָנדס אייך מכבד זיין! עס האָט געשיינט, אַז די בלאָנדס האָבן אין דער אמתן האָלט מענטשן. זיי זענען געווען פרייגיביק און איידל. זיי זענען קיינמאָל נישט גע־ווען גליקלעכער, ווי ווען זיי פלעגן אויפנעמען די איינוווינער פון דער געגנט. און הגם זיי זענען געווען באַלעבאַטים דאָרטן נישט מער ווי צוואַנציק יאָר, האָבן זיי שטאַרק געוווּנען די סימפּאַטיע פון זייערע שכנים. אויב מען וואָלט נישט גענומען אין באַטראַכט דעם גלאַנץ און דעם קאָמפּעטענטן אופן, אין וועלכן די ווירטשאַפט איז געפירט געוואָרן, וואָלט מען דרייסט געקענט אָנ־נעמען, אַז זיי האָבן שוין דאָרטן געלעבט זינט לאַנגע דורות.

פרעדי האָט געלערנט אין איטאָן און אָקספאָרד. ער איז אַצינד געווען אין אָנפאַנג פון זיינע פופציקער. ער איז געווען רואיק געשטימט, איידל, זייער פעאיק, לויט מיין איינזען, אָבער אַ ביסל צוריקגעהאַלטן. ער האָט פאַרמאָגט ראַפינירטע עלעגאַנץ, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין ענגלישע עלעגאַנץ. ער האָט געהאַט גרויע האָר און אַ קורץ, שפּיציק, גרוי בערדל, פיינע טונקעלע אויגן און אַן אָדלערישן נאָז. ער איז געווען עטוואָס העכער פון מיטל־וווּקס. איך צווייפל, צי איר וואָלט אים אָנגענומען פאַר אַ ייִד; פאַר אַן אויסלענדישן אָנגעזעענעם דיפּלאָמאַט, גיכער. ער איז געווען אַ מאַן מיט כאַראַקטער, אָבער טראָץ דעם דערפאָלג, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין לעבן, האָט ער ביי אייך אַרויסגערופן דאָס געפיל פון אַ מין מעלאַנכאָליע.

זיינע דערפֿאָלגן זענען געווען פֿינאַנציעלע און פּאָליטישע. אין דער ספּאָרט־וועלט, טראָץ זיין אויסדויער, האָט ער קיינמאָל נישט געגלאַנצט. יאָרן לאַנג פּלעגט ער נאָכפּאָלגן די הינט אויף דער יאַגד, אָבער ער איז געווען אַ שלעכטער רייטער, און איך מיין, אַז עס האָט געדאַרפֿט פֿאַר אים זיין אַ דערלייכטערונג, ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די מיטעלע יאָרן און די פֿאַרצוויגטע געשעפֿטן האָבן אים געצוווּנגען אויפֿצוגעבן די יאַגד־אויספֿלוגן. ער פּלעגט איינאָרדענען אויסגעצייכנטע יאַגד־אויספֿלוגן און פּלעגט מאַכן הערלעכע אויפֿנאַמעס, דערפֿאַר אָבער איז ער געווען אַ שוואַכער שיסער, און כאָטש ער האָט געהאַט דעם שפּיל־פּלאַץ אין זיין פּאַרק, איז ער קיינמאָל נישט דערגאַנגען העכער ווי צו דער מדרגה פֿון אַ פּשוטן גאָלף־שפּילער. ער האָט זייער גוט געוווּסט וואָס דאָס באַדייט אין ענגלאַנד און זיין אומפֿעאיקייט איז געווען אַ ביטערע אַנטוישונג פֿאַר אים. דערפֿאַר וועט שוין דזשאָרדזש גוטמאַכן די דאָזיקע שוואַכע זייט.

דזשאָרדזש איז געווען אַ גוטער גאָלף־שפּילער, און כאָטש טעניס איז נישט געווען זיין באַליבט שפּיל, האָט ער געשפּילט אַ סך בעסער פֿון די דורכשניטלעכע. די עלטערן האָבן אים געלערנט שיסן, ווי נאָר ער איז געוואָרן גענוג אַלט צו קענען האַלטן אַ ביקס. און ער איז טאַקע געווען אַ גוטער שיסער. ווען ער איז אַלט געוואָרן צוויי יאָר, האָבן אים זיינע עלטערן אַרויפֿגעזעצט אויף אַ פּאָני־פֿערדל און פֿרעדי, זעענדיק אים אַרויפֿשפּרינגען אויפֿן פֿערד, האָט אויף זיכער געוווּסט, אַז ווען דזשאָרדזש פּלעגט אויף דער יאַגד צוקומען צו אַ פּלויט און דאַרפֿן אַדורכשפּרינגען, פֿלעגט ער דערפֿילן אַ טיפֿע אינערלעכע התלהבות און נישט ווי ער, פֿרעדי, דאָס קרענקלעכע געמיט אין דער טיפֿעניש פֿון זיינע גלידער, וואָס פּלעגט תמיד פֿאַרוואַנדלען דעם דאָזיקן ספּאָרט אין אַ ביטער אָפּקומעניש פֿאַר אים, נישט קוקנדיק דערויף וואָס ער פֿלעגט נאָכיאָגן דעם פֿוקס מיט אַזאַ גרויזאַמער אַנטשלאָסנקייט.

דזשאָרדזש איז געווען הויך און שלאַנק, זיינע העל־ברוינע געקרייזלטע האָר זענען געווען שיין, די אויגן בלוי, ער איז געווען דער פּערפֿעקטער טיפּ פֿון אַ יונגן ענגלענדער. ער האָט פֿאַרמאָגט די נעימותדיקע אָפּנהאַרציקייט פֿון דער ראַסע. זיין נאָז איז געווען גלייך, כאָטש אפֿשר אַ ביסל צו פֿליישיק און זיינע ליפּן זענען אפֿשר געווען עטוואָס צו פֿול און ליידנשאַפֿטלעך, אָבער ער האָט געהאַט שיינע ציין און זיין גלאַטע הויט איז געווען ווי עלפֿנביין. דזשאָרדזש איז געווען דער ליבלינג פֿון זיין פֿאָטער. ער האָט נישט

## וו. סאמערסעט מאָם

ליב געהאַט זיין צווייטן זון האַררי אַזוי שטאַרק. יענער איז געווען פּאַר זיין עלטער צו דיק, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ קרעפּטיקער יונג, אָבער זיינע שוואַרצע אויגן, שיינענדיקע מיט פֿעאיקייטן, זיינע פּראָסטע טונקעלע האָר און זיין גרויסע נאָז האָבן באַטאָנט זיין ראַסע. פֿרעדי איז געווען שטרענג מיט אים און אָפּטמאָל אומגעדולדיק, אָבער מיט דזשאָרדזשן איז ער געווען נאָכגיביק. האַררי וועט איבערנעמען די געשעפֿטן, מחמת ער פֿאַרמאָגט מוח און שווונג. אָבער דזשאָרדזש איז זיין יורש. דזשאָרדזש וועט זיין אַן ענגלישער דזשענטלמאַן.

דזשאָרדזש האָט מיר פֿאָרגעלייגט צו פֿאָרן מיט אים אין זיין אויטאָמאָביל, וועלכן זיין פֿאָטער האָט אים געשאָנקען ווי אַ געבורטסטאָג מתנה. ער איז געפֿאָרן זייער געשווינד און מיר זענען אָנגעקומען פֿריִער ווי די איבעריקע געסט. די בלאָנדס זענען געזעסן אויפֿן גראָז און טיי איז געווען סערווירט אונטער אַ הערלעכן צעדערבוים.

— דרך אַגב — האָב איך גלייך געזאָגט — מיט אייניקע טעג צוריק האָב איך געזען פֿערדי ראַבענשטיינען און ער וויל, כ׳זאָל ברענגען צו אים דזשאָרדזשן אויף אַ מיטאָג.

איך האָב וועגן דעם נישט געזאָגט גאָרנישט דזשאָרדזשן בעת מיר זענען געפֿאָרן, מחמת איך האָב געטראַכט, אַז אויב עס איז פֿאַראַן איז דער משפּחה אַ מחלוקת, וועל איך בעסער זיך ווענדן אויך צו די עלטערן.

— ווער, גאָט מיינער, איז עס דער פֿערדי ראַבענשטיין? — האָט געזאָגט דזשאָרדזש.

אָ, ווי קורץ עס איז דעם מענטשס רום און גלאַנץ! אַזאַ פֿראַגע וואָלט מיט אַ דור צוריק אַרויסגערופֿן אַ געלעכטער.

— ער איז דיין טאַטנס פֿעטער — האָב איך געענטפֿערט.

אַ בליק איז דורכגעלאָפֿן פֿון דעם טאַטן צו דער מאַמען, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן. — ער איז אַ שוידערלעכער אַלטער מאַן — האָט געזאָגט מיוריעל.

— איך צווייפֿל, צי עס איז צוועקמעסיק פֿאַר דזשאָרדזשן צו באַנייען די קרובהשאַפֿט, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן, איידער ער איז געבוירן געוואָרן, האָט פֿרעדי געזאָגט מיט אַנטשלאָסנקייט.

— ווי די זאַך זאָל נישט זיין, האָב איך צוגעשטעלט מיין אויפֿטראָג — האָב איך געענטפֿערט, פֿילנדיק זיך עטוואָס באַליידיקט.

— כ׳וויל נישט זען דעם אַלטן תרח — האָט געזאָגט דזשאָרדזש.

דער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן מיטן אָנקומען פון אַנדערע געסט און אַ קורצע ווײַלע שפּעטער איז דזשאָרדזש אַוועק שפּילן גאָלף מיט אײנעם פון זײַנע אָקספאָרדער חברים.

דעם פאָלגנדיקן טאָג איז דער ענין ווידער באַרירט געוואָרן. איך האָב געשפּילט אַ פּאַרטיע גאָלף גלײַכגילטיק מיט פרעדי בלאַנד אינדערפרי און עטלעכע סעטן פון ספּאָרט, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען פון דאָרף־הויז־טעניס, נאָכמיטאָג, און כ׳בין געזעסן אַלײן מיט מיוריעלן אויף דער טעראַסע. מיר האָבן אין ענגלאַנד אַזוי פיל שלעכטן וועטער, אַז עס איז נישט מער ווי יושרדיק, אַז אַ שײנער טאָג דאָ זאָל זײַן שענער ווי אין וועלכן עס איז אָרט אויף דער וועלט, און אָט דער יוני־אָוונט איז געווען אויסגעצײכנט. דער בלויער הימל איז געווען אָן שום וואָלקנס און די לופט איז געווען באַל־זאַמיש.

פּאַר אונדזערע אויגן האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרײט כוואַלעדיק־באַוועג־לעכע לאָנקעס און וועלדער און אין דער ווײַטנס האָסטו געקענט זען רויטע דעכער פון אַ קלײנטשיק דערפל און דעם גרויעם טורעם פון דעם דאָרפס־קלויסטער. עס איז געווען אַזאַ מין טאָג, ווען צו זײַן בלויז לעבעדיק איז אויך שוין געווען אַ גענוגנדיק גליק. אָפּגעריסענע שורות פון פּאָעזיע האָבן אַרומ־געבלאָנדזשעט אין מײַן זכרון. מיוריעל און איך האָבן געשמועסט וועגן אָפּ־געריסענע טעמעס.

— כ׳מײן, אַז איר האָט עס נישט אָנגענומען פאַר שאָקירנדיק, וואָס מיר האָבן אָפּגעזאָגט צו דערלויבן דזשאָרדזשן עסן צוזאַמען מיט פערדין — האָט זי פּלוצלינג אַ זאָג געטון. — ער איז אַזאַ שרעקלעכער סנאָב, נישט אמת?

— אַזוי מײנט איר? ער איז תמיד געווען זײער פײַן אין זײַן באַציאונג צו מיר.

— שוין צוואַנציק יאָר ווי מיר רעדן נישט מיט אים. פרעדי האָט אים קײנמאָל נישט מוחל געווען זײַן באַנעמונג בעת דער מלחמה. אַזוי נישט פּאַטריאָטיש, לויט מײַן מײנונג, אַז עס האָט געמוזט נעמען אַ סוף. איר ווײסט, ער האָט קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט צו בײַטן זײַן דײַטשישן נאָמען. און דאָ איז דאָך פרעדי אַ דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט און האָט דאַן פּאַרוואַלטעט מיט אַמוניציע־ענינים און אַנדערע ענלעכע זאַכן, אַזוי אַז די לאַגע איז געוואָרן

## וו. סאמערסעט מאָם

פשוט אומדערטרעגלעך. כ׳ווייס נישט פאַרוואָס ער דאַרף זען דזשאָרדזשן. ער האָט דאָך פאַר אים קיין שום באַדייטונג.

— ער איז אַן אַלטער מאַן. דזשאָרדזש און האַררי זענען דאָך אייניקלעך פון זיין שוועסטער. ער דאַרף דאָך עמעצן איבערלאָזן זיין געלט.

— מיר וואָלטן גערן נישט געוואָלט האָבן זיין געלט — האָט מיוריעל געענטפערט.

גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז עס האָט מיך געאַרט ווי דער פאַראַיאַריקער שניי, צי דזשאָרדזש וועט גיין עסן מיט פערדי ראַבענשטיין, און איך וואָלט זייער גערן געוואָלט דעם גאַנצן ענין אַוועקלייגן אין אַ זייט, אָבער די בלאָנדס האָבן אַוודאי געמוזט צווישן זיך אַרומרעדן דעם ענין און מיוריעל האָט געפילט, אַז עס קומט מיר אַ געוויסע אויפקלערונג.

— איר ווייסט דאָך אַוודאי, אַז פּערדי האָט אין זיך ייִדיש בלוט — האָט זי געזאָגט.

זי האָט אויף מיר אַ קוק געטון שאַרף. מיוריעל איז געווען אַ גענוג מגושמדיקע פרוי, אַ בלאָנדינקע און זי האָט פאַרנוצט אַ סך צייט כדי נישט צו דערלאָזן, אַז זי זאָל דיק ווערן, צו וואָס זי האָט געהאַט אַ נאַטירלעכע נייגונג. יונגערהייט איז זי געווען זייער אַ שיינע און אַפילו איצט איז זי געווען אַ ליבנס־ווירדיקע פערזאָן, אָבער אירע רונדע בלויע אויגן, עטוואָס אַרויסשטאַרטשענ־דיקע, איר פליישיקע נאָז, די געשטאַלט פון איר פּנים און איר קאַרק, איר ברייטהאַנטיקע אויפפירונג, האָבן פאַרראַטן איר ראַסע. קיין ענגלישע פרוי, ווי בלאָנד זי זאָל נישט זיין, האָט נישט געהאַט אַזאַ אויסזען. און דאָך איז זי אויסן געווען מיט איר באַמערקונג אָנצונעמען פאַר אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז זי איז אַ גויע. איך האָב געענטפערט אויף אַן איידעלן אופן.

— פיל מענטשן האָבן היינט־צו־טאָג אין זיך ייִדיש בלוט.

— איך ווייס. אָבער עס איז נישט פאַראַן קיין סיבה צו רעדן וועגן דעם, נישט אמת? נאָך אַלעמען זענען מיר דאָך פולשטענדיקע ענגלענדער; קיינער קען נישט זיין מער ענגלענדער פון דזשאָרדזשן, אין אויסזען, מאַנירן און אין אַלץ. איך דענק, אַז ער איז אַזאַ פיינער ספּאָרטלער און אַזוי ווייטער. איך זע נישט אין קיין שום סיבה, פאַרוואָס ער זאָל זיין באַקאַנט מיט ייִדן, נאָר צוליב דעם ווייל זיי האָבן מיט אים אַ ווייטע פאַרבינדונג.

— עס איז זייער שווער היינט־צו־טאָג נישט קענען ייִדן אין ענגלאַנד, נישט אמת?

— אָ, איך ווייס, מען באַגעגנט אַ סך אין לאָנדאָן, און איך מיין, אַז אייני־קע פון זיי זענען זייער פיינע לייט. זיי זענען אַזעלכע טרייע ליבהאָבער פון קונסט. איך בין נישט אויסן בשום אופן צו זאָגן, אַז פרעדי און איך מיידן זיי אויס מיט אַ כיוון — אַוודאי וואָלט איך עס נישט געטון — אָבער עס מאַכט זיך שוין אַזוי, אַז מיר קענען נישט זייער גוט קיין איינעם פון זיי. און דאָ אויפן לאַנד זענען פשוט נישט פאַראַן קיין ייִדן.

כ׳האָב ממש באַוווּנדערט דעם איבערצייגנדיקן אופן, מיט וועלכן זי האָט גערעדט. עס וואָלט מיך גאָרנישט געוווּנדערט, ווען מען וואָלט מיר געזאָגט, אַז זי האָט אויף אַן אמת געגלייבט אין יעדן וואָרט, וואָס זי האָט געזאָגט.

— איר זאָגט, אַז פערדי וואָלט געקענט איבערלאָזן זיין געלט פאַר דזשאָרדזשן. נו, כ׳גלויב נישט, אַז ער האָט אַ סך, יעדנפאַלס; עס איז געווען אַ פיין פאַרמעגן פאַרן קריג, אָבער עס איז גאָרנישט היינטיקע צייטן. אויסער דעם, האָפן מיר, אַז דזשאָרדזש וועט זיך ווידמען צו פּאָליטיק, ווען ער וועט עטוואָס עלטער ווערן און איך מיין, אַז עס וועט אים אַ סך גוטס נישט אַרויסקומען אין זיין וואַל־ראַיאָן צו ירשענען געלט פון אַ מיסטער ראבענ־שטיין.

— אינטערעסירט דזשאָרדזשן פּאָליטיק? — האָב איך געפרעגט, כדי צו בייטן די טעמע פונעם שמועס.

— אָ! איך האָף אַז יאָ. נאָך אַלעמען וואַרט אויף אים דער וואַל־ראַיאָן, וואָס געהערט צו אונדזער פאַמיליע. עס איז אַ זיכערער מאַנדאַט פון די קאָנ־סערוואַטאָרן, און ס׳איז שווער צו דערוואַרטן פון פרעדין, אַז ער זאָל אָן אויפהער זיין פאַרטון אין דער אַרבעט פון פּאַרלאַמענט.

מיוריעל איז געווען אויסגעצייכנט. זי האָט שוין גערעדט פון דעם וואַל־ראַיאָן פונקט אַזוי ווי צוואַנציק דורות פון די בלאַנדס זאָלן שוין האָבן רע־פּרעזענטירט דעם ראַיאָן אין פּאַרלאַמענט. דאָך איז איר באַמערקונג געווען פאַר מיר די ערשטע אָנצוהערעניש, אַז פרעדיס אַמביציעס זענען נישט גע־וואָרן צופרידנגעשטעלט.

— איך מיין, אַז פרעדי וואָלט געוואָלט גיין אין לאָרדן־הויז, ווען דזשאָרדזש וועט זיין פּוליאָריק און קענען קאַנדידירן אַלס דעפּוטאַט אין פּאַר־לאַמענט.

— מיר האָבן אַ סך געטון פאַר דער פּאַרטיי — האָט געזאָגט מיוריעל.

מיוריעל איז געווען אַ קאַטאָליקערין און זי פלעגט אייך אָפט דערציילן, אַז זי איז געווען דערצויגן אין אַ מאָנאַסטיר. — די מאָנאַשקעס זענען אַזעלכע

זיסע פרויען. איך האָב תמיד געזאָגט, אַז אויב איך וואָלט געהאַט אַ טאָכטער, וואָלט איך זי געשיקט אויך אין מאָנאַסטיר אַריין. — אָבער זי האָט געוואָלט, אַז איר דינערשאַפט זאָל געהערן צו דער קירכע פון ענגלאַנד, און אין די זונטיקדיקע אָוונטן פלעגן מיר האָבן דאָס, וואָס מען רופט אַן איינפאַך־אָוונטברויט, מחמת די פיש זענען געווען קאַלט און אין שטוב איז געווען אייזקרעם, אַזוי אַז זיי זאָלן קענען גיין אין קלויסטער, און מיר זענען געווען באַדינט פון צוויי לאַקייען אָנשטאָט פיר. עס איז נאָך געווען ליכטיק, ווען מיר האָבן פאַרענ־דיקט, און פרעדי און איך, רויכערנדיק אונדזערע ציגאַרן, האָבן שפּאַצירט הין־און־צוריק לענגאויס דער טעראַסע אין דער פאַרנאַכט. עס זעט אויס, אַז מיוריעל האָט אים געזאָגט וועגן דעם געשפּרעך, וואָס זי האָט מיט מיר געהאַט און גאַנץ מעגלעך, אַז זיין אָפּזאָג צו לאָזן דזשאָרדזשן זען זיין באָבעס ברודער האָט אים נאָך באַאומרואיקט, אָבער זייענדיק מער סובטעל פון איר, האָט ער אָנגערירט דעם ענין מער אינדירעקט. עס איז געווען אַ גרויסע אַנטוישונג, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין דער אַרמיי.

— מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַזאַ לעבן וועט אים געפעלן — האָט ער געזאָגט.

— און ער וואָלט זיכער אויסגעזען גרויסאַרטיק אין זיין אוניפאָרם פון אַ גוואַרדייער.

— נישט אמת? — האָט צוריקגעזאָגט פרעדי, מיט נאַאיוויטעט. — עס וווּנדערט מיך, וואָס ער האָט זיך געקענט קעגנשטעלן דערצו.

ער האָט אין אָקספאָרד נישט אַריינגעטון אַ האַנט אין קאַלט וואַסער. כאָטש זיין פאָטער האָט פאַר אים באַשטימט אַ גרויסע סומע געלט, איז ער אַריין אין גרויסע חובות, און איצט האָט מען אים פון דאָרטן אַרויסגעשיקט. אָבער כאָטש ער האָט גערעדט פאַרביטערט, האָב איך געקענט באַמערקן, אַז ער איז געווען נישט ווייניק שטאָלץ מיט זיין זון, דעם שאַרלאַטאַן. ער האָט אים ליב געהאַט מיט אַזאַ נישט־ענגלישער ליבע, און אין האַרצן האָט ער דער־פילט אַ טעם פון גאווה פון דעם, אַז דזשאָרדזש האָט זיך געקענט אויספיינען מיט אַזאַ שטיקל אַרבעט.

— פאַרוואָס דאַרפט איר זיך באַאומרואיקן? — האָב איך געזאָגט. — אייך אַרט דאָך נישט, צי דזשאָרדזש וועט האָבן אַ וויסנשאַפטלעכן טיטל אָדער נישט.

פרעדי האָט אַ שוואַכן לאַך געטון.

— ניין, כ׳צווייפל, צי עס אַרט מיך. איך טראַכט שטענדיק, אַז די איינ־ציקע וויכטיקע זאַך וואָס שייך אָקספאָרד איז, אַז מענטשן זאָלן וויסן, אַז איר זענט דאָרטן געווען, און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דזשאָרדזש איז נישט מער ווילד ווי די אַנדערע יונגע לייט פון זיין גרופּע. עס זעט אויס, אַז ער וויל גאָרנישט טון אויסער לעבן אַ גוטן טאָג.

— ער איז דאָך יונג, פאַרשטייט איר מיך.

— ער איז נישט פאַראינטערעסירט אין פּאָליטיק, און כאָטש ער איז אַזאַ גוטער שפּילער, איז ער נישט קיין פלאַמיקער חסיד פון ספּאָרט. עס דאַכט זיך, אַז ער פאַרברענגט די מערהייט פון זיין צייט אין שפּילן אויפן פּיאַנאָ.

— דאָס איז אַ פאַרווײלונג, וואָס ברענגט נישט קיין שאָדן.

— אָ! יאָ, דאָס אַרט מיך נישט, אָבער ער קען דאָך נישט אַרומגיין ליידיק אָן אַ סוף. איר זעט, דאָס אַלץ וועט אַ געוויסן טאָג זיין זיין אייגנטום. — פּרעדי האָט געמאַכט אַזאַ באַוועגונג, וואָס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אַרומ־גענומען די גאַנצע געגנט, אָבער איך האָב געוווּסט, אַז עס געהערט נאָך נישט אינגאַנצן צו אים. — איך וויל זייער, אַז ער זאָל זיין צוגעגרייט איבער־צונעמען די אַחריותן. זיין מוטער איז זייער אַמביציעז בנוגע אים, אָבער איך וויל, אַז ער זאָל זיין בלויז אַן ענגלישער דזשענטלמאַן.

פּרעדי האָט מיר צוגעוואָרפן אַ זייטיקן בליק, אַזוי ווי ער וואָלט מיר געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט זיך געקווענקלט, טאָמער וועל איך עס אָננעמען פאַר לעכערלעך; אָבער צו זיין אַ שרייבער איז אַמאָל אויך אַ מעלה, ווייל אַזוי ווי מענטשן מאַכן זיך נישט קיין גרויס וועזן מיט אונדז שרייבער, זאָגן זיי אונדז אָפּט זאַכן, וועלכע זיי וואָלטן בשום אופן נישט געזאָגט צו זייערס גלייכן. ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי עס לוינט צו רי־זיקירן.

— איר ווייסט, לויט מיין מיינונג, ווערט פון קיינעם נישט אויף דער וועלט דער גריכישער לעבנס־אידעאַל אַזוי פּערפעקט קולטיווירט ווי פון דעם ענגלישן פּראָווינציעלן דזשענטלמאַן, וואָס לעבט אויף זיין גרונטבאַזיץ. איך מיין, אַז זיין לעבן פאַרמאָגט די שיינקייט פון אַ קונסטווערק.

איך האָב זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון אַ שמייכל צו טון, ווען איך האָב אַ טראַכט געטון, אַז היינט־צו־טאָג איז עס אוממעגלעך פאַר אַן ענגלישן פּראָווינציעלן דזשענטלמאַן צו דורכפירן עפּעס ענלעכס אָן אַ הויפן מיט געלט, אינוועסטירט אין אַמעריקאַנישע ווערט־פּאַפּירן, אָבער איך האָב געשמייכלט

מיט סימפּאַטיע. עס האָט מיר אויסגעזען עמאָציאָנעל זיך צוצוקוקן, ווי אָט דער ייִדישער פינאַנציסט קולטיווירט אַזאַ ראָמאַנטישן חלום.

— איך וויל, ער זאָל זיין אַ גוטער לאַנדווירט. איך וויל, אַז ער זאָל אָנטייל נעמען אין די ענינים פון דער מדינה. איך וויל, אַז ער זאָל זיין אַ גרינטלעכער ספּאָרטסמאַן.

— נעבעכדיקע באַשעפעניש — האָב איך זיך געטראַכט, אָבער געזאָגט — זייער גוט, וועלכע זענען אַלזאָ אייערע פּלענער פאַר דזשאָרדזשן איצט?

— איך מיין, אַז ער האָט אַ חשק צו ווידמען זיך דעם דיפּלאָמאַטישן דינסט. ער האָט געגעבן אָנצוהערענישן, אַז ער וויל פאָרן קיין דייטשלאַנד צו לערנען די שפּראַך.

— זייער אַ גוטער געדאַנק, דאַכט זיך מיר.

— צוליב אַ געוויסער סיבה האָט ער זיך איינגעשפּאַרט צו פאָרן קיין מינכען.

— אַ שיין אָרט.

דעם צווייטן טאָג בין איך אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן און קורץ נאָך מיין אָנקומען האָב איך אָנגעקלונגען צו פערדין.

— איך באַדויער, אָבער דזשאָרדזש איז נישט אימשטאַנד צו קומען אויף מיטאָג מיטוואָך.

— און פרייטיק?

— פרייטיק איז אויך נישט מעגלעך. — איך האָב געהאַלטן פאַר נוצלאָז אַרומצודרייען זיך אַרום דער פראַגע. — עס איז אַ פאַקט, אַז זיינע לייט זענען נישט שטאַרק איבערראַשט מיטן געדאַנק פון זיין עסן מיט אייך.

אַ מאָמענט פון שטילקייט האָט געהערשט. דאַן:

— יאָ, איך זע, נו גוט, וועט איר קומען צו מיר מיטוואָך, יעדנפאַלס?

— יאָ, איך וואָלט געוואָלט קומען — האָב איך געענטפערט.

בכן, מיטוואָך, האַלב צוויי בין איך אַוועק צו דער קערזאָן־גאַס. פערדי האָט מיך אויפגענומען, ווי עס איז תמיד געווען זיין שטייגער, מיט זיין עטוואָס ראַפינירטער ליבנסווירדיקייט. ער האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט וועגן די בלאַנדס. מיר זענען געזעסן אין סאַלאָן און איך האָב נישט געקענט זיך אָפּהאַלטן פון טראַכטן, וואָס פאַר אַן אויג פאַר שיינע זאַכן די דאָזיקע פאַמיליע פאַרמאָגט. דאָס צימער איז געווען מער אָנגעפילט, ווי עס האָט פאַרלאַנגט

די מאָדע פון טאָג, און די גאָלדענע טאַבאַק־פּושקעס אין וויטרינעס און די פּראָנצויזישע פּאָרצעליי זענען נישט געווען פון מיין געשמאַק, אָבער זיי זענען געווען אויסגעוויילטע זאַכן; און די מעבל פון לואיס־דעם־פופצנטן־סטיל מיט זייער שיינעם פּעטי־פּוען האָבן געמוזט זיין ווערט אַ ריזיקן אוצר מיט געלט. די בילדער אויף די ווענט געמאָלט פון לאַנקרע, פּאַטע און וואַטאָ האָבן מיך נישט צופיל אינטערעסירט, אָבער איך אָנערקען זייער עכטע אויסגעצייכנטקייט. עס איז געווען די אייגנטלעכע סביבה פאַר אָט דעם באַיאָרטן מאַן פון דער גרויסער וועלט. עס האָט געפּאַסט פאַר זיין צייט. פּלוצלינג האָט זיך די טיר געעפנט און דזשאָרדזש איז געוואָרן אַנגעמאָלדן. פערדי האָט געזען מיין פאַרווונדערונג און האָט מיר צוגעוואָרפן אַ שוואַכן שמייכל פון נצחון.

— כ׳בין זייער צופרידן, וואָס נאָך אַלעמען ביסטו געווען אימשטאַנד צו קומען — האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט געשאָקלט דזשאָרדזשס האַנט.

כ׳האָב געזען, ווי אין אַן אויגנבליק האָט ער אָפּגעשאַצט זיין שוועסטערס אייניקל, וועלכן ער האָט געזען היינט צום ערשטן מאָל. דזשאָרדזש איז געווען זייער עלעגאַנט געקליידט. ער האָט געטראָגן אַ קורצן שוואַרצן ראָק, הויזן אין פּאַסן און די גרויע איבערגעלייגטע קאָמיזעלקע, וועלכע איז אין יענער צייט געווען אין דער מאָדע. איר האָט זי געקענט טראָגן עלעגאַנט, אויב איר זענט געווען הויך־וווקסיק און אויב אייער בויך איז געווען עטוואָס איינגעפאַלן. איך האָב געפילט אויף זיכער, אַז פערדי האָט תיכף געטראָפן, ווער איז דזשאָרדזשס שניידער און וועלכער סוחר שטעלט אים צו זיין אונטערוועש, און די זאַכן זענען אים געפעלן. דזשאָרדזש, אַזוי שלאַנק און ציכטיק, טראָגנדיק זיינע קליידער אַזוי הערלעך, האָט, פאַרשטייט זיך, אויסגעזען זייער פיין. מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען צום עסן. פערדי, וועלכער איז געווען אויסגעצייכנט אין דער עטיקעטע פון גאַסט־פריינטלעכקייט, האָט געגעבן דעם יונגן מאַן פרייהייט פון באַנעמונג, אָבער איך האָב געזען, אַז ער האָט אים זאָרגפעלטיק געפאָרשט. דאַן, און איך ווייס נישט פאַרוואָס, האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן אייניקע פון זיינע ייִדישע מעשיות. ער האָט זיי דערציילט מיט געשמאַק און מיט זיין וווּנדערלעכער נאָכמאַכונג. כ׳האָב געזען ווי דזשאָרדזש האָט זיך פאַררויטלט, און כאָטש ער האָט דערביי געלאַכט, האָב איך געקענט זען, אַז ער האָט עס געטון אין אַ פאַרלעגנהייט. כ׳האָב נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס האָט דערוועקט פערדין צו זיין אַזוי טאַקטלאָז. אָבער ער האָט אָבסערווירט דזשאָרדזשן און האָט דערציילט ספּור נאָך ספּור. עס האָט געשיינט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט פאַרענדיקן. איך האָב אין זיך געטראַכט, אַז, אפשר צוליב אַ

סיבה, וועלכער איך קען נישט פאַרשטיין, האָט ער געפּילט אַ בייזוויליק פאַר־געניגן פון דעם יונגנמאַנס בולטער צעמישטקייט. צום סוף זענען מיר אַרויפ־געגאַנגען אויפן אויבערשטן שטאָק און, בכדי איינצושטעלן אַ לייכטערע שטי־מונג, האָב איך געבעטן פערדין צו שפּילן עפּעס אויפן פּיאַנאָ.

ער האָט געשפּילט פאַר אונדז דריי אָדער פיר וואַלצן. ער האָט נישט פאַרלוירן גאָרנישט פון דער אויסגעצייכנטער לייכטקייט פון זיינע פינגער און פון דעם חוש פון דעם פריילעכן ריטם פון די וואַלצן. דאַן האָט ער זיך געווענדט צו דזשאָרדזשן.

— דו שפּילסט? — האָט ער געפרעגט.

— אַ ביסל.

— ווילסט נישט שפּילן עפּעס?

— עס טוט מיר לייד אייך צו זאָגן, אַז איך שפּיל נאָר קלאַסישע מוזיק. כ׳צווייפל, צי עס וועט אייך אינטערעסירן.

פערדי האָט לייכט אַ שמייכל געטון, אָבער איז נישט געווען צודרינגלעך. איך האָב געזאָגט דאַן, אַז עס איז שוין צייט, אַז איך זאָל גיין און דזשאָרדזש האָט מיך באַגלייט.

— וואָס פאַראַ פּאַסקודנער אַלטער ייִד — האָט ער געזאָגט, ווי נאָר מיר זענען אַרויס אין גאַס. — זיינע מעשיות בודיען מיך.

— זיי זענען זיין ספּעציאַליטעט. ער דערציילט זיי תמיד.

— וואָלט איר עס אויך געטון, ווען איר וואָלט געווען אַ ייִד?

כ׳האָב געהויבן מיט די אַקסלען.

— ווי איז עס געשען, וואָס איר זענט דאָך געקומען צום מיטאָג?

ער האָט אַ לאַך געטון. ער איז געווען אַ לוסטיקער נפש, מיט אַ חוש פאַר הומאָר און האָט פון זיך אָפּגעטרייסלט די לייכטע אויפרעגונג, וואָס דער ברודער פון זיין באָבען האָט אים פאַרשאַפט.

— ער האָט באַזוכט די באָבען. איר קענט נישט די באָבען, אמת?

— ניין.

— זי באַגייט זיך מיטן טאַטן אַזוי ווי מיט אַ קינד פון דער איטאָן־שולע. די באָבע האָט געזאָגט, אַז איך דאַרף גיין צום מיטאָג פון פערדי מיין עלטערן פעטער, און וואָס די באָבע זאָגט ווערט געטון.

— יאָ, איך פאַרשטיי.

אַ וואָך אָדער צוויי שפּעטער איז דזשאָרדזש אַוועקגעפאָרן קיין מינכען צו לערנען דייטש. עס איז אַזוי געשען, אַז אין יענער צייט בין איך אַוועקגעפאָרן אויף אַ רייזע און ערשט דעם קומענדיקן פרילינג בין איך צוריק געווען אין לאָנדאָן. נאָך מיין צוריקקומען בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו מיוריעל בלאנד אויף מיטאָג.

איך האָב נאָכגעפרעגט וועגן דזשאָרדזשן.

— ער איז נאָך אַלץ אין דייטשלאַנד — האָט זי געזאָגט.

— איך זע אין די צייטונגען, אַז איר וועט האָבן אַ גרויסן יום־טוב אין טילבי לכבוד דזשאָרדזשס ווערן פּוליאָריק.

— מיר וועלן איינלאַדן די שכנים און זיי וועלן אים איבערגעבן אַ מתנה.

זי איז געווען ווייניקער באַרעדעוודיק ווי געוויינטלעך, אָבער איך האָב ווייניק וואָס געלייגט אַכט דערויף. זי האָט געפירט אַן אָנגעשטרענגט לעבן און גאַנץ מעגלעך, אַז זי איז געווען מיד. איך האָב געוווּסט, אַז זי האָט ליב צו רעדן וועגן איר זון, האָב איך דעריבער פאָרגעזעצט.

— איך בין זיך משער, אַז דזשאָרדזש מוז לעבן אַ גוטן טאָג אין דייטש־לאַנד — האָב איך געזאָגט.

זי האָט נישט געענטפערט תיכף, און איך האָב אויף איר אַ קוק געטון. כ׳בין דערשטוינט געוואָרן, ווען איך האָב דערזען אירע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן.

— איך האָב מורא, אַז דזשאָרדזש איז משוגע געוואָרן — האָט זי געזאָגט.

— וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן?

— מיר זענען אַזוי שרעקלעך באַאומרואיקט. פרעדי איז אין כעס, ער וויל אַפילו נישט רעדן וועגן דעם. איך ווייס נישט, וואָס מיר וועלן טון.

נאַטירלעך, איך האָב באַלד אַ טראַכט געטון, אַז דזשאָרדזש, ווי די מערהייט פון ענגלישע יונגעלייט, וועלכע פאָרן קיין דייטשלאַנד לערנען די שפּראַך, האָט זיך איינקוואַרטירט אין אַ הויז פון אַ דייטשישער פאַמיליע און זיך פאַר־ליבט אין איינער פון אירע טעכטער און וויל חתונה האָבן מיט איר. איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן פאָרגעפיל, אַז די בלאנדס האָבן בדעה צו טון מיט אים אַ גרויסאַרטיקן שידוך.

— אָ! וואָס איז אַזוינס געשען? — האָב איך געפרעגט.

— ער וויל ווערן אַ פּיאַניסט.

— אַ וואָס?

— אַ פּראָפעסיאָנעלער פּיאַניסט.

## וו. סאמערסעט מאָם

— ווי אַזוי איז עס אים אַריינגעפאַלן אין קאָפּ אַזאַ געדאַנק?

— גאָט אַליין ווייס. מיר האָבן וועגן דעם גאָרנישט געוווּסט. מיר האָבן געמיינט, אַז ער גרייט זיך צום עקזאַמען. איך בין אַרויסגעפאָרן צו זען זיך מיט אים. איך האָב געהאַלטן פאַר מיין פליכט צו איבערצייגן זיך, צי אַלץ גייט ביי אים אין בעסטער אָרדענונג. אָ! מיין טייערער. עס איז אַ שרעק צו קוקן אויף אים. און ער פלעגט דאָך אויסזען אַזוי עלעגאַנט. עס האָט מיך גענומען צו וויינען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט נישט האַלטן קיין עקזאַמען און האָט קיינמאָל נישט געהאַט אין זינען צו טון דאָס. ער האָט אַרויסגערוקט דעם געדאַנק פון אַ דיפּלאָמאַטישער קאַריערע, בכדי מיר זאָלן אים לאָזן פאָרן קיין דייטשלאַנד און ער זאָל אַזוי אַרום קענען לערנען מוזיק.

— אָבער האָט ער טאַלאַנט צו דעם?

— אָ! אָבער דאָס האָט גאָרנישט צו טון מיט דעם. אַפילו אויב ער וואָלט געהאַט אַזאַ טאַלאַנט ווי פּאַדערעווסקי, וואָלטן מיר נישט געקענט דערלויבן, אַז דזשאָרדזש זאָל אַרומקריכן איבערן לאַנד מיטן צוועק צו געבן קאָנצערטן. קיינער קען נישט פאַרלייקענען, אַז איך בין זייער אַ הייסע ליבהאָבערין פון קונסט, און אַזוי איז אויך פרעדי — מיר האָבן ליב מוזיק און מיר האָבן תמיד געקענט אַ סך קינסטלער — אָבער דזשאָרדזש דאַרף פאַרנעמען אַ זייער הויכע פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט, וועגן דעם איז נישט פאַראַן קיין ספק. מיר האָבן אַ גרויסן חשק, אַז דזשאָרדזש זאָל אַריינקומען אין פּאַרלאַמענט. ער וועט אַ גע־וויסן טאָג זיין זייער רייך. עס איז נישט פאַראַן קיין זאַך, וואָס ער זאָל נישט האָבן די מעגלעכקייטן צו דערגרייכן.

— האָט איר עס אים אַלץ אויפגעקלערט?

— נאַטירלעך. ער האָט פון מיר געלאַכט. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז ער וועט צעברעכן זיין פאָטערס האַרץ. האָט ער מיר געזאָגט, אַז זיין פאָטער קען שטענדיק זיך פאַרלאָזן אויף׳ האַררין. אָן שום ספק, כ׳בין איבערגעגעבן צו האַררין, און ער איז אַזוי פלינק ווי אַ מאַלפּעלע, אָבער מיר האָבן פון תמיד אָן געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז האַררי דאַרף זיך ווידמען צום האַנדל. כאָטש איך בין זיין מאַמע, מוז איך דאָך אָנערקענען, אַז ער האָט נישט די אייגנשאַפטן, וועלכע עס האָט דזשאָרדזש. ווייסט איר, וואָס ער האָט מיר געזאָגט? ער האָט געזאָגט, אַז אויב זיין פאָטער וועט באַשטימען פאַר אים פינף פונט אַ וואָך, וועט ער זיך אָפּזאָגן פון אַלץ לטובת האַררין, און האַררי וועט קענען ווערן דעם פאָטערס יורש און איבערנעמען זיין טיטל פון באַראָן און אַזוי ווייטער. עס איז לעכערלעך. ער האָט געזאָגט, אַז אויב דער רומענישער קרוינפּרינץ קען

אַבדיקירן פון זיין טראָן, זעט ער נישט איין קיין סיבה, פאַרוואָס ער זאָל נישט קענען אַבדיקירן פון אַ באַראָן־טיטל. אָבער דאָס איז אוממעגלעך צו טון. קיין זאַך טאָר אים נישט שטערן צו ווערן דריטער באַראָן, און אויב פרעדי וועט באַערט ווערן מיטן טיטל פון לאָרד, וועט ער איבערנעמען אָט דעם טיטל נאָך פרעדיס טויט. איר ווייסט, ער וויל אַפילו פאַרבייטן זיין נאָמען אויף עפּעס אַ העסלעכן דייטשישן נאָמען.

כ׳האָב זיך נישט געקענט איינהאַלטן און געפרעגט וואָס פאַראַ נאָמען.

— בלייקאָגעל אָדער עטוואָס ענלעכס — האָט זי געענטפערט.

דאָס איז געווען אַ נאָמען, וועלכן כ׳האָב שוין געקענט. כ׳דערמאָן זיך, אַז פערדי האָט מיר דערציילט, אַז חנה ראבענשטיין האָט חתונה געהאַט מיט אַל־פאָנס בלייקאָגעל, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן סער אַלפרעד בלאנד, ער־שטער באַראָן. דאָס אַלץ איז געווען אַזוי מאָדנע. כ׳האָב נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס איז געשען מיט דעם בילד־שיינעם און אַזוי טיפּיש־ענגלישן יונגנמאַן, וועמען כ׳האָב געזען דאָס לעצטע מאָל בלויז מיט איניקע מאָנאַטן צוריק.

— נו, גאַנץ פאַרשטענדלעך, ווען כ׳בין אַהיים געקומען און דערציילט. פרעדין, איז ער געוואָרן זייער אויפגעבראַכט. כ׳האָב אים קיינמאָל נישט גע־זען אַזוי אין כעס. ער האָט געברויזט. ער האָט טעלעגראַפירט צו דזשאָרדזשן, אַז ער זאָל תיכף צוריקקומען, און דזשאָרדזש האָט צוריק טעלעגראַפירט, אַז ער קען נישט קומען צוליב זיין אַרבעט.

— ער אַרבעט?

— פון מאָרגן ביז נאַכט. אָט דאָס איז טאַקע די דערשיינונג, וואָס מאַכט מיך משוגע. ער האָט קיינמאָל נישט געטון קיין שום אַרבעט אין זיין לעבן. פרעדי פלעגט זאָגן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אַ ליידיקגייער.

— אַזוי.

— דאַן האָט פרעדי טעלעגראַפירט, אַז אויב ער וועט נישט קומען, וועט ער אים אויפהערן שיקן די באַשטימטע סומע געלט. דזשאָרדזש האָט דערויף געענטפערט: „הער אויף״. דאָס האָט שוין דערפירט די לאַגע צו אַ סקאַנדאַל. איר ווייסט נישט, וואָס פרעדי איז אימשטאַנד צו טון, ווען ער ווערט אויפ־גערעגט.

כ׳האָב געוווּסט, אַז פרעדי האָט געירשנט אַ גרויס פאַרמעגן, אָבער איך האָב אויך געוווּסט, אַז ער האָט עס זייער שטאַרק פאַרגרעסערט, און איך האָב זיך גוט אויסגעמאָלט, אַז הינטער דעם איידעלן און ליבלעכן לאַנדווירט פון טילבי געפינט זיך אַן אומבויגזאַמער אַקטיווער מאַן. ער איז געווען געוווינט

דורכצופירן זיינס און איך האָב געהאַט אַ גרונט צו גלויבן, אַז ווען מען האָט זיך אים אַקעגנגעשטעלט, איז ער געווען האַרט און גרויזאַם.

— מיר האָבן באַשטימט פאַר דזשאָרדזשן אַ שיינע געלט־סומע, אָבער איר ווייסט דאָך ווי שיטער עס זענען זיינע הענט. מיר האָבן געצווייפלט, צי ער וועט קענען אויסהאַלטן אַ לאַנגע צייט, און טאַקע נאָך איין מאָנאַט האָט ער געשריבן צו פערדין און אים געבעטן צו באָרגן אים אַ הונדערט פונט. פערדי איז אַוועק צו מיין שוויגער — זי איז זיין שוועסטער, ווייסט איר? — און האָט זי געפרעגט, וואָס דאַרף דאָס באַדייטן. כאָטש זיי האָבן נישט גערעדט איינער צום אַנדערן אין לויף פון צוואַנציק יאָר, איז פרעדי אַוועק צו זען אים און אים געבעטן נישט צו שיקן דזשאָדזשן קיין פעני, און ער האָט צוגעזאָגט נישט צו שיקן. כ׳האָב נישט געוווּסט, ווי אַזוי דזשאָרדזש גיט זיך אַן עצה. כ׳בין זיכער, אַז פרעדי איז גערעכט, אָבער אומווילנדיק בין איך באַאומרואיקט. אויב איך וואָלט נישט געגעבן פרעדין מיין ערנוואָרט, אַז איך וועל אים גאָרנישט שיקן, מיין איך, אַז כ׳וואָלט אַריינגעלייגט עטלעכע באַנקנאָטן אין אַ בריוו, אין אַ נויטפאַל. כ׳מיין, אַז ס׳איז שרעקלעך אַ טראַכט צו טון, אַז אפשר האָט ער נישט געגנוג צום עסן.

— ס׳וועט אים קיין בייז נישט געשען, ווען ער וועט אַרומגיין אַ געוויסע צייט אָן אַ פעני אין קעשענע.

— מיר האָבן זיך געפונען אין אַ שרעקלעכער פאַרלעגנהייט. מיר האָבן געמאַכט אַלע נויטיקע הכנות פאַר זיין פוליאַריק ווערן און איך האָב אַרויס־געשיקט הונדערטער איינלאַדונגען. פלוצלינג האָט דזשאָרדזש געמאָלדן, אַז ער וועט נישט קומען. כ׳בין פשוט אַרויס פון די כלים. כ׳האָב געשריבן און טעלעגראַפירט. כ׳האָב געוואָלט פאָרן קיין דייטשלאַנד, אָבער פרעדי האָט מיך נישט געלאָזט. כ׳האָב פשוט געקניט פאַר דזשאָרדזשן. כ׳האָב אים געבעטן נישט אַריינצוואַרפן אונדז אין אַזאַ דערנידערנדיקער לאַגע. כ׳מיין, ס׳איז אַזאַ מין לאַגע, וועלכע לאָזט זיך שווער אויפקלערן. דאַן האָט זיך אַריינגעמישט מיין שוויגער. איר קענט זי נישט, נישט אמת? זי איז אַן אויסערגעוויינלעכע אַלטע פרוי. איר וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט ,אַז זי איז פרעדיס מוטער. זי שטאַמט פון אַ דייטשישער פאַמיליע, אָבער פון זייער אַ שיין הויז.

— אָ?

— צו זאָגן אייך דעם אמת, שרעק איך זיך פאַר איר. זי האָט פאַרהאַנדלט מיט פרעדין און דאַן האָט זי געשריבן צו דזשאָרדזשן אַליין. זי האָט געזאָגט, אַז אויב ער וועט קומען אַהיים צו זיין איין־און־צוואַנציקסטן געבוירנטאָג, וועט

זי אַליין באַצאָלן אַלע זיינע חובות, וועלכע ער האָט געמאַכט אין מינכען, און מיר וועלן אַלע אויסהערן מיט געדולד אַלץ, וואָס ער האָט צו זאָגן. ער האָט מסכים געווען דערצו, און מיר דערוואַרטן אים אין איינעם פון די טעג פון דער קומענדיקער וואָך. אָבער איך קוק נישט אויס אויף יענעם טאָג, זאָג איך אייך.

זי האָט געטון אַ טיפן קרעכץ. ווען מיר זענען אַרויף אויפן העכערן שטאָק, נאָך מיטאָג, האָט זיך פרעדי צו מיר געווענדט.

— כ׳זע, אַז מיוריעל האָט אייך דערציילט וועגן דזשאָרדזשן. דער פאַר־שאָלטענער טיפּש! כ׳האָב שוין מער נישט קיין געדולד צו אים. שטעלט אייך פאָר צו וועלן זיין אַ פּיאַניסט! ס׳איז אַזוי נישט פּאַסנדיק פאַר אַ הויכגעשטעלטן הער.

— ער איז דאָך נאָך זייער יונג, איר ווייסט — האָב איך געזאָגט מיט אַ לינדערנדיקן טאָן.

— ער האָט געהאַט אַ צו לייכט לעבן. כ׳בין געווען צו נאָכגיביק. ס׳איז קיינמאָל נישט געווען קיין זאַך, וועלכע ער זאָל וועלן, אַז איך זאָל אים זי נישט האָבן געגעבן. כ׳וועל אים שוין אויסלערנען.

די פאַמיליע בלאַנד האָט זיך כאַראַקטעריזירט מיט אַ דיסקרעטער שרעקעוו־דיקייט בנוגע דעם אופן פון באַנוצן זיך מיט עפנטלעכע מעלדונגען, און איך האָב פאַרשטאַנען פון די צייטונגען, אַז די פייערונגען אין טילבי לכבוד דזשאָר־דזשס איין־און־צוואַנציקסטן געבורטסטאָג זענען געפירט געוואָרן אין הסכם מיט די מנהגים פון די ענגלישע פאַמיליעס, וועלכע וווינען אויפן לאַנד. עס איז דאָרטן געגרייט געווען אַ מיטאָג און אַ באַל פאַר די לאַנדווירטן און אַ לייכ־טער מאָלצייט און טענץ אין ספּעציעל איינגעריכטע געצעלטן אויפן פעלד פאַר די דאָרפסלייט. פון לאָנדאָן זענען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן גוט־באַצאָלטע אָרקעסטערס.

אין די אילוסטרירטע צייטשריפטן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן בילדער פון דזשאָרדזשן אַרומגערינגלט פון זיין פאַמיליע אין אַ מאָמענט, ווען ער באַ־קומט אַ שיינעם טיי־סערוויס, ווי אַ מתנה פון די לאָקאַטאָרן. זיי האָבן געמאַכט אַ זאַמלונג צווישן זיך צו מאַכן אַ גרויס קינסטלעריש־געמאָלט בילד פון דזשאָרדזשן, אָבער מחמת זיין אָפּוועזנהייט פון לאַנד האָט עס געמאַכט אומ־

מעגלעך פֿאַר אים צו פּאָזירן, האָבן זיי דאָס פֿאַרביטן אויף אַ טיי־סערוויס. אין דעם קאָלום פֿון די רכילות־שרייבער האָב איך געלייענט, אַז זיין פֿאָטער האָט אים געשאָנקען אַ יאַגד־פֿערד, זיין מוטער אַ גראַמאָפֿאָן, וואָס בייט זיינע פּלאַטן אויטאָמאַטיש, זיינע באָבע, די געאַכטעטע אלמנה ליידי בלאַנד, אַ פֿולן קאָמפּלעט פֿון דער בריטישער ענציקלאָפּעדיע און זיין פֿאָטערס פֿעטער אַ בילד פֿון פּעלעגרינאָ־דאַ־מאָדענאַ „די הייליקע יונגפֿרוי און קינד". לויט מיין מיינונג זענען די אַלע פּרעזענטן געווען מאַסיווע און נישט קיין לייכטע צו קענען זיי פֿאַרבייטן אויף געלט. פֿון פּערדיס אָנוועזנהייט אויף דער שמחה האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז דזשאָרדזשעס אומבאַגרייפֿלעכע משונהדיקע האַנדלונג האָט דערפֿירט צו אַ שלום־בית צווישן פֿעטער און פּלימעניק. איך בין געווען גערעכט. פּערדין איז לגמרי נישט געפֿעלן געוואָרן דער געדאַנק פֿון זיין שוועסטערס אייניקל צו ווערן אַ פּראָפֿעסיאָנעלער פּיאַניסט. ביים ערשטן צייכן פֿון געפֿאַר, וואָס האָט געדראָעט דעם פּרעסטיזש פֿון דער פֿאַמיליע, האָבן זיך אַלע אירע מיט־גלידער איינפֿאַרשטאַנען און עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ פֿאַראייניקטער פֿראָנט כדי זיך קעגנצושטעלן די פּלענער פֿון דזשאָרדזשן. ווייל איך בין דאָרטן נישט געווען, ווייס איך בלויז פֿון הערן, וואָס עס איז געשען נאָך דעם ווי די געבורטסטאָג־פֿייערונגען זענען פֿאַרענדיקט געוואָרן. פּערדי האָט מיר עפּעס געזאָגט און דאַן אַ פּאָר ווערטער מיוריעל, און דערנאָך האָט מיר דזשאָרדזש איבערגעגעבן זיין נוסח. די בלאַנדס זענען געווען אונטערן איינדרוק, אַז ווען דזשאָרדזש וועט זיין צוריק אינדערהיים און זען אַליין, ווי ער פֿאַרנעמט דעם צענטראַלן פּונקט פֿון דער סצענע, און ווען ער וועט זיך זען אַרומגערינגלט מיט אַזאַ פּראַכט, וועט ער ווידעראַמאָל דערפֿילן, וואָס עס באַדייט צו זיין אַ יורש פֿון אַ גרויס פֿאַרמעגן און וועט וויכער ווערן.

זיי האָבן אים אַרומגערינגלט מיט ליבע. זיי האָבן אים געחנפֿעט. זיי האָבן געלייגט אַכט אויף יעדן וואָרט זיינעם. זיי האָבן געהאָפֿט אויף זיין גוטהאַרציקייט און האָבן געמיינט, אַז אויב זיי וועלן זיין ליבנסווירדיק צו אים, וועט ער נישט האָבן דעם מוט צו פֿאַרשאַפֿן זיי ווייטיק. עס האָט געשיינט, אַז זיי נעמען אָן פֿאַר אַ געשעענעם פֿאַקט, אַז ער האָט נישט בדעה צוריקצופֿאָרן קיין דייטשלאַנד און אין די געשפּרעכן האָבן זיי אים איינגעשלאָסן אין אַלע זייערע פּלענער. דזשאָרדזש האָט אַ סך נישט גערעדט. ער האָט אויסגעזען צו זיין צופֿרידן. ער האָט נישט געעפֿנט דעם פּיאַנאָ. די זאַך האָט אויסגעזען צו זיין זייער גוט. שלום איז אַראָפּגעקומען אויף דעם געפֿייניקטן הויז.

דאַן, אַ געוויסן טאָג ביים מיטאָג־עסן, ווען זיי האָבן דיסקוטירט וועגן אַ

גאָרטן־אויפנאַמע, צו וועלכער זיי זענען אַלע געלאַדן געוואָרן אויף אַ געוויסן טאָג פון דער קומענדיקער וואָך, האָט דזשאָרדזש געזאָגט גוטמוטיק:

— רעכנט נישט אויף מיר. איך וועל דאָרטן נישט זיין.

— אָ! דזשאָרדזש, פאַר וואָס נישט? — האָט געפרעגט זיין מוטער.

— כ׳מוז צוריקפאָרן צו מיין אַרבעט. כ׳פאָר אַרויס קיין מינכען מאָנטיק.

ס׳איז געוואָרן שרעקלעך שטיל. יעטוועדער האָט געזוכט עפּעס צו זאָגן, אָבער דער אָדער יענער האָט זיך געשראָקן, טאָמער וועט ער אַרויסזאָגן די נישט ריכטיקע זאַך, און צום סוף האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס שטילשווייגן וועט נישט קענען געבראָכן ווערן. דער מיטאָג איז פאַרענדיקט געוואָרן אָן אַ לעבעדיק וואָרט. דאַן איז דזשאָרדזש אַוועק אין גאָרטן אַריין און די אַנדערע, די אַלטע ליידי בלאַנד און פערדי, מיוריעל און סער אַדאָלפוס זענען אַריין אין איינעם פון די סאַלאָנען. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ פאַמיליע־באַראַטונג. מיוריעל האָט געוויינט. פערדי האָט ממש פאַרלוירן זיין זעלבסט־באַהערשונג פון אויפרעגונג. נאָך אַ ווײַלע איז צו זיי דערגאַנגען דער קלאַנג פון עמעצנס שפּילן אין בילדער־סאַלאָן אַ נאָקטורנאָ פון שאָפּען. עס האָט געשפּילט דזשאָרדזש. אַזוי ווי ער האָט אָפן געמאָלדן זיין באַשלוס, האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געגאַנגען צו זיין באַליבטן אינסטרומענט נאָך טרייסט, רואי־קייט און כוח. פערדי איז אויפגעשפּרונגען אַ צעהיצטער.

— אַ סוף מיטן גערויש — האָט ער געשריִען. — כ׳וויל נישט, אַז ער זאָל שפּילן פּיאַנאָ אין מיין הויז.

מיוריעל האָט אַ קלונג געטון נאָך אַ דינער און אים געגעבן אַן אויפטראָג.

— זייט אַזוי גוט און זאָגט דעם הער בלאַנד, אַז די ליידי האָט אַ שטאַרקן קאָפּווייטיק און בעט אים אויפצוהערן שפּילן פּיאַנאָ.

פערדי, דער מאַן פון דער גרויסער וועלט, איז געוואָרן באַפולמעכטיקט צו פאַרהאַנדלען מיט דזשאָרדזשן. מען האָט אים אויטאָריזירט צו מאַכן אים געוויסע צוזאָגן, אויב ער וואָלט אויפגעגעבן דעם געדאַנק צו ווערן אַ פּיאַניסט. אויב ער וואָלט נישט געוואָלט זיך ווידמען צו אַ דיפּלאָמאַטישער קאַריערע, וואָלט דער פאָטער נישט באַשטאַנען דערויף, אָבער אויב ער וואָלט געוואָלט קאַנדידירן פאַר אַ דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט וואָלט דער פאָטער געווען גרייט צו דעקן די וואַלן־הוצאות, גיבן אים אַ ווױנונג אין לאָנדאָן און באַשטימען פאַר אים אַ סומע פון פינף טויזנט פונט אַ יאָר. איך מוז אָנערקענען, אַז עס איז געווען אַ שיינער פאָרשלאַג. כ׳ווייס נישט וואָס האָט פערדי געזאָגט דעם יינגל. כ׳שטעל מיר פאָר, אַז ער האָט געמוזט מאָלן אים דאָס לעבן, וואָס

## וו. סאמערסעט מאָם

אַ יונגער מאַן קען פירן אין לאָנדאָן מיט אַזאַ הכנסה. כ'בין זיכער, אַז ער האָט עס געמאָלן זייער רייצנדיק. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די איינציקע זאַך, וואָס דזשאָרדזש האָט געבעטן איז געווען פינף פונט אַ וואָך צו זיין בכוח פאַרזעצן זיינע לימודים, און צו לאָזן אים צורו. ער איז געווען גלייכגילטיק צו דער פּאָזיציע, וואָס ער וואָלט געקענט פאַרנעמען אַ געוויסן טאָג. ער האָט נישט געהאַט קיין חשק צו גיין אויף דער יאַגד. ער האָט נישט געוואָלט שיסן. ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַט. ער האָט נישט גע־וואָלט זיין קיין מיליאָנער. ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין באַראָן. ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין לאָרד.

פערדי האָט אים פאַרלאָזן, אַ דערשלאָגענער און אין אַ צושטאַנד פון גרויס אויפגערעגטקייט.

נאָך מיטאָג, אין יענעם אָוונט, איז פאָרגעקומען די גענעראַל־שלאַכט. פערדי איז געווען פון אַ היציקער נאַטור, נישט צוגעוווינט צו האָבן אַן אָפּאָ־זיציע און האָט אַריינגעזאָגט דזשאָרדזשן וואָס אין דער קאָרט שטייט. איך פאַרשטיי, אַז ער האָט אים געלאָזט שמעקן פעפער, אַזוי ביטער זענען געווען זיינע ווערטער. די פרויען, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו צוימען זיין כעס, האָט ער אויף אַ שטרענגן אופן פאַראָרדנט צו זיין שטיל. עס איז אפשר געווען דער ערשטער פאַל אין זיין לעבן, אַז ער האָט נישט געוואָלט זיין געהאָרכ־זאַם צו זיין מוטער. דזשאָרדזש איז פאַרבליבן איינגעשפּאַרט און מרה־שחורהדיק. ער האָט דעפיניטיוו באַשלאָסן, און אויב זיין פאָטער איז דערפון נישט צופרידן, האָט ער די ברירה מסכים צו זיין מיט דעם אָדער נישט. פערדי איז געווען אַנטשלאָסן. ער האָט פאַרווערט דזשאָרדזשן זיך אומצוקערן קיין דייטשלאַנד. דערויף האָט דזשאָרדזש געענטפערט, אַז ער איז אַלט איין־און־צוואַנציק יאָר און איז דער האַר איבער זיך אַליין. ער וועט פאָרן, וווהין ער וויל. פערדי האָט געשווירן, אַז ער וועט אים נישט געבן קיין איינציקן פעני.

— אַל רייט! כ'וועל פאַרדינען געלט אַליין.

— דו! האָסט קיינמאָל נישט געטון קיין שטיקל אַרבעט אין דיין גאַנצן לעבן. וואָס מיינסטו צו טון צו פאַרדינען געלט?

— פאַרקויפן אַלטע קליידער — האָט ער מיט אַ בייסנדיקן שמייכל געענטפערט.

אַלע האָבן מיט שווערקייט אַן אָטעם געטון. מיוריעל איז אַזוי צעחושט געוואָרן, אַז זי האָט בשעת־מעשה אַרויסגעזאָגט אַ נאַרישע זאַך.

— אַזוי ווי אַ ייִדי?

— נו, בין איך דען נישט קיין ייִדי? און ביסטו דען נישט קיין ייִדישקע און איז דען טאַטע נישט קיין ייִדי? מיר זענען אַלע ייִדן, אונדזער גאַנצע חבריא, און יעדער מענטש ווייסט דאָך עס, און צו וואָס פּאַראַ טייוול דאַרף מען מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מיר זענען עס נישט?

אין יענעם אויגנבליק איז געשען אַ שרעקלעכע זאַך. פּרעדי האָט פּלוצ־לינג אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין. איך האָב מורא צו זאָגן, אַז ער האָט זיך דאַן נישט אויפגעפירט, אין אַ גרויסער מאָס, ווי סער אַדאָלפוס בלאַנד, באַראָן, דעפּוטאַט פון פּאַרלאַמענט און דער גוטער אַלטער ענגלישער דזשענטל־מאַן, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט זיין, נאָר ווי אַן עמאַנציאַנירטער אַדאָלף בלייקאָגעל, וועלכער האָט ליב געהאַט זיין זון און האָט געוויינט פון פּיין, מחמת די גרויסע האָפענונגען, וואָס ער האָט אויף אים געלייגט, זענען פולשטענדיק צערונען און געוואָרן צו גאָרנישט און די אַמביציע פון זיין לעבן איז צעבראָכן געוואָרן. ער האָט געוויינט הויך אויפן קול מיט גרויסע הילכי־קע כליפּן און האָט געצויגן זיין באָרד און זיך געשלאָגן אין האַרצן און זיך געשאָקלט הין און צוריק. דעמאָלט האָבן אַלע אָנגעהויבן צו וויינען, די אַלטע ליידי בלאַנד און מיוריעל און פּערדי, וועלכער האָט מיט שוועריקייט געצויגן לופט דורכן נאָז, הילכיק געשנייצט און געווישט די טרערן, וואָס זענען גערו־נען איבער זיין פּנים. אַפילו דזשאָרדזש האָט אויך געוויינט. נאַטירלעך, עס איז געווען זייער פיינלעך, אָבער כ׳האָב מורא צו זאָגן, אַז פּאַר אונדזער פּראָסטן אַנגלאָ־זאַקסישן טעמפּעראַמענט האָט אָט די סצענע אויסגעזען אויך אַ ביסל לעכערלעך. קיינער פון זיי האָט זיך נישט באַמיט צו טרייסטן איינער דעם אַנדערן. זיי האָבן פּשוט געכליפּעט און געכליפּעט. דאָס האָט דערפירט דעם צוזאַמענקונפט צו אַ סוף.

אָבער עס האָט נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף דער לאַגע. דזשאָרדזש איז פאַרבליבן איינגעשפּאַרט. דער טאַטע האָט מיט אים נישט געוואָלט רעדן. עס זענען פאָרגעקומען ווייטערע סצענעס. מיוריעל האָט זיך באַמיט אַרויס־צורופן ביי אים רחמנות. ער איז אָבער פאַרבליבן טויב אויף אירע נעבעכ־דיקע תחנונים. ער האָט געשיינט נישט צו מאַכן זיך קיין גרויסן וועזן דערפון, וואָס ער האָט אַזוי אַרום געריסן איר האַרץ אויף שטיקער. עס האָט אים גאָרנישט געאַרט, וואָס ער האָט ממש דערהרגעט זיין פאָטער. פּערדי האָט צו אים אַפּעלירט ווי אַן אַדלמאַן און אַ מענטש פון דער גרויסער וועלט. דזשאָרדזש איז געווען חוצפּהדיק און באמת פּערזענלעך אָנגרייפנדיק. די

אַלטע לײדי בלאַנד מיט איר גאָרגלישן דײטשישן אַקצענט און שטאַרקן שכל־היִשר האָט מיט אים געפירט לאַנגע פּאַרהאַנדלונגען, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן צו קלאָרן פאַרשטאַנד.

דאָך איז איר געלונגען צום סוף קומען צו אַן אויסוועג.

זי האָט געצוווּנגען דזשאָרדזשן צו אָנערקענען, אַז עס לוינט נישט אַוועק־צוּוואַרפן אַלע שײנע זאַכן, וואָס די וועלט האָט באַשטימט צו זײן רשות, סײדן ער האָט ווירקלעך טאַלאַנט. ער האָט בלי ספק געגלויבט, אַז ער האָט טאַלאַנט, אָבער ער קען אויך האָבן אַ טעות. עס וואָלט נישט געלוינט צו ווערן אַ צווייט־ראַנגיקער פּיאַניסט. זײן אײנציקער תּירוץ, זײן אײנציקע באַ־רעכטיקונג וואָלט געקענט זײן זשעני. אויב ער באַזיצט געניאַליטעט, דאַן קען נישט זײן פאַמיליע זיך שטעלן אים אין וועג.

— איר קענט נישט דערוואַרטן, אַז איך זאָל שוין אַרויסווײזן איצט גע־ניאַליטעט — האָט געזאָגט דזשאָרדזש. — כ׳וועל מוזן אַרבעטן לאַנגע יאָרן.

— ביסטו זיכער, אַז דו ביסט בכוח עס צו טון?

— עס איז מײן אײנציקער ווונטש אין דער וועלט. כ׳וועל אַרבעטן ווי אַ הונט. איך וויל בלויז, אַז מען זאָל מיר געבן די געלעגנהײט.

און אָט אַזוי שטעלט זיך פאָר דער פאַרשלאַג, וועלכן זי האָט געמאַכט דזשאָרדזשן. זײן פאָטער האָט פעסט באַשלאָסן נישט צו גיבן אים גאָרנישט. אָבער פון דער אַנדער זײט האָט די משפּחה אײנגעזען, אַז לאָזן דעם יונגנמאַן הונגערן איז נישט קײן פּלאַן. ער האָט געבעטן פינף פונט אַ וואָך. אַלזאָ, זי איז גרײט צו געבן אים די דאָזיקע סומע. ער קען פאָרן צוריק קײן דײטש־לאַנד און לערנען דאָרטן צוויי יאָר. נאָך דעם טערמין דאַרף ער צוריקקומען אַהײם און זײ וועלן אויסזוכן אַ קאָמפּעטענטע און נישט פאַראינטערעסירטע פּערזאָן, וועלכע וועט אים הערן שפּילן און אויב דאַן וועט די דאָזיקע פּערזאָן זאָגן, אַז ער ווײזט אַרויס זיכערקײט צו קענען ווערן אַן ערשט־קלאַסיקער פּיאַניסט, וועלן אים קײן שטערונגען נישט געמאַכט ווערן אויף זײן ווײטער־דיקן וועג. מען וועט אים מאַכן הנחות, אַרויסווײזן הילף און דערמוטיקונג. אויב, ווידער, פון דער אַנדער זײט, די זעלבע פּערזאָן וועט אײנזען, אַז זײנע נאַטירלעכע פעאיקײטן קענען אים נישט פאַרזיכערן אַן ענדגילטיקן דער־פאָלג, מוז ער ערלעך צוזאָגן, אַז ער וועט אויפגעבן אַלע פּלענער צו מאַכן פון מוזיק זײן פּראָפעסיע און פולשטענדיק נאָכקומען זײן פאָטערס ווונטשן. דזשאָרדזש האָט קוים געקענט גלויבן זײנע אײגענע אויערן.

— באָבע, דו מײנסט עס טאַקע אויף אַן אמת?

— יאָ, אויף אַן אמת.

— כ׳וועל טון אַלץ, אַז ער זאָל איינגיין אויף דעם — האָט זי געענטפערט.

דזשאָרדזש האָט זי אַרומגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס און מיט אימפּעט איר געקושט אירע ביידע באַקן.

— מיין ליבינקע — האָט ער זיך צעוויינט.

— נו, ווו איז דער צוזאָג?

ער האָט איר געגעבן זיין פייערלעך ערנוואָרט, אַז ער וועט טריי אָפּהיטן די באַדינגונגען פון דעם אָפּמאַך. צוויי טעג שפּעטער איז ער אַוועקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד. כאָטש זיין פאָטער האָט נישט ווילנדיקערהייט מ׳סכים געווען צו זיין אַוועקפאָרן, און אין דער ווירקלעכקייט האָט ער נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, האָט ער מיט אים נישט געוואָלט זיך איבערבעטן, און ווען ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט ער מיט אים זיך נישט געזעגנט. איך שטעל מיר פאָר, אַז אויף קיין שום אַנדערן אופן האָט ער זיך נישט געקענט פאַרשאַפן אַזאַ פּיין. איך דערלויב מיר צו מאַכן אַן איינפאַכע באַמערקונג. עס זעט אויס מאָדנע, אַז מענטשן, איינוווינער דורך אַזאַ קורצער צייט פון אַ פרעמדער און אוממענטשלעכער וועלט, זאָלן פשוט אויף אַ משונהדיקן אופן פאַרשאַפן זיך אַליין אַזוי פיל אומגליק.

דזשאָרדזש האָט אָפּגעמאַכט, אַז אין משך פון זיינע צוויי יאָר לערנען וועט אים זיין פאַמיליע נישט באַזוכן, אַזוי אַז ווען מיוריעל האָט געהערט מיט אייניקע מאָנאַטן פאַר זיין צוריקקומען, אַז איך וועל אַדורכפאָרן מינכען אויף מיין וועג קיין ווין, ווו איך האָב באַדאַרפט זיין אין געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן, איז עס געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז זי האָט מיך געבעטן צו באַזוכן אים. זי האָט זייער געגאַרט צו האָבן אינפאָרמאַציעס וועגן אים פון דער ערשטער האַנט. זי האָט מיר געגעבן דזשאָרדזעס אַדרעס און איך האָב אים פאָראויס אַרויסגעשיקט אַ בריוו, אין וועלכן איך האָב מודיע געווען, אַז כ׳וועל פאַרבלייבן אין מינכען אַ טאָג און כ׳האָב אים געבעטן צו עסן מיט מיר מיטאָג.

זיין ענטפער האָט אויף מיר געוואַרט אין האָטעל. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געאַרבעט דעם גאַנצן טאָג און האָט נישט געהאַט קיין צייט צו עסן מיטאָג מיט מיר, אָבער אויב איך וואָלט געקומען אין זיין אַרבעט־צימער אַרום זעקס, וואָלט ער עס מיר געקענט באַווייזן און אויב איך וואָלט נישט געהאַט קיין בעסערע זאַך צו טון, וואָלט ער זייער געווען צופרידן צו פאַרברענגען דעם אָוונט מיט מיר. בכן, אַ ווײַלע נאָך זעקס בין איך אַוועק אויפן

אַדרעס, וועלכן ער האָט מיר אָנגעגעבן. ער האָט געוווינט אויפן צווייטן שטאָק פון אַ גרויסן בלאָק פון וווינונגען, און ווען כ׳בין צוגעקומען צו דער טיר, האָב איך געהערט דעם קלאַנג פון פּיאַנאָ שפּילן. עס האָט אויפגעהערט, ווען כ׳האָב אַ קלונג געטון, און דזשאָרדזש האָט מיר געעפנט די טיר.

כ׳האָב אים קוים דערקענט. ער איז געוואָרן זייער דיק. זיינע האָר זענען געווען אויסערגעוויינלעך לאַנג, זיי האָבן זיך געקרייזלט איבערן גאַנצן קאָפּ אין אַ מאָלערישער צעשויבערטקייט, און ער האָט זיכער זיך נישט געהאָט אָפּראַזירט לפּחות דריי טעג. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר שמוציקע ברייטע אָקספאָרד־הויזן, אַ טעניס־העמד און פּאַנטאָפל. ער איז נישט געווען זייער ריין און זיינע פינגער־נעגל זענען געווען פאַרענדיקט מיט אַ שוואַרצן ראַנד. עס איז געווען אַ שאָקירנדיקע ענדערונג פון דעם עלעגאַנטן, שלאַנקן יונגנ־מאַן, אַזוי עלעגאַנט אָנגעטון אין אַזעלכע שיינע בגדים, ווען איך האָב לעצטנס געזען. כ׳האָב קוים זיך געקענט אָפּהאַלטן פון אַ טראַכט טון, אַז עס וואָלט געווען אַ שאָק פאַר פּערדין, אויב ער וואָלט אים אַצינד געזען. דאָס אַרבעטס־צימער איז געווען גרויס און נאַקעט. אויף דער וואַנט זענען געווען דריי אָדער פיר נישט איינגעראַמטע לייוונטן פון אַ שטאַרקער קוביס־טישער קאַטעגאָריע. עס זענען דאָרטן געווען עטלעכע פאָטעלן שטאַרק אָפּגע־נוצטע און אַ גרויסע פּיאַנאָ. עס זענען דאָרטן געווען אָנגעוואָרפן אין פאַר־שיידענע ערטער ביכער, אַלטע צייטונגען און זשורנאַלן. דאָס צימער איז געווען שמוציק און אין אַ גרויסער אומאָרדענונג און עס איז געווען אָנגעפילט מיט אַ שווערער לופט פון טוכלע ביר און פאַרשטיקטן רויך.

— וווינסטו דאָ אַליין? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, איך האָב אַ פרוי, וועלכע קומט אַריין צוויי מאָל אַ וואָך און מאַכט מיר ריין דאָס צימער. אָבער איך מאַך מיר אַליין דעם אָנבייסן און מיטאָג.

— קענסט קאָכן?

— אָ, איך האָב אויף אָנבייסן און מיטאָג ברויט און קעז און אַ פלעשל ביר. ביינאַכט עס איך אין אַ בירשטובע.

עס איז געווען אָנגענעם צו איבערצייגן זיך, אַז ער איז געווען זייער צופרידן צו זען מיך. ער האָט אויסגעזען צו זיין זייער דערמוטיקט און אומ־געהויער גליקלעך. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן זיינע קרובים און מיר האָבן גערעדט וועגן דאָס און יענץ. ער האָט געהאַט אַ לעקציע צוויי מאָל אַ וואָך און אין דער איבעריקער צייט פלעגט ער פּראַקטיצירן. ער האָט מיר גע־זאָגט, אַז ער אַרבעט צען שעה אַ טאָג.

— דאָס איז יענע ענדערונג! — האָב איך געזאָגט.

ער האָט זיך צעלאַכט.

— דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז איך בין געבוירן געוואָרן אַ פאַרמאַטער־טער. כ'בין נישט באמת געווען פויל. כ'האָב נישט געזען דעם נוץ צו אַרבעטן איבער זאַכן, וועלכע זענען פאַר מיר געווען לאַנגווייליק.

איך האָב אים געפרעגט, ווי עס גייט אים מיטן פיאַנאָ. ער האָט אויס־געזען צו זיין צופרידן מיט זיין פאָרשריט און איך האָב אים געבעטן צו שפילן פאַר מיר.

— אָ, נישט אַצינד. כ'בין פולשטענדיק אויסגעשעפּט און פאַרמאַטערט. אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט אין דעם. לאָמיר אַרויסגיין און עסן אָוונטברויט און קומען אַהער שפּעטער און דאַן וועל איך שפּילן. איך עס געוויינלעך אין זעל־ביקן אָרט. עס זענען דאָרטן פאַראַן עטלעכע סטודענטן, וועלכע איך קען און עס איז דאָרט גענוג פריילעך.

באַלד זענען מיר אַוועק. ער האָט אָנגעטון די סקאָרפּעטקעס און שיך און אַ זייער אַלט גאָלף־רעקל, און מיר זענען געגאַנגען צוזאַמען דורך די ברייטע שטילע גאַסן. עס איז געווען אַ מחיהדיקער קאַלטער טאָג. זיין טראָט איז געווען אַ לייכטער. ער האָט געקוקט אַרום זיך מיט אַ קרעכץ פון גליק־לעכקייט.

— כ'האָב זייער האַלט מינכען — האָט ער געזאָגט. — ס'איז די איינציקע שטאָט אין דער וועלט, וווּ אין דער סאַמע לופט, וואָס איר אָטעמט אַריין, איז פאַראַן קונסט. נאָך אַלעמען איז קונסט די איינציקע זאַך וואָס האָט אַ באַדייטונג, נישט אמת? ביים געדאַנק צו פאָרן אַהיים נעמט מיר אָן אַן עקל.

— טראָץ אַלעם האָב איך מורא, אַז דו וועסט דאַרפן צוריקפאָרן.

— כ'ווייס. כ'וועל זיכער צוריקפאָרן, אָבער כ'וועל נישט טראַכטן וועגן דעם ביז די צייט וועט אָנקומען.

— ווען דו וועסט האַלטן ביים פאָרן, זאָל די לעצטע זאַך דיינע זיין אָפּשערן זיך. אויב דו וועסט נישט האָבן פאַראיבל, וואָלט איך דיר געזאָגט, אַז דו זעסט אויס אַזוי קינסטלעריש, אַז דו דאַרפסט קיינעם וועגן דעם נישט איבערצייגן.

— איר, ענגלענדער, זענט אַזוי ניכטער און פּראָזאַאיש — האָט ער געזאָגט.

ער האָט מיך גענומען צו אַ גענוג גרויסן רעסטאָראַן אין אַ זייטיקער גאַס, וועלכער איז שוין ביי יענער פריִער צייט געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, וואָס

האָבן געגעסן, און וואָס איז געווען שווער אויסמעבלירט אין דייטשישן מיטל־אַלטערלעכן סטיל. אַ טיש פאַרדעקט מיט אַ רויט טוך, היפּש דערווייטערט פון דער פרישער לופט, איז געווען רעזערווירט פאַר דזשאָרדזשן און זיינע פריינט, און ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט, זענען שוין דאָרטן געזעסן פיר אָדער פינף יונגעלייט. עס איז דאָרטן געווען אַ פּאָליאַק, וועלכער האָט שטודירט אָריענ־טאַלישע שפּראַכן, אַ סטודענט פון פילאָזאָפיע, אַ מאָלער (מיר דאַכט זיך דער מחבר פון דזשאָרדזשעס קוביסטישן בילד), אַ שוועד און אַ יונגערמאַן, וועל־כער האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, צוזאַמענקלאַפּנדיק זיינע אָפּצאַסן, אַלס „האַנס רייטינג, אַ דיכטער". קיינער פון זיי איז נישט געווען עלטער פון צוויי און צוואַנציק און איך האָב זיך געפילט אַ ביסל נישט היימלעך צווישן זיי. אַלע האָבן דזשאָרדזשן געדוצט און איך האָב באַמערקט, אַז זיין דייטש איז געווען אויסערגעוויינלעך פליסיק. ווייל דורך אַ געוויסער צייט האָב איך נישט גערעדט דייטש, איז מיין שפּראַך געווען אַזוי ווי פאַרזשאַווערט, אַזוי אַז איך האָב נישט געקענט נעמען קיין גרויסן אָנטייל אין דעם באַלעבטן געשפּרעך. נישט געקוקט דערויף, איז עס מיר זייער געפעלן געוואָרן. געגעסן האָבן זיי נישט קיין סך, אָבער געטרונקען גענוג ביר.

זיי האָבן געשמועסט וועגן קונסט, ליטעראַטור און לעבן און עטיק און אויטאָס און פּרויען. זיי זענען געווען זייער רעוואָלוציאָנעריש געשטימט, און כאָטש זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן פריילעך, זענען זיי געווען אין אַ זייער ערנסטן געמיט. זיי האָבן מבטל געווען אַלעמען, וועמען איר האָט נאָר געקענט זען און הערן, און דער איינציקער פּונקט, אויף וועלכן זיי זענען איינגעגאַנגען, איז געווען די טאַטזאַך, אַז אין אונדזער צעדרייטער וועלט קענען האָפן אויף דערפאָלג נאָר פאַרגרעבטע יחידים. זיי האָבן גערעדט וועגן פּראָבלעמען פון טעכניק און קונסט מיט גרויס לעבעדיקייט, און האָבן זיך קעגנזייטיק ווידערגעשפּראָכן און געשריִען און גענוצט אויסגעלאַסענע רייד. זיי האָבן דורכגעמאַכט אַ הערלעכע צייט.

אַרום עלף אַ זייגער איז דזשאָרדזש מיט מיר אַוועק צו זיין אַרבעט־צימער. מינכען איז אַ שטאָט וואָס שטיפט אויסגערעכנטערהייט, און אויסער דער געגנט אַרום מאַריענפּלאַץ זענען די גאַסן געווען שטיל און אויסגעליידיקט. ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין זיין צימער, האָט ער אויסגעטון זיין רעקל און געזאָגט:

— אַצינד וועל איך פאַר אייך שפּילן.

כ'האָב זיך אַריינגעזעצט אין איינעם פון די האַלב־צעבראָכענע פאָטעלן

און אַ צעבראָכענע פרוזשינע האָט מיר אַ שטאָך געטון אין מיין הינטערחלק, אָבער איך האָב זיך איינגעמאָשטשעט אַזוי באַקוועם, ווי עס איז נאָר געווען מעגלעך.

דזשאָרדזש האָט געשפּילט שאָפּען. איך קען זיך זייער ווייניק אויף מוזיק און דאָס איז איינע פון די סיבות, פאַרוואָס איך האָב איינגעפונען, אַז עס וועט מיר זיין שווער צו שרייבן אָט אָ די דערציילונג. ווען איך גיי אויף אַ קאָנצערט אין קווינס־האָל און לייען בעת די פּויזעס דעם פּראָגראַם, פאַרשטיי איך טאַקע אַזוי פּיל ווי אַ האָן אין בני אדם. כ׳פאַרשטיי גאָרנישט פון האַרמאָניע און קאָנטרפּונקט. כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי נידערגעשלאָגן איך האָב זיך געפילט איינמאָל, ווען כ׳בין געקומען קיין מינכען צו אַ וואַגנער־פייערונג. כ׳בין דעמאָלט אַוועק אויף אַ וווּנדערלעכער פאָרשטעלונג פון טריסטאַן און איזאָלדע, אָבער כ׳האָב נישט געהערט קיין נאָטע דערפון. באַלד ביים סאַמע אָנהויב האָבן מיך די ערשטע קלאַנגען אַוועקגעשטויסן און איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דעם ראָמאַן, וואָס איך האָב צו יענער צייט געשריבן; מיינע געשטאַלטן האָבן אָנגענומען לעבעדיקע פאָרמען און איך האָב געהערט זייערע לאַנגע געשפּרעכן, כ׳האָב געליטן זייער פּיין און האָב אָנטייל גענומען אין זייער פרייד. יאָרן זענען פאַרביי און פאַרשיידענע זאַכן זענען מיט מיר געשען. דער פרילינג האָט מיר געבראַכט זיין עקסטאַז און אין ווינטער האָב איך געליטן פון קעלט און הונגער, און איך האָב געליבט און געהאַסט און בין געשטאָרבן. כ׳נעם אָן, אַז עס זענען געווען אַנטראַקטן, בעת וועלכע כ׳האָב שפּאַצירט אַרום און אַרום דעם גאָרטן און מסתמא געגעסן „שינקען ברעדכען“ און געטרונגען ביר, אָבער כ׳קען מיך נישט דערמאָנען. דאָס איינציקע וואָס איך ווייס איז, אַז בעת דער פאָרהאַנג האָט זיך צום לעצטן מאָל אַראָפּגעלאָזט, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ ציטער. כ׳האָב דורכגעלעבט אַ וווּנדערלעכע צייט, אָבער כ׳האָב זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם געדאַנק, אַז עס איז געווען אַזוי נאַריש פון מיין זייט אַראָפּצוקומען פון אַזוי ווייט און פּטרן אַזוי פּיל געלט, אויב איך האָב מיך נישט געקענט באַציִען מיט אויפמערקזאַמקייט צו דעם, וואָס איך האָב געהערט און געזען.

כ׳האָב געקענט די מערהייט פון די זאַכן, וואָס דזשאָרדזש האָט געשפּילט. עס זענען געווען באַקאַנטע זאַכן פון קאָנצערט־פּראָגראַמען. ער האָט געשפּילט מיט גרויס גאווה. דאַן האָט ער געשפּילט בעטהאָווענס אַפּאַסיאָנאַטאַ. איך פלעג עס אַליין שפּילן ווען כ׳האָב געשפּילט אויף פּיאַנאָ (דרך אַגב זייער שלעכט)

אין מיין ווייטער יוגנט און איך האָב נאָך געקענט דערפון יעדע נאָטע. נו, פאַרשטענדלעך, עס איז אַ קלאַסיש און גרויס ווערק, ס׳וואָלט געווען נאַריש צו לייקענען דאָס, אָבער כ׳בין זיך מתוודה, אַז היינט־צו־טאָג באַצי איך מיך דערצו קאַלט. עס איז אַזוי ווי דער פאַרלוירענער גן־עדן, הערלעך, אָבער אַ ביסל מאָנאָטאָן. דאָס האָט ער אויך געשפּילט מיט קראַפט. ער האָט שטאַרק געשוויצט. לכתחילה האָב איך נישט פאַרשטאַנען וואָס איז פאַרגעקומען מיט זיין שפּילן, עפּעס האָט מיר אויסגעזען צו זיין נישט אין בעסטער אָרדענונג, און דאַן איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר, אַז זיינע ביידע הענט האָבן נישט סינכראָניזירט פּינקטלעך, אַזוי אַז עס איז כסדר געווען אַן עטוואָסדיקער אי־בעררייס צווישן דעם באַס און דעם סאָפּראַנאָ. אָבער כ׳חזר איבער, אַז כ׳בין אַן עם־הארץ אין הלכות מוזיק. דאָס וואָס מיך האָט באַאומרואיקט האָט גע־קענט זיין אויסשליסלעך די פּעולה פון טרינקען אַ סך ביר יענעם אָוונט, אָדער אפשר נאָר מיין פאַנטאַזיע.

איך האָב אים אויסערגעוויינלעך געלויבט.

— אַוודאי, ווייס איך, אַז איך דאַרף אַ סך אַרבעטן. כ׳בין נאָך אַן אָנ־פאַנגער, אָבער כ׳ווייס, אַז כ׳קען דאָס אויפטון. כ׳פיל עס בחוש. ס׳וועט מיר פאַרנעמען צען יאָר, אָבער דעמאָלט וועל איך זיין אַ פּיאַניסט.

ער איז געוואָרן פאַרמאַטערט און איז אַוועק פון דער פּיאַנאָ. עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט און כ׳האָב אים געזאָגט, אַז עס איז שוין צייט צו גיין, אָבער ער האָט דערפון נישט געוואָלט הערן. ער האָט געעפנט אַ פּאָר פלעשער ביר און אָנגעצונדן זיין פּיפּע. ער האָט געהאַט חשק צו רעדן.

— ביסטו דאָ גליקלעך? — האָב איך אַ פרעג געטון.

— זייער — האָט ער ערנסט געענטפערט. — כ׳וואָלט געוואָלט דאָ פאַר־בלייבן אויף אייביק. כ׳האָב קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ פרייד אין מיין לעבן. אָט דער אָוונט למשל. איז עס נישט געווען הערלעך?

— עס איז געווען זייער פריילעך. אָבער מען קען דאָך נישט אייביק פירן אַ סטודענטיש לעבן. דיינע פריינט דאָ וועלן ווערן עלטער און וועלן זיך צעגיין.

— וועלן קומען אַנדערע. עס זענען דאָ שטענדיק פאַראַן סטודענטן און ענלעכע לייט.

— אמת, אָבער דו וועסט אויך ווערן עלטער. איז דען פאַראַן עפּעס מער נעבעכדיקס פון אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, וועלכער באַמיט זיך פאַרצוזעצן אַ לעבן פון אַ סטודענט, וועלכער האָט זיך נאָך נישט גראַדואירט? דער אַלטער

מאַן, װאָס װיל זיין אַ יינגל צװישן יינגלעך, און באַמיט זיך צו איבערצייגן ייך אַליין, אַז זיי װעלן אים אָננעמען װי איינעם פון זייער קרייז, — זוי לעכערלעך ער איז. אַזוי קען נישט געטון װערן.

— כ׳פיל זיך אַזוי װי ביי זיך אינדערהיים. מיין טאַטע, נעבעך, װיל, אַז איך זאָל זיין אַן ענגלישער אַדלמאַן. ס׳גיסט מיך אָפּ מיט אַ קאַלטן שװייס. כ׳בין נישט קיין ספּאָרטסמאַן. ס׳ליגט מיר אין דער לינקער פּיאַטע די יאַגד, די שיסעריי און דאָס שפּילן קריקעט. כ׳האָב געשפּילט די ראָל פון אַן אַקטיאָר.

— האָסט געשפּילט אַ זייער נאַטירלעכע ראָל.

— ביז איך בין געקומען אַהער, האָב איך נישט געװוסט, אַז כ׳שפּיל אַ נישט נאַטירלעכע ראָל. כ׳האָב ליב געהאַט איטאַן, און אָקספאָרד איז געװען דאָס אָרט, װוּ מען האָט געהוליעט, אָבער דאָך האָב איך געװוסט, אַז כ׳האָב נישט אָנגעהערט צו דער סביבה. כ׳האָב געשפּילט די ראָל זייער גוט. װייל שפּילן אַ ראָל איז אַ זאַך, װאָס ליגט אין מיין בלוט. טראָץ אַלעם איז עפּעס געװען אין מיר, װאָס איז נישט געװען צופרידן. דאָס הויז אויף גראָװנער־פּלאַץ איז אַ געדונגענס אויף אַ באַשטימטן טערמין, און דער פּאַפּאַ האָט באַצאָלט הונדערט און אַכציק טויזנט פונט פּאָר טילבי. כ׳בין נישט זיכער, צי איר פאַרשטייט װאָס איך מיין. כ׳האָב געפילט, אַז דאָס זענען מעבלירטע הייזער, װעלכע מיר האָבן געדונגען דורכן סעזאָן און אין איינעם פון אָט די טעג װעלן מיר דאַרפן זיך איינפּאַקן און די אמתע באַלעבאַטים װעלן צוריק־קומען.

כ׳האָב זיך צוגעהערט צו אים מיט אויפמערקזאַמקייט, אָבער כ׳בין גע־װען נייגעריק צו װיסן, װי װייט ער האָט באַשריבן דאָס, װאָס ער האָט טונקעלערהייט געפילט, און װי װייט דייטלעך ער האָט זיך פאָרגעשטעלט איצט, אין די געביטענע אומשטענדן, װאָס ער פילט.

— איך האָב פיינט געהאַט צו הערן די יידישע מעשיות װאָס פערדי, דער פעטער פון מיין טאַטן, פלעגט דערציילן. כ׳האָב עס באַטראַכט פאַר זייער װולגאַר. איצט פאַרשטיי איך. עס איז געװען אַ זיכערקייט־קלאַפּע. גאָט מיינער! כ׳שטעל מיר פאָר די שפּאַנונג צו זיין אַ מאַן פון דער גרויסער װעלט. פאַרן טאַטן איז דער ענין אַ סך לייכטער. ער קען שפּילן די ראָל פון אַן אַלטן ענג־לישן פריץ אין טילבי, אָבער אין שטאָט קען ער זיין, װער ער איז װירקלעך. מיט אים איז די זאַך אין אָרדענונג. איך האָב אָראָפּגענומען פון זיך די קאָס־מעטיק און מיינע סצענע־קליידער, און איצט נאָך דעם אַלעם קען איך אויך זיין

מיין אמתער „איד“. וואָס פאַר אַ פאַרלייכטערונג! איר ווייסט, כ׳האָב נישט ליב די ענגלענדער. כ׳ווייס קיינמאָל נישט באמת ווי צו האַנדלען מיט אייך. איר זענט אַזוי טעמפּ און קאָנווענציאָנעל. איר לאָזט אייך נישט זיין פריי און צוימט אייערע געפילן. איר האָט אין אייך נישט קיין פרייהייט, קיין פרייהייט פון דער נשמה, און איר זענט אַזעלכע פּחדנים. קיין זאַך אין דער וועלט שרעקט אייך מער נישט איבער, ווי דאָס טון די נישט געהעריקע זאַך.

— דאַרפסט נישט פאַרגעסן, אַז דו ביסט אַליין אַן ענגלענדער, דזשאָרדזש — האָב איך אַ מורמל געטון.

ער האָט זיך צעלאַכט.

— איך? איך בין נישט קיין ענגלענדער. איך האָב נישט אין זיך קיין איין טראָפּן ענגליש בלוט. איך בין אַ ייִד און איר ווייסט דאָס גאַנץ גוט, און דערצו נאָך אַ דייטשישער ייִד. כ׳וויל נישט זיין קיין ענגלענדער. איך וויל זיין אַ ייִד. מיינע פריינט זענען ייִדן. איר ווייסט נישט ווי ווייט געמיטלעך איך פיל זיך מיט זיי. דאָ קען איך זיין מיין אמתער „איך“. מיר האָבן געטון אַלץ אין אונדזער היים כדי אויסצומיידן ייִדן. מאַמאַ, זייענדיק אַ בלאָנדינקע, האָט געמיינט, אַז מיט דעם וועט זי קענען אָנגיין פריי און מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ גויע. וואָס פאַר אַן אומזין! איר ווייסט, איך האָב אַ ים מיט פאַר־געניגן, בעת איך וואַנדער אַרום אין די ייִדישע געגנטן פון מינכען און איך קוק־אָן די מענטשן. איין טאָג בין איך אַוועקגעפאָרן קיין פראַנקפורט — דאָרטן זענען פאַראַן אַ סך פון זיי — און איך בין אַרומגעגאַנגען און געקוקט אויף די פאַרשלומפערטע אַלטע לייט מיט זייערע הויקערדיקע נעזער און אויף די דיקע פרויען מיט זייערע קינסטלעכע האָר. איך האָב געפילט אַזאַ סימפּאַטיע צו זיי, איך האָב געפילט, אַז איך געהער־אָן צו זיי, אַז איך וואָלט זיי געקענט קושן. ווען זיי האָבן אויף מיר געקוקט, בין איך געוועזן טשיקאַווע צו וויסן, צי זיי ווייסן, אַז איך בין איינער פון זיי. איך וואָלט אַזוי געוואָלט קענען ייִדיש. כ׳וואָלט געוואָלט ווערן אַ פריינט מיט זיי און אַריינקומען אין זייערע הייזער און עסן כשר עסן און אַזוי ווייטער און ווייטער. כ׳האָב געוואָלט גיין אין אַ סינאַגאָגע, אָבער איך האָב זיך געשראָקן, טאָמער וועל איך אָפּטון אַ נישט געהעריקע זאַך און וועל אַרויסגעוואָרפן ווערן. איך האָב ליב דעם ריח פון געטאָ און דעם זין פון לעבן, און די געהיימעניש און דעם שטויב און די פאַרשלומפערטקייט און דעם גייסט פון ראָמאַנטישקייט. איך וועל קיינמאָל נישט קענען אַרויסשלאָגן מיר פון קאָפּ די בענקשאַפט נאָך אָט דעם

אַלעם פון היינט אָן און ווייטער. דאָס איז די ריכטיקע זאַך. דאָס איבעריקע איז בלויז אָנשטעל.

— דו ווערסט צעברעכן דיין טאַטנס האַרץ — האָב איך געזאָגט.

— אָדער זיין האַרץ אָדער מיינס. פאַרוואָס גיט ער מיר נישט קיין באַ־וועגונגס־פרייהייט. עס איז דאָך פאַראַן האַררי. האַררין וואָלט געפעלן צו זיין דער פּריץ פון טילבי. ער וואָלט געוועזן אַן אויסגעצייכנטער ענגלישער אַדלמאַן. איר ווייסט, מאַמעלע האָט ביי זיך אָפּגעמאכט, אַז איך זאָל חתונה האָבן מיט אַ קריסטין. האַררי וואָלט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ קריסטלעך מיידל. ער וועט גרינדן אַן אויסגעצייכנטע, אַלטמאָדישע ענגלישע משפחה. נאָך אַלע־מען פאַרלאַנג איך דאָך אַזוי ווייניק. איך וויל נאָר פינף פונט אַ וואָך און זיי מעגן פאַרבלייבן מיט דעם טיטל און דעם פּאַרק און די גיינזבערעס און די אַלע זיבן זאַכן.

— גוט, עס בלייבט אָבער דער פאַקט, אַז דו האָסט געגעבן דיין פייערלעך ערנוואָרט צוריקצופאָרן אין צוויי יאָר אַרום.

— אַוודאי וועל איך צוריקפאָרן — האָט ער אַן אומעטיקער געענט־פערט. — לאה מאַקאַרט האָט צוגעזאָגט צו קומען הערן מיין שפּילן.

— וואָס וועסטו טון, ווען זי וועט זאָגן, אַז דו טויגסט נישט?

— כ'וועל מיך דערשיסן — האָט ער געזאָגט אַ פריילעכער.

— וואָס פאַר אַן אומזין — האָב איך געענטפערט אין זעלבן טאָן.

— פילט איר זיך אין ענגלאַנד אַזוי ווי ביי זיך אינדערהיים?

— ניין — האָב איך געענטפערט. — אָבער פאַקטיש פיל איך מיך נישט אין ערגעץ ביי זיך אינדערהיים.

אָבער, ס'פאַרשטייט זיך, איך בין אים אָנגעגאַנגען ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

— איך האָס דעם געדאַנק צו פאָרן צוריק. איצט, ווען איך ווייס, וואָס הייסט לעבן, וואָלט איך נישט געוואָלט זיין קיין ענגלישער פּראָווינצער אַדלמאַן פאַר קיין זאַך אין דער וועלט. מיין גאָט, די לאַנגווייליקייט פון אַזאַ לעבן!

— געלט איז אַ שיינע זאַך און איך האָב שטענדיק פאַרשטאַנען, אַז עס איז אָנגענעם צו זיין אַן ענגלישער לאָרד.

— געלט האָט פאַר מיר קיין שום באַדייטונג. איך וויל קיין שום זאַך נישט, וואָס מען קען קויפן פאַר געלט, און איך בין נישט קיין סנאָב.

עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן שפּעט און איך האָב באַדאַרפט אויפשטיין פרי דעם אַנדערן טאָג. לויט מיין מיינונג איז עס געווען נישט נויטיק צו

לייגן פיל אַכט אויף דעם, וואָס דזשאָרדזש האָט געזאָגט. עס איז געווען דער סאָרט פון אומזין, אין וועלכן אַ יונגערמאַן לעבט זיך אויס, ווען ער ווערט פלוצלינג אַריינגעוואָרפן צווישן מאָלערס און פּאָעטן. קונסט איז אַ שטאַר־קער ווײַן און מען דאַרף האָבן אַ שטאַרקן קאָפּ עס צו פאַרטראָגן. דאָס געט־לעכע פייער ברענט אַמווירקזאַמסטן אין יעניקע, וועלכע מילדערן זיין שגעון מיט אַ געזונטן שכל. נאָך אַלעמען, איז דאָך דזשאָרדזש נאָך נישט אַלט געווען דריי־און־צוואַנציק יאָר. צייט לערנט.

נאָך דעם אַלעם, וואָס איז געזאָגט און געטון געוואָרן, איז דאָך דזשאָר־דזשס צוקונפט נישט געווען מיין עסק.

כ'האָב זיך מיט אים געזעגנט און בין אַוועק אין מיין האָטעל. די שטערן האָבן געשיינט אין אַ גלייכגילטיקן הימל. כ'האָב פאַרלאָזט מינכען אינדערפרי.

נאָך מיין קומען קיין לאָנדאָן האָב איך מיוריעלן נישט דערציילט, וואָס דזשאָרדזש האָט מיר געזאָגט, אָדער ווי ער זעט אויס, אָבער כ'האָב זיך באַגנוגנט מיט פאַרזיכערן איר, אַז ער איז געזונט און גליקלעך; אַרבעט זייער שווער, און זעט אויס צו פירן אַ צניעותדיק און ניכטער לעבן.

זעקס מאָנאַטן שפּעטער איז ער געקומען אַהיים. מיוריעל האָט מיך גע־בעטן אַראָפּצוקומען קיין טילבי אויף וויק־ענד. פערדי וועט אַראָפּברענגען לאה מאַקאַרט צו הערן ווי דזשאָרדזש וועט שפּילן און ער וויל ספּעציעל, אַז איך זאָל דאָרטן זיין. כ'האָב אָנגענומען די איינלאַדונג. מיוריעל האָט מיך באַ־געגנט אויפן וואָקזאַל.

— נו, ווי געפינט איר דזשאָרדזשן? — האָב איך געפרעגט.

— ער איז זייער דיק, אָבער ער זעט אויס זייער מונטער און לוסטיק. כ'מיין, אַז ער איז צופרידן צו זיין צוריק אינדערהיים. ער איז אַזוי זיס אין זיין באַציאונג צום טאַטן.

— כ'בין צופרידן דערפון.

— אָ! מיין טייערער, איך האָף, אַז לאה מאַקאַרט וועט זאָגן, אַז ער טויג נישט. ס'וועט זיין פאַר אונדז אַלעמען אַזאַ באַרואיקונג.

— איך האָב מורא, אַז עס וועט זיין פאַר אים אַ שרעקלעכע אַנטוישונג.

— דאָס לעבן איז פול מיט אַנטוישונגען — האָט מיוריעל געזאָגט קורץ. — אָבער אַ מענטש לערנט זיך שלום צו מאַכן מיט זיי.

כ'האָב אויף איר אַ קוק געטון מיט אַ חוזק־שמייכל. מיר זענען געזעסן אין אַ ראָלס־אויטאָ, און פאַר אונדז ביים רעדל זענען געזעסן אַ לאַקיי און אַ שאָפער. זי האָט געטראָגן אַ שנור פערל, וואָס האָט וואַרשיינלעך געקאָסט

פּערציק טויזנט פונט. דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אין די געבורטסטאָג־אויסצייכענונגען איז סער אַדאָלפוס בלאַנד נישט געווען איינער פון די דריי אַדללייט, וועמען דער קעניג האָט באַוויליקט מזכה צו זיין מיט דער ראַנגע פון אַ לאָרד.

לאה מאַקאַרט האָט בלויז געקענט מאַכן אַ גאַלאָפּ־וויזיט. יענעם אָוונט האָט זי געזאָלט שפּילן אין ברייטאָן און דעריבער האָט זי געקענט אַראָפּפאָרן מיט אַן אויטאָ זונטיק אינדערפרי קיין טילבי אויף אַ מיטאָג. זי וואָלט זיך אומגעקערט קיין לאָנדאָן דעם זעלביקן טאָג, מחמת זי האָט געהאַט אַ קאָנצערט אין מאַנטשעסטער מאָנטיק. דזשאָרדזש האָט געדאַרפט שפּילן אין לויף פון דעם נאָכמיטאָג.

— זיינע מוזיק־איבונגען צווינגען אים צו אַרבעטן זייער שווער — האָט זיין מוטער געזאָגט. — דעריבער איז ער נישט געקומען צוזאַמען מיט מיר צו באַגעגענען אייך.

מיר זענען אַדורכגעפאָרן דעם פּאַרק־טויער און געפאָרן לענגאויס דער אימפּאָזאַנטער אַלייע פון אולם־ביימער, וואָס האָט געפירט צום הויז. אינע־וויניק איז געווען שטיל, ס׳זענען דאָרט נישט געווען פאַרזאַמלט קיין מענטשן.

כ׳האָב צום ערשטן מאָל זיך געטראָפן מיט דער ערנווירדיקער אלמנה ליידי בלאַנד. פון תמיד־אָן בין איך געווען נייגעריק צו זען זי. אין מיין פאַנטאַזיע האָב איך זיך כסדר געמאָלט אַ סענסאַציאָנעל בילד פון אַ זייער אַלטער ייִדישער פרוי, וועלכע האָט געוווינט אַליין אין איר הערלעך הויז אויף פּאָרטלאַנד פּלאַץ און פלעגט אַריינרוקן איר נאָז אומעטום און געהערשט איבער דער פאַמיליע מיט אַ דעספּאָטישער האַנט. זי האָט מיך נישט אַנטוישט. זי האָט געהאַט אַ באַפעלנדיק אויסזען, היפּש הויכוווקסיק און פול אין קער־פּער, נישט זייענדיק דיק. איר פּנים איז געווען בולט אַ ייִדישער. זי האָט געהאַט היפּש געדיכטע וואָנסן און אַ שייטל פון האָר פון אַן אייגנאַרטיקן מעטאַלענעם ברוין קאָליר. איר קלייד איז געווען זייער פּרעכטיק, פון אַ שוואַרצן בראָקאַט און זי האָט געטראָגן אויף איר ברוסט אַ שורה פון גרויסע דימענטענע שטערן און אַ קייט פון דימענטן אַרום איר האַלדז. דימענטענע רינגען האָבן געגלאַנצט אויף אירע צערונצלטע הענט. זי האָט גערעדט מיט אַ הויך, נישט קלאָר קול און מיט אַ שטאַרקן דייטשישן אַקצענט. ווען מען האָט מיר זי פאָרגעשטעלט, האָט זי מיך געטני באַקוקט מיט אירע שיי־נענדיקע אויגן. זי האָט מיך אויף שנעל אָפּגעשאַצט און עס האָט מיר אויס־געזען, לכל הפּחות, אַז זי האָט זיך נישט באַמיט אויסצובאַהאַלטן פון מיר,

אַז די מיינונג, וואָס זי האָט זיך געשאַפן, איז געווען אַן אומגינסטיקע.

— איר קענט שוין מיין ברודער פערדינאַנד זינט לאַנגע יאָרן, נישט אמת? — האָט זי געזאָגט, אַרויסזאָגנדיק דעם ריש מיט אַ גאַרגלדיקן אַק־צענט. — מיין ברודער פערדינאַנד האָט זיך תמיד באַוועגט אין זייער גוטע קרייזן. ווו איז סער אַדאָלפוס, מיוריעל? ווייס ער דען, אַז דיין גאַסט איז געקומען? און וועסטו נישט שיקן נאָך דזשאָרדזשן? אויב ער קען נישט זיינע מוזיק־שטיק ביז איצט, וועט ער זיי אויך נישט קענען ביז מאָרגן.

מיוריעל האָט דערקלערט, אַז פרעדי פאַרענדיקט אַ פּאַרטיע גאָלף מיט זיין סעקרעטאַר און זי האָט אָנגעזאָגט דזשאָרדזשן, אַז איך בין דאָ. לײדי בלאַנד האָט אויסגעזען, אַזוי ווי זי וואָלט געהאַלטן מיוריעלס ענטפערס פאַר העכסט נישט צופרידנשטעלנדיק, און האָט זיך ווידעראַמאָל געווענדט צו מיר.

— מיין טאָכטער זאָגט מיר, אַז איר זענט געווען אין איטאַליע, יאָ?

— יאָ, כ׳בין אָקאָרשט וואָס געקומען צוריק.

— ס׳איז אַ שיין לאַנד. וואָס מאַכט דער קעניג?

כ׳האָב געזאָגט, אַז איך ווייס נישט.

— איך האָב אים געקענט, ווען ער איז געווען אַ קליין יינגעלע. ער איז דעמאָלט נישט געווען אין זייער אַ גוטן געזונט־צושטאַנד. זיין מוטער, די קעניגין מאַרגאַריטאַ איז געווען מיין גרויסער פריינט. זיי האָבן געמיינט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט חתונה האָבן. די פירסטין פון אַאָסטאַ איז געווען זייער אויפגעבראַכט, ווען ער האָט זיך פאַרליבט אין דער פרינצעסין פון מאָנטענעגראָ.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי געהערט־אָן צו אַ ווייטער פאַרגאַנגענער תקופה פון געשיכטע, אָבער זי איז געווען זייער וואַכזאַם און איך בין זיך משער, אַז זייער ווייניק זאַכן האָט זי אויסגעמיטן צו באַמערקן מיט אירע אויסגעפּוקלטע אויגן. אַ ווײלע שפּעטער איז אַריינגעקומען פרעדי, זייער עלע־גאַנט אָנגעטון, אין אַ ספּאָרט־אַנצוג. עס האָט אויסגעזען לעכערלעך און דאָך אַ ביסל רירנדיק צו זען דעם דאָזיקן מאַן מיט אַ גרויער באָרד, וועלכער איז בטבע געווען געוווינט, אין אַ געוויסער מאָס, צו דאָמינירן, צו באַנעמען זיך אויף אַזאַ בולטן פריינטלעכן אופן מיט דער אַלטער לײדי. ער האָט זי גערופן „מאַמאַ״. דערנאָך איז אַריינגעקומען דזשאָרדזש. ער איז געווען ווי תמיד דיק, אָבער ער האָט אָנגענומען מיין ראַט און האָט זיך אָפּגעשאָרן די האָר. ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיינע יינגלישע בליקן, אָבער ער איז געווען אַ קרעפּ־טיקער און גוט אַנטוויקלטער יונגערמאַן. עס איז געווען אַ חיות צו זען דאָס

פאַרגעניגן, מיט וועלכן ער האָט געטרונקען זיין טיי. ער האָט געגעסן אַ סך סאַנדוויטשעס און גרויסע שטיקער טאָרט. ער האָט נאָך געהאַט דעם יינגלישן אַפּעטיט. זיין טאַטע האָט אים אָבסערווירט מיט אַ צערטלעכן שמייכל, און ווען כ׳האָב אויף אים אַ קוק געטון, האָב איך זיך גאָר נישט געוווּנדערט אויף דער צוגעבונדנקייט, וועלכע זיי אַלע האָבן אַזוי בולט געפילט צו אים. ער האָט געהאַט אין זיך נאַאיוויטעט, רייץ און אַן ענטוזיאַזם, וועלכע האָבן באמת געמאַכט אַן אָנגענעמען איינדרוק. ער האָט פאַרמאָגט אַ פרייגיביקע באַנעמונג, אַן אויפריכטיקייט און אַ נאַטירלעכע האַרציקייט, וואָס האָט געצווונגען מענטשן ליב צו האָבן אים. עס איז געווען קלאָר, אַז ער האָט געביטן זיין טאַקטיק און האָט זיך באַנומען פיין צו זיין פאָטער. צי איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון אַן אָנדייט מצד דער באָבען, אָדער פשוט פון זיין אייגענער גוטער נאַטור, ווייס איך נישט. און אין זיין פאָטערס מילדע אויגן, אין דעם אופן ווי ער האָט נאָכגעפאָלגט דעם יונגס ווערטער און אין זיין צופרידענעם, שטאָלצן און גליקלעכן אויסזען, האָט איר געפילט, ווי שווער עס איז אים געווען צו פאַרטראָגן די צוויי יאָר אָפּגעפרעמדקייט. ער האָט באַוווּנדערט דזשאָרדזשן.

אינדערפרי האָבן מיר געשפּילט גאָלף, אַ דריי־באַלן מאַטש, מחמת מיוריעל, וועלכע האָט געדאַרפט גיין אין קלויסטער צו דער מעסע, האָט נישט געקענט צושטיין צו אונדז, און אַ זייגער איינס איז אָנגעקומען פּערדי אין לאה מאַקאַרטס אויטאָמאָביל. מיר האָבן זיך געזעצט צו מיטאָג. אַוודאי איז מיר געווען גוט באַקאַנט לאה מאַקאַרטס רעפּוטאַציע. זי איז געווען אָנערקענט פאַר דער גרעסטער פּיאַניסטין אין אייראָפּע. זי איז געווען זייער אַן אינטימער פריינט פון פּערדי, וועלכער האָט מיט זיין פאַראינטערעסירונג און שטיצע זייער אַ סך געהאָלפן איר אין אָנהויב פון איר קאַריערע, און עס איז טאַקע געווען ער, וואָס האָט דורכגעפירט, אַז זי זאָל קומען און אַרויסזאָגן איר מיינונג וועגן דזשאָרדזשס שאַנסן. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען איך פלעג גיין הערן זי שפּילן אַזוי אָפט ווי נאָר כ׳האָב געהאַט די מעגלעכקייט. זי האָט אין זיך נישט געהאַט קיין קינסטלעכקייט; זי האָט געשפּילט אַזוי ווי אַ פויגל זינגט, אָן וועלכן עס איז אויסזען פון אָנשטרענגונג, זייער נאַטירלעך, און די זילבערנע טענער האָבן געפלאָסן פון אירע לייכטע פינגער אויף אַ זונדערבאַר ספּאָנטאַנעם אופן, אַזוי אַז איר האָט באַקומען דעם איינדרוק, אַז זי האָט אימפּראָוויזירט די דאָזיקע שווערע ריטמען. מען פלעגט מיר זאָגן, אַז איר טעכניק איז געווען ווונדערלעך. איך האָב קיינמאָל נישט געקענט דעצי־

## וו. סאמערסעט מאָם

דירן וואָס פאַראַ ראָל האָט געשפּילט איר פּערזאָן אין דעם פאַרגעניגן, וואָס עס פלעגט מיר פאַרשאַפן איר שפּילן. אין יענע טעג איז זי געווען די העכסטע עטערישע פיגור, וואָס איר האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, און עס איז געווען צו באַוווּנדערן, אַז אַזאַ סילף־ענלעך*) ווען זאָל פאַרמאָגן אַזוי פיל כוח. זי איז געווען לייכט ווי אַ פעדערל, בלאַס, מיט ריזיקע אויגן און פראַכטפולע שוואַרצע האָר, און זיצנדיק ביים ראָיאַל האָט זי געהאַט אַן אויסזען פון אַ קינד, וואָס לעכצט נאָך עפּעס און דערמיט גערופן צו זיך. זי איז געווען זייער שיין, אָבער קוים אויף אַ מענטשלעכן שטייגער, און ווען זי האָט געשפּילט, מיט אַ לייכטן שמייכל אויף אירע פאַרמאַכטע ליפּן, האָט זי אויסגעזען אַזוי ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט וועגן זאַכן, וועלכע זי האָט געזען אין אַן אַנדער וועלט. אַצינד אַ פרוי אין אָנהויב פון די פערציקער, איז זי שוין מער נישט געווען ענלעך צו אַ סילף. זי איז געווען דיק און איר פּנים האָט זיך אויסגעברייטערט. אויף איר געזיכט האָט שוין מער נישט געפלאַטערט יענע אָפּשפּיגלונג פון ווייטע וועלטן. איצט איז זי געווען באַהערשט פון איר אויטאָריטעט, וועלכן זי האָט זיך דערוואָרבן דורך דער לאַנגער רייע פון אירע נצחונות. זי איז געווען פלינק, געשעפטסמעסיק און עטוואָס שטרענג. איר לעבנסקראַפט האָט זי באַלויכטן מיט אַ נאַטירלעכן פּראָזשעקטאָר, אַזוי ווי זיין הייליקייט רינגלט אַרום דעם הייליקן מיט אַ ליכטיקן קרייז. זי איז געווען פאַראינטערעסירט בלויז אין אירע אייגענע אָנגעלעגנהייטן, אָבער ווייל זי האָט פאַרמאָגט הומאָר און געקענט די וועלט, איז זי געווען אימשטאַנד צו באַקליידן זיי מיט אַ לוסטיקן לבוש. זי איז געווען דער ראש־המדברים בעתן געשפּרעך, אָבער זי האָט אים נישט באַהערשט. דזשאָרדזש האָט ווייניק גערעדט. פון צייט צו צייט האָט זי אויף אים געוואָרפן אַ בליק, אָבער זי האָט גאָרנישט געטון אַריינצוציִען אים אין געשפּרעך. איך בין געווען דער איינציקער גוי ביים טיש. אַלע אויסער דער אַלטער ליידי בלאַנד האָבן גערעדט אַ פּערפעקטן ענגליש, דאָך האָב איך זיך נישט געקענט באַפרייען פון געפיל, אַז זיי האָבן נישט גערעדט ווי עכטע ענגלענדער. איך מיין, אַז זיי האָבן פאַרקיילעכדיקט די וואָקאַלן מער ווי מיר טוען עס; זיי האָבן אָן שום ספק גערעדט העכער און עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז די ווערטער פאַלן נישט אַרויס פון זייערע ליפּן, נאָר אַז זיי פליִצן אַרויס ווי אַ שטראָם. מיר דאַכט זיך, אַז אויב איך

*) לויט די קאַבאַליסטן פון 17טן יאָרהונדערט, זענען די סילפן געווען פאַנטאַסטישע וועזנס. זיי זענען געווען די עלעמענטאַרע גייסטער פון דער לופט — באַמערקונג פון איבערזעצער.

זאָל מיך געווען געפינען אין אַ דערבייאיק צימער, ווו איך וואָלט געקענט בלויז הערן דעם טאָן און נישט די ווערטער פון זייער שפּראַך, וואָלט איך געמיינט, אַז זיי רעדן אויף אַ פרעמדער שפּראַך. דער עפעקט איז געווען עטוואָס אַ גרילצנדיקער.

לאה מאַקאַרט האָט געוואָלט אַרויספאָרן קיין לאָנדאָן אַרום זעקס, האָט מען דעריבער אָפּגעמאַכט, אַז דזשאָרדזש וועט אָנהויבן שפּילן פיר דער זייגער. ווי דער רעזולטאַט פון דער אוידיציע זאָל נישט קענען האָבן אויספאַלן, האָב איך געפילט, אַז זייענדיק אַ פרעמדער, וועל איך קענען זיין אַ שטערונג אָדער פּשוט אַן אומגעוווּנטשענער אין יענעם קרייז, וועלכער וועט מוזן דורכמאַכן מאָמענטן, וועלכע וועלן פאָדערן אַ שטרענגע פאַמיליאַרע אינטימיטעט, תיכף נאָכן אָפּפאָר פון לאה מאַקאַרט, האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איך דאַרף מיך טרעפן מיט עמעצן אין שטאָט אויף צומאָרגנס גאַנץ פרי, און האָב דעריבער געפרעגט לאה מאַקאַרטן, צי זי וואָלט מיך געוואָלט מיטנעמען אין איר אויטאָמאָביל.

אַ ווײַלע פאַר פיר האָבן מיר אַרײַנגעוואַנדערט אין דעם סאַלאָן. די אַלטע לײַדי בלאַנד איז געזעסן אין אַ סאָפע צוזאַמען מיט פערדין. פרעדי, מיוריעל און איך האָבן זיך אַנידערגעזעצט באַקוועם אין פאָטעלן און לאה מאַקאַרט האָט זיך געזעצט באַזונדער. זי האָט זיך אינסטינקטיוו אויסגעקליבן אַ שטול מיט אַ הויכן אָנלען פון יאַקאָבינישן סטיל, וועלכער האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ טראָן, און אין איר גרעלן קאָסטיום מיטן אַליוון־קאָליר פון איר פּנים, האָט זי אויסגעזען זייער שיין. זי האָט געהאַט הערלעכע אויגן. זי האָט אויף זיך געהאַט זייער אַ סך קאָסמעטיק און איר מויל איז געווען רויט.

דזשאָרדזש האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שפּור פון נערוועזישקייט. ער איז שוין געזעסן ביים פּיאַנאָ, ווען איך בין אַרײַנגעקומען מיט זיין פאָטער און מוטער, און ער האָט אונדז אָבסערווירט, ווי מיר האָבן זיך רואיקערהייט אַנידערגעזעצט. ער האָט צו מיר אַ לייכטן שמייכל געטון. ווען ער האָט געזען, אַז מיר זענען שוין אַלע באַקוועם אײַנגעאָרדנט, האָט ער אָנגעהויבן צו שפּילן. ער האָט געשפּילט שאָפּען. ער האָט געשפּילט צוויי וואַלצן, וועלכע זענען מיר געווען באַקאַנט, אַ פּאָלאָנעז און אַן עטיוד. ער האָט געשפּילט מיט אַ סך קראַפט, מיט אַ סך ברי. איך ווינטש זיך צו קענען גענוג מוזיק, כדי צו זיין ביכולת צו געבן אַ גענויע באַשרייבונג פון זיין שפּילן. עס האָט געהאַט כּוח און אַ יוגנטלעכע שפע, אָבער איך האָב געפילט, אַז עס האָט אים געפעלט דאָס, וואָס, לויט מיין מיינונג, איז דער אייגנאַרטיקער צויבער פון שאָפּענען —

די צאַרטקייט, די נערוועאישע מעלאַנכאָליע, די בענקענדיקע לוסטיקייט און דער עטוואָס פאַרוועלקטער ראָמאַנס, וואָס פרישט אָפּ תמיד אין מיין זכרון אַ דעראינערונג פון דער התחלה פון דער וויקטאָריאַנער עפּאָכע. און ווידעראַמאָל האָב איך געהאַט דאָס מאָדנע געפיל, קוים וואָס איך האָב עס געקענט דערשפּירן, אַז דיביידע הענט האָבן נישט אינגאַנצן סינכראָניזירט. איך האָב אַ קוק געטון אויף פערדין און געזען, ווי ער האָט אַנגעקוקט זיין שוועסטער מיט אַ שוואַכער פאַרוווּנדערונג. מיוריעלס בליקן זענען געווען געווענדט צו דער פּיאַניסטין, אָבער נאָך אַ קורצער ווײַלע האָט זי זיי אָפּגעריסן פון איר און ביזן סוף פון שפּילן האָט זיך איר ראיה אַריינגעגראָבן אין דער פּאָדלאָגע. זיין פעטער האָט איך אויך אים געקוקט און זיינע אויגן זענען געווען אומבאַוועגלעך און, אויב איך בין זיך נישט טועה, איז ער בלאַס געוואָרן און זיין פּנים האָט אַרויסגעוויזן עפּעס ענלעכס צו אַ געפיל פון שרעק. מוזיק איז געווען אין זייער אַלעמענס בלוט. אין לויף פון זייער גאַנץ לעבן האָבן זיי געהערט די גרעסטע פּיאַניסטן פון דער גאָרער וועלט און זיי האָבן געאורטיילט מיט אַן אינסטינקטיווער פּינקטלעכקייט. די איינציקע, וועמעס פּנים האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין עמאָציע, איז געווען לאה מאַקאַרט. זי האָט זיך צוגעהערט זייער אויפמערקזאַם. זי איז געווען אַזוי שטיל ווי אַ סטאַטוע אין אַ נישע.

ענדלעך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אויסדרייענדיק זיך אויף זיין שטול, האָט ער צו איר אַ קוק געטון. ער האָט נישט גערעדט.

— וואָס ווילט איר, אַז איך זאָל אייך זאָגן? — האָט זי געפרעגט.

זיי האָבן זיך געקוקט איינע דעם אַנדערן אין די אויגן.

— איך וויל, אַז איר זאָלט מיר זאָגן, צי איך האָב וועלכע עס איז שאַנסן צו ווערן אין דער צוקונפט אַ פּיאַניסט פון דער ערשטער קאַטעגאָריע.

— אַפילו נישט אין אַ טויזנט יאָר אַרום.

אויף אַ מאָמענט האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. פרעדיס קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און ער האָט געקוקט אַראָפּ אויפן טעפּיך וואָס ביי זיינע פיס. זיין ווייב האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט און אָנגענומען זיינע. אָבער דזשאָרדזש האָט נישט אָפּגעריסן זיינע אויגן פון לאה מאַקאַרט.

— פערדי האָט מיר דערציילט וועגן די אומשטענדן — האָט זי צום סוף געזאָגט. — מיינט נישט, אַז איך בין באַאיינפלוסט פון זיי. קיין זאַך דערפון איז נישט וויכטיק. — זי האָט געמאַכט אַ ברייט־שווונקיקע באַוועגונג, וועלכע האָט אַרומגענומען דאָס גרויסאַרטיקע צימער מיט אַלע שיינע זאַכן, וואָס

האָבן זיך דערין געפונען, און אונדז אַלעמען. — אויב איך וואָלט געהאַלטן, אַז איר האָט אין זיך די וועזנטלעכע פעאיקייטן פון אַן אַרטיסט, וואָלט איך זיך נישט קעקווענקלט צו בעטן זיך ביי אייך מיט תחנונים אויפצוגעבן אַלץ לטובת קונסט. קונסט איז די איינציקע זאַך, וואָס האָט אַ באַדייט. אין פאַר־גלייך מיט קונסט האָבן רייכטום און ראַנגע און מאַכט קיין שום ווערט נישט. — זי האָט אויף אונדז אַ קוק געטון מיט אַ בליק, וועלכער איז געווען אַזוי אויפריכטיק, אַז עס איז אין אים נישט געווען קיין סימן פון חוצפּה.

— מיר זענען די איינציקע, וועלכע האָבן אַ ווערט. מיר גיבן דער וועלט אַ באַדייטונג. איר זענט בלויז רוישטאָף.

איך בין נישט געווען איבעריק צופרידן צו זיין איינגעשלאָסן צוזאַמען מיט די איבעריקע אונטער דעם דאָזיקן קעפּל, אָבער דאָס האָט מיטן ענין נישט געהאַט צו טון.

— גאַנץ פאַרשטענדלעך, איך זע, אַז איר האָט אַ סך געאַרבעט. מיינט נישט, אַז די טרחה איז געווען אַרויסגעוואָרפן. עס וועט פאַר אייך תמיד זיין אַן עונג־רוח צו קענען שפּילן קלאַוויר און עס וועט אייך דערמעגלעכן אָפּצו־שאַצן די גרויסע שפּיל־קונסט, אַ זאַך וואָס קיין פּשוטער מענטש קען אַפילו נישט האָפן צו טון. טוט אַ קוק אויף אייערע הענט. זיי זענען נישט קיין הענט פון אַ פּיאַניסט.

אומווילנדיק האָב איך געוואָרפן אַ בליק אויף דזשאָרדזשס הענט. כ׳האָב זיי קיינמאָל נישט באַמערקט פריִער. כ׳בין איבערראַשט געוואָרן זעענדיק, ווי דיק זיי זענען געווען און ווי קורץ און קלעצלדיק עס זענען געווען זיינע פינגער.

— אייער אויער איז נישט פולקאָם פּערפעקט. כ׳בין מסופק, צי איר קענט האָפן צו זיין עפּעס מער פון אַ זייער קאָמפּעטענטן אַמאַטאָר. אין קונסט איז דער חילוק צווישן דעם אַמאַטאָר און דעם פאַכמאַן ממש אומענדלעך.

דזשאָרדזש האָט נישט געענטפערט. אויב נישט די בלאַסקייט פון זיין געזיכט, וואָלט אפשר קיינער זיך נישט געקענט משער זיין, אַז ער האָט זיך מיט זיינע אייגענע אויערן צוגעהערט צו דער פאַרטיליקונג פון אַלע זיינע האָפענונגען. די שטילקייט, וועלכע האָט געהערשט, איז געווען אימהדיק. לאה מאַקאַרטס אויגן האָבן זיך פלוצלינג אָנגעפילט מיט טרערן.

— אָבער פאַרלאָזט זיך נישט בלויז אויף מיין מיינונג — האָט זי גע־זאָגט. — נאָך אַלעמען קען איך דאָך אויך האָבן אַ טעות. טוט אַ פרעג אַן אַנדערן. איר ווייסט דאָך ווי גוט און איידל עס איז פאַדערעווסקי. כ׳וועל אים שרייבן

וועגן אייך און איר קענט פאָרן צו אים און שפּילן פאַר אים. כ׳בין זיכער, אַז ער וועט אייך אויסהערן.

דזשאָרדזש האָט אַצינד אַ שמייכל געטון. ער האָט געהאַט זייער גוטע מאַנירן, און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט געפילט, האָט ער נישט געוואָלט מאַכן די לאַגע שווער פאַר אַנדערע.

— כ׳צווייפל, צי עס איז נויטיק. כ׳בין צופרידן אָנצונעמען אייער פּסק־דין. דעם אמת געזאָגט, איז ער נישט אַ סך מער אַנדערש פון דעם, וואָס מיין לערער אין מינכען האָט מיר געזאָגט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון קלאַוויר און פאַררויכערט אַ ציגאַרעט. דאָס האָט געלינדערט די שפּאַנונג. די אַנדערע האָבן זיך עטוואָס אַ ריר געטון אויף זייערע שטולן. לאה מאַקאַרט האָט געשמייכלט צו דזשאָרדזשן.

— ווילט איר, אַז איך זאָל עפּעס שפּילן פאַר אייך? — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, ביטע.

זי איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צום פּיאַנאָ. זי האָט אויסגעטון די רינגען, מיט וועלכע אירע פינגער זענען געווען באַלאָדן. זי האָט געשפּילט באַך. עס זענען מיר געווען אומבאַקאַנט די נעמען פון די מוזיק־שטיק, אָבער איך האָב דערפילט מיט אַלע מיינע חושים דעם שטייפן צערעמאָניאַל פון די פאַרפראַנצויזטע קליינע דייטשע פּריצישע הויפן און דעם ערנסטן, בליִענדיקן ווילשטאַנד פון די בירגער; און דאָס טאַנצן אויפן גרינעם גראָז פון דער פּאָלאַנקע אין דאָרף; די גרינע ביימער, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי ווייַנאַכט־ביימער און דעם זון־שיין אויפן רחבותדיקן דייטשישן לאַנד און אַ צאַרטע געמיטלעכקייט; אין מיינע נאָזלעכער האָט געפּאַרעט אַ וואַרעמער ריח פון דער ערד און איך האָב געהאַט דעם באַוווּסטזיין פון אַ שטאַרקן כּוח, וועלכער האָט געשיינט צו האָבן זיינע וואָרצלען טיף אין דער מוטער־ערד; און פון אַ קאָסמישער קראַפט, פאַר וועמען דער באַגריף פון צייט האָט נישט עקזיסטירט און וואָס האָט נישט געהאַט קיין היים אין חלל. זי האָט געשפּילט אויסגעצייכנט, מיט אַ דעליקאַטן גלאַנץ, וואָס האָט פונאַנדערגעוויקלט אין אייער פאַנטאַזיע אַ בילד פון אַ האַלבער לבנה, וואָס שיינט אין בין־השמשות אין אַ זומערדיקן הימל. מיט אַן אַנדער טייל פון מיין וועזן האָב איך אָבסערווירט די איבעריקע אָנוועזנדיקע; ווי געוואַלדיק זיי האָבן אין זייער באַוווּסטזיין אָפּגעשאַצט די געשעעניש. זיי זענען אַזוי ווי ערגעץ־ווו אוועקגעריסן געוואָרן פון עקסטאַז. מיט מיין גאַנצן האַרצן האָב איך זיך געווונטשן, אַז איך זאָל קענען אַרויסבאַקומען פון מוזיק אָט די ווונדערבאַרע עקזאַלטאַציע, וואָס

האָט זיי באַהערשט. זי האָט פאַרענדיקט. אַ שמייכל האָט געהויערט אויף אירע ליפּן, און זי האָט אָנגעטון אירע רינגען. דזשאָרדזש האָט זיך לייכט צעלאַכט.

— איך מיין, אַז דאָס פּראָבלעם איז געלייזט — האָט ער געזאָגט.

די דינער האָבן אַריינגעבראַכט טיי, און נאָכן טיי האָבן לאה מאַקאָרט און איך זיך געזעגנט מיט דער געזעלשאַפט און מיר זענען אַריינגעשטיגן אין אויטאָ. מיר זענען געפאָרן קיין לאָנדאָן. אויפן וועג האָט זי די גאַנצע צייט גערעדט, אויב נישט אין אַ גלענצנדיקער פאָרם, איז לכל הפחות מיט אַן אומגעהויערן געגוס. זי האָט מיר דערציילט וועגן אירע יוגנט־יאָרן אין מאַנטשעסטער און וועגן אירע ראַנגלענישן אין די התחלה־יאָרן פון איר קאַריערע. עס איז געווען זייער אינטערעסאַנט זי צו הערן. זי האָט אַפילו קיין איין מאָל נישט דערמאָנט דזשאָרדזשן. דער עפּיזאָד איז נישט געווען פון קיין גרויס וויכטיקייט. די זאַך איז געווען פאַרענדיקט און זי האָט וועגן דעם מער נישט געטראַכט.

מיר האָבן ווייניק וואָס געוווּסט, וואָס קומט פאָר אין טילבי. ווען מיר זענען אָפּגעפאָרן, איז דזשאָרדזש אַרויס אויף דער טעראַסע און באַלד דערנאָך איז אַהין אַרויס אויך זיין פאָטער. פרעדי איז אַרויס דער זיגער, אָבער ער איז נישט געווען גליקלעך. מיט זיין מער פון אַ פּרויאַישער עמפּינדלעכקייט האָט ער געפילט אַלץ, וואָס דזשאָרדזש האָט געפילט, און דזשאָרדזשס עגמת־נפש האָט פּשוט צעבראָכן זיין האַרץ. ער האָט קיינמאָל נישט ליב געהאַט זיין זון מער ווי אַצינד. ווען ער האָט זיך באַוויזן, האָט אים דזשאָרדזש באַגריסט מיט אַ שמייכל. פרעדיס קול האָט זיך איינגעבראָכן. אין אַ פּלוצימדיקער און געוואַלדיקער עמאָציע האָט ער ביי זיך אַליין געפּועלט מותּר צו זיין אויף די טראָפּייען פון זיין נצחון.

— הער אויס, גוטער ברודער, — האָט ער געזאָגט. — כ'קען נישט אויסהאַלטן, ווען איך גיב אַ טראַכט, אַז דו האָסט געהאַט אַזאַ אַנטוישונג. וואָלסטו געוואָלט צוריק פאָרן קיין מינכען אויף נאָך אַ יאָר און דאַן זען?

דזשאָרדזש האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— ניין, עס וועט דערפון גאָרנישט אַרויסקומען. כ'האָב שוין געהאַט מיין געלעגנהייט. די זאַך איז געענדיקט.

— באַמי זיך נישט צו נעמען די זאַך אַזוי צום האַרצן.

— דו זעסט, די איינציקע זאַך אין דער וועלט, וואָס איך וויל זיין, איז אַ פּיאַניסט. און ס'איז גאָרנישט צו מאַכן. ס'ווערט אַ ביסל ביטער אויפן האַרצן, ווען מען הויבט אָן וועגן דעם צו טראַכטן.

דזשאָרדזש, וועלכער האָט זיך אַזוי שטאַרק באַמיט צו זיין מונטער, האָט אַ בלייכן שמייכל געטון.

— וואָלסטו אפשר געוואָלט מאַכן אַ רייזע אַרום דער וועלט? קענסט נעמען מיט זיך איינעם פון דיינע אָקספאָרדער יאַטן, ער זאָל דיך באַגלייטן, און איך וועל באַצאָלן אַלע הוצאות־הדרך. האָסט דאָך געאַרבעט זייער שווער אַ לאַנגע צייט.

— כ׳דאַנק דיר זייער, טאַטעלע, מיר וועלן נאָך וועגן דעם רעדן. איצט גיי איך מאַכן אַ קליינעם שפּאַציר.

— זאָל איך דיך באַגלייטן?

— כ׳וואָלט בעסער געוואָלט גיין אַליין.

דאַן האָט דזשאָרדזש געטון אַ מאָדנע זאַך. ער האָט פאַרוואָרפן זיינע אָרעמס אַרום דעם טאַטנס האַלדז און אים אַ קוש געטון אין די ליפּן. ער האָט זיך עטוואָס מאָדנע רירנדיק צעלאַכט און איז אַוועק. פרעדי האָט זיך אומגעקערט אין סאַלאָן. זיין מוטער, פערדי און מיוריעל זענען דאָרטן געזעסן.

— פרעדי, פאַרוואָס מאַכסטו נישט חתונה דעם יונג? — האָט געזאָגט די אַלטע לײדי. — ער איז שוין אַלט דריי־און־צוואַנציק. עס וועט אים מאַכן פאַרגעסן זיינע זאָרגן, און ווען ער וועט שוין זיין אַ באַלעבעסל און אַ טאַטע פון אַ קינד, וועט ער זיך איינאָרדענען פּונקט ווי אַלע.

— מיט וועמען זאָל ער חתונה האָבן, מאַמע? — האָט סער אַדאָלפוס געפרעגט, שמייכלענדיק.

— דאָס איז נישט קיין שווערע זאַך. לײדי פרילינגהויזען איז געקומען צו מיר, מיט איניקע טעג צוריק, מיט איר טאָכטער ווייעלעט. זי איז זייער אַ שיין מיידל און זי וועט האָבן איר אייגן געלט. לײדי פרילינגהויזען האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז סער דזשייקאָב וועט פיין אַנטקעגנקומען, אויב ווייעלעט וועט טון אַ גוטן שידוך.

מיוריעל האָט זיך פאַררויטלט.

— איך האָס די לײדי פרילינגהויזען. דזשאָרדזש איז צו יונג חתונה צו האָבן. ער קען זיך דערלויבן חתונה צו האָבן, מיט וועמען ער וויל נאָר.

די אַלטע לײדי בלאַנד האָט געוואָרפן אַ מאָדנעם קוק אויף איר טאָכטער.

— דו ביסט אַ נאַריש ווייבל, מרים — באַנוצנדיק דעם נאָמען, וואָס מיוריעל האָט שוין פון לאַנג־אָן פאַרוואָרפן. — אַזוי לאַנג ווי איך בין דאָ, וועל איך נישט דערלויבן, אַז דו זאָלסט באַגיין אַ נאַרישקייט.

זי האָט עס פּונקט אַזוי גוט פאַרשטאַנען, ווי מיוריעל וואָלט עס געוועזן האָבן געזאָגט מיט אַנדערע ווערטער, אַז זי וואָלט געוואָלט, דזשאָרדזש זאָל חתונה האָבן מיט אַ גויע, אָבער זי האָט אויך גוט געוווסט, אַז אַזוי לאַנג ווי זי לעבט, וועט נישט פּרעדי און נישט זיין ווייב זיך וואַגן צו מרמז זיין וועגן דעם.

אָבער דזשאָרדזש איז נישט אַוועק אויף אַ שפּאַציר. אפשר, ווייל דער שיס־סעזאָן האָט זיך געזאָלט אין גיכן אָנהויבן, איז אים איינגעפאַלן, אַז ער זאָל גיין אין שיס־זאַל. ער האָט אָנגעהויבן רייניקן די ביקס, וואָס זיין מוטער האָט אים געשאָנקען צו זיין צוואַנציקסטן געבוירנטאָג. קיינער האָט עס נישט גענוצט זינט זיין אַוועקפאָר קיין דייטשלאַנד. פּלוצלינג זענען די דינער אויפ־געציטערט געוואָרן פון אַ קנאַל. ווען זיי זענען אַריין אין דעם שיס־זאַל, האָבן זיי געפונען דזשאָרדזשן ליגן אויף דער ערד מיט אַ דורכגעשאָסן האַרץ. וואַרשיינלעך איז די ביקס געווען אָנגעלאָדן און דזשאָרדזש אַרומשפּילנדיק זיך מיט איר האָט זיך דורך אַ צופאַל דערשאָסן. מען לייענט אָפט וועגן אַזעלכע פאַלן אין די צייטונגען.

עס זענען פֿאַראַן ווייניק זאַכן, וואָס זענען בעסער פֿון אַ גוטן האַוואַנער ציגאַר. ווען איך בין געווען יונג און זייער אָרעם און פֿלעג רויכערן אַ ציגאַר נאָר דאַן, ווען עמעצער פֿלעגט מיך מכבד זיין, האָב איך ביי מיר אָפּגעמאַכט, אַז ווען כ׳וועל האָבן געלט, וועל איך רויכערן אַ ציגאַר יעדן טאָג נאָך מיטאָג און נאָך אָוונטברויט. דאָס איז דער איינציקער באַשלוס פֿון מיין יוגנט, וואָס איך האָב דערפֿילט. דאָס איז די איינציקע פֿון אַלע מיינע אַמביציעס, וואָס איך האָב מקיים געווען און וואָס איז קיינמאָל נישט געווען פֿאַרביטערט פֿון אַנטטוישונג. איך האָב ליב אַ ציגאַר, וועלכער איז מילד, אָבער פֿול מיט טעם, נישט צו קליין, אַזוי אַז ער ווערט פֿאַרענדיקט אײדער כ׳גיב זיך אָפּ חשבון דערפֿון און נישט צו גרויס, ביז ער ווערט איבלדיק; איינגעדרייט אַזוי, אַז ער ציט זיך אָן שום געפֿיל פֿון אַ וועלכער ס׳איז אָנשטרענגונג; געמאַכט פֿון אַ בלאַט אַזאַ שטייפֿן, אַז ער ווערט נישט צעקראָכן אויף אײערע ליפּן און אין אַזאַ צושטאַנד, אַז ער האַלט אָן זיין טעם ביז צום סאַמע סוף. אָבער ווען איר האָט צום לעצטן מאָל אַ צי געטון און אַוועקגעלייגט דאָס דעפּאָרמירטע, נישט אויסגעברענטע שטיקל און האָט אַ קוק געטון, ווי דער לעצטער וואָלקן רויך צעגייט זיך בלוי אין דער אַרומיקער לופֿט, איז אוממעגלעך, אויב איר האָט אַ פֿילבאַרע נאַטור, נישט צו פֿילן זיך אַ ביסל אומעטיק, ווען איר גיט אַ טראַכט וויפֿל אַרבעט, זאָרג און מי עס זענען פֿאַרוועגדעט געוואָרן; וויפֿל טראַכטעניש, טרחה און קאָמפּליצירטע אָרגאַניזאַציע זענען געווען נויטיק צו פֿאַרזאָרגן אייך מיט אַ האַלב שעהעדיקן תענוג. דערפֿאַר האָבן מענטשן געשוויצט לאַנגע יאָרן אונטער אַ טראָפּישער זון און שיפֿן האָבן אַרומגעוואַנדערט איבער אַלע זיבן ימען. אָט די מחשבות ווערן נאָך מער פֿאַרביטערט, ווען איר עסט אַ טוץ אויסטערס (מיט אַ האַלב פֿלעשל שטאַרקן ווייסן וויין) און זיי ווערן כמעט אומדערטרעגלעך, ווען עס דערגייט צו אַ שעפּסנביף. מחמת די דאָזיקע זענען חיות און עס איז פֿאַראַן עפּעס, וואָס דערוועקט אימה אין דעם געדאַנק, אַז זינט די אויבערפֿלאַך פֿון דער ערד איז געוואָרן אימשטאַנד אויפֿצוהאַלטן

## וו. סאמערסעט מאָם

אַ לעבן פון דור צו דור, זענען אין משך פון מיליאָנען איבער מיליאָנען יאָרן געבוירן געוואָרן באַשעפענישן, בכדי ענדלעך צו מאַכן פון זיך אַליין אַ סוף אויף אַ טעלער מיט צעריבענעם אייז אָדער אויף אַ זילבערנעם בראָט־אייזן. מעגלעך, אַז אַ לאַנגזאַם־קריכערישע פאַנטאַזיע קען נישט תופס זיין די שרעקלעכע פייערלעכקייט, וואָס באַדייט עסן אַן אויסטער, אָבער עוואָלוציע האָט אונדז געלערנט, אַז דער צוויי־שאָליקער מאָלוסק האָט דורך די יאָר־הונדערטער זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער וועלט, אַזוי אַז ער מאַכט אומפאַרמיידלעך פרעמד יעדעס געפיל פון רחמנות. עס איז אין אים פאַראַן אַ דערווייטערונג, וואָס איז אַנטיפּאַטיש פאַרן באַגערנדיקן גייסט פון מענטש און אַ זעלבסט־צופרידנקייט, וואָס איז העסלעך פאַרן מענטשס פוסטער גאווה. אָבער איך קען נישט באַגרייפן, ווי אַזוי עמעצער קען קוקן אויף אַ שעפּסנביף, נישט זייענדיק דערביי באַווירקט פון געדאַנקען, וועלכע זענען צו טיף, אַז טרערן זאָלן זיי קענען באַרואיקן: אין דעם פאַל איז שוין פאַראַן דעם מענטשס האַנט אין עסק און די געשיכטע פון אָט דעם מין איז ענג פאַרבונדן מיטן ווייכן מאכל אויף אונדזער טעלער.

און צייטנווייז איז אַפילו דער גורל פון מענטשלעכע באַשעפענישן טשי־קאַווע צו אָבסערווירן. עס איז מאָדנע צו קוקן אויף דעם אָדער יענעם מאַן פון די שטילע פּשוטע מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר, אויף דעם באַנק־אָנגע־שטעלטן, אויף דעם גאַסנקערער, אויף דער מיטליאָריקער מויד אין דער צווייטער רייע פון כאָר, און אַ טראַכט טון וועגן דער ענדלאָזער געשיכטע הינטער זיי, אָנהויבנדיק פון דעם אוראַלטן ליים און פון דער לאַנגער, לאַנגער סעריע פון נסיונות, דורך וועלכע דער גאַנג פון די געשעענישן האָט זיי געבראַכט ביז צו אַזאַ און אַזאַ פּלאַץ אין קעגנווערטיקן מאָמענט. אויב אַזעל־כע געוואַלדיקע שיקזאַל־ענדערונגען זענען געווען בויטיק אַראָפּצוברענגען זיי בכלל דאָ אַהער, וואָלט מען געקענט מיינען, מי יודע וואָס פאַראַ גרויסע באַדייטונג זיי האָבן. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז דאָס, וואָס איז מיט זיי געשען, באַדאַרף זיין עטוואָס וויכטיק פאַר דעם לעבנס־גייסט אָדער פאַר דעם וועזן, וואָס האָט זיי באַשאַפן. און אָט געשעט מיט זיי אַ צופאַל. דער פאָדים ווערט איבערגעריסן. די געשיכטע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער וועלט, ווערט פּלוצלינג איבערגעריסן, און עס זעט אויס, אַז זי האָט נישט קיין שום באַדייט. אַ מעשה דערציילט פון אַן אידיאָט. און זעט עס נישט אויס אויסטערליש, אַז אָט די געשעעניש, פון אַזאַ דראַמאַטישער וויכטיקייט, קען פאַראורזאַכט ווערן פון אַזאַ מינדערווערטיקער סיבה?

אַ צופאַל פון קיין שום וויכטיקייט, וואָס וואָלט גאַנץ לייכט נישט גע־קענט האָבן פּאַסירט, קען האָבן אומאָפּשאַצבאַרע קאָנסעקווענצן. עס זעט אויס, אַז אַ בלינדער גורל רעגירט מיט אַלץ. אונדזערע קלענסטע טאָטן קענען טיף באַווירקן גאַנצע לעבנס פון מענטשן, וועלכע האָבן נישט קיין שום מגע־ומשא מיט אונדז. די מעשה, וואָס איך האָב צו דערציילן, וואָלט קיינמאָל זיך נישט געהאַט פּאַרלאָפן, אויב איך וואָלט אין איינעם אַ טאָג נישט געווען געקרייצט יענע גאַס. דאָס לעבן איז באמת זייער פאַנטאַסטיש און מען באַדאַרף פאַרמאָגן אַן אייגנאַרטיקן חוש פאַר הומאָר כדי תופס צו זיין דעם וויץ דערפון.

איינעם אַ פיינעם פרימאָרגן בין איך געגאַנגען אַראָפּ מיט דער באַנד־גאַס און נישט האָבנדיק קיין ספּעציעלע אַרבעט צו טון ביז מיטאָג־צייט, האָב איך זיך געטראַכט, אַז ס׳וועט זיין אַ פּלאַן אַריינצוקוקן אין די ליצי־טאַציע־צימערן פון הויז סאָדבי׳, כדי צו זען, צי עס איז דאָרטן נישט אויסגעשטעלט עפּעס, וואָס קען מיך אינטערעסירן. די אומגעהויערע ראָד־באַוועגונג אין דער גאַס איז געווען אָפּגעשטעלט און איך האָב געמוזט זיך דורכברעכן אַ וועג צווישן די אויטאָס. ווען כ׳האָב דערגרייכט די אַנדערע זייט פון דער גאַס, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מאַן, מיט וועמען כ׳האָב זיך געהאַט באַקענט אין באָרנעאָ און וועלכער איז אַרויסגעגאַנגען פון אַ הוטקראָם.

— האַלאָ, מאָרטאָן — האָב איך אויסגעשריגן. — ווען זענט איר צו־ריקגעקומען?

— כ׳בין שוין דאָ אַ וואָך צייט.

ער איז געווען אַ דיסטריקט־אָפיציר. דער גובערנאַטאָר האָט מיר גע־געבן אַ בריוו צו אים און איך האָב צו אים געשריבן, אַז איך האָב בדעה צו פאַרברענגען אַ וואָך צייט דאָרטן, ווו ער וווינט, און וואָלט געוואָלט פאַר־פּאָרן אין דעם מלוכהשן אָפּרו־הויז. ער האָט מיך באַגעגנט אויף דער שיף, ווען כ׳בין אָנגעקומען און האָט מיך געבעטן צו פאַרבלייבן ביי אים. כ׳האָב זיך געקווענקלט. כ׳האָב נישט געקענט באַגרייפן, ווי וועל איך קענען פאַר־ברענגען אַ וואָך אין אַ הויז פון אַ פולשטענדיק פרעמדער פערזאָן. איך האָב נישט געוואָלט אים פאַרפליכטן צו דעקן די הוצאות פון מיין אויסהאַל־טונג און חוץ לזה האָב איך זיך געטראַכט, אַז כ׳וועל האָבן מער פרייהייט, אויב איך וועל זיך אַליין אויסהאַלטן. ער האָט נישט געוואָלט פון גאָרנישט הערן און געדענקען.

## וו. סאמערסעט מאָם

— כ׳האָב אַ סך אָרט — האָט ער געזאָגט — און דאָס אָפּרו־הויז איז עקלהאַפט. כ׳האָב שוין נישט גערעדט מיט קיין ווייסן מענטש קרוב זעקס חדשים און ס׳איז מיר ממש פּאַרמיאוסט געוואָרן דאָס לעבן צו פאַרברענגען נאָר אין מיין איינזאַמער געזעלשאַפט.

אָבער ווען מאָרטאָן האָט מיך איבערגערעדט און זיין מאָטאָר־שיפל האָט אונדז אַראָפּגעלאָזט ביי זיין באַנגעלאָ און ער האָט מיך מכבד געווען מיט אַ טרונק, האָט ער פּשוט נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט מיר. פּלוצלינג האָט אים אָנגעכאַפּט אַ שרעקעוודיקייט און זיין מענה לשון און חיתוך הדיבור זענען פון אים ווי אָפּגעטון געוואָרן. כ׳האָב געטון אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געקענט, צו מאַכן אים פילן זיך היימיש; דאָס איז געווען לפחות אַלץ, וואָס איך האָב געקענט טון, נעמענדיק אין אַכט, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אין זיין אייגן הויז. איך האָב אים געפרעגט, צי ער האָט וועלכע עס איז נייע פּלאַטן. ער האָט אָנגעשטעלט דעם גראַמאָפאָן און דער קלאַנג פון די נעגערישע ניגונים און טענץ האָבן אים צוריקגעבראַכט די זיכערקייט.

זיין באַנגעלאָ האָט אַריבערגעקוקט דעם טייך און זיין אויפנאַם־צימער איז געווען אַ גרויסע ווערעַנדע. עס איז געווען אויסמעבלירט אויף אַ פּשוטן שטייגער, אַזוי ווי אַלע אַנדערע וווינונגען פון די מלוכה־באַאַמטע, וועלכע קומען־אָן און פאָרן שנעל צוריק אַוועק, לויט די באַדערפעניש פון זייערע פונקציעס. עס זענען דאָרטן געהאָנגען אויף די ווענט, ווי דעקאָראַציעס, הינט פון די איינגעבוירענע און הערנער פון חיות, בלאָזרערן און שפּיזן. אויף דער ביכער־עטאַזשערקע זענען געווען דעטעקטיוו־נאָוועלן און אַלטע זשורנאַלן. ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ שמאָלע פּיאַנאָ מיט געלע קלאַווישן. דאָס צימער איז געווען נישט צוגערוימט, אָבער נישט אומבאַקוועם.

צו מיין גרויס באַדויערן דערמאָן איך מיך נישט זייער גוט, ווי ער האָט אויסגעזען. ער איז געווען יונג, אַכט־און־צוואַנציק, ווי כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט. ער האָט געהאַט אַ יינגלישן און צוציִענדיקן שמייכל. כ׳האָב פאַרבראַכט אַן אָנגענעמע וואָך מיט אים. מיר האָבן געמאַכט שפּאַצירן אַרויף־ און אַראָפּ־טייך און זענען אַרויפגעקלעטערט אויף אַ באַרג. איין טאָג האָבן מיר געהאַט אַ טיפין*) מיט אייניקע פּלאַנטאַטאָרן, וועלכע האָבן געלעבט צוואַנציק מייל פון דאַנען, און יעדן אָוונט זענען מיר געגאַנגען

---

*) אַ לייכטער לונטש — באַמערקונג פון איבערזעצער.

אין קלוב. די איינציקע מיטגלידער זענען געווען דער לייטער פון אַ קאַטש־פאַבריק*) און זיינע געהילפן, אָבער זיי האָבן איינער מיטן אַנדערן נישט גערעדט, און נאָר אויף מאַרטאַנס תחנונים, אַז זיי דאַרפן אים נישט פאַר־שעמען, ווען עס קומט צו אים אַ גאַסט, האָבן מיר געקענט זיך זעצן צום טיש און שפּילן אַ ברידזש. די אַטמאָספּערע איז געווען אַ געשפּאַנטע. מיר זענען צוריקגעקומען אַהיים צום אָוונטברויט, אָנגעשטעלט דעם גראַמאָפאָן און נאָך אַ ווײַלע געגאַנגען שלאָפן.

מאַרטאַן האָט געהאַט ווייניק ביוראָ־אַרבעט, און מען וואָלט געקענט מיינען, אַז די צייט האָט זיך ביי אים געצויגן לאַנגווייליק, אָבער ער האָט געהאַט ענערגיע און התלהבות. עס איז געווען זיין ערשטער פּאָסטן פון דעם מין, און ער איז געווען גליקלעך צו זיין אומאָפּהענגיק. זיין איינציקע זאָרג איז געווען, אַז מען זאָל אים נישט אַריבערפירן אויף אַן אַנדער פּלאַץ, איידער ער וועט האָבן פאַרענדיקט די נייע שאָסיי, וואָס ער האָט געהאַלטן אין בויען. דאָס איז געווען די פרייד פון זיין האַרץ. עס איז געווען זיין אייגענע איניציאַטיוו און אַדאַנק זיין אונטערנעמענען זיך צו דער רעגירונג האָט ער באַוויזן צו באַקומען די נויטיקע סומע כדי דורכצופירן די אַרבעט. ער האָט אַליין אויסגעפאָרשט די געגנט און האָט צונויפגעשטעלט דעם פּלאַן פון דער שאָסיי. ער האָט געלייזט, אָן שום אויסערלעכער הילף, אַלע טעכנישע פּראָב־לעמען, וועלכע זענען מיט דעם געווען פאַרבונדן. יעדן פרימאָרגן, ווען ער פלעגט גיין אין זיין ביוראָ, פלעגט ער אַרויספאָרן אין אַן אַלטן, קאַליקן פאָרד צום אָרט, ווו די קוליס האָבן געאַרבעט און האָט נאָכגעפאָלגט דעם פאָר־שריט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן זינט דעם פאָריקן טאָג. וועגן קיין שום אַנדער זאַך האָט ער נישט געטראַכט. ער פלעגט וועגן דעם חלומען ביינאַכט. ער האָט אויסגערעכנט, אַז זי וועט פאַרענדיקט ווערן אין אַ יאָר אַרום, און ער האָט נישט געוואָלט נעמען זיין אורלויב ביז יענער צייט. מיט מער התלהבות וואָלט ער נישט געקענט אַרבעטן, אויב ער וואָלט געווען אַ מאָ־לער אָדער אַ סקולפּטאָר, וועלכע זענען פאַרטון אין דער שאַפונג פון אַ קונסט־ווערק. איך מיין, אַז עס איז געווען זיין אייפער דאָס, וואָס האָט מיך באַווירקט אים ליב צו האָבן. איך האָב האָלט געהאַט זיין פלייסיקייט. כ׳האָב ליב געקראָגן זיין נאַאיוויטעט און איך בין געווען באַאיינפלוסט פון דער

*) קאַטש — אַ מין קלעפּעדיק פּעך פון דעם געוויקס אַקאַציאַ קאַטעטשו — באַמערקונג פון איבערזעצער.

ליידנשאַפט פון יצירה, וואָס האָט אים געמאַכט גלייכגילטיק צו דער איינ־זאַמקייט פון זיין לעבן, צו זיין קאַריערע און אַפילו צום געדאַנק פון פאַרן אַהיים. כ'געדענק שוין נישט, ווי לאַנג איז געווען די שאָסיי; כ'מיין, אַז פופציק אָדער זעכציק מייל און איך האָב פאַרגעסן, צו וואָס פאַר אַ צוועק זי האָט באַדאַרפט דינען. כ'צווייפל, צי מאָרטאָנען האָט עס אַ סך געאַרט. זיין באַגייסטערונג איז געווען פון אַן אַרטיסט און זיין נצחון, דער נצחון פון מענטש איבער דער נאַטור. ער האָט פון אַלץ געלערנט. ער האָט געמוזט קעמפן מיטן דזשונגל, מיט מבול־רעגנס, וועלכע פלעגן פאַרניכטן די אַרבעט פון וואָכן, און מיט טאָפּאָגראַפישע פאַרפאַלן. ער איז געווען געצוווּנגען צו זאַמלען אַרבעטס־הענט און זיי פאַרהאַלטן, און ער האָט נישט געהאַט די נויטיקע פאָנדן. די איינציקע זאַך, וואָס האָט אים אונטערשטיצט, איז געווען זיין אימאַגינאַציע. זיין אַרבעט איז באַפליגלט געוועזן מיט אַ מין עפּישער אייגנשאַפט און די גורל־פאַזן פון זיין אַרבעט זענען געווען אַ גרויסע סאַגע*), וועלכע האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט מיט אַ שלל פון עפּיזאָדן.

די איינציקע זאַך, אויף וואָס ער האָט זיך יאָ באַקלאָגט, איז געווען דאָס, וואָס די טעג זענען צו קורץ. ער האָט באַדאַרפט דערפילן ביורא־אַרבעטן, ער איז געווען ריכטער און שטייער־איינמאַנער, אַ פאָטער און אַ מוטער (ביי זיינע אַכט־און־צוואַנציק יאָר) פון דער באַפעלקערונג פון זיין ראַיאָן; פון צייט צו צייט איז ער געווען געצוווּנגען צו מאַכן רייזעס, וועלכע פלעגן אים אָפּרייסן פון זיין היים. אָן אים איז גאָרנישט געמאַכט געוואָרן. ער וואָלט זייער גערן פאַרבליבן דאָרטן פיר־און־צוואַנציק שעה אין מעת־לעת, אָנטרייבנדיק די איינגעשפּאַרטע קוליס צו ווייטערדיקער אָנשטרענגונג. עס איז אַזוי געשען, אַז קורץ פאַר מיין קומען האָט אַ צופאַל פּאַסירט, וואָס האָט אים אָנגעפילט מיט גרויס פרייד. ער האָט פאַרגעלייגט אַ קאָנטראַקט צו אַ כינעזער אויסצופאַרטיקן אַ געוויסן טייל פון דער שאָסיי און דער כינעזער האָט פאַרלאַנגט מער ווי מאָרטאָן האָט זיך געקענט דער־לויבן אויסצוגעבן. טראָץ ענדלאָזע דיסקוסיעס, האָבן זיי נישט געקענט דער־גרייכן צו אַ הסכם, און מאָרטאָן, מיט אַ כעס אין זיין האַרצן האָט געזען, אַז זיין אַרבעט וועט מוזן איבערגעריסן ווערן. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון. גייענדיק אַ געוויסן פרימאָרגן אין ביורא, האָט ער געהערט, אַז די פאַבריקע נאַכט איז אין איינעם פון די כינעזישע האַזאַרד־הייזער פאַרגעקו־

*) אַ דערציילונג פון העראָאישע אַוואַנטורעס — באַמערקונג פון איבערזעצער.

מען אַ קריגעריי און אַ געשלעג. איין קולי איז געוואָרן ערנסט פאַרוואונדעט און זיין אָנגרייפער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אין אַרעסט. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דער אָנגרייפער איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי דער בוי־אונטערנעמער. ער איז געבראַכט געוואָרן אין געריכט, די שולד איז בולט פעסטגעשטעלט געוואָרן און מאַרטאַן האָט אים פאַרמשפּט אויף אַכט חדשים שווערע אַרבעט.

— איצט וועט ער באַדאַרפן בויען די פאַרשאָלטענע שאָסיי בחינם — האָט געזאָגט מאַרטאַן, און זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט, ווען ער האָט מיר דערציילט די מעשה.

מיר האָבן געזען דעם יאָט ביי דער אַרבעט איינעם אַ פרימאָרגן, אָנגע־טון אין זיין טורמע־סאַראָנג*), אַ גלייכגילטיקן. ער האָט אויפגענומען זיינע אומגליקן גוטמוטיק.

— כ'האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל אים מוחל זיין די רעשט פון זיין שטראָף, ווען די שאָסיי וועט פאַרענדיקט ווערן — האָט געזאָגט מאַרטאַן — און פון שמחה ווייסט ער נישט, אויף וועלכער וועלט ער געפינט זיך. גע־כאַפּט אַ נישקשהדיקן חלק, האַ? וואָס זאָגט איר?

ווען איך האָב פאַרלאָזט מאַרטאַנען, האָב איך אים געבעטן צו לאָזן מיר וויסן, ווען ער וועט קומען קיין ענגלאַנד און ער האָט צוגעזאָגט צו שרייבן צו מיר ווי נאָר ער וועט אָנקומען. אויף דער הייסער רגע גיט אַ מענטש גערן אַזעלכע איינלאַדונגען און ער איז פולשטענדיק אויפריכטיק אין זיין רעדן. אָבער ווען מען נעמט אָן ערנסט זיין וואָרט, נעמט אים אָן אַ לייכטע שרעק. מענטשן זענען אַזוי אַנדערש ביי זיך אין דער היים ווי זיי זענען עס אין אויסלאַנד. דאָרטן זענען זיי זאָרגלאָז, האַרציק און נאַטירלעך. זיי האָבן אייך צו דערציילן אינטערעסאַנטע פּאַסירונגען. זיי זענען אומגעהויערע איידל. איר דערוואַרט מיט אומגעדולד דעם מאָמענט, ווען עס וועט קומען פאַר אייך די רייזע צו קענען אָפּדאַנקען פאַר דער גאַסטפריינטלעכקייט, וואָס איר האָט באַקו־מען. אָבער עס איז נישט קיין לייכטע זאַך. די פּערזאָנען, וועלכע זענען גע־ווען אַזוי פאַרוויילנדיק אין זייער אייגענער סביבה, ווייזן זיך אַרויס צו זיין אומגעלומפּערט אין אייער. זיי זענען צוריקגעהאַלטן און שרעקעוודיק. איר שטעלט זיי פאָר צו אייערע פריינט, און אייערע פריינט זעען אין זיי אומ־

*) אַ קורץ קליידל, וואָס ווערט געטראָגן פון מענער און פרויען אויף די אינדזלען פון אויסטראַל־אַזיע; ענלעך צו אַ שאָטלענדישן „קילט" — באַמערקונג פון איבערזעצער.

דערטרעגלעכע נודניקעס. זיי טוען אַלץ כדי אַרויסצווייזן זייער העפלעכקייט, אָבער אָטעמען־אָפּ מיט אַ פֿאַרלייכטערונג, ווען די פרעמדע טראָגן זיך אָפּ און זייער לעבן קען ווידעראַמאָל אַרויפגיין אויף זיינע נאָרמאַלע רעלסן. איך מיין, אַז די איינוווינער פון די וויטע געגנטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן יונ־גערהייט זייער קאַריערע, פאַרשטייען די לאַגע זייער גוט, מחמת דער רעזול־טאַט איז אַ פועל־יוצא פון ביטערע און דערנידעַרנדיקע דערפאַרונגען, און איך האָב פעסטגעשטעלט, אַז זיי געניסן זעלטן פון אַן איינלאַדונג, וואָס ווערט זיי האַרציק געמאַכט אין אַ וויטער קאָלאָניע, ביים ראַנד פון דעם דזשונגל און וואָס ווערט פון זיי אויך האַרציק אָנגענומען. אָבער מאַרטאָן איז געווען גאָר אַנדערש. ער איז געווען אַ יונגער מאַן און אַ בחור. בדרך־כלל זענען עס די ווייבער, וועלכע שאַפן די שוועריקייט; אַנדערע פרויען קוקן אויף זייערע פראָסטע קליידער; מיט איין בליק נעמען זיי אַרום זייער פראָ־ווינציעלן אויסזען און מאַכן די געסט זיך פילן אייז־קאַלט מיט זייער גלייכגילטיקייט. אָבער מיט אַ מאַן איז די זאַך אַנדערש: ער קען שפּילן ברידזש און טעניס, און טאַנצט. מאַרטאָן האָט פאַרמאָגט רייץ. כ׳האָב אויף אַ מאָמענט נישט געצווייפלט, אַז אין אַ טאָג אָדער צוויי וועט ער אויסנוצן זיינע פעאיקייטן.

— פאַרוואָס האָט איר מיר נישט געמאָלדן, אַז איר האַלט ביים צוריק־קומען? — האָב איך אים געפרעגט.

— כ׳האָב געמיינט, אַז איר וועט נישט וועלן זיך לאַנגווײלן מיט מיר — האָט ער געשמייכלט.

— וואָס פאַרא נאַרישקייט!

אַוודאי, אַצינד, ווען ער איז געשטאַנען אין באַנד־גאַס ביים ברעג פון דעם טראָטואַר און געשמועסט אַ ווײלע, האָט ער מיר אויסגעזען מאָדנע. איך בין געווען צוגעווינט צו זען אים תמיד אָנגעטון אין קורצע קאַקי־הויזן און אין אַ טעניס־העמד מיטן אויסנאַם, ווען מיר פלעגן זיך אומקערן פון קלוב אַהיים ביינאַכט און ער פלעגט דאַן אָנטון אַ פּיזשאַמע און אַ סאַ־ראָנג צום אָוונטברויט. עס איז דער באַקוועמסטער מאָדעל פון אַן אָוונט־אַנצוג, וואָס איז ווען עס איז אויסגעטראַכט געוואָרן. אין זיין בלויעם סערדזש*) אַנצוג האָט ער אויסגעזען עטוואָס אומגעלומפּערט. זיין פּנים קעגנ־איבער אַ וויסן קראַגן האָט אויסגעזען זייער ברוין.

---

*) אַ מין כינעזישע שטאַרקע שטאָף — באַמערקונג פון איבערזעצער.

— וואָס איז געוואָרן מיט דער שאָסיי? — האָב איך אים אַ פרעג געטון.

— פּאַרענדיקט. כ׳האָב זיך געשראָקן, אַז איך וועל זיין געצוווּנגען אָפּ־צולייגן מיין אורלויב. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פּאָר שטערונגען, שוין ביים סאַמע סוף, אָבער איך האָב די כינעזער צוגעאיילט און דעם זעלבן טאָג, ווען איך בין אַוועקגעפאָרן, בין איך מיט מיין פּאָרדל אויף איר אַראָפּגע־פאָרן ביזן סאַמע סוף און צוריק, אָן אַן אָפּהאַלט, אָן קיין שום שטערונג.

איך האָב געלאַכט. זיין צופרידנקייט איז געווען פול מיט טעם.

— וואָס האָט איר שוין אָפּגעטון אין לאָנדאָן?

— איינגעקויפט קליידער.

— האָט איר זיך גוט געוויילט?

— ווונדערבאַר. אַ ביסל איינזאַם, ווייסט איר, אָבער עס אַרט מיך נישט. יעדע נאַכט גיי איך זען אַ ספּעקטאַקל. דאָס פּאָרל פאַמער האָבן געזאָלט זיין אין שטאָט. כ׳מיין, אַז איר האָט זיי באַגעגנט אין סאַראוואַק און איר דאַרפט זיי קענען. מיר האָבן געזאָלט באַזוכן די ספּעקטאַקלען צוזאַמען, אָבער זיי זענען געווען געצוווּנגען אָפּצופאָרן קיין שאָטלאַנד, מחמת איר מוטער איז קראַנק.

זיינע ווערטער, וועלכע זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אַ הייטערן טאָן, האָבן מיר גלייך אַ טיפן שניט געטון. ער האָט דורכגעמאַכט די געוויינלעכע דערפאַרונג. עס האָט ממש געשניטן ביים האַרצן. חדשים, לאַנגע חדשים פריער האָבן די דאָזיקע לייט געמאַכט פּלענער, ווי צו פאַרברענגען זייער אורלויב, און ווען זיי זענען אַראָפּ פון דער שיף, זענען זיי געווען אַזוי גליקלעך, אַז זיי האָבן זיך קוים געקענט באַהערשן. לאָנדאָן! קראָמען און קלובן און טע־אַטערס און רעסטאָראַנען. לאָנדאָן! זיי וועלן אַצינד לעבן אַ גוטן טאָג. לאָנ־דאָן! זי האָט זיי איינגעשלונגען. אַ מאָדנע רוישיקע שטאָט, נישט קיין פּיינט־לעך געשטימטע נאָר אַ גלייכגילטיקע, און זיי האָבן זיך אין איר פאַרלוירן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין פריינט. זיי האָבן מער נישט געהאַט קיין מגע־ומשא מיט די קאַנטשאַפטן, וועלכע זיי האָבן אָנגעקניפּט. זיי זענען געווען מער איינזאַם ווי אין דעם דזשונגל. עס איז געווען פאַר זיי אַ נחת־רוח, ווען זיי פלעגן זיך אָנשטויסן אין אַ טעאַטער אויף עמעצן, וועמען זיי האָבן געקענט אויפן ווייטן מזרח, און וועמען זיי האָבן אפשר דאָרטן נישט ליב געהאַט, אָדער, וועלכן זיי האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן, און האָבן געקענט דורכפירן אַ גע־מיטלעכן אָוונט צוזאַמען און זיך האַרציק אויסלאַכן, און דערציילן איינער

דעם צווייטן וואָס פֿאַראַ הערלעכע צייטן זיי האָבן געהאַט און שמועסן וועגן געמיינזאַמע פריינט און צום סוף אָנפּאַרטרויען איינער דעם צווייטן, אַ ביסל שרעקעוודיק, אַז זיי וואָלטן נישט געהאַט גאָרנישט קעגן דעם, אַז זייער אורלויב וואָלט שוין געהאַט געווען פאַרענדיקט און זיי וואָלטן שוין צוריק אַריין אין שפּאַן. זיי זענען געפאָרן זיך צו זען מיט זייערע משפחות און אוודאי זענען זיי געווען גליקלעך צו זען זיך מיט זיי, אָבער עס איז נישט געווען דאָס זעלביקע, וואָס פלעגט זיין. זיי האָבן זיך געפילט איבעריקע און ווען עס איז אויסגעקומען צו טון עפּעס ערנסטעס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס לעבן, וואָס די מענטשן האָבן געפירט אין ענגלאַנד, איז געווען האַלב פאַר־גליווערט. ס'איז געווען זייער פריילעך צו קומען אַהיים, אָבער מער האָט איר דאָרטן נישט געקענט לעבן, און צייטנווייז פלעגט איר אַ טראַכט טון פון אייער באַנגעלאָ, וואָס קוקט אַריבער צום טייך, און פון אייערע עקסקורסיעס איבער דער געגנט און וואָס פאַראַ גוטער טאָג עס איז געווען אַראָפּצוכאַפּן זיך, אַ מאָל אין אַ יובל, קיין סאַנדאַקאַן, · אָדער קוטשינג, אָדער סינגאַפּור.

און ווייל איך האָב געדענקט, אויף וואָס מאַרטאַן קוקט אויס, ווען ער וועט אַוועקפאָרן אויף זיין אורלויב, נאָך דעם ווי די שאָסיי וועט זיין פאַר־ענדיקט און ער וועט האָבן אַראָפּגעפּטרט אַן עול פון זיין קאָפּ, האָב איך בלויז געקענט פילן אַ ווייטיק, ווען איך האָב וועגן אים געטראַכט, ווי ער עסט זיין מיטאָג איינזאַם אין אַ זייטיקן קלוב, ווו ער קען נאָך קיינעם נישט, אָדער אין אַ רעסטאָראַן אַליין, אין דער געגנט פון סאָהאָ, און דערנאָך גייט ער זען אַ דראַמאַטישע פאָרשטעלונג, מיט קיינעם נישט ביי זיין זייט, מיט וועמען ער זאָל קענען געמיינזאַם געניסן דערפון און מיט קיינעם נישט צו כאַפּן אַ טרונק בעת די פויזעס. און איינצייטיק האָב איך אַ טראַכט געטון, אַז אפילו אויב איך וואָלט געוווסט, אַז ער איז אין לאָנדאָן, וואָלט איך אויך נישט גע־קענט קיין סך אויפטון פאַר אים, מחמת די לעצטע וואָך האָב איך נישט געהאַט קיין איינציקע פרייע מינוט. יענעם זעלבן אָוונט האָב איך געזאָלט עסן אָוונטברויט צוזאַמען מיט מיינע פריינט און דאַן גיין אין טעאַטער, און אויף צו מאָרגן האָב איך געדאַרפט אָפּפאָרן קיין אויסלאַנד.

— וואָס האָט איר בדעה צו טון דעם היינטיקן אָוונט? — האָב איך אַ פרעג געטון?

— איך גיי אין פּאַוויליאָן. ער איז אָנגעפּאַקט איבער די ברעגן, אָבער שטעלט אייך פאָר, אַז קעגנאיבער דעם טעאַטער געפינט זיך אַ יאָט, אַ וווּנדערבאַרער, וועלכער האָט מיר פאַרשאַפט אַ בילעט, וואָס איז אומגע־

קערט געוואָרן. אין פּלאַץ קענט איר אָפּט באַקומען, ווייסט איר, מיט צווי־פּלעצער איז שוין אַ שווערע מעשה.

— פאַרוואָס ווילט איר נישט עסן צוזאַמען מיט מיר אָוונטברויט? איך האָב איינגעלאַדן איניקע פּערזאָן צו עסן אין היימאַרקעט, און דערנאָך וועלן מיר גיין אין סירק.

— כ׳וואָלט זייער געוואָלט.

מיר האָבן אָפּגעמאַכט צו באַגעגענען זיך עלף אַזייגער, און כ׳בין אַוועק, כדי זיך צו טרעפן מיט עמעצן.

כ׳האָב מורא געהאַט, אַז די לייט, מיט וועלכע כ׳האָב איינגעלאַדן מאָרטאָגנען צו באַגעגענען זיך, וועלן אים נישט שטאַרק פאַרוויילן, מחמת זיי זענען געווען מיטליאָריקע מענטשן, אָבער כ׳האָב זיך נישט געקענט דערמאָנען וועגן אַ וועלכן עס איז יונגנמאַן, וועמען מען זאָל אין אָט דער צייט פון יאָר קענען כאַפּן צו יעדן מאָמענט. קיינע פון די מיידלעך, וועלכע איך האָב געקענט, וואָלט מיר נישט געווען דאַנקבאַר פאַר איינלאַדן זי צו אַן אָוונטברויט און צו טאַנצן מיט אַ נישט־דרייסטן יונגנמאַן פון די מאַלאַאישע אינדזלען. כ׳האָב געהאַט אַ גרונט צו גלויבן, אַז די בישאָפּס וועלן טון אַלץ פאַר אים, און נאָך אַלעמען וואָלט עס באַדאַרפט זיין אַ סך פריילעכער צו עסן זיין אָוונט־מאָלצייט אין אַ קלוב מיט אַ גוטן אָרקעסטער, ווו ער וואָלט געקענט זען פּרעכטיקע דאַמען טאַנצן, איידער צו גיין אַהיים שלאָפן עלף דעם זייגער, מחמת ער האָט דאָך נישט געהאַט ווּהין אין דער וועלט אַריין צו גיין. לכתחילה האָב איך זיך באַקענט מיט טשאַרלי בישאָפּן, ווען איך בין געווען אַ מעדיצין־סטודענט. ער איז דאַן געווען אַ דאַר קליין מענטשל מיט אַ זאַמ־דיקן קאָליר האָר און טעמפּע פּנים־שטריכן. ער האָט געהאַט פיינע אויגן, שוואַרצע און שיינענדיקע, אָבער ער האָט געטראָגן ברילן. ער האָט געהאַט אַ קיילעכדיק, פריילעך, רויט פּנים. ער האָט זייער ליב געהאַט מיידלעך. כ׳מיין, אַז ער האָט געהאַט דערפאָלג ביי זיי, מחמת אָן געלט און אָן אַ שיינעם אויסזען איז אים געלונגען אויסצוקלייבן אַ רייע יונגע פּערזאָנען, וועלכע האָבן צופרידנגעשטעלט זיינע קאַפּריזנע אַפּעטיטן. ער איז געווען פּעאיק און אָנגעבלאָזן, קריגעריש און פלעגט זיך שנעל אויפרעגן. ער האָט געהאַט אַ בייסיקע צונג. קוקנדיק אויף צוריק, וואָלט איך געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ היפּש אומאָנגענעמער יונגערמאַן, אָבער כ׳צווייפל, צי ער איז געווען אַ צודרינגלעכער. אַצינד, אין מיטן פון זיינע פופציקער יאָרן, האָט ער געהאַט אַ נייגונג צו ווערן דיק און איז געווען זייער פּליכעוואַטע, אָבער זיינע אויגן,

הינטער די ברילן מיט די גאָלדענע רעמלעך, זענען נאָך געווען שיינענדיקע און לעבעדיקע. ער איז געווען דאָגמאַטיש און עטוואָס איינגעבילדעט, נאָך אַלץ שטרייטיק און בייסיק, אָבער ער איז געווען פון דער נאַטור אַ גוטער און אַ פאַרוויילנדיקער. ווען איר קענט אַ פערזאָן אַ לאַנגע צייט, הערן אייך אויף צו אַרן זיינע אייגנאַרטיקייטן. איר באַטראַכט זיי, ווי איר וואָלט באַטראַכט אייערע אייגענע פיזישע דעפעקטן. ער איז געווען פון פאַך אַ פאַטאָלאָג און פון צייט צו צייט פלעגט ער מיר אַריינשיקן אַ דין ביכעלע, וואָס ער פלעגט אַרויסגעבן. דער אינהאַלט איז געווען אַ שטרענג וויסנשאַפטלעכער און אויסערגעוויינלעך פּראָפעסיאָנעל, מאָנאָטאָן אילוסטרירט מיט פאָטאָגראַפיעס פון באַצילן. איך האָב עס נישט געלייענט. פון וואָס איך האָב אַנומלט גע־הערט, פאַרשטיי איך, אַז טשאַרליס צוגאַנג צו די קעגנשטאַנדן, וועלכע ער האָט באַהאַנדלט, זענען געווען שלעכט באַגרינדעטע. איך גלויב נישט, אַז ער זאָל האָבן געווען זייער באַליבט ביי די איבעריקע מיטגלידער פון זיין באַרוף. ער האָט נישט פאַרהוילט דעם פאַקט, אַז ער האָט זיי באַטראַכט ווי אַ חברה אומקאָמפעטענטע אידיאָטן, אָבער ווייל ער האָט געהאַט אַ סך אַר־בעט, וואָס האָט אים אַריינגעבראַכט פון זעקס ביז אַכט הונדערט פונט אַ יאָר, לויט מיין מיינונג, איז ער דעריבער געווען פולקאָם גלייכגילטיק צו די מיינונגען, וועלכע זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן וועגן אים.

איך האָב ליב געהאַט טשאַרלי בישאָפּן, מחמת כ׳האָב אים געקענט אַן ערך דרייסיק יאָר. אָבער כ׳האָב אויך ליב געהאַט מאַרדזשערין, זיין פרוי ווייל זי איז געווען זייער שיין. כ׳בין געווען אומגעהויער איבערראַשט, ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער גייט חתונה האָבן. ער איז שוין געווען עטוואָס עלטער פון פערציק, צו יענער צייט, און אַזוי אומבאַשטענדיק אין זיינע לי־בעס, אַז איך בין געקומען צו דער מסקנה, אַז ער וועט פאַרבלייבן אַ בחור. ער האָט זייער ליב געהאַט פרויען, אָבער ער איז לחלוטין נישט געווען סענ־טימענטאַל און זיינע כוונות זענען געווען צעלאָזענע. זיין קוק אויפן ווייבלעכן געשלעכט וואָלט אין די איצטיקע אידעאַליסטישע טעג באַטראַכט געוואָרן פאַר נישט קולטורעל. ער האָט געוווּסט, וואָס ער וויל און דאָס האָט ער געבעטן, און אויב ער האָט עס נישט געקענט באַקומען פאַר ליבע אָדער פאַר געלט, פלעגט ער אַ הויב טון מיט די אַקסלען און אַוועקגיין. קורץ גע־רעדט, ער האָט נישט געוועגדט זיין אויפמערקזאַמקייט צו פרויען כדי צו־פרידנצושטעלן זיין אידעאַל, נאָר צו זעטיקן זיין סעקסועלן אינסטינקט. עס האָט אויסגעזען מאָדנע, אַז כאָטש ער איז געווען אַ קליין און פשוט

מענטשל, האָט ער געפונען אַ סך, וועלכע זענען געווען גרייט צו דערפילן זיינע ווונטשן. פאַר זיינע גייסטיקע הצטרכותן האָט ער געפונען אַ צופרידנ־שטעלונג אין די איין־צעליקע אָרגאַניזמען. ער איז תמיד געווען אַ מאַן, וועלכער פלעגט רעדן צו דער זאַך, און ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער גייט חתונה האָבן מיט אַ יונגער פרוי מיטן נאָמען מאַרדזשערי האָבסן, האָב איך זיך נישט אַ קווענקל געטון צו פרעגן אים פאַרוואָס. ער האָט זיך צעלאַכט ווי אַ ליץ.

— דריי סיבות. די ערשטע: זי וועט מיר נישט דערלויבן צו גיין אין בעט אַריין שלאָפן אָן איר; די צווייטע: זי מאַכט מיך לאַכן אויסערגעוויינלעך, ווי אַ היענע; און די דריטע: זי איז איינע אַליין אין דער וועלט, אָן קיין שום קרוב, און זי באַדאַרף האָבן עמעצן, וועלכער זאָל וועגן איר זאָרגן.

— די ערשטע סיבה איז אמתע באַרימעריי און די צווייטע איז אָפּנאַ־רעריי. די דריטע איז די אמתע און עס מיינט, אַז זי האָט דיך געמאַכט פאַרלירן דעם קאָפּ און האַלט דיך שטאַרק אין אירע הענט.

זיינע אויגן האָבן געשימערט שטילערהייט הינטער זיינע גרויסע ברילן.

— איך וועל זיך גאָרנישט וווּנדערן, אויב דו וועסט זיין גערעכט.

— נישט בלויז, וואָס זי האָט דיך געמאַכט פאַרלירן דעם קאָפּ, נאָר דו ביסט נאָך גליקלעך פון דעם.

— קום עסן מיט מיר מאָרגן מיטאָג, וועסטו זי זען. ס'איז אַ מחיה צו קוקן אויף איר.

טשאַרלי איז געווען אַ מיטגליד פון אַ האָן־און־הון־קלוב*), אין וועלכן איך פלעג זייער אָפּט אַריינקומען צו יענער צייט, און מיר האָבן אָפּגעמאַכט צו עסן דאָרטן אַ מיטאָג. מאַרדזשערי איז מיר זייער געפעלן געוואָרן; זי איז געווען אַ באַחנטע יונגע פרוי. זי איז דעמאָלט אַלט געווען אונטער די דרייסיקער. זי איז געווען אַ גאַנצע דאַמע. כ'האָב דעם פאַקט באַמערקט מיט צופרידנקייט, אָבער מיט אַ געוויסער פאַרווונדערונג, מחמת עס האָט קיינמאָל נישט אויסגעמיטן מיין אויפמערקזאַמקייט, אַז טשאַרלי פלעגט בדרך־כלל זיין צוגעצויגן פון פרויען, וועמעס באַנעמונגען זענען ווייט געווען פון אידעאַלע. זי איז נישט געווען קיין שיינע, אָבער אַן עלעגאַנטע, מיט פיינע טונקעלע האָר און שיינע אויגן, אַ פיינער צערע און אַן אויסזען פון גוטן געזונט. זי

*) א קלוב, ווו מענער און פרויען קענען צוגלייך זיין מיטגלידער — באַמערקונג פון איבערזעצער.

האָט אין זיך געהאַט אַ געמיטלעכע אויפריכטיקייט און אַן אויסזען פון אָפנהאַרציקייט, וואָס איז געווען זייער רייצנדיק. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אָרנטלעכער, פשוטער און פאַרלעסלעכער פרוי. איך האָב זי תיכף ליב געקראָגן. זי איז געווען צוגעבנגלעך אין געשפּרעך, און, הגם זי האָט נישט אַרויסגעזאָגט קיין טיפע געדאַנקען, האָט זי גוט פאַרשטאַנען אַלץ וועגן וואָס מען האָט גערעדט. זי האָט געשווינד פאַרשטאַנען אַ וויץ און איז נישט געווען קיין שרעקעוודיקע. זי האָט אויף אייך געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קאָמפּעטענטער און זאַכלעכער דאַמע. זי איז געווען באַזעלט פון אַ גליקלעכער רואיקייט, וואָס האָט מרמז געווען אויף אַ גוט געמיט און אַן אויסגעצייכנטער שפּייז־פאַרדייאונג.

זיי האָבן אויסגעזען צו זיין אויסערגעוויינלעך קעגנזייטיק צופרידן. ווען איך האָב זי צום ערשטן מאָל געזען, האָב איך זיך אַליין געפרעגט, פאַרוואָס האָט מארדזשערי חתונה געהאַט מיט דעם אויפגערעגטן, קליינעם מענטש, שוין מיט אַ היפּשן פּליך און אין קיין שום פאַל שוין נישט קיין יונגן. אָבער איך האָב זייער שנעל אַנטפּלעקט דעם סוד: זי איז געווען אין אים פאַרליבט. זיי האָבן קעגנזייטיק חוזק געמאַכט פון זיך, און האָבן אַ סך געלאַכט. פון צייט צו צייט פלעגן זיך זייערע אויגן אויף אַ באַדייטונגספולן אופן צוזאַמענטרעפן און פלעגן דיסקרעטע צווישן זיך אויסבייטן אַ געוויסן געדאַנק. עס איז באמת געווען זייער עמאָציאָנעל.

אַ וואָך שפּעטער האָבן זיי דורכגעפירט זייערע חתונה־פאַרמאַליטעטן אין דעם מלוכה־אַמט. עס איז געווען אַ דערפאָלגרייכער שידוך. קוקנדיק אויף צוריק, אַצינד נאָך זעכצן יאָר, נעמט מיך אָן אַן אינערלעך געלעכטער פון סימפּאַטיע ביים געדאַנק פון דער שטיפעריי, וואָס זיי האָבן געמאַכט צוזאַמען פון זייער לעבן. כ׳האָב קיינמאָל נישט אָנגעטראָפן קיין מער איבערגעגעבן פּאָרל. זיי האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין סך געלט. זיי האָבן קיינמאָל נישט אויסגעזען צו האָבן אַ חשק דערצו. זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַמביציעס. זייער לעבן איז געווען אַ פּיקניק, וועלכער האָט זיך קיינמאָל נישט געענדיקט. זיי האָבן געוווינט אין דער קלענסטער דירה, וואָס איך האָב ווען עס איז געזען, אין פאַנטאַן־גאַס, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קליין שלאָפצימער, אַ קליינע סאַלע און אַ באַדצימער, וואָס האָט איינצייטיק געדינט פאַר אַ קיך. אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין חוש פאַר אַ היים; זיי פלעגן עסן זייערע מאָלצייטן אין רעסטאָראַנען און בלויז זייערע אָנבייסנס אין זייער וווינונג, וואָס איז נאָר געווען אַן אָרט פאַר שלאָפן. זי איז געווען געמיטלעך, כאָטש

ווען אַ דריטע פּערזאָן פלעגט אַריינקומען צו זיי אויף אַ וויסקי־מיט־סאָדע, פלעגט זי שוין זיין געפּאַקט מיט מענטשן. מיט דער הילף פון אַן אַריינגייערין, האָט מאַרדזשערי עס געהאַלטן אַזוי ריין, ווי טשאַרליס אָפּגעלאָזנקייט האָט עס דערלויבט, אָבער עס איז דאָרט נישט געווען קיין שום זאַך, וואָס זאָל זיך אויסצייכענען מיט וועלכער עס איז אייגנאַרטיקייט. זיי האָבן געהאַט אַ קליינ׳ינטשקן אויטאָ, און ווען נאָר טשאַרלי פלעגט האָבן אַ יום־טוב, פלעגן זיי עס נעמען מיט זיך איבערן לאַמאַנש־קאַנאַל און אין אים זיך לאָזן וווהין דאָס האַרץ האָט נאָר געגלוסט; יעדער מיט אַ רייזע־זאַק, אין וועלכן זיי האָבן געהאַט זייער גאַנצן באַגאַזש. ווען דאָס אויטאָלע פלעגט קאַליע ווערן אין וועג, פלעגט עס ביי זיי זיין אַ נאַרמאַלע דערשיינונג, און אַ שלעכט וועטער איז געווען אַ טייל פון זייער פּאַרוויילונגס־פּראָגראַם; אַ דורכלעכערונג פון זייער אויטאָס אַ ראָד האָט זיי פאַרשאַפט אומענדלעכן שפּאַס, און אויב זיי האָבן פאַרלוירן זייער וועג און געמוזט דורכשלאָפן די נאַכט אין פרייען פעלד, האָבן זיי עס באַטראַכט פאַרן העכסטן און גליקלעכסטן מאָמענט פון זייער לעבן.

טשאַרלי האָט פאַרגעזעצט צו זיין אויפגערעגט און קריגעריש, אָבער קיין זאַך וואָס ער פלעגט אָפּטון, פלעגט נישט שטערן מאַרדזשעריס ליבלעכע רואיקייט. מיט איין וואָרט פלעגט זי אים באַרואיקן. זי פלעגט אים אפילו מאַכן לאַכן. זי פלעגט איבערשרייבן אויף דער מאַשין זיינע מאַנאָגראַפיעס איבער טונקעלע און געהיימענישפולע באַצילן און פלעגט קאָרעגירן די פּראָבעס פון זיינע אַרטיקלען אין די וויסנשאַפטלעכע צייטשריפטן. איינמאָל האָב איך זיי געפרעגט, צי זיי קריגן זיך אַרום.

— ניין — האָט זי געענטפערט. — מיר דאַכט זיך, אַז מיר האָבן קיינ־מאָל נישט וועגן וואָס זיך צו קריגן. טשאַרלי האָט אַ געמיט פון אַ מלאך.

— אומזין, — האָב איך געזאָגט — ער איז אַן אַראָגאַנט, אַן אָנגרייפער און אַ יאַט מיט אַ זויערער מינע און אַ צודרייט פּנים. ער איז תמיד געווען אַזאַ.

זי האָט אויף אים געקוקט און געלאַכט, און איך האָב געזען, אַז זי נעמט מיך אָן פאַר אַ קאָמישן נפש.

— לאָז אים זיך היצן — האָט געזאָגט טשאַרלי. — ער איז אַן אומבאַוווסט־זיניקער נאַר און ער באַנוצט ווערטער, פון וועמעס באַדייט ער האָט קיין אָנונג נישט.

דאָס לעבן איז פאַר זיי געווען זיס. זיי זענען געווען גליקלעך און פלעגן זיין תמיד צוזאַמען, סיידן ווען עס זענען געווען סיבות פון אומבאַדינגטער

נויטווענדיקייט. אפילו איצט, נאָך אַזויפיל יאָרן נאָך זייער חתונה, פלעגט טשאַרלי אַריינשטייגן אין זיין אויטאָ יעדן טאָג און אַראָפּפאָרן אין מערב־טייל פון דער שטאָט, בכדי צו טרעפן זיך מיט מאַרדזשערין אין אַ רעסטאָ־ראַן. מענטשן פלעגן ליבנסווירדיק לאַכן פון זיי, אָבער אפשר מיט אַ קליינעם קלעם אין זייערע גאָרגלען, ווייל ווען מען פלעגט זיי פאַרבעטן אַרויסצופאָרן און פאַרברענגען אַ וויק־ענד אויסער דער שטאָט, פלעגט מאַרדזשערי שרייבן צו דער באַלעבאָסטע און איר זאָגן, אַז זיי וואָלטן גערן אַראָפּגעקומען, אויב מ׳וואָלט פאַר זיי צוגעגרייט אַ טאָפּלט בעט. זיי זענען געשלאָפן צוזאַמען אין משך פון אַזוי פיל יאָרן, אַזוי אַז קיינער פון זיי וואָלט נישט געקענט מער שלאָפן באַזונדער. גאַנץ אָפט פלעגט עס אויסזען אַ ביסל אומגעלומפּערט. מענער און פרויען פלעגן געוויינלעך נישט בלויז פאָדערן באַזונדערע צימערן, נאָר פלעגן ווערן אַ ביסל פאַרקרימט, ווען מען פלעגט זיי בעטן צו באַנוצן דאָס זעלבע באָדצימער. מאָדערנע הייזער זענען נישט געמאַכט לויט די הצטרכותן פון פאַמיליע־פּאָרלעך, אָבער צווישן זייערע פריינט איז שוין געווען אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז אויב איר ווילט איינלאַדן די בישאָפּס, מוזט איר פאַר זיי באַשטימען אַ צימער מיט אַ טאָפּלט בעט. אוודאי זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ ביסל אומאָנשטענדיק; און עס האָט אויסגעזען צו זיין אומבאַקוועם, אָבער זיי זענען געווען אַ ליב־לעך פּאָרל, מיט וועמען עס איז געווען גוט צו פאַרברענגען און דעריבער האָט געלוינט נאָכצוקומען זייערע קאַפּריזן. טשאַרלי איז תמיד געווען פול מיט הומאָר און, אויף זיין בייסיקן שטייגער, אומגעהויער פאַרווײַלנדיק, און מאַרדזשערי איז געווען רואיק און נאָכגיביק. זיי האָבן נישט פאַרשאַפט קיין שום טרחה, זייענדיק צו־גאַסט. קיין זאַך איז פאַר זיי נישט געווען מער אָנ־געלייגט, ווי ווען מען פלעגט זיי לאָזן אַליין מאַכן לאַנגע שפּאַצירן אויפן פרייעם לאַנד.

ווען אַ מאַן האָט חתונה, דערווייטערט אים זיין פרוי, פריִער אָדער שפּע־טער, פון זיינע אַלטע פריינט. אָבער, אין קעגנטייל, מאַרדזשערי האָט פאַר־גרעסערט טשאַרליס אינטימיטעט מיט זיי. מיטן געבן אים מער טאָלעראַנץ, האָט זי פון אים געמאַכט אַ מער אַנגענעמען חבר. זיי האָבן אויך אייך געמאַכט דעם איינדרוק נישט פון אַ פאַרהייראַט פּאָרפּאָלק, נאָר, ווי ווייט קאָמיש עס מעג אויסזען, פון צוויי מיטליאָריקע בחורים, וועלכע וווינען צוזאַמען, און ווען מאַרדזשערי, ווי עס איז געווען דער שטייגער, איז געווען די איינ־ציקע פרוי צווישן אַ האַלבן טוץ מענער, קריגערישע, פריילעכע און לעב־

יונגען, פלעגט זי נישט זיין קיין שטערונג פאַר גוטער חברשאַפט, נאָר אַ האַרציקע סימפּאַטיזירעריןָ. ווען נאָר איך פלעג זיין אין לאָנדאָן, פלעג איך זיי זען. בדרך כלל פלעגן זיי עסן זייער אָונטברויט אין דעם קלוב, וועלכן איך האָב אויבן דערמאָנט, און ווען איך פלעג נישט האָבן קיין אַנדערע צו־זאַמענטרעפן, פלעג איך זיך באַגעגענען מיט זיי.

ווען מיר האָבן זיך יענעם אָוונט באַגעגנט ביי אַ לייכטן צובייסן, איידער מיר זענען אַוועק אין טעאַטער, האָב איך זיי געזאָגט, אַז כ'האָב איינגעלאַדן מאָרטאָנען צו קומען צום אָוונט־מאָלצייט.

— כ'האָב מורא, אַז איר וועט אים איינגעפינען פאַר זייער אַ מגושמ־דיקן — האָב איך געזאָגט. — אָבער ער איז זייער אַן אָרנטלעכער יונג און ער איז געווען אומגעהויער פריינטלעך צו מיר, בעת כ'בין געווען אין באָרנעאָ.

— פאַרוואָס האָט איר מיר נישט געגעבן צו וויסן פריִער? — האָט אויס־געשריען מאַרדזשערי. — כ'וואָלט מיטגעבראַכט אַ פריילין צו אונדזער גע־זעלשאַפט.

— צו וואָס דאַרפסטו האָבן אַ פריילין? — האָט זיך אָפּגערופן טשאַר־לי. — דו וועסט דאָך זיין מיט אונדז.

— איך בין מסופק, צי עס קען אַ יונגנמאַן פאַרשאַפן גרויס פאַרגעניגן צו טאַנצן מיט אַ פרוי אין מיינע עלטערע יאָרן — האָט געזאָגט מאַרדזשערי.

— נאַרישקייט. וואָס האָט צו טון דיין עלטער מיטן דאָזיקן ענין?

ער האָט זיך געווענדט צו מיר.

— האָט איר ווען עס איז געטאַנצט מיט עמעצן, וואָס טאַנצט בעסער?

איך האָב, אָבער זי האָט באמת זייער פיין געטאַנצט. זי איז געווען לייכט אויף די פיס, זייער עלאַסטיש און האָט פאַרמאָגט אַ גוטן חוש פאַר ריטם.

— קיינמאָל נישט — האָב איך האַרציק געענטפערט.

מאָרטאָן האָט אויף אונדז געוואַרט, ווען מיר זענען אָנגעקומען אין סיראָ. ער האָט אויסגעזען זייער אָפּגעברענט פון דער זון אין זיינע אָוונט־קליידער. אפשר, מחמת איך האָב געוווסט, אַז זיי זענען געווען איינגעפּאַקט אין אַ בלעכן קעסטל צוזאַמען מיט קאַמפאָר־ און נאַפטאַלין־קוילן, במשך פיר יאָרן, האָב איך געפילט, אַז ער האָט אויסגעזען נישט איינאַגנצן באַקוועם אין זיי. ער האָט זיך, בלי שום ספק, אַ סך גערואמער באַוועגט אין די קורצע קאַקי־הויזלעך. טשאַרלי בישאָפּ האָט ליב געהאַט אַ סך צו רעדן און זיך אַליין הערן רעדן. מאָרטאָן איז געווען צוריקגעהאַלטן. כ'האָב אים מכבד

געוועזן מיט אַ קאָקטייל און באַשטעלט שאַמפּאַן. כ׳האָב געפילט, אַז ער וואָלט געהאַט חשק צו לאָזן זיך אין אַ טאַנץ, אָבער כ׳בין נישט געווען איבעריק זיכער, צי עס וועט אים איינפאַלן צו בעטן מארדזשערין. איך האָב זיך אָפּ־געגעבן אַ גענויעם חשבון, אַז מיר אַלע באַלאַנגען צו אַן אַנדערן דור.

— כ׳מיין, אַז איך דאַרף אייך זאָגן, אַז מיסיס בישאָפּ איז אַ פיינע טענ־צערין — האָב איך געזאָגט.

— אַזוי! — ער האָט זיך אַ ביסל פאַררויטלט. — ווילט איר טאַנצן מיט מיר?

זי איז אויפגעשטאַנען און זיי זענען אַוועק טאַנצן. זי האָט אויסגעזען יענעם אָוונט אייגנאַרטיק שיין, נישט אינגאַנצן עלעגאַנט, און איך צווייפל, צי איר פּשוטער שוואַרצער קאָסטיום האָט געקאָסט מער פון זעקס מיט אַ האַלבן פונט, אָבער זי האָט אויסגעזען ווי אַ ליידי. זי האָט זיך אויסגעצ־צייכנט מיט אירע אויסערגעוויינלעך הערלעך געפורעמטע פיס, און צו יענער צייט האָט מען געטראָגן זייער קורצע קליידלעך. לויט מיין מיינונג האָט זי געהאַט אויף זיך ווייניק קאָסמעטיק, אָבער אין קאָנטראַסט מיט די אַנדערע פרויען דאָרטן, האָט זי אויסגעזען זייער נאַטירלעך. די האָר „אַ־לאַ־גאַרסאָן״ האָבן איר זייער געקליידט. זי האָט נישט געהאַט קיין גרויע האָר און זייער גלאַנץ איז געווען רייצנדיק. זי איז נישט געווען קיין שיינע פרוי, אָבער איר איידלקייט, איר מונטער אויסזען, איר גוטער געזונט־צושטאַנד האָט אייך געגעבן, אויב נישט די אילוזיע, אַז זי איז אַזאַ געווען, איז לכל הפּחות דאָס געפיל, אַז דאָס האָט נישט קיין גרויס באַדייטונג. ווען זי איז צוריקגע־קומען צום טיש, האָבן אירע אויגן געשיינט און דער קאָליר פון איר געזיכט איז געווען אַ פאַרשטאַרקטער.

— ווי טאַנצט ער? — האָט געפרעגט איר מאַן.

— געטלעך.

— עס איז זייער לייכט צו טאַנצן מיט אייך — האָט געזאָגט מאָרטאָן.

טשאַרלי איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין שמועס. ער האָט פאַרמאָגט אַ סאַרדאָנישן הומאָר און ער איז געווען אינטערעסאַנט, מחמת ער איז גע־ווען אַליין זייער פאַראינטערעסירט אין וואָס ער האָט געזאָגט. אָבער ער האָט גערעדט וועגן זאַכן, וועגן וועלכע מאָרטאָן האָט קיין שום אַנונג נישט גע־האַט, און הגם ער האָט זיך צוגעהערט מיט אַן איידעלן אופן פון פאַראינטערעסי־רונג, האָב איך געקענט זען, אַז ער איז געווען צו שטאַרק גערייצט פון דער

לוסטיקייט פון דער סביבה, מוזיק און פון דעם שאַמפּאַן צו קענען נאָך ווידמען זיין אויפמערקזאַמקייט דעם שמועס.

ווען די מוזיק האָט ווידער אַ הילך געטון, האָבן זיינע אויגן תיכף גע־זוכט מאַרדזשעריס. טשאַרלי האָט עס באַמערקט און געשמייכלט.

— טאַנץ מיט אים, מאַרדזשערי. ס'איז גוט פאַר מיין פיגור צו זען ווי דו מאַכסט איבונגען.

ווידער אַמאָל האָבן זיי זיך געלאָזט אין טאַנץ און אויף אַ מאָמענט האָט טשאַרלי זי נאָכגעפאָלגט מיט זיינע ליבנדיקע אויגן.

— מאַרדזשערי איז גליקלעך. זי האָט ליב צו טאַנצן, און מיך מאַכט עס קרעכצן און זיפצן. נישט קיין שלעכטער יונג.

מיין קליינע מסיבה איז געווען געקרוינט מיט דערפאָלג, און נאָכן גע־זעגענען זיך מיט די בישאָפּס, ווען איך און מאַרטאַן זענען אַוועק צוזאַמען אין דער ריכטונג צו פּיקאַדילי־סערקעס, האָט ער מיר וואַרעם געדאַנקט. ער האָט זיך גוט געוויילט. מיר האָבן זיך געזעגנט, אויף צו מאָרגנס בין איך אָפּגעפאָרן קיין אויסלאַנד.

עס האָט מיר באַנג געטון, וואָס איך האָב נישט געקענט טון מער פאַר מאַרטאַנען, און איך האָב געוווּסט, אַז ווען איך וועל צוריקקומען, וועט ער שוין זיין אויף זיין צוריקוועג קיין באָרנעאָ. פון צייט צו צייט פלעג איך ווענן אים אַ טראַכט געבן, אָבער ביזן האַרבסט, ווען איך בין געווען שוין צוריק אינדערהיים, איז ער מיר אַרויס פון מיין געדעכעניש. נאָכן אָפּזיין אין לאָנ־דאָן אַ וואָך צייט, האָט זיך געמאַכט, אַז כ'בין אַ געוויסע נאָכט אַריינגעקומען אינעם קלוב, פון וועלכן טשאַרלי בישאָפּ איז געווען מיטגליד. ער איז געזעסן אין דער געזעלשאַפט פון אַ דריי־פיר מענער, וועלכע איך האָב געקענט און איך בין צוגעגאַנגען. כ'האָב קיינעם פון זיי נישט געזען זינט מיין צוריק־קער. איינער פון זיי, ביל מאַרש, וואָס זיין פרוי דזשאַנעט איז געווען מיינע אַ גרויסע פריינדין, האָט מיך איינגעלאַדן צו נעמען אַ טרונק.

— פון וואַנען האָסטו זיך גענומען? — האָט אַ פרעג געטון טשאַרלי. — כ'האָב דיך לעצטנס נישט געזען אין די מקומות.

כ'האָב באַלד באַמערקט, אַז ער איז געווען בגילופין. כ'בין געווען איבער־ראַשט. טשאַרלי האָט תמיד האַלט געהאַט צו מאַכן אַ שנעפּסל, אָבער ער האָט עס געטון פיין און קיינמאָל נישט איבערגעכאַפּט די מאָס. אין די פריערדיקע

יאָרן, ווען מיר זענען נאָך געווען זייער יונג, פלעגט ער זיך צייטנווייז אָנ־שכורן, אָבער זיין כוונה איז געווען, מער ווי וואַרשיינלעך, צו ווייזן, אַז ער איז געווען אַ פולשטענדיקער מאַן. אָבער ס'איז נישט יושרדיק צו דערציילן עמעצנס זינד פון זיין יוגנט. און איך געדענק אויך, אַז ווען ער פלעגט זיין בגילופין, פלעגט ער זיך באַנעמען נישט אָנשטענדיק. זיין נאַטירלעכע אָנגריי־פערישקייט פלעגט דאַן שטאַרק שטייגן און ער פלעגט רעדן אַ סך און זייער הויך; ער איז געווען שטאַרק נוטה צו קריגערייען. ער פלעגט זיין דעמאָלט זייער דיקטאַטאָריש, געבנדיק באַפעלן און אָפּזאָגנדיק זיך צו אויסהערן וועלכע עס איז קעגנערישע מיינונגען, וועלכע זענען אַנטשטאַנען דורך זיינע ראַשיקע פעסטשטעלונגען. די אַנדערע האָבן געוווּסט, אַז ער איז געווען שכור און זענען געווען אין אַ קלעם צווישן דער אויפרעגונג, וואָס זיין נישט נאָר־מאַלע אויפפירונג האָט ביי זיי אַרויסגערופן, פון איין זייט, און דער גוט־מוטיקער טאָלעראַנץ, וועלכע זיין לאַגע, ווי זיי האָבן עס געפילט, האָט געפאָדערט, פון דער אַנדער זייט. ער איז נישט געווען קיין אָנגענעמער פאַר־שוין. אַ מאַן פון אָט דעם עלטער, אַ ליסער און אַ דיקלעכער, מיט ברילן און אין אַ שכורן צושטאַנד, איז עקלהאַפט. בדרך כלל איז ער געווען אַן עלע־גאַנטער מאַנסביל, אַן ענערגישער, אָבער אַצינד איז ער געווען פאַרשליאָ־כעט און איינגאַנצן פאַרדעקט מיטן טאַבאַק־אַש. טשאַרלי האָט צוגערופן דעם קעלנער און באַשטעלט נאָך אַ וויסקי. דער קעלנער איז שוין געווען אָנגע־שטעלט אין קלוב אַן ערך דרייסיק יאָר.

— איר האָט עס דאָך שטיין פאַר אייך אויפן טיש, מיין הער.

— רוקט נישט אַריין אייער נאָז אין פרעמדע געשעפטן — האָט געזאָגט טשאַרלי בישאָפּ. — ברענגט מיר אַ טאָפּלטע פּאָרציע וויסקי תיכף־ומיד, ווייל, אין קעגנטייל, וועל איך אייך פאַרמסרן צום סעקרעטאַר פאַר באַליידיקונג.

— זייער גוט, סער — האָט דער קעלנער געענטפערט.

מיט איין שלונג האָט טשאַרלי אויסגעליידיקט זיין גלעזל, אָבער זיין האַנט האָט זיך געטרייסלט און אַ ביסל וויסקי האָט זיך אויף אים פאַרגאָסן.

— נו, טשאַרלי, גוטער ברודער, מיר וועלן אָנהויבן גיין — האָט גע־זאָגט ביל מאַרש. ער האָט זיך דאַן געווענדט צו מיר. — טשאַרלי האַלט זיך אויף ביי אונדז אינדערהיים, אויף אַ קורצער צייט.

איך בין נאָך מער צעטומלט געוואָרן. אָבער איך האָב געפילט, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג, און איך האָב זיך געטראַכט, אַז ס'וועט זיין בעסער פאַר מיר, נישט צו זאָגן גאָרנישט.

— כ׳בין גרייט — האָט געזאָגט טשאַרלי. — כ׳וועל נעמען נאָך איין גלעזעלע פאַרן אַוועקגאַנג. כ׳וועל האָבן אַ בעסערע נאַכט, אויב איך וועל עס טון.

עס האָט מיר אויסגעזען, אַז די מסיבה וועט אַזוי שנעל נישט פאַר־ענדיקט ווערן, דעריבער בין איך אויפגעשטאַנען און געזאָגט, אַז איך האָב בדעה צו גיין אַהיים.

— נו — האָט געזאָגט ביל, ווען איך האָב שוין געהאַלטן ביים אַוועק־גיין, — איר וועט נישט האָבן גאָרנישט קעגן דעם, אַז מיר וועלן אייך איינ־לאַדן צום אָוונטברויט צו אונדז מאָרגן ביינאַכט, נישט אמת? בלויז איך, דזשאַנעט און טשאַרלי וועלן דאָרטן זיין.

— יאָ, כ׳וועל קומען מיט פאַרגעניגן — האָב איך געזאָגט.

ס׳איז געווען אויגנשיינלעך, אַז עפּעס קומט דאָ פאָר.

די מאַרשעס האָבן געוווינט אין איינעם פון די הייזער, וואָס געפינען זיך לענגאויס דעם שיפּוע אויפן מזרח־זייט פון רידזשענט־פּאַרק. דאָס דינסטמיידל, וואָס האָט מיר געעפנט די טיר, האָט געבעטן אַריינגיין אין מיסטער מארשעס קאַבינעט. ער האָט דאָרטן אויף מיר געוואַרט.

— איך האָב געהאַלטן פאַר וויכטיק צו אויסטוישן מיט אייך אַ פּאָר ווער־טער, איידער איר גייט אַריין — האָט ער געזאָגט, בעת ער האָט מיר דער־לאַנגט זיין האַנט. — איר ווייסט, אַז מאָרדזשערי האָט פאַרלאָזט טשאַרלין?

— ניין, איך ווייס פון גאָרנישט.

— די געשעעניש איז אויף אים געפאַלן ווי אַ דונער. דזשאַנעט האָט געהאַלטן, אַז עס איז פאַר אים שרעקלעך צו פאַרבלייבן אַליין אין יענער זייער קליינער דירה און אים געבעטן, אַז ער זאָל פאַרבלייבן דאָ אויף אַ ווײַלע מיט אונדז. מיר האָבן געטון אַלץ וואָס מיר האָבן געקענט טון פאַר אים. ער טרינקט ווי אַ פיש. שוין צוויי וואָכן ווי ער טוט נישט צו מיט אַן אויג.

— אָבער זי האָט אים נישט פאַרלאָזט אויף שטענדיק, האַ?

— יאָ, אויף שטענדיק. זי שטאַרבט אַוועק נאָך אַ געוויסן יונגנמאַן מיטן נאָמען מאָרטאָן.

דאָס האַרץ איז אין מיר איינגעפאַלן.

— מאָרטאָן, ווער איז ער?

עס וואָלט מיר קיינמאָל נישט געקומען אויפן זינען, אַז עס זאָל זיין מיין פריינט פון באָרנעאָ.

## וו. סאמערסעט מאָם

— צו אַלדע בייזע רוחות. איר האָט אים אַריינגעפּירט, און אַ פּיין שטיקל אַרבעט האָט ער אָפּגעטון. לאָמיר אַרויפגיין אויפן צווייטן שטאָק; איך האָב גע־האַלטן פאַר וויכטיק צו באַקענען אייך מיט דער לאַגע.

ער האָט געעפנט די טיר און מיר זענען אַרויס. כ׳בין געווען פולשטענ־דיק צעמישט.

— אָבער, הערט מיך אויס... — האָב איך געזאָגט.

— פרעגט ביי דזשאַנעטן. זי ווייס די גאַנצע מעשה. איך גופא באַגרייף דאָס נישט. איך האָב נישט קיין געדולד צו מארדזשערין, און ער איז אומ־דערטרעגלעך.

איך בין אים נאָכגעגאַנגען, ער האָט מיך אַריינגעפירט אינעם אויפ־נאַם־סאַלאָן. דזשיין מארש איז אויפגעשטאַנען, ווען כ׳בין אַריין, און איז אַנטקעגן געקומען צו באַגריסן מיך. טשארלי איז געזעסן ביים פענצטער און געלייענט די אָוונטצייטונג. ער האָט זי אָפּגערוקט אין אַ זייט, ווען איך בין צוגעגאַנגען צו אים און אים געגעבן מיין האַנט. ער איז געווען פולשטענדיק ניכטער און האָט גערעדט אויף זיין געוויינלעכן, גענוג חוצפּהדיקן אופן, אָבער איך האָב באַמערקט, אַז ער האָט אויסגעזען צו זיין זייער קראַנק. מיר האָבן געטרונקען אַ גלאָז שערי און זענען אַראָפּ עסן אָוונטברויט. דזשאַנעט איז געווען אַן ענערגישע פרוי, אַ הויכוווקסיקע, בלאָנדע און עס איז געווען אָנגענעם צו קוקן אויף איר. מיט איר איז דאָס געשפּרעך געווען באַהויכט מיט לעבעדיקייט. זי האָט אונדז דערלויבט אָפּצוזונדערן זיך, כדי צו מאַכן אַ לחיים אויף אַ גלעזל פּאָרטוויין, אָבער מיטן באַדינג נישט צו פאַרזאמען זיך מער פון צען מינוטן. ביל, בדרך־כלל אַ ביסל אַ צוריקגעהאַלטענער, האָט זיך אַצינד אָנגעשטרענגט צו זיין מער רעדעוודיק. כ׳האָב פאַרשטאַנען דאָס עסק. מיין נישט־באַהאַוונטקייט האָט מיר געשטערט צו פאַרשטיין גענוי וואָס עס איז פאָרגעקומען, אָבער עס איז געווען קלאָר, אַז די מארשעס האָבן זיך באַמיט צו שטערן טשארלין איבערצוטראַכטן זיין לאַגע, און איך האָב געטון אַלץ צו פאַראינטערעסירן אים. אויבנאויפיק האָט ער גערן אָנטייל גענומען אין געשפּרעך; ער האָט תמיד האַלט געהאַט צו זיין דער ראש־המדברים און ער האָט דיסקוסירט, פון פּאַטאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, איבער אַ מאָרד, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַלטן געשפּאַנט די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. אָבער עס האָט געפעלט לעבן אין זיינע ווערטער. ער איז געווען אַ ליידיקע שאָל און עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז כאָטש ער האָט זיך אָנגע־שטרענגט פאַר זיין באַלעבאָס וועגן צו זיין רעדעוודיק, זענען אָבער זיינע

מחשבות געווען אַנדערשוווו. מיר האָבן געפּילט אַ גרויסע פֿאַרלייכטערונג, ווען מיר האָבן דערהערט אַ קלאַפּעריי אויפֿן דיל פֿון אויבערשטן שטאָק, וואָס האָט אונדז דערמאָנט, אַז דזשאַנעט האָט זיך אָנגעהויבן אומגעדולדיקן. דאָס איז געווען איינער פֿון די פֿאַלן, ווען אַ פּרויס אָנוועזנהייט איז מסוגל צו לינדערן די לאַגע. מיר זענען אַרויף אויפֿן העכערן שטאָק און זיך געזעצט שפּילן אַ פֿאַמיליע־ברידזש. ווען איך האָב געהאַלטן ביי אַוועקגיין, האָט טשאַרלי געזאָגט, אַז ער וועט מיט מיר מיטגיין ביז דער גאַס מערלבען־ראָאוד.

— אָ! טשאַרלי, עס איז אַזוי שפּעט, איר וואָלט בעסער געטון, אויב איר וואָלט געגאַנגען שלאָפֿן — האָט געזאָגט דזשאַנעט.

— כ׳וועל בעסער שלאָפֿן, אויב איך וועל מיך אַ ביסל דורכשפּאַצירן פֿאַרן שלאָף — האָט ער געענטפֿערט.

זי האָט אויף אים געוואָרפֿן אַ פֿאַרזאָרגטן בליק. איר קענט נישט פֿאַר־ווערן אַ מיטליאָריקן פּראָפֿעסאָר פֿון פּאַטאָלאָגיע צו מאַכן אַ קליינעם שפּאַ־ציר, אויב ער וויל עס. דאַן האָט זי מיט אַ שיין אין אירע אויגן אַ קוק געטון אויף איר מאַן.

— אפשר וועט עס בילן אויך נישט שאַדטן.

איך מיין, אַז די באַמערקונג איז געווען טאַקטלאָז. פּרויען זענען אָפּטמאָל אַ ביסל צו דאָמינירנדיק. טשאַרלי האָט אויף איר פֿאַרביטערט אַ קוק געטון.

— עס איז אַבסאָלוט נישט נויטיק אַרומצושלעפּן בילן — האָט ער גע־זאָגט. מיט אַ באַדייטנדיקער אַנטשלאָסנקייט.

— איך האָב נישט דעם קלענסטן חשק צו גיין — האָט געזאָגט ביל שמייכלענדיק. — איך בין אויסגעמאַטערט און איך גיי שלאָפֿן.

איך בין זיך משער, אַז מיר האָבן פֿאַרלאָזט ביל מאַרשן אין אַ שטיקל חלוקי־דעות מיט זיין פֿרוי.

— זיי זענען אומגעהויער גוט צו מיר — האָט געזאָגט טשאַרלי, ווען מיר האָבן געשפּרייזט לענגאויס ביים פּאַרק־פּאַרענטש. כ׳ווייס נישט, וואָס וואָלט איך געטון אָן זיי. כ׳שלאָף שוין זינט צוויי וואָכן.

כ׳האָב אויסגעדריקט מיין באַדויערונג, אָבער נישט געפֿרעגט וועגן דער סיבה, און מיר זענען געגאַנגען אַ ווײַלע שווייגנדיק. איך האָב מיר פֿאָרגע־שטעלט, אַז ער איז אַרויס מיט מיר, כדי צו רעדן מיט מיר וועגן וואָס עס איז גע־שען, אָבער איך האָב געפֿילט, אַז ער גופֿא דאַרף געפֿינען דעם פּאַסיקן מאָמענט. כ׳בין געווען להוט אַרויסצוווייזן מיין מיטלייד, אָבער מיך געשראָקן, טאָמער וועל איך אַרויסזאָגן אַן אומגעהעריקע זאַך. כ׳האָב נישט געוואָלט אויסזען

להוט צו אַרויסבאַקומען פון אים זיין צוטרוי. איך האָב נישט געוווּסט, ווי אַזוי מיט אים אומצוגיין. איך בין געווען זיכער, אַז ער האָט עס נישט באַדאַרפט. ער איז נישט געווען פון די יעניקע, וועלכע זענען נישט דרייסט אַרויסצוזאָגן זייערע געדאַנקען. לויט מיין מיינונג, האָט ער געזוכט די פּאַסיקע ווערטער. מיר זענען צוגעקומען ביזן ראָג פון דער גאַס.

— וועסט קענען כאַפּן אַ טאַקסי ביים קלויסטער — האָט ער געזאָגט. — איך וועל שפּאַצירן נאָך אַ ביסל ווייטער. אַ גוטע נאַכט.

ער האָט אַ נייג געטון מיטן קאָפּ און מיט אַן אומגעלומפּערטן טראָט זיך דערווייטערט. כ׳בין געבליבן געפּלעפט. כ׳האָב נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו גיין פאָראויס, ביז כ׳האָב אָנגעטראָפן אַן אויטאָ. צומאָרגנס, ווען איך האָב זיך געבאָדן, האָט מיך אַ טעלעפאָן־קלונג אַרויסגעשלעפּט פונעם באָדצימער, און מיט אַ האַנטעך אַרום מיין נאַסן קערפּער, האָב איך אויפגעהויבן דאָס טרייבל. עס איז געווען דזשאַנעט.

— נו, וואָס איז אייער מיינונג וועגן דעם אַלעם? — האָט זי געזאָגט. — עס ווייזט זיך אַרויס, אַז איר האָט פאַרהאַלטן טשאַרלין ביז שפּעט אין דער נאַכט. איך האָב געהערט, ווי ער איז געקומען אַהיים דריי אַ זייגער ביינאַכט.

— ער איז מיט מיר זיך פונאַנדערגעגאַנגען ביי מערלבען־ראָאוד. — האָב איך געזאָגט. — ער האָט מיר לגמרי גאָרנישט געזאָגט.

אין דזשאַנעטס שטימע איז געווען עפּעס, וואָס האָט מיר געמאַכט גלויבן, אַז זי איז געווען גרייט צו האָבן אַ לאַנגן געשפּרעך מיט מיר. כ׳האָב חושד געווען, אַז זי האָט אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט ביי איר בעט.

— הערט אויס — האָב איך אין איילעניש געזאָגט. — איך באָד מיך איצט.

— ווי־זשע? איר האָט אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט אין אייער באָדצימער? — האָט זי אייפערדיק אַ פרעג געטון און, איך מיין, אויך מיט קנאה.

— ניין, איך האָב נישט — האָב איך האַסטיק און אַנטשלאָסן אָפּגעענטפערט. — און עס רינט פון מיר דאָס וואַסער אויפן טעפּיך.

— אָ! — כ׳האָב געפילט אַנטטוישונג אין איר שטימע, ווי אויך אַ ביסל אויפרעגונג. — נו, גוט, ווען קען איך אייך זען? קענט איר אַהער קומען צוועלף אַ זייגער?

ס׳איז געווען אַן אומבאַקוועמע צייט, אָבער איך בין געווען אַנטשלאָסן נישט אַריינגיין אין אַ ווייטערדיקן וויכוח.

— יאָ, זייט געזונט.

כ׳האָב אָוועקגעלייגט דאָס טרייבל איידער זי האָט באַוויזן צוצוגעבן נאָך איין וואָרט. ווען די צדיקים אין גן־עדן וועלן רעדן דורכן טעלעפאָן, וועלן זיי זאָגן נאָר דאָס, וואָס זיי באַדאַרפן זאָגן, און נישט קיין איין און איינציק וואָרט מער.

איך בין געווען דזשאַנעטס אַן איבערגעגעבענער פריינט, אָבער כ׳האָב געוווּסט, אַז קיין זאַך האָט זי אַזוי נישט עמאָציאָנירט, ווי די אומגליקן פון אירע פריינט. זי איז בלויז געווען באַהערשט פון אייפער, ווי אַזוי זיי צו העלפן, אָבער זי האָט געוואָלט זיין באַהאַוונט גרינטלעך אין אַלע זייערע צרות. זי איז געווען דער פריינט אין אומגליק. דאָס לעבן פון אַנדערע לייט האָט זי אַממערסטן אינטערעסירט. עס איז נישט געווען קיין ליבע־דראַמע, אין וועל־כער איר זאָלט זיך נישט האָבן פאַרפלאָנטערט, אָן דעם אַז איר זאָלט, אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן, אויסגעפינען, אַז זי איז אייער פאַרטרויאונגס־מאַן; אָדער זיין פאַרמישט אין אַ גט־ענין, נישט האָבנדיק אַנטדעקט, אַז זי האָט אויך איר נאַז אין דער קאַשע. אָבער מיט דעם אַלעם איז זי געווען זייער אַ פיינע פרוי. כ׳האָב געמוזט אין זיך לאַכן, ווען אום האַלבן טאָג בין איך אַריינגעפירט געוואָרן אין דזשאַנעטס אויפנאַם־סאַלאָן און געזען דעם געצוימטן אייפער, מיט וועלכן זי האָט מיך אויפגענומען. זי איז געווען זייער איבערגענומען מיט דער קאַטאַסטראָפע, וואָס איז געשען די בישאָפס, אָבער זי איז געווען אויפגעהייטערט און פונקט ווי זי וואָלט געווען ממש גליקלעך, וואָס זי האָט געפונען אַ נייעם אָפּנעמער, וועמען זי וועט קענען אַלץ דערציילן, וואָס עס איז פאָרגעקומען. דזשאַנעט האָט פאַרמאָגט די אייגנשאַפט פון פראַקטישע אויסרעכענונגען, וואָס אַ מוטער האָט, ווען זי דיסקוטירט מיטן פאַמיליע־דאָקטאָר וועגן איר חתונה־געהאַטער טאָכטערס ערשטע קימפּעט. דזשאַנעט האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז דער ענין איז זייער אַן ערנסטער און זי האָט אויף קיין איין רגע נישט געטראַכט צו באַהאַנדלען די זאַך אויבנאויפיק, אָבער זי איז געווען גרייט אַרויסצובאַקומען דערפון אַלץ, וואָס וועט זיך לאָזן.

— איך מיין, אַז קיינער וואָלט נישט געקענט זיין מער דערשראָקן פון מיר, ווען מאַרדזשערי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט ענדלעך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן טשאַרלין — האָט דזשאַנעט געזאָגט מיט דער לייכטקייט פון איי־נעם, וואָס האָט שוין איבערדערציילט די זעלבע זאַך לכל הפחות אַ טוץ מאָל.

— זיי זענען געווען דאָס איבערגעגעבנסטע פּאָרל, וואָס איך האָב ווען עס איז געקענט. עס איז געווען אַ פּערפעקטער שידוך. ס׳איז זיי געגאַנגען אַזוי גוט און לייכט. אַוודאי זענען ביל און איך טרייע פריינט, אָבער פון צייט

צו צייט אַנטשטייען צווישן אונדז שרעקלעכע קריגערייען. ס׳זענען פֿאַראַן מאָמענטן, ווען איך וואָלט אים געוואָלט הרגענען.

— וואָס שייך אייערע באַציאונגען מיט בילן, אַרט עס מיך אַבסאָלוט נישט — האָב איך געזאָגט. — דערציילט מיר וועגן די בישאָפּס. דערפֿאַר בין איך אַהער געקומען.

— איך האָב פּשוט געפֿילט, אַז איך מוז אייך זען. נאָך אַלעמען, זענט איר די איינציקע פּערזאָן, וועלכע קען עס אויפֿקלערן.

— אָ, מײַן גאָט! זאָגט עס נישט. ביז ביל האָט מיר נעכטן בײַנאַכט דערציילט, האָב איך קיין זאַך נישט געוווּסט וועגן דעם.

— אַזוי האָב איך געמיינט. עס האָט זיך מיר פּלוצלינג אויסגעוויזן, אַז איר האָט אפֿשר נישט געוווּסט, און איך האָב זיך געטראַכט, אַז איר קענט מיאוס אַרײַנגעצויגן ווערן אין אָט דעם שרעקלעכן פּלאָנטער.

— אפֿשר וועט איר אָנהויבן די מעשה פֿון סאַמע אָנהויב? — האָב איך געזאָגט.

— אַלזאָ, איר זענט דער אָנהויב. נאָך אַלעמען האָט איר דאָך אָנגעהויבן די צרה. איר האָט אַרײַנגעפֿירט דעם יונגנמאַן. דעריבער בין איך געווען אַזוי משוגע־אומגעדולדיק צו זען אייך. איר ווייסט אַלץ וועגן אים. איך האָב אים קיינמאָל נישט געזען. אַלץ וואָס איך ווייס איז דאָס, וואָס מאַר־דזשערי האָט מיר דערציילט.

— ווי שפּעט עסט איר מיטאָג — האָב איך געפֿרעגט.

— האַלב צוויי.

— איך אויך אַזוי. דערציילט ווײַטער די מעשה.

אָבער מײַן באַמערקונג האָט דזשאַנעטן אַרויפֿגעבראַכט אויף אַ געדאַנק.

— הערט אויס. וועט איר מותּר זײַן אויף אייער מיטאָג, אויב איך וועל מותּר זײַן אויף מײַנעם? מיר וואָלטן געקענט בײַ מיר האָבן אַ לײַכטן צובײַסן. כ׳בין זיכער, אַז אין הויז געפֿינט זיך קאַלט פֿלייש, און אויב אַזוי, באַדאַרפֿן מיר זיך נישט אײַלן. כ׳דאַרף זײַן בײַ דער פֿריזירערין ערשט דרײַ אַ זייגער.

— ניין, ניין, ניין. — האָב איך געזאָגט. — דער געדאַנק רופֿט בײַ מיר אַרויס אַ ווידערווילן. כ׳וועל אַרויסגיין פֿון דאַנען צוואַנציק מינוט נאָך איינס, אַמשפּעטסטן.

— דאַן וועל איך מוזן פּשוט אַדורכלויפֿן די מעשה ווי אַ גאַלאָפּ־פֿערד. וואָס איז אייער מיינונג וועגן דזשערין?

— ווער איז עס דער דזשערי?

— דזשערי מאַרטאָן, זיין נאָמען איז דזשעראַלד.
— פֿון וואַנען זאָל איך עס וויסן?
— איר האָט דאָך געוווינט ביי אים. האָבן זיך דאָרטן נישט געפֿונען קיין בריוו?
— אפֿשר יאָ, אָבער איך פֿלעג זיי נישט לייענען — האָב איך געענטפֿערט אַ ביסל זויערלעך.
— אָ, זייט נישט אַזוי נאַריש. כ'מיין די קאָנווערטן. ווי זעט ער אויס?
— פֿיין. מער ענלעך צו אַ קיפּלינג־טיפּ, איר ווייסט. זייער איבערגעגעבן צו זיין אַרבעט. אַ האַרציקער מאַן. איינער פֿון די בויער פֿון דער אימפּעריע און פֿון די אַלע זיבן זאַכן.
— כ'מיין נישט דאָס — האָט אַ שריי געטון דזשאַנעט, מיט אומגעדולד. — איך מיין, ווי זעט ער אויס?
— מער ווייניקער, ווי יעדער איינער, מיין איך. אַוודאי וואָלט איך אים דערקענט, ווען איך וואָלט אים געזען נאָכאַמאָל, אָבער איך קען זיך אים נישט אויסמאָלן זייער דייטלעך. ער זעט אויס צו זיין אַ זויבערער.
— אָ, מיין גאָט! — האָט אויסגעשריען דזשאַנעט. — זענט איר אַ נאָוועליסט אָדער זענט איר נישט. וואָס פֿאַראַ קאָליר אויגן האָט ער?
— כ'ווייס נישט.
— איר באַדאַרפֿט וויסן. עס איז אוממעגלעך צו וווינען מיט אַ מענטשן צוזאַמען אַ וואָך צייט און נישט וויסן, צי זיינע אויגן זענען בלויע אָדער ברוינע, אָדער צי איז ער אַ בלאָנדין אָדער אַ ברונעט.
— קיינס נישט פֿון דיביידע.
— איז ער הויך אָדער נידעריק?
— דורכשניטלעך, וואָלט איך געזאָגט.
— איר ווילט מיך ערגערן?
— פּשוט געזאָגט, ער איז אַן איינפֿאַכער מענטש. עס איז אין אים נישט פֿאַראַן קיין זאַך, וואָס זאָל צוציִען אייער אויפֿמערקזאַמקייט. נישט ער איז איינפֿאַך, נישט ער איז שיין. ער זעט אויס נאָר איידל. ער זעט אויס ווי אַ דזשענטלמאַן.
— מארדזשערי זאָגט, אַז ער האָט אַ רייצנדיקן שמייכל און אַז זיין פֿיגור איז אַ פֿיינע.
— מעגלעך.
— ער שטאַרבט נאָך איר אַוועק.

## וו. סאמערסעט מאָם

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי? — האָב איך טרוקן אַ פרעג געטון.
— כ׳האָב געזען זיינע בריוו.
— זי האָט זיי אייך געוויזן?
— אָ, אַוודאי.

עס איז תמיד שווער פאַר אַ מאַנספּאַרשוין אַריבערצוטראָגן דאָס פעלן פון דיסקרעציע, וואָס פרויען ווייזן אַרויס אין זייערע פּריוואַטע באַציאונגען. זיי שעמען זיך לגמרי נישט. זיי קענען רעדן איינע צו דער אַנדערער אָן שום פאַרלעגנהייט וועגן די אינטימסטע ענינים. באַשיידנקייט איז אַ מענלעכע מידה. אָבער, כאָטש אַ מאַנסביל קען עס וויסן טעאָרעטיש, ליידט ער פון אַ נייעם קלאַפּ, יעדעס מאָל, ווען ער טרעפט זיך אָן אויף אַ פרויס מאַנגל אין רעזערוו. כ׳בין נייגיריק צו וויסן, וואָס וואָלט מאָרטאָן געטראַכט, ווען ער וואָלט געוווּסט, אַז נישט נאָר זיינע בריוו ווערן געלייענט פון דזשאנעט מארשן אַזוי גוט ווי פון מאַרדזשערין, נאָר אַז זי איז געווען אינפאָרמירט, אַזוי ווי דורך אַ טאָג־טעגלעכער פּאָסט, פונעם פּראָגרעס פון זיין באַנאַרע־שונג. לויט דזשאנעטן, האָט ער זיך פאַרליבט אין מארדזשערין פון ערשטן אויגנבליק. אויף צומאָרגנס, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך געטראָפן ביי מיין געמיטלעכן אָוונטברויט אין סיראָ־רעסטאָראַן, האָט ער זי אָנגערופן און זי געבעטן צו באַגעגענען זיך מיט אים אויף אַ טיי אין אַ געוויסן אָרט, ווו זיי וועלן קענען טאַנצן. בעת איך האָב זיך צוגעהערט צו דזשאנעטס דער־ציילונג, האָב איך געהאַט דאָס באַוווּסטזיין, אַז זי גיט מיר איבער מארדזשע־ריס אָפּשאַצונג פון די אומשטענדן, און איך בין געווען גרייט אויסצוהערן דעם צווייטן צד. עס האָט מיך אויך פאַראינטערעסירט צו באַמערקן, אַז דזשאנעטס סימפּאַטיע זענען געווען אויף מארדזשעריס זייט. עס איז געווען אמת, אַז ווען מארדזשערי האָט פאַרלאָזט איר מאַן, איז עס געווען איר מיינונג, אַז טשארלי זאָל זיך אַריבערציִען צו זיי אויף אַ צוויי־דריי וואָכן, אָנשטאָט ווייטער צו פאַרבלייבן אין דער קלאָגעדיקער איינזאַמקייט פון דער פאַרלאָזטער שטוב און זי האָט זיך באַצויגן זייער העפלעך צו אים. זי האָט מיט אים געגעסן מיטאָג כמעט יעדן טאָג, מחמת ער איז געווען צוגעוווינט צו עסן מיטאָג יעדן טאָג צוזאַמען מיט מארדזשערין. זי האָט אים גענומען אויף שפּאַצירן אין רידזשענטס־פּאַרק און געהייסן בילן צו שפּילן גאָלף מיט אים אַלע זונטיק. זי האָט זיך צוגעהערט מיט אַ וווּנדערבאַרער געדולד צו דער געשיכטע פון זיין אומגליק און געטון אַלץ, וואָס איז געווען אין אירע מעגלעכקייטן, צו טרייסטן אים. זי האָט אויף אים געהאַט זייער

רחמנות. אָבער טראָץ דעם אַלעם איז זי געווען דעפיניטיוו אויף דער זייט פון מארדזשערי. און ווען איך האָב אויסגעדריקט מיין אומאײנשטימיקייט מיט איר, האָט זי מיך געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך און מיך געמאַכט אויסצודרייען. די דאָזיקע מעשה האָט זי עמאָציאָנירט. זי האָט עס מיטגע־מאַכט פון דעם סאַמע אָנהויב, ווען מאַרדזשערי, שמייכלענדיק, אַ דערהויבענע און אַ ביסל צווייפלענדיקע, איז אַריינגעקומען צו איר און איר דערציילט, אַז זי האָט אַ יונגנמאַן און אַלע פּרטים ביז צו דער סאַמע לעצטער סצענע, ווען מארדזשערי, אַן אויפגערעגטע און אַ פאַרלוירענע האָט איר דערציילט, אַז זי קען מער נישט אויסהאַלטן די שפּאַנונג און אַז זי האָט פאַרפּאַקט אירע זאַכן און זיך אַרויסגעצויגן פון דער ווױנונג.

— אַוודאי, לכתחילה האָב איך נישט געקענט גלויבן מיינע אויערן — האָט זי געזאָגט. — איר ווייסט דאָך ווי טשארלי און מארדזשערי זענען גע־ווען. זיי זענען פשוט געלעגן איינער ביים אַנדערן אין דער קעשענע. מענטשן האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון געלעכטער איבער זיי. זיי זענען גע־ווען אַזוי איבערגעגעבן איינער צום אַנדערן. איך האָב אים, דעם קליינעם מאַן, קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר אַ שיינעם און דער אויבערשטער ווייס, אַז ער איז נישט געווען קיין ספּעציעל רייצנדיקער אין פיזישן זין, אָבער מען האָט געמוזט אים ליב האָבן, מחמת ער איז געווען אַזוי אומגעהויער פיין לגבי מארדזשערין. איך האָב זי אַפילו מקנא געווען. זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט און האָבן געלעבט אויף אַ זאַרגלאָז, הפקרדיקן שטייגער. זיי זענען געווען אומבאַגרייפלעך גליקלעך. אַוודאי, האָב איך קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז עפּעס וועט דערפון אַרויסקומען. מארדזשערי איז געווען זייער פריילעך. „נאַטירלעך, איך נעם דאָס נישט אָן פאַר זייער ערנסט", האָט זי מיר געזאָגט. „אָבער עס איז גענוג קאָמיש צו האָבן צו טון מיט אַ יונגנמאַן אין מיין עלטער. שוין יאָרן ווי מען האָט מיר נישט געשיקט קיין בלומען. איך האָב אים געמוזט בעטן נישט צו שיקן מיר מער, מחמת טשארלי וואָלט עס באַטראַכט פאַר אַזוי נאַריש. ער קען קיינעם נישט אין לאָנדאָן און ער האָט ליב צו טאַנצן, און ער זאָגט, אַז איך טאַנץ ווי אין אַ חלום. עס איז אים אומעטיק צו גיין אין טעאַטער אַליין די גאַנצע צייט. מיר האָבן באַזוכט צוויי אָדער דריי מאַטינעס צוזאַמען. עס איז הערלעך צו זען, ווי דאַנקבאַר ער איז ווען איך זאָג, אַז כ'וועל פאַרברענגען מיט אים". „איך מוז זאָגן", האָב איך געזאָגט, „אַז ער מאַכט דעם איינדרוק פון זן לעמעלע". „אַזוי איז ער", האָט זי געזאָגט. „איך האָב געוווסט,

איר וועט פֿאַרשטיין. איר טאַדלט מיך נישט, נישט אמת?" „אַוודאי נישט, מיין ליבינקע", האָב איך געזאָגט. „זיכער, איר קענט דאָך מיך נישט פֿון נעכטן. איך וואָלט געטון פּונקט אַזוי אויף אייער אָרט".

מארדזשערי האָט נישט געמאַכט קיין סוד פֿון אירע זעאונגען מיט מאָר־טאָגען, און איר מאַן האָט פֿון איר געחוזקט גוטמוטיק, וואָס שייך איר קאַוואַליר, אָבער ער האָט אים באַטראַכט ווי אַן אידעלן, אָנגענעם־ריידנדיקן יונגנמאַן, און איז געווען צופֿרידן, אַז מארדזשערי האָט מיט וועמען זיך צו ווײַלן, בעת ער גופֿא איז פֿאַרנומען מיט זיינע אַרבעטן. ס׳איז אים קיין איין מאָל נישט געקומען אויפֿן זינען צו זיין אייפֿערזיכטיק. אַלע דריי האָבן זיי אייניקע מאָל געגעסן צוזאַמען נאַכט־מאָלצייטן און האָבן באַזוכט ספּעק־טאַקלען, אָבער אַ קורצע צייט שפּעטער האָט דזשערי מאָרטאָן געבעטן מארדזשערין צו פֿאַרברענגען אַן אָוונט מיט אים אַליין. זי האָט אים גע־זאָגט, אַז עס איז אוממעגלעך, אָבער ער איז געווען איינגעשפּאַרט און זי געוואָלט איבעררעדן; ער האָט זי נישט געלאָזט צורו, ביז זי איז ענדלעך אַוועק צו דזשאַנעטן און זי געבעטן אָנצוקלינגען צו טשאַרלין, איינעם אַ טאָג, און בעטן אים קומען צו אַן אָוונטברויט און צושטיין אַ פּערטער צו אַ ברידזש־שפּיל. טשאַרלי פֿלעגט קיינמאָל נישט גיין אין ערגעץ אָן זיין פֿרוי, אָבער די מארשעס זענען געווען אַלטע פֿריינט און דזשאַנעט האָט עס באַטראַכט ווי אַ גוטע געלעגנהייט. זי האָט אויסגעטראַכט אַ מעשה פֿון „טויזנט און איין נאַכט", וואָס האָט צוגעגעבן חשיבות, אַז ער זאָל מסכים זיין. צומאָרגנס האָט זי זיך באַגעגנט מיט מארדזשערין. דער אָוונט איז געווען אַ וווּנדערבאַרער. זיי האָבן געגעסן אָוונטברויט אין רעסטאָראַן מיידנהעד און האָבן דאָרט גע־טאַנצט און דערנאָך זענען זיי געפֿאָרן אַהיים דורך דער זומערדיקער נאַכט.

— ער זאָגט, אַז ער ווערט משוגע נאָך מיר — האָט מארדזשערי איר געזאָגט.

— האָט ער איך אַ קוש געטון? — האָט געפֿרעגט דזשאַנעט.

— אַוודאי — האָט זיך מארדזשערי צעלאַכט. — זייט נישט נאַריש דזשאַנעט. ער איז אויסערגעוויינלעך זיס און, איר ווייסט, ער האָט אַ ברייטע נאַטור. אַוודאי גלויב איך נישט אַ העלפֿט פֿון דעם וואָס ער זאָגט מיר.

— מיין טייערע, דו האָסט זיך אין אים פֿאַרליבט?

— יאָ, איך בין אין אים פֿאַרליבט — האָט געענטפֿערט מארדזשערי.

— ליבינקע, עס קען זיך שאַפֿן אַן אומגעלומפּערטע לאַגע, נישט אמת?

— אָ, עס וועט נישט דויערן לאַנג. נאָך אַלעמען, קערט ער זיך אום קיין באָרנעאָ דעם קומענדיקן האַרבסט.

— יאָ, מען מוז אָנערקענען, אַז עס האָט אייך געמאַכט אויסזען מיט יאָרן ייִנגער.

— איך ווייס. און איך פיל זיך אויך מיט יאָרן ייִנגער.

קורץ דערנאָך האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו באַגעגענען יעדן טאָג. זיי פלעגן זיך טרעפן אינדערפרי און שפּאַצירן אין פּאַרק, אָדער פלעגן באַזוכן קונסט־מוזעאומס. זיי פלעגן זיך פונאַנדערגיין, כדי מאַרדזשערי זאָל קענען עסן מיטאָג מיט איר מאַן, און נאָך מיטאָג זיך פונדאָסניי טרעפן און פלעגן מיט אַן אויטאָ אַרויספאָרן אויסער דער שטאָט אָדער אין אַ געוויס אָרט ביים ברעג פון דער טעמזע. מארדזשערי האָט איר מאַן גאָרנישט געזאָגט. גאַנץ נאַטירלעך, האָט זי געמיינט, אַז ער פאַרשטייט גאָרנישט.

— ווי שיקט עס זיך, אַז איר האָט קיינמאָל נישט באַגעגנט מאָרטאָ־נען? — האָב איך געפרעגט דזשאנעטן.

— אָ, זי האָט נישט געוואָלט, איך זאָל אים זען. איר ווייסט, אַז מיר געהערן צום זעלבן דור, מארדזשערי און איך. איך פאַרשטיי עס זייער גוט.

— איך פאַרשטיי.

— אַוודאי האָב איך געטון אַלץ, וואָס איך האָב געקענט. ווען זי פלעגט אַרויסגיין מיט דזשערין, פלעגט עס באַדייטן, אַז זי איז ביי מיר אינדערהיים.

ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַ מענטש, וועלכער האָט ליב קלאָרע דיבורים.

— האָבן זיי געשפּילט אַ ליבע־אַפערע? — האָב איך געפרעגט.

— אָ, ניין. מארדזשערי איז לחלוטין נישט פון יענעם מין פרויען.

— פון וואַנען ווייסט איר?

— זי וואָלט עס מיר געזאָגט.

— איך מיין אויך, אַז זי וואָלט געזאָגט.

— אַוודאי, האָב איך זי געפרעגט, אָבער זי האָט מיר געענטפערט די־רעקט. און איך בין זיכער, אַז זי האָט מיר געזאָגט דעם אמת. קיין זאַך פון יענעם מין איז צווישן זיי נישט פאָרגעקומען.

— עס זעט מיר אויס זייער מאָדנע.

— איר זעט בכן, אַז מארדזשערי איז זייער אַ קאָרעקטע פרוי.

איך האָב געהויבן די אַקסלען.

## וו. סאמערסעט מאָם

— זי איז געווען אַבסאָלוט לאָיאַל צו טשאַרלין. זי וואָלט אים נישט אָפּגענאַרט פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט. זי האָט נישט געקענט פאַרליידן דעם געדאַנק פון פאַרהוילן פון אים אַ סוד. ווי נאָר זי האָט געוווּסט, אַז זי איז פאַרליבט אין דזשעריק, האָט זי געוואָלט זאָגן טשאַרלין. גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב זי געבעטן דאָס נישט צו טון. איך האָב איר געזאָגט, אַז עס וועט נישט ברענגען קיין שום נוץ, און עס וועט בלויז מאַכן טשאַרלין אומגליקלעך. און נאָך אַלעמען פאָרט דאָך דער יונגערמאַן אַוועק אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום. עס האָט נישט געשיינט צו לוינען מאַכן אַ גרויסן גערודער איבער אַ זאַך, וואָס וועט גאַנץ מעגלעך נישט אָנהאַלטן אַ לאַנגע צייט.

אָבער דזשעריס נאָענטע אָפּרייזע איז געווען די סיבה פון דעם קראַך. די בישאָפּס האָבן אָפּגעמאַכט אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד, ווי געוויינלעך, און מיט זייער אויטאָ אַדורכפאָרן בעלגיע, האָלאַנד און צפון־דייטשלאַנד. טשאַרלי האָט געקנעלט איבער מאַפּעס און רייזעביכער. ער האָט געזאַמלט אינפאָרמאַציעס פון פריינט, וואָס שייך האָטעלן און באַנען. ער האָט אויסגעקוקט אויף זיינע וואַקאַציעס מיט דער ברויזנדיקער התלהבות פון אַ שולייִנגל. מיט אַ ציטערנדיק האַרץ האָט זיך מאַרדזשערי צוגעהערט צו זיינע דיסקוסיעס איבער דער פאַרשטייענדיקער רייזע. זיי האָבן געזאָלט פאַרבלייבן אין וועג פיר וואָכן, און אין סעפּטעמבער האָט דזשערי געזאָלט אָפּפאָרן. זי האָט ביי זיך נישט געקענט פועלן צו פאַרלירן אַזוי פיל פון דער קורצער צייט, וואָס איז זיי פאַרבליבן, און דער געדאַנק פון דער אויטאָ־רייזע האָט זי שטאַרק אויפגעבראַכט. וואָס קורצער די צייט איז געוואָרן, אַלץ מער נערוועאיש איז זי געוואָרן. ענדלעך האָט זי באַשלאָסן, אַז זי האָט בלויז איין זאַך צו טון.

— טשאַרלי, איך וויל נישט אַרויספאָרן אויף דער רייזע — האָט זי אים פּלוצלינג איבערגעריסן, אַ גאַנצן טאָג, ווען ער האָט מיט איר גערעדט וועגן אַ רעסטאָראַן, פון וועלכן ער האָט אָקערשט וואָס געהערט. — איך וואָלט זיך געווונטשן, אַז דו זאָלסט זיך געפינען אַן אַנדער פּערזאָן, מיט וועמען צו פאָרן.

ער האָט פאַרגאַפּט אויף איר אַ קוק געטון. זי איז געווען דערציטערט פון דעם, וואָס זי האָט געזאָגט און אירע ליפּן האָבן אַ ביסל געציטערט.

— אָ, וואָס איז דער מער?

— גאָרנישט. איך פיל זיך נישט געשטימט דערצו. איך וויל פאַרבלייבן אַ ביסל מיט זיך אַליין.

— ביסט קראַנק?

זי האָט געזען די פּלוצלינגדיקע שרעק אין זיינע אויגן. זיין אומרו איז פאַר איר געווען אומדערטרעגלעך.

— ניין, איך האָב זיך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געפילט בעסער. איך בין פאַרליבט.

— דו? אין וועמען?

— אין דזשערין.

ער האָט אויף איר געקוקט מיט דערשטוינונג. ער האָט נישט געקענט גלויבן זיינע אויערן. זי האָט שלעכט פאַרשטאַנען זיין אויסדרוק.

— עס וועט נישט העלפן דאָס טאַדלען מיך. איך בין מאַכטלאָז. ער פאָרט אַוועק אין אַ פּאָר וואָכן אַרום. איך וועל נישט מיסברויכן מיט דער קורצער צייט, וואָס איז אים פאַרבליבן.

ער האָט ממש געפּלאַצט פון געלעכטער.

— מארדזשערי, ווי קענסטו מאַכן פון זיך אַזאַ פאַרשאָלטענעם נאַר? דו ביסט גענוג אַלט צו זיין זיינע אַ מאַמע.

זי האָט זיך פאַררויטלט.

— ער איז פּונקט אַזוי פאַרליבט אין מיר, ווי איך בין פאַרליבט אין אים.

— האָט ער דיר אַזוי געזאָגט?

— אַ טויזנט מאָל.

— ער איז אַ נידערטרעכטיקער ליגנער, דאָס איז אַלץ.

ער האָט געלאַכט. זיין דיקער בויך האָט זיך געקנייטשט פון צופרידנ־קייט. ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ וויץ. אפשר האָט טשארלי נישט באַ־האַנדלט זיין פרוי ווי געהעריק. דזשאנעט האָט אויסגעזען צו מיינען, אַז ער באַדאַרף זיין צאַרט און מיטפילנדיק. ער דאַרף פאַרשטיין. איך האָב געזען די דראַמאַטישע סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין איר פאַנטאַזיע, די שטייפע אויבערשטע ליפּ, דעם שטילן צאָרן און ענדלעך די זעלבסט־רעזיג־נאַציע. פרויען זענען תמיד פילבאַר אויף דער שיינקייט פון דער זעלבסט־אָפּפּערונג פון אַנדערע. דזשאַנעט וואָלט אויך מיטגעפילט, אויב ער וואָלט זיך געלאָזט מיטרייסן פון אַ גוואַלטיקן שגעון, אויב ער וואָלט צעבראָכן איינס אָדער צוויי שטיק מעבל, וועלכע ער וואָלט שפּעטער באַדאַרפט פאַרבייטן

מיט אַנדערע, אָדער וואָלט דערלאַנגט מאַרדזשערין אַ זעץ אין פּנים אַריין. אָבער צו לאַכן פון איר איז געווען אַן אַקט, וואָס מען קען נישט מוחל זיין. איך האָב איר נישט אויפגעקלערט, אַז עס איז זייער שווער פאַר אַ גענוג דיקן און נישט זייער הויכוווקסיקן פּראָפעסאָר פון פּאַטאָלאָגיע, פינף־און־פופציק יאָר אַלט, צו פאַרהאַלטן זיך פלוצלינג ווי אַ ווילדער מאַן פון דער טראַגלאָדיטן־עפּאָכע. ווי די זאַך זאָל נישט זיין, איז די עקסקורסיע קיין האָלאַנד אויפגעגעבן געוואָרן, און די בישאָפּס זענען פאַרבליבן אין לאָנדאָן גאַנץ אויגוסט. זיי זענען נישט געווען זייער גליקלעך. זיי האָבן געגעסן זייערע מיטאָגן און אָונטברויטן צוזאַמען יעדן טאָג, מחמת אַזוי איז געווען זייער געוווינהייט במשך אַזוי פיל יאָר, און די איבעריקע צייט האָט מאַר־דזשערי פאַרבראַכט מיט דזשערין. די שעהען, וועלכע זי האָט מיט אים פאַרבראַכט, האָבן איר באַלוינט פאַר אַלץ, וואָס זי האָט באַדאַרפט אויס־שטיין, און זי האָט באַדאַרפט אויסשטיין זייער אַ סך. טשאַרלי האָט געהאַט אַ צעלאָזענעם און אַ סאַרקאַסטישן הומאָר, און ער האָט זיך געלאָזט ווילגיין אויף איר חשבון און דזשעריס. האַרטנעקיק האָט ער אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די זאַך ערנסט. עס האָט אים געערגערט, וואָס זי איז געווען אַזוי נאַריש, אָבער עס איז אים קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז זי קען זיין אומטריי צו אים. איך האָב עס קריטיש קאָמענטירט פאַר דזשאַנעטן.

— ער האָט עס קיינמאָל נישט חושד געווען — האָט זי געזאָגט. — ער האָט זי דאָך צו גוט געקענט.

די וואָכן זענען פאַרגאַנגען און טשאַרלי איז ענדלעך אָפּגעפאָרן. די שיף איז אָפּגעגאַנגען פון טילבערי־האַפן און מאַרדזשערי האָט אים באַגלייט. ווען זי האָט זיך אומגעקערט אַהיים, האָט זי אַכט־און־פערציק שעה געהאַלטן אין איין וויינען. טשאַרלי האָט זי אָבסערווירט מיט אַ שטייגנדיקער אויפ־רעגונג. זיינע נערוון זענען געווען זייער אָנגעשטרענגט.

— הער אויס, מאַרדזשערי — האָט ער ענדלעך געזאָגט. — איך בין געווען זייער געדולדיק מיט דיר, אָבער אַצינד מוזטו זיך באַהערשן. דאָס גייט שוין אַרויס פון די ראַמען פון אַ וויץ.

— פאַרוואָס לאָזטו מיך נישט צורו? — האָט זי געוויינט. — איך האָב פאַרלוירן אַלץ, וואָס האָט געמאַכט מיין לעבן אָנגענעם.

— הער אויף צו מאַכן זיך אַזוי נאַריש — האָט ער געזאָגט.

איך ווייס נישט גענוי, וואָס ער האָט נאָך געזאָגט. אָבער ער איז געווען נישט גענוג קלוג און האָט איר געזאָגט, וואָס ער מיינט וועגן דזשערין, און

איך פאַרשטיי, אַז דאָס בילד, וואָס ער האָט געשילדערט, איז געווען אַ ברויזנ־דיקס. דאָס האָט גורם געווען די ערשטע שאַרפע סצענע, וואָס זיי האָבן ווען־עס־איז געהאַט. זי האָט געקענט פאַרטראָגן טשארליס חוזק־וויצן, ווען זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט אין אַ שעה אַרום אָדער צומאָרגנס זען דזשעריך, אָבער איצט, ווען זי האָט אים פאַרלוירן אויף אייביק, האָט זי זיי נישט גע־קענט מער פאַרטראָגן. זי האָט זיך לאַנגע וואָכן צוריקגעהאַלטן. אַציגד האָט זי שוין מער נישט געקענט אָנהאַלטן איר זעלבסט־קאָנטראָל. זי האָט אפשר קיינמאָל נישט געוווּסט געגוי, וואָס זי האָט געזאָגט טשארלין. ער איז פון תמיד־אָן געווען אַן אויפגערעגטער, און ענדלעך האָט ער זי געשלאָגן. זיי זענען ביידע געבליבן דערשלאָגן נאָך דער פּאַסירונג. ער האָט געכאַפּט זיין הוט און איז עוקר געווען. במשך דער גאַנצער אומגליקלעכער צייט פלעגן זיי שלאָפן אין דעם זעלבן בעט, אָבער ווען ער איז דאָס מאָל געקומען צוריק שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, האָט ער זי געפונען ליגן אויף דער סאָפע פון זייער קליינעם אויפנאַם־צימער, ווו זי האָט זיך געמאַכט איר געלעגער.

— דאָ קענסטו נישט שלאָפן — האָט ער געזאָגט. — זיי נישט קיין נאַר. קום אַריין אין בעט.

— ביין, כ׳וועל נישט גיין. לאָז מיך צורו.

די איבעריקע טייל פון דער נאַכט האָבן זיי זיך ביטער אַרומגעקריגט, אָבער זי האָט אויסגעפירט און פלעגט פון איצט־אָן מאַכן איר בעט אויף דער סאָפע יעדע נאַכט. אָבער אין יענער קליינער דירה האָבן זיי נישט געקענט אויסמיידן איינער דעם צווייטנס בליק, אָדער נישט הערן דעם אַנדערנס קול. אַזוי פיל יאָרן האָבן זיי געלעבט אין אַזאַ אינטימיטעט, אַז עס איז שוין גע־וואָרן פאַר זיי אַן אינסטינקט צו זיין זאַלבענאַנד. ער האָט זיך באַמיט מיטן געזונטן שכל צו איבערצייגן זי. ער האָט זי געהאַלטן פאַר אומגלויבלעך נאַריש און האָט מיט איר אומענדלעך אַרגומענטירט אין דער אָנשטרענגונג צו ווייזן איר, ווי אומלאָגיש זי איז. ער האָט זי נישט געקענט לאָזן צורו. ער האָט זי נישט געוואָלט לאָזן שלאָפן, און ביז האַלבער נאַכט פלעגט ער צו איר רעדן, ביז זיי זענען ביידע פאַרמאַטערט געוואָרן. ער האָט געמיינט, אַז דורך אַ סך רייד וועט ער אַרויסשלאָגן פון איר קאָפּ די ליבע. דורך צוויי אָדער דריי טעג פלעגן זיי נישט רעדן צואיינאַנדער. איין טאָג, קומענדיק אַהיים, האָט ער זי געפונען ביטער וויינען. אירע טרערן האָבן אים צעטומלט. ער האָט איר געזאָגט, אַז ער האָט זי זייער ליב און האָט זיך אָנגעשטרענגט צו רירן זי דורך די דעראינערונגען פון די אַלע גליקלעכע יאָרן, וועלכע זיי האָבן

פאַרבראַכט אינאײנעם. ער האָט געוואָלט, אַז עס זאָל פאַרגעסן ווערן אַלץ, וואָס איז ביז אַצינד פאָרגעקומען. ער האָט איר געגעבן זײַן ערנוואָרט, אַז ער וועט קײנמאָל נישט רעדן מער וועגן דזשערין. איז עס נישט מעגלעך, אַז זײ זאָלן נישט קענען פאַרגעסן דעם שרעקלעכן קאָשמאַר, וועלכן זײ האָבן דורכגעמאַכט? אָבער אויפן געדאַנק, צו וואָס עס צילט די איבערבעטונג, איז זי אויפגעבראַכט געוואָרן. זי האָט אים געזאָגט, אַז זי האָט אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק און האָט אים געבעטן אַ גוט שלאָפמיטל. זי האָט געמאַכט דעם אָנ־שטעל, אַז זי שלאָפט, ווען ער איז אינדערפרי אַוועק צו זײַן טאָג־טעגלעכער באַשעפטיקונג, אָבער ווי נאָר ער איז געווען אויף יענער זײַט טיר, האָט זי אײַנגעפּאַקט אירע זאַכן און איז אַוועק. זי האָט געהאַט אַ ביסל צירונג, וואָס זי האָט געירשנט און פאַרקויפנדיק דאָס, האָט זי געקריגן אַ ביסל ממתקים. זי האָט געדונגען אַ צימער אין אַ ביליקן גאַסטהויז און געהאַלטן איר אַדרעס בסוד פון טשאַרלין.

ווען ער האָט געזען, אַז זי האָט אים פאַרלאָזן, איז פון אים געוואָרן ממש אַ באַרג אַש. דער שאָק פון איר אַנטלויפן האָט אים אײַנגעבראָכן. ער האָט געזאָגט דזשאַנעטן, אַז זײַן אײַנזאַמקײט איז אומדערטרעגלעך. ער האָט גע־שריבן צו מאַדזשערין און זיך בײַ איר געבעטן צו קומען צוריק, און געבעטן דזשאַנעטן זיך אײַנצושטעלן פאַר אים. ער איז געווען גרייט צוצוזאָגן אַלץ. ער האָט זיך מבזה געווען. מאַרדזשערי איז געווען האַרט ווי די וואַנט.

— מיינט איר, אַז זי וועט ווען עס איז צוריקקומען? — האָב איך דזשאַ־נעטן געפרעגט.

— זי זאָגט, אַז נישט.

איך האָב שוין באַדאַרפט אַוועקגיין, מחמת עס איז געווען נאָענט צו האַלב צוויי און כ'האָב געמוזט פאָרן העט ווייט ביז סוף לאָנדאָן.

צוויי אָדער דריי טעג שפּעטער, האָט צו מיר אָנגעקלונגען מאַרדזשערי, אָנפרעגנדיק, צי איך וואָלט זי געקענט זען. זי האָט פאָרגעשלאָגן, אַז זי קען קומען צו מיר אין וווינונג. איך האָב זי אײַנגעלאַדן צו אַ טיי. איך האָב זיך באַמיט צו זײַן העפלעך צו איר. אירע אָנגעלעגנהייטן האָבן מיט מיר נישט געהאַט קײן שום געמײנזאַמס, אָבער אין דער טיפעניש פון מײַן האַרץ, האָב איך זי געהאַלטן פאַר אַ זייער נאַרישע פרוי, און אפשר איז מײַן צוגאַנג געווען אַ קאַלטער. זי איז קײנמאָל נישט געווען קײן שײנע און די פאַרלאָפענע יאָרן האָבן זי אַ ביסל געביטן. זי האָט נאָך געהאַט יענע שײנע טונקעלע אויגן און איר פּנים איז געווען ממש צו באַוווּנדערן, פרײַ פון וועלכן עס איז קנייטש.

## צניעות

זי איז געווען זייער פשוט אָנגעטון, און אויב זי האָט אויף זיך געהאַט קאָס־מעטיק, איז עס געווען אַזוי געשיקט באַנוצט, אַז איך האָב דאָס נישט באַ־מערקט. זי האָט נאָך געהאַט דעם רייץ, וועלכן זי האָט שטענדיק פאַרמאָגט, פון פערפעקטער נאַטירלעכקייט און פון איידעלן הומאָר.

— איך וויל, אַז איר זאָלט פאַר מיר עפּעס טון, אויב איר ווילט זיין אַזוי העפלעך — האָט זי אָנגעהויבן אָן זייטיקע ווערטלעך.

— וואָס באַדאַרף עס זיין?

— טשאַרלי פאַרלאָזט די וווינונג פון די מאַרשעס און גייט צוריק אַהיים. איך האָב מורא ,אַז די ערשטע טעג דאַרטן וועלן זיין זייער שווערע פאַר אים. עס וואָלט געווען זייער פיין פון אייער זייט, אויב איר וואָלט אים פאַרבעטן אויף מיטאָג אָדער עפּעס אַנדערש.

— לאָמיר אַריינקוקן אין מיין נאָטיצביכל.

— מען גיט מיר איבער, אַז ער שיכורט שטאַרק. ס'איז אַזאַ גרויסער שאָדן. כ'וואָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט אים קענען מאַכן אָן אָנצוהערעניש.

— איך פאַרשטיי, אַז ער האָט געהאַט געוויסע פאַמיליאַרע צרות לעצטנס — האָב איך געזאָגט, מעגלעך, אין אַ זויערן טאָן.

מאַרדזשערי האָט זיך פאַררויטלט. זי האָט אויף מיר מיט ווייטיק אַ קוק געטון. זי האָט זיך צוריקגעצויגן, אַזוי ווי איך וואָלט איר אַ קלאַפּ געטון.

— איר קענט אים דאָך אַ סך לענגער ווי איר קענט מיך. עס איז נאַ־טירלעך, אַז איר זאָלט זיין אויף זיין זייט.

— מיין טייערע, זאָגנדיק אייך דעם אמת, קען איך אים די אַלע יאָרן, דער עיקר צוליב אייך. איך האָב אים קיינמאָל נישט איבעריק האָלט געהאַט, אָבער איך האָב אייך געהאַלטן פאַר אַ זייער פיינער פרוי.

זי האָט צו מיר געשמייכלט און איר שמייכל איז געווען זייער זיס. זי האָט געוווסט, אַז איך טראַכט דאָס זעלביקע, וואָס איך האָב געזאָגט.

— מיינט איר, אַז כ'בין געווען אַ גוטע פרוי צו אים?

— אָן אויסגעצייכנטע.

— ער פלעגט באַליידיקן מענטשן. אַ וועלט מיט מענטשן האָבן אים נישט ליב, אָבער איך האָב אים קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר אַ מענטש מיט אַ שווער געמיט.

— ער האָט אייך שרעקלעך ליב.

— איר ווייסט, מיר האָבן געהאַט אַ ווונדערבאַרע צייט זאַלבענאַנד. זעכצן יאָר זענען מיר געווען פולשטענדיק גליקלעך. — זי איז געבליבן שטיל און

אַראָפּגעלאָזט אירע אויגן. — איך האָב געמוזט אים פֿאַרלאָזן. עס איז געוואָרן אַבסאָלוט אוממעגלעך. דאָס הונט־מיט־קאַץ לעבן, וואָס מיר האָבן געפֿירט, איז געווען צו שרעקלעך.

— איך פֿאַרשטיי נישט, פֿאַרוואָס זאָלן צוויי מענטשן ווייטער לעבן צו־זאַמען, אויב זיי ווילן עס נישט.

— איר זעט, עס איז געווען שרעקלעך פֿאַר אונדז. מיר האָבן תּמיד געלעבט אין אַזאַ אינטימיטעט. מיר האָבן קיינמאָל נישט געקענט אַוועקגיין איינער פֿון אַנדערן. סוף־כּל־סוף האָב איך נישט געקענט פֿאַרליידן זיין אויסזען.

— איך שטעל מיר פֿאָר, אַז די לאַגע איז נישט געווען קיין לייכטע פֿאַר איטלעכן פֿון אייך.

— ס׳איז נישט געווען מיין שולד, אַז איך האָב זיך פֿאַרליבט. איר זעט, עס איז געווען איינגאַנצן אַן אַנדער ליבע פֿון דער, וועלכע איך האָב געפֿילט צו טשארלין. עס איז תּמיד געווען אין איר עפּעס מוטערלעכעס, עפּעס, וואָס האָט צו טון מיט באַשיצונג. איך בין געווען אַ סך מער ראַציאָנעל ווי ער. ער איז אַ מאַנסביל, ווען עס איז שווער צו באַהערשן, אָבער איך האָב אים שטענדיק באַהערשט. דזשערי איז געווען גאָר אַן אַנדערער.

איר קול איז געוואָרן שטילער און איר פּנים האָט זיך געביטן אונטערן איינדרוק פֿון גליקלעכער דערהויבונג.

— ער האָט מיר אומגעקערט מיין יוגנט. איך האָב זיך געפֿילט ווי אַ מיידל צו אים, און זיך געקענט פֿאַרלאָזן אויף זיין כּוח און זיין זיכער אונטער זיין אויפֿזיכט.

— ער האָט מיר אויסגעזען צו זיין אַ פֿיינער יאַט — האָב איך לאַנגזאַם אַרויסגעזאָגט. — איך מיין, אַז ער וועט זיך אויסאַרבעטן. ער איז געווען צו יונג פֿאַר דער אַרבעט, וואָס ער האָט דורכגעפֿירט, בעת איך האָב זיך מיט אים צוזאַמענגעטראָפֿן. דער פֿאַרשוין איז דאָך בסך־הכּל אַצינד אַלט נישט מער פֿון ניין־און־צוואַנציק.

זי האָט אין דער שטיל אַ שמייכל געטון. זי האָט זייער גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס איך האָב געמיינט.

— איך האָב קיינמאָל נישט געמאַכט קיין סוד פֿון מיין עלטער פֿאַר אים. ער זאָגט, אַז עס האָט נישט קיין שום וויכטיקייט.

איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז אמת. זי איז נישט געווען פֿון די פֿרויען,

וואָס פאַרלייקענען דעם אמת פון זייער עלטער. זי האָט געפונען אַ מין ווילדן נחת־רוח אין דעם זאָגן אים דעם אמת וועגן זיך גופא.

— ווי אַלט זענט איר?

— פיר־און־פערציק.

— וואָס וועט איר טוּן אַצינד?

— איך האָב געשריבן צו דזשערין און אים געזאָגט, אַז איך האָב פאַר־לאָזט טשארלין. ווי נאָר איך וועל פון אים באַקומען אַ בריוו, פאָר איך אַרויס צו אים.

איך בין פאַרבליבן שטיין ווי פאַרשטיינערט.

— איר ווייסט, עס איז אַ זייער פרימיטיווע קליינע קאָלאָניע, וווּ ער לעבט. איך האָב מורא, אַז אייער לאַגע וועט דאָרטן זיין נישט קיין פויגלדיקע.

— ער האָט מיך געצוווּנגען צו געבן אים אַ תקיעת־כּף, אַז אויב נאָך זיין אַוועקפאָרן וועט מיין לעבן ווערן פאַר מיר אומדערטרעגלעך, וועל איך אַוועק־פאָרן צו אים.

— זענט איר זיכער, אַז איר טוט קלוג, וואָס איר לייגט אַזוי פיל אַכט אויף זאַכן, וואָס אַ יונגער מאַן זאָגט־צו, ווען ער איז פאַרליבט.

פונדאָסניי איז דערשינען אויף איר פּנים יענער באמת שיינער אויס־זען פון התלהבות.

— יאָ, אין פאַל, ווען דער יונגערמאַן איז דזשערי.

מיין האַרץ האָט זיך אין מיר אַראָפּגעזעצט. איך בין אויף אַ ווילע גע־בליבן שטום. דערנאָך האָב איך איר דערציילט די געשיכטע פון דער שאָסיי, וואָס דזשערי מאָרטאָן האָט אויסגעבויט. איך האָב מיין דערציילן שטאַרק דראַ־מאַטיזירט און איך מיין, אַז עס האָט געמאַכט דעם געהעריקן עפעקט אויף איר.

— צו וואָס האָט איר עס מיר דערציילט, — האָט זי מיך געפרעגט, ווען איך האָב געענדיקט.

— איך מיין, אַז עס איז זייער אַ שיינע מעשה.

זי האָט געדרייט מיטן קאָפּ און געשמייכלט.

— ניין, איר האָט געוואָלט מיר ווייזן, אַז ער איז זייער יונג און ענטוז־יאַסטיש, און אַזוי אייפערדיק אין זיין אַרבעט, אַז ער האָט נישט קיין סך צייט צו פאַרלירן אויף אַנדערע ענינים. איך וועל אים נישט שטערן אין זיין אַרבעט. איר קענט אים נישט אַזוי גוט ווי איך. ער איז אומגלויבלעך ראָמאַנטיש. ער באַטראַכט זיך פאַר אַ פּיאָנער. איך האָב געגנאַשט פון אים עפּעס פון זיין התלהבות איבערן געדאַנק פון אָנטייל נעמען אין דער באַנייאונג

פֿון אַ ניי לאַנד. עס איז דאָך זייער אימפּאָזאַנט, נישט אמת? אָט די געשעענישׂ מאַכט דאָס לעבן דאָהי אויסזען מאָנאָטאָן און קליינלעך. אָבער, גאַנץ פֿאַר־שטענדלעך, עס איז דאָרט זייער איינזאַם. אַפּילו די געזעלשאַפֿט פֿון אַ מיטל־יאָריקער פֿרוי איז אויך אַ ווערטפֿולער ענין.

— האָט איר בדעה חתונה צו האָבן מיט אים? — האָב איך געפֿרעגט.

— איך בין פֿולשטענדיק אין זיין רשות. איך וויל טון רק דאָס, וואָס ער וויל.

זי האָט גערעדט מיט אַזוי פֿיל פּשוטקייט, און עס א״ז געווען עפּעס אַזוי רירנדיקס אין איר רעזיגנאַציע, אַז ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען, בין איך שוין מער אויף איר נישט געווען אין כעס. אַוודאי האָב איך זי באַטראַכט ווי אַ זייער נאַרישע פֿרוי, אָבער אויב די נאַרישקייט פֿון מענטשן וואָלט אונדז באַדאַרפֿט אַריינברענגען אין כעס, וואָלטן מיר דאָס גאַנץ לעבן געמוזט דורכ־מאַכן אין אַ צושטאַנד פֿון כראָנישער אויפֿגערעגטקייט. איך האָב געמיינט, אַז אַלץ וועט אויסגיין צום גוטן. זי האָט געזאָגט, אַז דזשערי איז ראָמאַנטיש געשטימט. יאָ, ער איז אַ ראָמאַנטיקער, אָבער די ראָמאַנטיקער אין דער איצטיקער באַנאַלער וועלט געלינגט אַנצוגיין מיט זייערע אומזיניקייטן בלויז דערפֿאַר, ווייל זיי פֿאַרמאָגן אין זייער נאַטור אַ פּיפּיקן חוש פֿון רעאַליטעט. נאַראָנים זענען די יעניקע, וועלכע נעמען אָן זייערע באָמבאַסטישע פֿלוי־דערייען לויט זייער נאָמינעלן ווערט. די ענגלענדער זענען ראָמאַנטיקער, דעריבער באַטראַכטן די אַנדערע פֿעלקער זיי פֿאַר היפּאָקריטן. ניין, זיי זע־נען אַזעלכע נישט. מיט דער גאַנצער אויפֿריכטיקייט לאָזן זיי זיך אַרויס אין דער ווייטער וועלט, כדי צו דערגרייכן דאָס געטלעכע קעניגרייך. אָבער די נסיעה איז אַ שווערע, און על פּי שכל הישר האָבן זיי אַ גרונט דורכצופֿירן יעטוועדן זיכערן מסחר, וועלכן זיי טרעפֿן־אָן אויף זייער וועג. די בריטישע נשמה, אַזוי ווי וועלינגטאָנס אַרמייען, מאַרשירט אויף איר בויך. איך האָב זיך פֿאַרגעשטעלט די שווערע מינוטן, וועלכע דזשערי האָט געדאַרפֿט דורכ־מאַכן, נאָכן האָבן באַקומען מאַרדזשעריס בריוו. מיין מיטגעפֿיל איז נישט געווען שטאַרק פֿאַרטון אין דעם ענין. כ׳בין געווען בלויז נייגעריק צו זען, ווי אַזוי ער וועט זיך אויספּלאָנטערן פֿון דער קריטישער לאַגע, אין וועלכער ער איז אַריינגעקראָכן. איך האָב זיך אויסגעמאָלט די ביטערע אַנטוישונג פֿון מאַרדזשערי. יאָ, דאָס וועט איר נישט פֿאַרשאַפֿן פֿיל שאָדן, און נאָך אַ גע־וויסער צייט וועט זי זיך ווידעראַמאָל אומקערן צו איר מאַן, און איך האָב נישט געצווייפֿלט, אַז דאָס פֿאַרפֿאַלק, געלייטערט דורך די צרות, וועט פֿונ־

דאָסניי פאַרברענגען אין שלום, רו און גליק דעם איבערגעבליבענעם טייל פון זייער לעבן.

די געשעעניש האָט אָבער גענהאַט אַן אַנדער פאַרלויף. עס איז אַזוי געשען, אַז איך האָב בשום אופן נישט געקענט געפינען צייט צו זען זיך מיט טשאַר־לי בישאָפּן אין משך פון אייניקע טעג, אָבער איך האָב אים געשריבן און איינגעלאַדן צו עסן אָוונטברויט אין איינעם פון די אָוונטן פון דער קומענ־דיקער וואָך. איך האָב פאַרגעלייגט, הגם מיט אַן אינערלעכער אומרואיקייט, אַז מיר וועלן גיין אין טעאַטער. איך האָב געוווּסט, אַז ער טרינקט ווי אַ פיש, און ווען ער פלעגט זיין בגילופין, פלעגט ער מאַכן אַ טומל. דאָך האָב איך געהאָפט, אַז מיר וועלן פון אים נישט האָבן קיין צרות אין טעאַטער. מיר האָבן אָפּגעמאַכט צו טרעפן זיך אין אונדזער קלוב, ווו מיר וועלן עסן אָוונט־ברויט, זיבן אַ זייגער, מחמת די פּיעסע, וועלכע מיר האָבן באַדאַרפט גיין זען, הויבט זיך אָן אַ פערטל אויף נײַן. איך בין געקומען. איך האָב געוואַרט. ער איז נישט געקומען. כ'האָב טעלעפאָנירט צו אים אַהיים, אָבער נישט געקענט באַקומען קיין ענטפער. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז מסתמא איז ער שוין אַרויס פון דער היים. איך האָב פיינט צו פאַרפעלן דעם אָנהויב פון אַ פאַר־שטעלונג, און איך האָב געוואַרט אומגעדולדיק אין האָל, אַזוי אַז ווען ער וועט אָנקומען, וועלן מיר תיכף קענען אַרויפגיין. כדי איינצושפּאָרן צייט, האָב איך באַשטעלט אַן אָוונטברויט. דער גרויסער זייגער האָט געוויזן האַלב אַכט, דערנאָך דריי פערטל אַכט. כ'האָב נישט געזען קיין פאַרוואָס, איך זאָל אויף אים וואַרטן לענגער, און בין אַוועק אין עסצימער און אָפּגעגעסן אַן אָוונט־ברויט ביחידות. ער איז נישט געקומען. איך האָב געבעטן מיך צו פאַרבינדן טעלעפאָניש מיט דער וווינונג פון די מאַרשעס, און באַלד האָט מיר אַ קעלנער געמאָלדן, אַז ביל מאַרש איז ביים טעלעפאָן־אַפּאַראַט.

— האַלאָ, זאָגט מיר, האָט איר ידיעות וועגן טשאַרלי בישאָפּן? — האָב איך געזאָגט. — מיר האָבן געזאָלט עסן זאַלבענאַנד אָוונטברויט און דערנאָך גיין אין טעאַטער, אָבער ער איז נישט געקומען.

— ער איז געשטאָרבן היינט נאָכמיטאָג.

— וואָס?

מיין אויסגעשריי איז געווען אַזוי נערוועז, אַז אַ צוויי, דריי מענטשן, צו וועלכע עס איז דערגאַנגען, האָבן אַ הויב געטון די קעפּ און אויף מיר אַ קוק געטון. דער עס־סאַלאָן איז געווען פול געפּאַקט און די קעלנערס האָבן געאיילט אַהין און צוריק. דער טעלעפאָן־אַפּאַראַט איז געשטאַנען אויפן קאַסירס

שרייבטיש. אַ קעלנער איז האַסטיק צוגעגאַנגען מיט אַ טאַץ, אויף וועלכער עס האָבן זיך געפונען אַ פלעשל האָק־ווײַן און צוויי הויכע גלעזער, און האָט דערלאַנגט דעם קאַסיר אַ נומערל. דער דיקער הויפּט־קעלנער, באַגלייטנדיק צוויי געסט צו אַ טישל, האָט מיך אַ שטויס געטון.

— פון וואַנען רעדט איר? — האָט ביל געפרעגט.

איך מיין ,אַז ער האָט באַדאַרפט הערן דעם געררויש פון געשיר און כלים, וואָס האָט מיך אַרומגערינגלט. ווען איך האָב אים געזאָגט, האָט ער מיך געפרעגט, צי כ׳וואָלט געקענט קומען תיכף נאָכן עסן. דזשאַנעט וויל מיט מיר רעדן.

— כ׳קום אַרויף מאָמענטאַל — האָב איך געזאָגט.

איך האָב געטראָפן דזשאַנעטן און בילן זיצן אין אויפנאַם־סאַלאָן. ער האָט געלייענט די צייטונג און זי האָט געשפּילט „פּיישענס״. ווי נאָר דאָס דינסטמיידל האָט מיך אַריינגעפירט, איז זי גלייך צוגעגאַנגען צו מיר. זי איז געגאַנגען אַזוי ווי אויף פּרוזשינעס, עטוואָס איינגעבויגן, אויף שטילע פיס, ווי אַ פאַנטערע, וואָס גנבעט זיך אונטער צו איר קרבן. איך האָב גלייך געזען, אַז זי איז אין איר עלעמענט. זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און האָט אָפּ־געקערט איר קאָפּ, צו באַהאַלטן אירע אויגן פול ביז איבער די ברעגן מיט טרערן. איר קול איז געווען שטיל און טראַגיש.

— איך האָב געבראַכט מארדזשערין אַהער און זי אַריינגעלייגט אין בעט. דער דאָקטאָר האָט איר געגעבן אַ באַרואיקונג־מיטל. זי איז פולשטענדיק איינגעבראָכן. איז עס נישט שרעקלעך? — אין איר קול איז געווען עפּעס צווישן אַ זיפץ און אַ כליפּ. — כ׳ווייס נישט פאַרוואָס דאַרפן זיך אַזעלכע זאַכן טרעפן ביי מיר.

די בישאָפּס האָבן קיינמאָל נישט געהאַלטן קיין דינסט, אָבער אַן איינ־גייערין פלעגט צו זיי קומען יעדן טאָג. זי פלעגט אויפראַמען די צימערן און אויסוואַשן דאָס געפעס, וואָס זיי האָבן גענוצט צו זייער אָנבייסן. זי האָט געהאַט אַ באַזונדערן שליסל. יענעם פרימאָרגן איז זי אַריין ווי געוויינלעך און צוגעראַמט דאָס אויפנאַם־צימער. זינט זיין ווייב האָט אים פאַרלאָזן, זענען טשאַרליס שעהען געווען נישט קיין רעגולערע, און זי איז געווען נישט איבער־ראַשט צו געפינען אים אַ שלאָפעדיקן. אָבער די צייט האָט זיך גערוקט און זי האָט געוווסט, אַז ער דאַרף אַרויסגיין אין שטאָט. זי איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פון שלאָפצימער און האָט אַ קלאַפּ געטון. מען האָט נישט געענטפערט. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי האָט אים געהערט יאָמערן. זי האָט שטילער־

הייט געעפנט די טיר. ער איז געלעגן אין בעט, אויף דער פּלייצע און האָט געאָטעמט מיט אַ כאָרכלעניש. ער האָט זיך נישט אויפגעוועקט. זי האָט אים גערופן. עפּעס אין זיין אויסזען האָט זי געשראָקן. זי איז אַוועק צו דער דערבייאיקער וווינונג, ווו עס האָט געוווינט אַ זשורנאַליסט. ער איז נאָך געווען אין בעט, ווען זי האָט אָנגעקלונגען. ער האָט איר געעפנט די טיר אין אַ פּיזשאַמע.

— אַנטשולדיק, הער — האָט זי געזאָגט. — זייט אַזוי גוט און גיט אַ קוק, וואָס קומט פאָר מיט מיין באַלעבאָס. איך מיין, אַז ער איז נישט מיט אַלעמען.

דער זשורנאַליסט איז אַדורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר און אַריין אין טשאַרליס דירה. ביים בעט איז געשטאַנען אַ ליידיק פלעשל פון וועראָנאַל.

— רופט בעסער אַריין אַ פּאָליציאַנט — האָט ער געזאָגט.

אַ פּאָליציאַנט איז געקומען און אָנגעקלונגען אין פּאָליציי־באַצירק נאָך אַן אַמבולאַנס. מען האָט טשאַרלין אַריבערגעפירט אין טשערינג־קראָס שפּי־טאָל. ער איז שוין נישט צוריקגעקומען צום באַוווסטזיין. מאַרדזשערי איז געווען נעבן אים בעת זיין יציאת־הנפש.

— אוודאי, וועט מסתמא דורכגעפירט ווערן אַ געריכטלעכע אויספאָר־שונג — האָט געזאָגט דזשאָנעט.

— אָבער, עס איז גאַנץ קלאָר, וואָס איז דאָ געשען. ער פלעגט שלאָפן זייער שלעכט די פאַרגאַנגענע דריי אָדער פיר וואָכן, און איך מיין, אַז ער פלעגט נעמען וועראָנאַל. דורך אַ צופאַל האָט ער מסתמא גענומען אַ צו גרויסע דאָזע — האָט זי מוסיף געווען.

— אַזוי מיינט מאַרדזשערי? — האָב איך געפרעגט.

— זי איז צו שטאַרק צעבראָכן צו מיינען בכלל וועגן עפּעס. אָבער איך האָב איר געזאָגט, אַז איך בין זיכער, אַז ער איז נישט באַגאַנגען קיין זעלבסט־מאָרד. איך מיין, אַז ער איז נישט געווען פון יענעם מין מענטשן. בין איך נישט גערעכט, ביל?

— יאָ, מיין טייערע — האָט ער געענטפערט.

— האָט ער איבערגעלאָזט אַ וועלכן ס׳איז בריוו?

— ניין, גאָרנישט. אָבער עס איז גענוג מאָדנע; מאַרדזשערי האָט דער־האַלטן פון אים אַ בריוו, היינט אינדערפרי. נו, מען קען עס קוים אָנרופן אַ בריוו, אָט, פשוט איין שורה: „איך בין אַזוי איינזאַם אָן דיר, מיין טייערע“. דאָס אַלץ. אָבער אַוודאי דאָס מיינט גאָרנישט, און זי האָט צוגעזאָגט גאָר־

נישט צו זאָגן וועגן דעם ביי דער אויספאָרשונג. איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז מען דאַרף נישט מענטשן אַריינגעבן געדאַנקען אין זייערע קעפּ. איטלעכער ווייסט, אַז מען דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק מיט וועראָנאַל. איך אַליין וואָלט עס נישט גענומען פאַר גאָרנישט אין דער וועלט. עס איז בכן גאַנץ קלאָר, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ פאָרפאַל. ביל, בין איך נישט גערעכט?

— יאָ, טייערע — האָט ער געענטפערט.

איך האָב געזען, אַז דזשאַנעט איז געווען אַנטשלאָסן צו גלויבן, אַז טשאַרלי בישאָפּ איז נישט באַגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד, אָבער ווי ווייט זי האָט אין איר האַרץ געגלויבט, וואָס זי האָט געוואָלט גלויבן, בין איך נישט קיין גענוגנ־דיקער עקספּערט אין פרויען־פּסיכאָלאָגיע צו וויסן. און גאַנץ פאַרשטענד־לעך, עס איז מעגלעך, אַז זי איז גערעכט. עס לייגט זיך נישט אויפן שכל, אַז אַ מיטליאָריקער וויסנשאַפטסמאַן זאָל זיך נעמען דאָס לעבן, מחמת זיין מיטליאָריקע פרוי פאַרלאָזט אים, און עס איז וואַרשיינלעך, אַז אויפגעבראַכט פון שלאָפלאָזיקייט און, לויט אַלע מעגלעכקייטן, ווייט פון ניכטערקייט, האָט ער איינגענומען אַ גרעסערע דאָזע פון דעם שלאָפמיטל, נישט אָפּגעבנדיק זיך דערפון קיין חשבון. ווי די זאַך זאָל נישט זיין, אַזוי איז די מיינונג פון דעם אויספאָרשונגס־ריכטער וואָס שייך דעם ענין. מען האָט אים אויפמערק־זאַם געמאַכט, אַז לעצטנס האָט טשארלי בישאָפּ באַקומען אַ געוווינהייט צו שכורן, אַ זאַך, וואָס האָט געצוווּנגען זיין פרוי צו פאַרלאָזן אים און עס איז געווען גאַנץ קלאָר, אַז קיין זאַך אין דער וועלט איז נישט געווען ווייטער פון זיינע געדאַנקען, ווי צו מאַכן אַ סוף פון זיין לעבן. דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט אויסגעדריקט מיטגעפיל דער אלמנה און שטאַרק קאָמענטירט וועגן דער געפאַר פון שלאָפמיטלען.

איך האָס לויות, אָבער דזשאַנעט האָט מיך געבעטן צו גיין צו טשארליס לויה. אייניקע פון זיינע קאָלעגן אין שפּיטאָל האָבן געמאָלדן זייער ווונטש צו מלוה זיין דעם מת, אָבער, אויף מאַרדזשעריס פאַרלאַנג, האָט מען זיי דערפון אָפּגערעדט, און דזשאַנעט און ביל, מאַרדזשערי און איך זענען גע־ווען די איינציקע באַגלייטער. מיר האָבן באַדאַרפט אַראָפּבאַגלייטן די עגלה פון מתים־שטיבל און זיי האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז זיי וועלן קומען מיך רופן, בעת זיי וועלן פאַרבייפאָרן. איך האָב אויסגעקוקט אויף דער קאָטש און ווען כ׳האָב זי געזען זיך דערנענטערן, בין איך אַראָפּ מיט די טרעפּ, אָבער ביל איז אַרויסגעשטיגן און האָט מיך אָנגעטראָפן פאַר דעם, ווי איך האָב באַוויזן אַרויסגיין פון דער טיר.

— וואַרט־צו אַ האַלבע מינוט — האָט ער געזאָגט. — איך באַדאַרף אייך עפּעס זאָגן. דזשאַנעט וויל, אַז איר זאָלט שפּעטער צוקומען און טרינקען מיט אונדז טיי. זי זאָגט, אַז מען דאַרף נישט דערלאָזן מארדזשערין צו זיין נידערגעשלאָגן. נאָכן טיי וועלן מיר שפּילן ברידזש. קענט איר קומען?

— אַזוי? מיט אָט די בגדים? — האָב איך געפרעגט.

כ׳האָב געטראָגן אַ פראַק מיט אַ שוואַרצן קראַוואַט און די הויזן פון מיין אָוונט־אָנצוג.

— אָ, שאַדט נישט. עס וועט זי אַ ביסל צעשטרייען.

— זייער גוט.

אָבער, נאָך אַלעמען, האָבן מיר נישט געשפּילט קיין ברידזש. דזשאַנעט מיט אירע בלאָנדע האָר איז געווען זייער עלעגאַנט אין אירע איינדרוקספולע טרויער־קליידער און זי האָט געשפּילט מיט אַ וווּנדערבאַרער געשיקטקייט די ראָל פון אַ מיטפילנדיקן פריינט. זי האָט שטיל געוויינט, אָפּווישנדיק אירע אויגן אַזוי פאַרזיכטיק, אַז זי זאָל נישט אָפּרייבן די שוואַרצע שמינקע פון אירע אויגנוויִעס, און ווען מארדזשערי האָט מיט אַ צעבראָכן האַרץ געכלי־פּעט, האָט זי זי אַרומגענומען. זי איז געווען אַ פריינט, תמיד גרייט צו העלפן אין אַ נויטפאַל. מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. אַ טעלעגראַמע איז אָנגעקומען פאַר מארדזשערי. זי האָט זי גענומען און איז אַרויף אויפן ערשטן שטאָק. איך האָב זיך משער געווען, אַז עס באַדאַרף זיין אַ קאָנדאָלענץ־דעפּעשע פון איינעם פון טשארליס פריינט, וועלכער האָט זיך דערוווּסט פון זיין טויט. ביל איז אַוועק זיך איבערצוטון און דזשאַנעט און איך זענען אַרויף אין אויפ־נאַם־זאַל און מיר האָבן אַרויסגערוקט דאָס ברידזש־טישל. זי האָט אַראָפּ־גענומען איר הוט און אים געלייגט אויף דער פּיאַנאָ.

— עס ברענגט נישט קיין שום נוץ צו זיין היפּאָקריטיש — האָט זי גע־זאָגט. — אַוודאי איז מארדזשערי זייער דערשיטערט, אָבער זי מוז זיך שטאַרקן. אַ פּאַרטיע ברידזש וועט איר העלפן צו קומען צוריק צו איר נאָ־טירלעכן צושטאַנד. נאַטירלעך, דאָס האַרץ איז מיר צעריסן אויף שטיקער צוליב טשארלין, אָבער וואָס שייך אים, גלויב איך נישט, צי ער וואָלט זוען עס איז געקענט איבערטראָגן דעם פאַקט, אַז מארדזשערי האָט אים פאַרלאָזן, און מען קען נישט לייקענען, אַז עס האָט שטאַרק פאַרלייכטערט איר לאַגע. זי האָט טעלעגראַפירט צו דזשערין היינט אינדערפרי.

— וועגן וואָס?

— צו מעלדן אים וועגן אומגליקלעכן טשארלין.

## וו. סאמערסעט מאַם

אין זעלביקן אויגנבליק איז דאָס דינסטמיידל אַריין אין צימער.

— ווילט איר זיין אַזוי פריינטלעך און אַריינגיין צו דער פרוי בישאָפּ, מאַדאַם. זי וויל מיט אייך רעדן.

— יאָ, מיט פאַרגעניגן.

זי איז שנעל אַרויס פון צימער און איך בין געבליבן אַליין. אין אַ קור־צער ווײַלע איז אַריינגעקומען ביל און מיר האָבן געכאַפּט אַ טרונק. ענדלעך איז דזשאַנעט צוריקגעקומען. זי האָט מיר דערלאַנגט אַ טעלעגראַמע. כ׳האָב איבערגעלייענט:

ווי גאָט איז דיר ליב. וואַרט אויפן בריוו. דזשערי.

— וואָס מיינט איר זאָל עס באַדייטן? — האָט זי מיך געפרעגט.

— דאָס וואָס עס זאָגט — האָב איך געענטפערט.

— אידיאָטקע! אַוודאי האָב איך מארדזשערין געזאָגט, אַז עס מיינט גאָר־נישט, אָבער זי איז אַ ביסל אומרואיק. זיין טעלעגראַמע האָט געמוזט זיך אויסמיידן מיט איר טעלעגראַמע, וועלכע האָט אים אָנגעזאָגט, אַז טשאַרלי איז געשטאָרבן. כ׳בין מסופק, צי זי פילט זיך געשטימט צו שפילן ברידזש, נאָך אַלעמען. איך מיין, אַז עס וואָלט געווען נישט אָנשטענדיק צו שפילן דעם זעלביקן טאָג, ווען איר מאַן איז געקומען צו קבורה.

— גאַנץ פאַרשטענדלעך — האָב איך געזאָגט.

— אַוודאי, וועט ער טעלעגראַפירן אַן ענטפער אויף איר טעלעגראַמע. ער וועט עס זיכער טון, נישט אמת? די איינציקע זאַך, וואָס מיר קענען טון איצט, איז געדולדיק צו וואַרטן אויפן בריוו.

איך האָב נישט געזען קיין נויטווענדיקייט צו פאַרבלייבן ווייטער און פאַרזעצן דאָס געשפּרעך. כ׳בין אַוועק. איניקע טעג שפּעטער האָט דזשאַנעט מיך אָנגערופן אויפן טעלעפאָן, איבערגעבנדיק מיר, אַז מארדזשערי האָט געקראָגן אַ קאָנדאָלענץ־טעלעגראַמע פון מאַרטאָנען. זי האָט מיר איבער־געלייענט:

שרעקלעך דערשיטערט צו הערן טרויעריקע ידיעה. פיל טיף מיט אין דיין גרויסן צער. מיט ליבע. דזשערי.

— וואָס איז אייער מיינונג וועגן דעם — האָט זי געפרעגט.

— כ׳מיין, אַז עס איז געהעריק געהאַנדלט.

— אַוודאי האָט ער נישט געקענט זאָגן, אַז ער איז אומגעהויער צופרידן, נישט אמת?

— ער וואָלט עס נישט געקענט טון אין קיין שום איידעלער פאָרעם.

— און ער האָט צוגעשטעלט מיט ליבע.

איך שטעל מיר פאָר, ווי אַט די פרויען האָבן עקזאַמינירט די צווי טעלע־גראַמעס פון יעדן קוקווינקל און האָבן אַנאַליזירט יעדעס וואָרט, כדי אַרויס־צופּרעסן דערפון יעדן מעגלעכן שאָטן פון באַדייט. עס האָט זיך מיר אויס־געדאַכט, אַז איך הער זייערע אומענדלעכע געשפּרעכן.

— כ׳ווייס נישט, וואָס וועט געשען מיט מאַרדזשערין, אויב ער וועט זי איצט לאָזן זינקען — האָט דזשאַנעט צוגעגעבן. — נאַטירלעך, עס בלייבט צו זען, צי ער איז אַן אַדלמאַן.

— אומזין — האָב איך געזאָגט און שנעל אָפּגעלייגט דאָס טרייבל.

במשך די ווייטערדיקע טעג, האָב איך געגעסן מיטאָג מיט די מארשעס אייניקע מאָל. מאַרדזשערי האָט אויסגעזען מיד. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי דערוואַרט דעם בריוו, וואָס איז געווען אין וועג. זי האָט געוואַרט מיט אַ קרענקלעכער אומרו. עגמת־נפש און שרעק האָבן זי אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז זי האָט ממש אויסגעזען ווי אַ שאָטן; זי האָט אויסגעזען צו זיין זייער שוואַך אַצינד און זי האָט באַקומען אַ געשפּענסטיקן אויסזען, וועלכן איך האָב קיינמאָל פריִער אין איר נישט געזען. זי איז געווען זייער איידל, זייער דאַנקבאַר פאַר יעטוועדע העפלעכקייט, וואָס מען פלעגט איר אַרויסווייזן, און אין איר שמייכל, אַן אומזיכערער און עטוואָס אומדרייסטער, איז געווען פאַר־הוילט אַן אומענדלעכער פּאַטאָס. איר אומבאַהאָלפנקייט האָט אַפּעלירט נאָך מיטלייד. אָבער מאַרטאַן איז געווען עטלעכע טויזנט מייל העט ווייט. דאַן, אַ געוויסן מאָרגן האָט דזשאַנעט צו מיר אָנגעקלונגען.

— דער בריוו איז אָנגעקומען. מאַרדזשערי זאָגט, אַז איך קען אים אייך ווייזן. ווילט איר צוקומען?

איר אָנגעצויגענע שטימע האָט מיר אַלץ געזאָגט. ווי נאָר איך בין אָנגע־קומען, האָט מיר דזשאַנעט דערלאַנגט דעם בריוו. כ׳האָב אים איבערגעלייענט. עס איז געווען זייער אַ פאַרזיכטיקער בריוו און איך מיין, אַז מאַרטאַן האָט אים אייניקע מאָל איבערגעשריבן. ער איז געווען געשריבן אין אַ העפלעכער פאָרעם און מאַרטאַן האָט משמעות זיך באַמיט אויסצומיידן צו זאָגן עפּעס, וואָס וואָלט געקענט פאַרשאַפן ווייטיק מאַרדשזערין, אָבער דאָס, וואָס האָט זיך געלאָזט בולט פילן פון די שורות, איז געווען שרעק. עס איז געווען קענטיק, אַז ער האָט געציטערט ווי אַ האַרבסט־בלאַט. ער האָט וואַרשײַנלעך געפילט, אַז דער בעסטער אופן צו באַהערשן די לאַגע איז צו פאַרהאַלטן זיך מילדער־הייט קאָמיש, און ער האָט גוטמוטיק אָפּגעחוזקט פון די ווייסע מענטשן אין

דער קאָלאָניע. וואָס וואָלטן זיי געזאָגט, ווען מארדשזערי וואָלט פּלוצלינג דערשינען? ער וואָלט תיכף באַזייטיקט געוואָרן פון זיין פּאָסטן. מענטשן מיי־נען, אַז דער אָריענט איז פריי און זאָרגלאָז; עס איז נישט אַזוי. ער איז מער קליינשטעטלדיק ווי דער שטאָט־טייל קלעפּעס. ער האָט צופיל ליב מאַרדזשע־רין צו קענען פאַרטראָגן דעם געדאַנק, ווי יענע עקלהאַפטע פרויען פון דער קאָלאָניע וועלן פאַררייסן זייערע נעזער אויף איר. און אויסער דעם איז ער געשיקט געוואָרן צו אַ פּונקט, וואָס געפינט זיך דערווייטערט פון וועלכן עס איז ישוב דורך אַ שטרעקע פון צען טעג רייזע. זי וועט נישט קענען לעבן אין אַ באַנגאַלאָ, און אַוודאי זענען דאָרטן נישט פאַראַן קיין האָטעלן, און זיין אַרבעט צווינגט אים צו פאַרטיפן זיך אין דעם דזשונגל במשך אַ סך טעג אָן איבעררייס. עס איז נישט קיין פּלאַץ פאַר אַ לייטישער פרוי, אין יעדן פאַל. ער האָט איר איבערגעחזרט, ווי טייער ער שאַצט זי אָפּ, אָבער זי דאַרף זיך נישט פאַרדרייען איר קאָפּ מיט אים, און ער איז געצוווּנגען צו מיינען, אַז עס וואָלט געווען פאַר איר בעסער, אויב זי וואָלט צוריק אַוועק צו איר מאַן. ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט געקענט מוחל זיין, אויב ער וואָלט אַ טראַכט געטון, אַז ער איז אַריינגעקומען צווישן איר און טשארלין. יאָ, איך בין פולשטענדיק זיכער, אַז עס איז געווען אַ שווערער בריוו צו אָנשרייבן.

— אַוודאי האָט ער דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז טשארלי איז שוין מער נישט פאַראַן צווישן די לעבעדיקע. איך האָב געזאָגט מארדזשערין, אַז דאָס ענדערט אַלץ.

— איז זי מסכים מיט אייך?

— איך מיין, אַז זי איז זייער נישט לאָגיש אין באַגרייפן דעם גאַנצן ענין. ווי פאַרשטייט איר דעם בריוו?

— עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז ער דאַרף זי נישט האָבן.

— מיט צוויי חדשים צוריק האָט ער זי דאָך זייער באַגערט.

— עס איז צו באַוווּנדערן, וואָס אַן ענדערונג פון לופט און אַן ענדע־רונג פון אָרט קענען מיט אונדז מאַכן. אים באַדאַרף עס אויסזען, אַז עס איז שוין אַ יאָר זינט ער האָט פאַרלאָזן לאָנדאָן. ער איז ווידעראַמאָל צווישן זיינע אַלטע פריינט און זיינע אַלטע באַשעפטיקונגען. מיין טייערינקע, עס וועט גאָרנישט אַרויסקומען פון מארדזשעריס זעלבסט־אָפּנאַרעריי. דאָס דאָרטיקע לעבן האָט אים צוריק אויפגענומען און דאָרטן איז נישט פאַראַן קיין פּלאַץ פאַר איר.

— איך האָב איר געראַטן נישט צו נעמען צו קענטעניש דעם בריוו און אַרויספאָרן דירעקט צו אים.

— איך מיין, אַז זי איז צו פאַרנונפטיק צו אויסשטעלן זיך אויף אַ זייער שרעקלעכן אָפּזאָג.

— אָבער אין אַזאַ פאַל, וואָס וועט געשען מיט איר? אָ! עס איז שווי־דערלעך. זי איז די בעסטע פרוי אין דער וועלט. זי פאַרמאָגט די אמתע גוטסקייט.

— אויב איר טראַכט זיך אַריין אין דעם ענין, זעט עס אויס קאָמיש, אַז איר גוטסקייט האָט גורם געווען אָט די צרה. פאַרוואָס, צו אַלדע רוחות, האָט זי נישט געהאַט קיין ליבע־אַפּערע מיט מאַרטאָנען? טשאַרלי וואָלט גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם און ער וואָלט זיך אויף אַ האָר נישט געענדערט. זי מיט מאַרטאָנען וואָלטן געהאַט פאַרבראַכט אַ הערלעכע צייט און נאָך זיין אַוועקפאָר, וואָלטן זיי זיך געקענט פונאַנדערגיין מיטן באַוווּסטזיין, אַז אַן אָנ־גענעמער עפּיזאָד איז דערפירט געוואָרן צו אַ הערלעכן סוף. עס וואָלט פאַר־בליבן אַ פריילעכע דעראינערונג, און זי וואָלט געקענט צוריקגיין צו טשאַרלין, אַ צופרידנגעשטעלטע און אַן אויסגערוטע און ווייטער זיין פאַר אים אַן אויס־געצייכנטע ווייב, ווי זי איז עס תמיד געווען.

דזשאַנעט האָט צוזאַמענגעצויגן אירע ליפּן. זי האָט מיך באַקוקט מיט פאַראַכטונג.

— איר ווייסט, עס איז פאַראַן אַ זאַך, וואָס הייסט צניעות.

— פאַרשאָלטן זאָל זיין צניעות. אַ צניעות, וואָס איז עלול צו פאַרשאַפן נאָר פאַרוויסטונג און אומגליק, איז גאָרנישט ווערט. איר מעגט עס אָנרופן צניעות, אויב איר ווילט. איך רוף עס אַן פּחדנות.

— דער געדאַנק צו זיין אומטריי צו טשאַרלין, בעת זי האָט געלעבט מיט אים, האָט זי אויפגעברויזט. איר ווייסט, עס זענען פאַראַן אַזעלכע פרויען.

— גאָט מיינער, זי וואָלט געקענט פאַרבלייבן טריי צו אים מיטן גייסט, זייענדיק אומטריי צו אים מיטן קערפּער. דאָס איז אַן אַקט פון קונצנמאַכעריי, וועלכן פרויען קענען לייכט אויספירן.

— וואָס פאַראַ העסלעכער ציניקער איר זענט.

— אויב עס איז ציניש צו קוקן דעם אמת אין פנים אַריין און אָנווענדן דעם געזונטן שׂכל אין די לעבנס־ענינים, דעמאָלט בין איך פאַקטיש אַ ציני־

קער און אַ העסלעכער, אויב איר געפינט עס איין פאַר פּאַסיק צוצוגעבן. לאָמיר קוקן די זאַכן אין פּנים אַריין. מאַרדזשערי איז אַ מיטליאָריקע פרוי; טשאַרלי איז אַלט געווען פינף־און־פופציק, און זיי זענען געווען פאַרהייראַט זעכצן יאָר. עס איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס זי האָט פאַרלוירן איר קאָפּ צוליב אַ יונגן מאַנסביל, וועלכער האָט פון איר געמאַכט אַ גאַנצן צימעס. אָבער רופט עס נישט אָן ליבע. עס איז געווען פּסיכאָלאָגיע. זי איז געווען צו נאַריש, אָנגע־מענדיק אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, פאַר ערנסט. דאָס האָט נישט ער גערעדט, עס האָט גערעדט זיין אויסגעהונגערטער געשלעכט. ער האָט געליטן אַ גע־שלעכטלעכן הונגער, לכל הפּחות, ווי ווייט עס איז נוגע ווייסע פרויען, במשך פיר יאָר. עס וואָלט געווען אַן אַקט פון חסר־דעה, אויב זי וואָלט זיך אַנט־שלאָסן צו רואינירן זיין לעבן, דורך באַצווינגען אים, צו דערפילן די ווילדע הבטחות, וועלכע ער האָט איר געמאַכט. עס איז געווען אַ צופאַל, וואָס ער האָט ליב געקראָגן מאַרדשזערין. ער האָט צו איר געגלוסט, און ווייל ער האָט זי נישט געקענט בייקומען, האָט ער צו איר נאָך מער געגלוסט. מעגלעך, אַז ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז ליבע. גלויבט מיר, עס איז בלויז געווען תאווה. אויב ער וואָלט מיט איר געטיילט דעם געלעגער, וואָלט טשארלי נאָך ביזן היינטיקן טאָג געווען געלעבט. איר פאַרשאָלטענע צניעות האָט גורם געווען אָט דעם גאַנצן אומגליק.

— ווי נאַריש איר זענט. קענט איר נישט פאַרשטיין, אַז זי האָט אַנדערש נישט געקענט טון? ווי איר זעט, איז זי נישט קיין הפקרדיקע פרוי.

— מיר געפעלט בעסער אַ צעלאָזענע פרוי, ווי אַן עגאָאיסטקע, און אַן אויסגעלאַסענע ווי אַ נאַר.

— כ׳בעט איך, פאַרמאַכט אייער מויל. כ׳האָב אייך נישט געבעטן אַהער צו קומען, כדי איר זאָלט זיך פאַרהאַלטן ווי אַ חיה־רעה.

— פאַרוואָס האָט איר מיך אַהער גערופן?

— דזשערי איז אייער פריינט. איר האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר מאַר־דזשערין. אויב זי איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ זומפּ, איז עס זיין שולד. אָבער איר זענט די סיבה פון דער גאַנצער קאָפּ־פאַרדרייעניש. עס איז אייער חוב צו שרייבן צו אים און אים זאָגן, אַז ער מוז טון די גערעכטע זאַך לגבי איר.

— חלילה־וחס — האָב איך געענטפערט.

— אויב אַזוי, קענט איר בעסער גיין.

כ׳האָב געמאַכט די נויטיקע צוגרייטונגען.

צניעות

— יאָ, ווי די זאַך זאָל נישט זיין, איז דער זכות אונדז בייגעשטאַנען, וואָס טשאַרליס לעבן איז געווען אַסעקורירט — האָט געזאָגט דזשאַנעט.
איך האָב זיך אויסגעדרייט צו איר.
— און איר האָט נאָך די דרייסטקייט צו זאָגן, אַז איך בין אַ ציניקער.
איך וועל נישט איבערחזרן דאָס גראָבע וואָרט, וואָס איך האָב אַ שליידער געטון אויף איר, בעת כ׳האָב אַ זעץ געטון מיט דער טיר הינטער מיר. פונ־דעסטוועגן איז דזשאַנעט זייער אַ פיינע פרוי. גאַנץ אָפּט טו איך אַ טראַכט, אַז עס וואָלט געווען זייער פריילעך צו זיין פאַרהייראַט מיט איר.

עס קומט שוין אַזוי אויס, אַז איך געפין זיך אין רוים בלויז בעתן שטילן סעזאָן. אויף מיין וועג אַהין און אַהער פאָר איך דורך די שטאָט אין אויגוסט אָדער סעפּטעמבער און פאַרבלייב דאָרטן איניקע טעג, באַזוכנ־דיק פונדאָסניי ערטער און באַקוקנדיק ווידעראַמאָל בילדער, וועלכע דער־מאָנען מיר אין אַלטע און אָנגענעמע פּאַסירונגען. עס איז דעמאָלט זייער הייס און די איינוווינער פון דער שטאָט פאַרברענגען זייערע טעג אין אַרומ־שפּאַצירן אַהין און צוריק לענגאויס דער קאָרסאָ. די קאַפע נאַציאָנאַלע איז געפּאַקט מיט מענטשן, וועלכע זיצן שעהענווייז ביי די קליינע טישלעך מיט ליידיקע קאַווע־טעפּעלעך און גלעזער וואַסער פאַר זיי.

אין דער קאַפּעלאַ סיקסטינאַ באַגעגנט איר בלאָנדע און זון־אָפּגעברענטע דייטשן אין ברייטע „ביקערבאַקער״־הויזן און העמדער אָפענע ביים האַלדז, וועלכע וואַנדערן אַרום איבער די פאַרשטויבטע וועגן פון איטאַליע מיט רוקזעק אויף זייערע פּלייצעס און אין דער קירכע סאַן־פּעדראָ, קליינע גרופּן פון פרומע לייט, אויסגעמאַטערטע אָבער לעבנסלוסטיקע, וועלכע זענען דאָ געקומען ווי פּילגרימער פון ווייטע לענדער, האָבנדיק באַצאָלט פאַראויס פאַר דער רייזע, האָטעל און קעסט. זיי זענען אונטער דער השגחה פון אַ גלח און זיי רעדן אויף פרעמדע שפּראַכן.

דער האָטעל פּלאַסאַ איז דעמאָלט קיל און באַרואיקנדיק. די בופעט־צימערן זענען טונקל, שטיל און רחבותדיק. ביים נאָכמיטאָג־טיי זענען די איינציקע לייט, וואָס פאַרנעמען די סאָפע, אַ יונגער עלעגאַנטער אָפיציר און אַ פרוי מיט שיינע אויגן; זיי טרינקען לימאָנאַדע מיט אייז און זיי שמועסן אינטים, שטילערהייט מיט דער אומדערמידלעכער פליסיקייט פון זייער ראַסע. איר גייט אַרויף אין אייער צימער און שרייבט בריוו און צוויי שעה שפּעטער קומט איר אַראָפּ, און זיי רעדן נאָך אַלץ.

פאַר מיטאָג קומען אַריין אין באַר איניקע לייט, אָבער אין דעם איבע־ריקן טייל פון טאָג איז דאָ ליידיק, און דער באַר־אייגנטימער האָט גענוג

צייט צו דערציילן אייך וועגן זיין מוטער, וועלכע איז אין דער שווייץ, און
וועגן זיינע דערפאַרונגען אין ניו־יאָרק. איר שמועסט וועגן לעבן און ליבע
און יקרות פון לעבנסמיטלען. און אָט ביי דער געלעגנהייט האָב איך אויך
דערפילט, אַז דער האָטעל געהערט כמעט אינגאַנצן צו מיר. ווען דער אויפ־
נאַם־באַאַמטער האָט מיך געפירט אין מיין צימער, האָט ער מיר געזאָגט,
אַז כמעט אַלע צימערן זענען פאַרנומען, אָבער, ווען איך בין, נאָך מיין באָד
און איבערטון זיך, אַראָפּגעגאַנגען אין האָל אַריין, האָט מיך דער ווינדע־
באַדינער, אַן אַלטער באַקאַנטער מיינער, אינפאָרמירט ,אַז אין האָטעל האָבן
מער זיך נישט געפונען ווי אַ טוץ מענטשן. כ׳בין געווען פאַרמאַטערט נאָך
אַ לאַנגער און הייסער רייזע איבער איטאַליע, און האָב באַשלאָסן רואיק אָפּעסן
מיין אָוונטברויט אין האָטעל און גיין פרי שלאָפן. ס׳איז געווען שוין שפּעט
ווען כ׳בין אַריין אין עסזאַל, אַ רחבותדיקער און העל־באַלויכטענער סאַלאָן,
אָבער בלויז דריי אָדער פיר טישלעך זענען געווען פאַרנומען. איך האָב
אַ קוק געטון אַרום זיך מיט צופרידנקייט. עס איז זייער אָנגענעם צו געפינען
זיך אַליין אין אַ גרויסן ליידיקן האָטעל. עס פאַרשאַפט אייך אַ תענוג־געפיל
פון פרייהייט. איך האָב געפילט ווי די פליגל פון מיין גייסט טוען אַ קליינעם
פלאַטער פון אַנטציקונג. איך בין פאַרבליבן אין באַר צען מינוט און גענומען
אַ שטאַרקן „מאַרטיני״. איך האָב מיר געהייסן געבן אַ פלאַש גוטן רויטן
וויין. מיינע גלידער זענען געווען מידע, אָבער מיר איז דאָס האַרץ אויסגע־
גאַנגען נאָך אַן עס און אַ טרונק, און איך האָב אָנגעהויבן צו פילן אַן אייגנ־
אַרטיקע לייכטקייט פון געמיט. כ׳האָב געגעסן מיין זופּ און מיין פיש, און
אָנגענעמע געדאַנקען האָבן אָנגעפילט מיין מוח. שטיקער געשפּרעכן האָבן
אויפגעטויכט אין מיין קאָפּ און מיין פאַנטאַזיע האָט זיך אַרומגעשפּילט גליק־
לעך מיט די געשטאַלטן פון אַ נאָוועלע, איבער וועלכער איך האָב אַציגד
געאַרבעט. איך האָב אַרומגעקייקלט אַ זאַץ אויף מיינעם צונג און עס האָט
געהאַט אַ טעם בעסער פון וויין. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער
שוועריקייט פון קענען באַשרייבן דאָס אויסזען פון מענטשן געווי אַזוי, אַז
מען זאָל קענען מאַכן דעם לייענער זען זיי, ווי דער שרייבער זעט זיי. פאַר
מיר איז דער דאָזיקער עניין געווען איינע פון די שווערסטע זאַכן אין דער
ליטעראַרישער שאַפונג. וואָס באַקומט באמת דער לייענער, ווען איר באַשרייבט
אַ פנים, שטריך נאָך שטריך? איך מיין, אַז גאָרנישט. און כאָטש טייל שרייבער
האַלטן שטאַרק פון דער מעטאָדע אויפצוכאַפּן אַ געוויסן כאַראַקטעריסטישן
צוג, ווי למשל אַ קרומען שמייכל אָדער כיטרע אויגן, לייגנדיק דערויף

גרויס וויכטיקייט, ווערט פונדעסטוועגן דערמיט דאָס פּראָבלעם נישט גע־לייזט.

איך האָב אַ קוק געטון אַרום זיך און אַליין געוועזן טשיקאַווע צו וויסן, ווי וואָלט איך געקענט באַשרייבן די לייט ביי די טישן, וואָס זענען געווען אַרום מיר. פּונקט אַנטקעגן מיר איז געזעסן אַ מאַן אַליין און, לשם פּראַקטיק, האָב איך זיך אַליין געפרעגט, ווי אַזוי זאָל איך אים באַשרייבן. ער איז געווען אַ הויכער, דאַרער מאַן און פון אַ טיפּ, וועלכער, איך מיין, ווערט בכלל אָנגערופן אַ נישט קיין פעסט־געבויטער. ער האָט געהאַט אויף זיך אַ ספּאָרט־רעקל און אַ ווייך־געפּרעסט העמד. זיין פּנים איז געווען היפּשלעך לאַנג און די אויגן בלאַס. זיינע האָר זענען געווען בלאָנדלעך און כוואַליעדיקע, אָבער שוין שיטערלעך און די נאַקעטקייט פון זיינע שלייפן האָבן צוגעגעבן זיין שטערן אַ געוויסן אַריסטאָקראַטישן אויסזען. זיינע פּנים־שטריכן זענען געווען אָן אַ וועלכער עס איז אייגנאַרטיקייט. זיין מויל און נאָז זענען געווען ווי ביי יעדן מענטש. ער איז געווען זייבער ראַזירט; זיין הויט איז געווען פון דער נאַטור טונקל, אָבער איצט אָפּגעברענט פון דער זון. זיין אויסזען האָט מרמז געווען אויף אַן אינטעלעקטועלער אָבער עטוואָס פּשוטער דיסטינקציע. ער האָט אויסגעזען אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַן אַדוואָקאַט אָדער אַ שול־לערער, וועלכער קען שפּילן אַ גוטע פּאַרטיע גאָלף. איך האָב געפילט, אַז ער האָט אַ גוטן געשמאַק און איז גוט באַלייענט, און וואָלט געווען אַ זייער אָנגענומענער גאַסט ביי אַ מיטאָג־אויפנאַמע אין טשעלסי*).

אָבער ווי אַזוי, כ׳לעבן, וואָלט מען באַדאַרפט אים באַשרייבן בכדי, אין עטלעכע שורות, צו געבן אַ לעבעדיק, אינטערעסאַנט און געטרוי בילד, האָב איך זיך נישט געקענט פאָרשטעלן. אפשר וואָלט געווען בעסער צו לאָזן אַלע זאַכן אין אַ זייט און זיך אָפּשטעלן בלויז אויף דער שטאַרקער מידקייט, וואָס האָט אים צום מערסטן כאַראַקטעריזירט און וואָס איז געווען דער שאַרפסטער איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט. איך האָב אויף אים געקוקט מיט אויפמערקזאַמקייט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ ציי געטון פאָראויס און שטייף אָבער העפלעך זיך שוואַך אַ נייג געטון צו מיר. איך האָב אַ לעכערלעכע געוווינהייט צו פאַררויטלען זיך, ווען עס געשעט מיט מיר אַן אומדערוואַרטע זאַך, און איצטער האָב איך געפילט, אַז מיינע באַקן האָבן זיך פאַררויטלט. כ׳בין געבליבן אַ געפּלעפּטער. איך האָב אויף אים געקוקט אייבי־

*) אַ שטאָט־טייל פון לאָנדאָן — באַמערקונג פון איבערזעצער.

קע מינוט, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ מאַנעקין. ער האָט געמוזט מיינען, אַז איך בין זייער אַ פּרעכער מענטש. איך האָב אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט און אָפּגעקערט מיין בליק. צום גליק, האָט אין זעלבן מאָמענט דער קעלנער אַריינגעבראַכט פאַר מיר אַ געריכט. ווי ווייט איך קען זיך דערמאָנען, האָב איך קיינמאָל ביז איצט נישט געזען די דאָזיקע פּערזאָן. איך האָב זיך אַליין געפרעגט, צי זיין נייגן זיך איז געווען צוליב מיין אינטענסיוון קוק, וואָס האָט אים געמאַכט גלויבן, אַז ער האָט מיך ערגעץ־ווו געזען, אָדער, אַז איך האָב אים אַמאָל געטראָפן און פולשטענדיק פאַרגעסן. איך האָב אַ שלעכטן זכרון וואָס שייך פּנימער און אין דעם פאַל האָב איך געהאַט אַ תירוץ, אַז ער זעט אויס אַזוי, ווי אַ סך מענטשן זעען אויס. איר האָט געקענט זען אַ טוץ אַזעלכע מענטשן ווי ער אויף יעדן גאָלף־פעלד, וואָס אַרום לאָנדאָן, יעדן זונטיק, ווען דאָס וועטער איז פיין.

ער האָט געענדיקט זיין מיטאָג פאַר מיר. ער איז אויפגעשטאַנען, אָבער אַרויסגייענדיק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי מיין טישל. ער האָט אויסגע־שטרעקט זיין האַנט.

— שלום־עליכם — האָט ער געזאָגט. — כ׳האָב איך נישט דערקענט, ווען איר זענט צום ערשטן מאָל אַריין. כ׳האָב נישט געהאַט בדעה צו מאַכן זיך נישט וויסנדיק.

ער האָט גערעדט מיט אַן אָנגענעמער שטימע פון אָקספאָרדער קלאַנג, וועלכער ווערט נאָכגעמאַכט פון אַ סך, וואָס זענען דאָרטן קיינמאָל נישט געווען. עס איז געווען קענטיק, אַז ער קען מיך און אויך קענטיק, אַז ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז איך קען אים נישט. איך בין אויפ־געשטאַנען מיט אַ געוויסער שוואַכקייט. ער האָט זיך אַ ביסל איינגעבויגן, און דאָס האָט פאַרשטאַרקט דעם איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט, אַז ער האָט אין זיך אַן אויסזען, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַ מאָדנער התנצלות. זיין אופן פון באַנעמען זיך איז געווען עטוואָס נאָכגיביק און איינצייטיק אַ ביסל שרעקעוודיק.

— איך לאַד אייך איין צו טרינקען קאַווע מיט מיר — האָט ער גע־זאָגט. — איך בין דאָ איינער אַליין.

— ביטע, מיט גרויס פאַרגעניגן.

ער האָט מיך פאַרלאָזן, און איך האָב נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין אַנונג ווער ער איז, אָדער ווו איך האָב אים געזען. איין זאַך האָב איך באַמערקט אין

אים. קיין איינציק מאָל בעת אונדזער קורצן געשפּרעך, נישט ווען מיר האָבן זיך דערלאַנגט די הענט און נישט ווען ער איז פון מיר אַוועק, האָט אויף זיין פּנים זיך נישט באַוויזן קיין שאָטן פון אַ שמייכל. איינקוקנדיק זיך אין אים גענויער, האָב איך באַמערקט, אַז ער איז, אין אַ געוויסער מאָס, אַ שיינער מאַן; זיינע פּנים־שטריכן זענען געווען רעגולערע, זיינע גרויע אויגן זענען געווען פיינע, זיין פיגור איז געווען אַ שלאַנקע; אָבער דאָס איז פאַר מיר נישט געווען פון גרויס אינטערעס. אַ נאַרישע פּרוי וואָלט געזאָגט, אַז ער זעט אויס ראָמאַנטיש. ער האָט אויך דערמאָנט אין איינעם פון די ריטער פון בערן־דזשאָנס*), כאָטש ער איז געווען מער מגושמדיק, און עס זענען נישט געווען קיין סימנים, אַז ער זאָל ליידן פון אַ כראָנישן בויכ־ווייטיק, וואָס האָט אַזוי געפּייניקט יענע אומגליקלעכע באַשעפענישן. ער איז געווען פון יענעם סאָרט מענטשן, פון וועמען איר האָט דערוואַרט, אַז ער וואָלט אויסגעזען ווונדערלעך אין קאָלירטע מאַסקאַראַד־קליידער, ביז איר האָט אים ווירקלעך אַזוי געזען, און ערשט דעמאָלט וואָלט איר איינגעפונען, אַז ער זעט אויס אומגעלומפּערט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך פאַרענדיקט מיין עסק און בין אַריין אין אָפּרו־סאַלאָן. ער איז געזעסן אין אַ פאָטעל און ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער צוגערופן אַ קעלנער. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט. דער קעלנער איז צוגעקומען און ער האָט באַשטעלט קאַווע מיט ליקערן. ער האָט גערעדט איטאַליעניש זייער גוט. כ׳האָב נישט געוווּסט וועלכע מיטלען אָנצווענדן, כדי אויסצוגעפינען ווער ער איז, אָבער גלייכצייטיק אים נישט צו באַליידיקן. מענטשן ווערן תמיד אַ ביסל צעטומלט, ווען איר דערקענט זיי נישט. זיי האַלטן זיך פאַר אַזוי וויכטיק; עס איז שאָקירנדיק פעסטצושטעלן, ווי קליין עס איז זייער וויכטיקייט פאַר אַנדערע. די פּערפעקטקייט פון זיין איטאַליענישער שפּראַך האָט מיך דערמאָנט אין אים. איך האָב זיך דערמאָנט, ווער ער איז און איך האָב זיך אויך דערמאָנט, אַז איך האָב אים נישט ליב געהאַט. זיין נאָמען איז געווען האַמפרי קעראַדזערס. ער האָט געאַרבעט אין אויסערן־מיניסטעריום און דאָרטן פאַרנומען אַ פּאָסטן פון באַדייטנדיקער וויכטיקייט. איך ווייס נישט, מיט וועלכן דעפּאַרטאַמענט ער האָט אָנגעפירט. ער איז געווען צוגעטיילט צו פאַרשיידענע אַמבאַסאַדעס, און איך בין געקומען צו דער

---

*) סער עדוואַרד קאָלי בערן־דזשאָנס — אַן ענגלישער מאָלער (1833—1898) — באַמערקונג פון איבערזעצער.

מסקנה, אַז זיין פאַרבלייבן אין רוים איז געווען אַ פּועל־יוצא פון זיין אידיאָמאַטישן איטאַליעניש. ס'איז געווען נאַריש פון מיין זייט בישט צו זען תיכף, אַז ער איז געווען פאַרבונדן מיטן דיפּלאָמאַטישן דינסט. ער האָט געהאַט אַלע סימנים פון דער פּראָפעסיע. ער האָט פאַרמאָגט די גאַוהדיקע העפלעכקייט, וועלכע איז מסוגל אויפצורייצן די מאַסע, און דאָס האַלטן זיך פון דער ווייטנס, ווי אַ קאָנסעקווענץ פון דעם דיפּלאָמאַטס באַוווסטזיין, אַז ער איז נישט גלייך צו אַלע איבעריקע מענטשן, ווי אויך די שרעקעוודיקייט, וואָס איז פאַראורזאַכט פון זיין באַאומרואיקנדיק געפיל, אַז אַנדערע מענטשן פאַרשטייען עס נישט ווי געהעריק. איך קען קעראַדזערסן שוין אַ היפּש ביסל יאָרן, אָבער איך פלעג אים באַגעגענען נישט אָפט, אויף לונטש־אויפנאַמעס, ווו איך פלעג אים זאָגן נישט מער ווי „האַאו דו יו דו", און אין דער אָפּערע, ווו ער פלעגט מיך באַגעגענען מיט אַ קילן נייג מיטן קאָפּ.

בכלל האָט מען אים באַטראַכט פאַר אַן אינטעליגענט; ער איז זיכער געווען געבילדעט. ער האָט געקענט רעדן וועגן אַלע רעאַלע זאַכן. עס איז געווען ממש אומפאַרציילעך פון מיין זייט נישט צו האָבן אים דערקענט, מחמת ער האָט לעצטנס זיך דערוואָרבן אַ באַדייטנדיקע רעפּוטאַציע ווי אַ שרייבער פון קורצע דערציילונגען. זיי זענען דערשינען לכתחילה אין דעם אָדער יענעם פון די זשורנאַלן, וועלכע ווערן אַרויסגעגעבן פון צייט צו צייט פון ווילטעטיקע מענטשן, מיטן צוועק צו געבן דעם אינטעליגענטן לייענער עפּעס, וואָס פאַרדינט זיין אויפמערקזאַמקייט און וועלכע שטאַרבן אָפּ, ווען זייערע אייגנטימער האָבן פאַרלוירן אַזוי פיל געלט, וויפל זיי האָבן עס געוואָלט און האָבן דורך זייערע דיסקרעטע און פיין־געדרוקטע זייטן אַרויסגערופן אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט, אויף וויפל די באַגרענעצטע צירקולאַציע האָט עס דערלויבט. שפּעטער זענען זיי פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין בוך־פאָרמאַט. זיי האָבן אַרויסגערופן אַ סענסאַציע. זעלטן ווען האָב איך געלייענט אַזעלכע איינשטימיקע לויבגעזאַנגען אין וואָכנשריפטן. די מערהייט פון זיי האָבן געווידמעט דעם בוך אַ קאָלום, און די ליטעראַרישע ביילאַגע פון „די טיימס" האָט עס רעצענזירט נישט צווישן דעם גאַנצן באַרג דערשינענע נאָוועלעס, נייערט אויף אַ באַזונדערן פּלאַץ, זייט־ביי־זייט מיט די זכרונות פון אַ פּרעסטיזשפולן שטאַטמאַן.

די קריטיקער האָבן מקבל־פּנים געווען האַמפרי קעראַדזערסן ווי אַ נייעם שטערן אויפן פירמאַמענט. זיי האָבן נישט געקאַרגט קיין שבחים אויפן אַדרעס פון זיין אויסגעצייכנטקייט, זיין סובטעלקייט, זיין דינער איראָניע און דער

שאַרפזיניקער באַהאַנדלונג פון זיינע העלדן. זיי האָבן געלויבט זיין סטיל, זיין חוש פאַר שיינקייט און זיין גייסטיקע סביבה. אָט דאָ ענדלעך איז געווען אַ שרייבער, וועלכער האָט אַרויסגעצויגן די קורצע דערציילונג פון די טיפּענישן, אין וועלכע זי איז אַריינגעפאַלן אין די ענגליש־רעדנדיקע לענ־דער, און דאָ איז געווען אַ ווערק, אויף וועלכער אַן ענגלענדער האָט געקענט אָנווייזן מיט שטאָלץ. מען האָט זיינע ווערק פאַרגליכן מיט די ענלעכע אַר־בעטן פון פינלאַנד, רוסלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע.

דריי יאָר שפּעטער האָט האַמפרי קעראַדזערס אַרויסגעגעבן זיין צווייט בוך. די קריטיק האָט קאָמענטירט דעם איבעררייס מיט צופרידנקייט. מען האָט דאָ נישט געהאַט צו טון מיט אַ שקלאַף, וואָס פאַרקויפט זיין טאַלאַנט פאַר געלט! די לויב, וואָס ער האָט באַקומען, איז געווען אפשר אַ קילערע ווי יענע, מיט וועלכער עס איז אויפגענומען געוואָרן זיין ערשטער באַנד — די קרי־טיקער האָבן געהאַט צייט צו קאָנצענטרירן זיך — אָבער זייער קריטיק איז געווען גענוג ענטוזיאַסטיש צו פאַרשאַפן אַנטציקונג יעטוועדן דורכשניט־לעכן שרייבער, וועלכער מאַכט אַ לעבן פון זיין פעדער, און עס איז נישט געווען קיין ספק, אַז זיין פּאָזיציע אין דער ליטעראַרישע וועלט איז געווען אַ זיכערע און בכבודיקע. די דערציילונג, וועלכע האָט אַרויסגערופן אַממערסטן אָנערקענונג, האָט געטראָגן דעם נאָמען „דאָס ראַזיר־בערשטל“ און אַלע בעסטע קריטיקער האָבן אָנגעוויזן, מיט וואָס פאַראַ שיינקייט דער מחבר האָט, אין דריי אָדער פיר זייטלעך, אַנטבלויזט די טראַגישע נשמה פון אַן אָנגעשטעלטן אין אַ פריזיר־אַנשטאַלט.

אָבער די אַמבעסטן באַקאַנטע דערציילונג זיינע, וועלכע איז אויך געווען די לענגסטע, האָט געהייסן „וויק־ענד“. מיט דעם זעלבן טיטל איז געווען אָנגערופן זיין ערשט בוך. עס האָט זיך דאָרטן גערעדט וועגן די אַוואַנטורעס פון אַ רייך מענטשן, וועלכע האָבן פאַרלאָזן פּאַדינגטאָן־סטאַציע אַ שבת־נאָכ־מיטאָג און זענען געפאָרן צו זייערע פריינט אין טאַפּלאָאו, און זענען צוריק־געפאָרן קיין לאָנדאָן מאָנטיק אינדערפרי. די דערציילונג איז געווען אַזוי דעליקאַט, אַז עס איז געווען אַ ביסל שווערלעך צו דערגיין צו גענוי, וואָס האָט פּאַסירט. אַ יונגערמאַן, אַ פּאַרלאַמענטאַרישער סעקרעטאַר פון אַ מיניסטער האָט אַ באַראָנס אַ טאָכטער כמעט פאָרגעלייגט חתונה צו האָבן מיט איר, אָבער ער האָט עס נישט געטון. צוויי אָדער דריי אַנדערע האָבן געמאַכט אַ שפּאַציר אויפן טייך אין אַ קליינער לאָדקע. אַלע האָבן זיי גערעדט אויף אַ צווייידייטיקן אופן. אָבער קיינער פון זיי האָט נישט פאַרענדיקט קיין זאַץ

און וואָס זיי האָבן געמיינט, איז זייער סובטעל אַנגעדייט געוואָרן מיט פּינטעלעך און שטריכן. עס זענען דאָרטן געווען אַ סך באַשרייבונגען פון בלומען אין גאָרטן און אַ סענטימענטאַל בילד פון דער טעמזע אונטער אַ רעגן. אַלץ איז געזען געווען דורך די אויגן פון אַ דייטשישער גוווערנאַנטקע און אַלע האָבן מסכּים געווען, אַז קעראַדזערס האָט אַרויסגעבראַכט איר שטאַנד־פּונקט איבער דער לאַגע מיט אַ פולשטענדיק רייצנדיקן הומאָר.

איך האָב געלייענטביידע ביכער פון האַמפרי קעראַדזערס. איך האָלט, אַז עס איז אַ טייל פון אַ שרייבערס אַנגעלעגנהייט צו זיין באַקאַנט מיט דעם, וואָס זיינע מיטצייטלער שרייבן. איך האָב אַ שטאַרקן חשק צו לערנען און איך האָב געמיינט, אַז איך וועל קענען געפינען עפּעס, וואָס וועט זיין בוצלעך פאַר מיר. כ׳בין געווען אַנטוישט. איך האָב ליב אַ דערציילונג וואָס האָט אַן אָנהויב, אַ מיט און אַ סוף. איך האָב אַ שוואַכקייט צו אַ כאַראַקטעריס־טישן מאָמענט. איך מיין, אַז גייסטיקע סביבה איז זייער גוט, אָבער גייסטיקע סביבה אָן עפּעס אַנדערש איז אַזוי ווי אַ ראַם אָן אַ בילד; עס האָט נישט קיין סך באַדייטונג. אָבער מעגלעך, אַז איך האָב נישט געקענט זען האַמפרי קעראַדזערס פאַרדינסט, מחמת דעפעקטן אין מיר אַליין, און אויב איך האָב באַשריבן זיינע צוויי אַממערסטן דערפאָלגרייכע דערציילונגען אָן ענטוזיאַזם, ליגט אפשר די סיבה אין מיין געטראָפענער אייגנליבע. מחמת איך האָב מיר אָפּגעגעבן חשבון, אַז האַמפרי קעראַדזערס האָט אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ שרייבער אָן שום וויכטיקייט. כ׳בין איבערצייגט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געלייענט קיין וואָרט פון דעם, וואָס איך האָב געשריבן, די פּאָפּולאַ־ריטעט, פון וואָס איך האָב גענאָסן, איז געווען גענוגנדיק צו איבערצייגן אים, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין נויטווענדיקייט צוצוגעבן עפּעס פון זיין אָנער־קענונג. דורך אַ מאָמענט איז דער רושם, וואָס ער האָט אַרויסגערופן, געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט אויסגעזען, אַז ער אַליין זאָל זיין געצוווּנגען צו שטיין פּנים אל פּנים מיט דער זעלבער עפנטלעכער חרפּה, אָבער עס איז שנעל קלאָר געוואָרן, אַז זיין אויסגעצייכנט ווערק איז געווען איבער דעם פאַרשטאַנד פון עולם. קיינער קען קיינמאָל נישט טרעפן, ווי גרויס עס איז די אינטעלי־גענץ, אָבער מען קען גאַנץ גוט זאָגן, וויפל פון אירע מיטגלידער זענען גרייט צו צאָלן געלט צו פּראָטעזשירן די קונסט, וואָס זיי האָבן ליב. די פּיעסעס, וואָס זענען פון אַ צו פיינער קוואַליטעט, אַז זיי זאָלן קענען צוציִען די קליִענטן פונעם קאָמערציעלן טעאַטער, קענען רעכענען אויף אַ פרעקווענץ פון צען טויזנט, בעת די ביכער, וועלכע פאַרלאַנגען פון זייערע לייענער מער

פאַרשטענדעניש, ווי עס קען דערוואַרט ווערן מצד דער פשוטער מאַסע, ווערן פאַרקויפט אין צוועלף הונדערט עקזעמפּליאַרן. מחמת די אינטעליגענץ, טראָץ איר עמפּינדלעכקייט צו שיינקייט, וויל ליבערשט גיין אין טעאַטער אויף באַרג, און צו באַקומען אַ בוך פון דער ביבליאָטעק.

כ׳בין זיכער, אַז דאָס האָט קעראַדזוערסן נישט פאַרשאַפט קיין עגמת־נפש. ער איז געווען אַ קינסטלער. ער איז אויך געווען אַ באַאַמטער אין אויסערן־מיניסטעריום. זיין רעפּוטאַציע ווי אַ שרייבער איז געווען אַ פּרעסטיזשפולע. ער איז נישט געווען פאַראינטערעסירט אינעם עולם־גולם, און אַ גוטער פאַר־קויף פון זיינע ווערק וואָלט מעגלעך געקענט שעדיקן זיין קאַריערע. איך האָב זיך נישט געקענט משער זיין, וואָס האָט אים געקענט באַוועגן צו איינלאַדן מיך צו טרינקען מיט אים צוזאַמען אַ קאַווע. אמת, ער איז געווען אַליין, אָבער איך בין געווען נוטה צו גלויבן, אַז זיינע געדאַנקען זענען פאַר אים געווען אַן אויסגעצייכנטער חבר. איך האָב נישט געקענט גלויבן, אַז ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז איך האָב עפּעס וואָס צו זאָגן, וואָס וואָלט אים געקענט פאַראינטערעסירן. נישט געקוקט דערויף, האָב איך בולט געזען, אַז ער טוט אַלץ כדי צו זיין ליבנסווירדיק. ער האָט מיר דערמאָנט, ווו ער האָט מיך דאָס לעצטע מאָל געזען און מיר האָבן געשמועסט וועגן אונדזערע געמיינזאַמע פריינט אין לאָנדאָן. ער האָט מיך געפרעגט, ווי קומט עס, אַז איך געפין זיך אין רוים אין אָט דער צייט פון יאָר, און איך האָב עס אים אויפגעקלערט. ער האָט מיך פרייוויליק אינפאָרמירט, אַז ער איז אָנ־געקומען פון ברינדיזי יענעם זעלבן פרימאָרגן. אונדזער געשפרעך איז נישט אָנגעגאַנגען לייכט און איך האָב באַשלאָסן, אַז ווי נאָר איך וועל קענען אויף אַן איידעלן אופן עס טון, וועל איך זיך אויפהויבן און אים פאַרלאָזן. אָבער אין אַ קורצער ווײַלע האָב איך געפילט אַ מאָדנעם איינדרוק — כ׳ווייס קוים וואָס האָט עס גורם געווען — אַז ער האָט עס דערפילט, און האָט פאַרצווייפלט זיך באַמיט נישט צו געבן מיר די געלעגנהייט דערצו. כ׳בין געווען איבער־ראַשט. כ׳האָב קאָנצענטרירט אַלע מיינע חושים. איך האָב באַמערקט, אַז ווי נאָר איך פלעג מאַכן דעם איינדרוק, פון וועלן פאַרענדיקן דעם שמועס, פלעגט ער אַריינפאָרן מיט אַ נייער טעמע. ער האָט זיך באַמיט צו געפינען עפּעס וואָס זאָל מיך פאַראינטערעסירן, כדי איך זאָל מיט אים פאַרבלייבן. ער האָט אָנגעצויגן יעדן נערוו צו זיין אָנגענעם. עס איז גאַנץ זיכער, אַז ער האָט נישט געקענט בלייבן איינזאַם. צוליב זיינע דיפּלאָמאַטישע פאַרביג־דונגען האָט ער באַדאַרפט קענען אַ סך מענטשן, מיט וועמען ער וואָלט געקענט

פאַרברענגען דעם אָוונט. עס האָט מיר אויסגעזען אויפפאַלנדיק, וואָס ער עסט נישט אין דער אַמבאַסאַדע. כאָטש עס איז געווען זומער, האָט דאָרטן געזאָלט זיין עמעצער, מיט וועמען ער איז באַקאַנט. איך האָב אויך באַמערקט, אַז ער האָט קיין איין מאָל נישט בעת אונדזער שמועס אַ שמייכל געטון.

ער האָט גערעדט מיט אַ מין שטרענגן באַגער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געשראָקן פאַר אַ מאָמענט פון שטילקייט און דער קלאַנג פון זיין אייגן קול האָט דערווייטערט פון זיין געדאַנק עפּעס, וואָס האָט אים געפּייניקט. עס איז געווען זייער מאָדנע. כאָטש איך האָב אים נישט ליב געהאַט, כאָטש ער האָט פאַר מיר גאָרנישט באַדייט, און צו זיין מיט אים איז פאַר מיר געווען לאַנגווייליק, בין איך נישט ווילנדיק געווען אַ ביסל פאַראינטערעסירט. כ׳האָב אויף אים געוואָרפן אַ פאָרשנדיקן בליק. כ׳האָב נישט געוווּסט, צי עס איז אַ רעזולטאַט פון מיין פאַנטאַזיע, אַז איך זע אין זיינע בלאַסע אויגן אַ דער־שראָקענעם קוק פון אַ פאַרפאָלגטן הונט, און טראָץ זיינע קלאָרע פּנים־שטריכן און זיין אויסזען, אַזוי דעליקאַט קאָנטראָלירט, האָב איך געזען אין אים עפּעס, וואָס האָט געלאָזט דרינגען פון אַ מינע פון אַ צעפּייניקטער נשמה. כ׳האָב נישט געקענט פאַרשטיין. אַ טוץ אַבסורדאַלע מחשבות האָבן דורכ־געבליצט דורך מיין מוח. איך האָב פאַקטיש נישט געהאַט קיין מיטלייד אויף אים. ווי אַן אַלט מלחמה־פערד, שפּירנדיק די שלאַכט, בין איך דערמוטיקט געוואָרן. איך האָב זיך געהאַט געפילט תחילת זייער פאַרמאַטערט, אָבער אַציגד בין איך געוואָרן וואַכזאַם. מיינע חושים האָבן אויסגעשטרעקט זייערע פיל־פּעדים. איך בין פּלוצלינג געוואָרן פילבאַר אויף יעטוועדן אויסדרוק פון זיין פּנים און יעטוועדן צוג. איך האָב אויסגעשלאָסן פון מיין געדאַנק די מעגלעכקייט, אַז ער האָט אָנגעשריבן אַ פּיעסע און געוואָלט וויסן מיין מיי־נונג. אָט די הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן פאַרלירן זיך מאָדנע אונטער דער ווירקונג פון דער שטאַרקער ליכטיקייט פון דער טעאַטער־בינע און זענען נישט קעגן אויסצוהערן די אָנווייזונגען פון פאַכלייט, וועמעס קאָמפּעטענץ זיי זענען מבטל מיט פּוסטער גאווה. ניין, דאָ איז נישט געווען דער דאָזיקער פאַל. אַ מאַן אַליין אין רוים, מיט עסטעטישע נייגונגען קען זיך פאַרפלאָנ־טערן אין אַ פאַרלעגנהייט, און איך האָב זיך געשטעלט די פראַגע, צי איז נישט אַמאָל קעראַדזערס אַריינגעפאַלן אין אַ בלאָטע, פון וועלכער נאָר דער וועג צו דער אַמבאַסאַדע איז געווען פאַר אים אָפן. איך האָב באַמערקט, אַז עס געשעען פאַלן, ווען אַן אידעאַליסט איז זייער אומפאָרזיכטיק אין הלכות בשר־ודם. ער געפינט אַמאָל ליבע אין ערטער, וועמעס באַקוועמלעכקייטן

ווערן געשטערט דורך די פּאָליצייאישע וויזיטן. כ׳האָב אין מיין האַרצן געלאַכט. אַפילו די געטער לאַכן, ווען אַ בעל־גאווה ווערט געכאַפּט אין אַ דעליקאַטער סיטואַציע.

פלוצלינג האָט מיר קעראַדזערס געזאָגט עפּעס, פון וואָס איך האָב אַ ציטער געטון.

— כ׳בין אַזוי האָפענונגסלאָז אומגליקלעך — האָט ער געשעפּטשעט.

ער האָט עס געזאָגט אומגעריכט. ער האָט עס ערנסט געמיינט. אין זיין טאָן איז געווען אַ מין זיפץ. עס וואָלט גריילעך געקענט זיין אַ כליפּ. כ׳קען נישט באַשרייבן, וואָס פאַרא שאָק עס איז פאַר מיר געווען צו הערן אים זאָגן אָט די ווערטער. איך האָב געהאַט אַ געפיל, אַזוי ווי אַ מענטש דערשפּירט, ווען ער פאַרדרייט זיך אויף אַ ראָג אין אַן אַנדער גאַס און פּלוצלינג רייסט זיך אָפּ אויף אים אַ שטורעמווינט, נעמט ביי אים אָפּ זיין אָטעם און עס פעלט נישט קיין סך, אַז ער זאָל אים אַוועקרייסן אין דער לופטן. ס׳איז געווען אַזוי אומדערוואַרט. נאָך אַלעמען, האָב איך דאָך קוים גוט געקענט דעם מענטש. מיר זענען נישט געווען קיין פריינט. כ׳האָב אים נישט האָלט געהאַט. ער האָט מיך נישט האָלט געהאַט. כ׳האָב אים קיינמאָל נישט באַטראַכט ווי פולשטענדיק מענטשלעך. עס איז געווען איבערראַשנדיק, אַז אַ מאַן, אַזוי זעלבסט־באַהערשט, אַזוי העפלעך, צוגעווינט צו די מנהגים פון אַ העפלעכער געזעלשאַפט, זאָל זיך אַרויפוואַרפן אויף אַ פרעמדן מענטש און זיך אַזוי פאַר אים מתוודה זיין. איך בין פון דער נאַטור אַ שווייגער. וויפל איך זאָל נישט האָבן געליטן, וואָלט איך זיך געשעמט צו אַנטפּלעקן מיין ווייטיק און צער צו אַ פרעמדן. כ׳האָב געציטערט. זיין שוואַכקייט האָט מיך איבערראַשט. אויף אַ רגע בין איך געווען אויסער זיך פון כעס. ווי האָט ער געוואָגט אָנוואַרפן אויף מיר די פּיין פון זיין נשמה? עס האָט געפעלט אַ האָר, איך זאָל אַ געשריי טון:

— צו אַלדע בייזע רוחות, וואָס אַרט עס מיך?

אָבער כ׳האָב עס נישט געטון. ער איז געזעסן איינגעקנוילט אין גרויסן פאָטעל. די פייערלעכע אַריסטאָקראַטישקייט פון זיינע פּנים־שטריכן, וועלכע האָבן דערמאָנט אין אַ מאַרמאָרנע סטאַטוע פון אַ מלוכה־מאַן פון דער עפּאָכע פון דער קעניגין וויקטאָריאַ, האָט זיך מאָדנע איינגערונצלט און זיין פּנים איז אָפּגעפאַלן. ער האָט אויסגעזען ווי אָט־אָט ברעכט ער אויס אין אַ יאָמער־לעך געוויין. כ׳האָב זיך געקווענקלט. כ׳האָב געשטאַמלט. כ׳האָב זיך פאַר־

רויטלט, ווען ער האָט גערעדט, און איצט האָב איך געפילט, ווי מיין פּנים ווערט ווייס. ס׳איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף אים.

— ס׳טוט מיר זייער באַנג — האָב איך געזאָגט.

— כ׳מיין, אַז איר וועט נישט האָבן גאָרנישט קעגן דעם, אויב איך וועל אייך דערציילן, וואָס עס קומט פאַר מיט מיר.

— ניין.

ס׳איז נישט געווען קיין מאָמענט אויף אַ סך ווערטער. איך מיין, אַז קעראַדזערס איז געווען אין אָנהויב פון די פערציקער. ער איז געווען אַ פיין־געבויטער מאַן, אַטלעטיש אין אַ געוויסן זין, און פון אַ פאַרטרווילעכער באַ־נעמונג. איצט האָט ער אויסגעזען מיט צוואַנציק יאָר עלטער און משונהדיק איינגעשרומפּן. ער האָט מיר דערמאָנט אין די טויטע זעלנער, וועלכע כ׳האָב געזען אין דער מלחמה, און ווי אויסטערליש קליין האָט דער טויט זיי גע־מאַכט. כ׳בין געווען צעטומלט און געקוקט אין אַ זייט, אָבער כ׳האָב געפילט, אַז זיינע אויגן זוכן דעם דירעקטן בליק פון מיינע אויגן און איך האָב אויף אים געקוקט אומבאַוועגלעך.

— זייט איר באַקאַנט מיט בעטי וועלדן־בערנס? — האָט ער מיך אַ פרעג געטון.

— מיט יאָרן צוריק פלעג איך זי באַגעגענען פון צייט צו צייט אין לאָנדאָן. לעצטנס האָב איך זי נישט געזען.

— זי וווינט אַצינד אויפן אינדזל ראָדאָס, וואָס אין עגעאישן ים, ווייסט איר? כ׳קום טאַקע פון דאָרטן. כ׳בין געווען ביי איר אין וווינונג.

— אָ?

ער האָט זיך געקווענקלט.

— כ׳האָב מורא, אַז איר וועט עס אָננעמען פאַר זייער אומהיימלעך פון מיין זייט, אויב איך וועל צו אייך רעדן אויף אַזאַ שטייגער. ס׳איז מיר געקומען פון בריק אין וואַסער אַריין. אויב איך וועל נישט רעדן צו אַ בשר־ודם, וועל איך אַראָפּ פון זינען.

ער האָט געבעטן, מען זאָל אים ברענגען צוויי בראָנפנס מיט קאַווע און אַצינד האָט ער געהייסן דעם קעלנער ברענגען נאָך אַ גלעזעלע בראָנפן פאַר זיך. מיר זענען געווען אַליין אין דעם אָפּרו־זאַל. צווישן אונדז אויפן טיש איז געשטאַנען אַ פאַרטונקלטער קליינער לאָמפּ. אַזוי ווי עס איז געווען אַן עפנטלעך אָרט, האָט ער גערעדט שטיל. אויף אַ געניג מאָדנעם שטייגער האָט דאָס וואָרט אייך געגעבן דאָס געפיל פון אייגנאַרטיקער אינטימלעכקייט.

איך קען נישט איבערחזרן גענוי מיט זיינע ווערטער אַלץ, וואָס קעראַדזוערס האָט מיר געזאָגט. עס וואָלט געווען אוממעגלעך פאַר מיר צו געדענקען זיי. עס איז פאַר מיר אַ סך באַקוועמער איבערצוגעבן דאָס אַלץ אויף מיין שטייגער. אין געוויסע פאַלן איז אים געווען שווער אַרויסצוזאָגן דעם אָדער יענעם פאַקט קלאָר און דייטלעך און איך האָב באַדאַרפט אַליין טרעפן, וואָס ער האָט געמיינט. אָפטמאָל האָט ער אינגאַנצן נישט פאַרשטאַנען די פאַקטישע סיטואַציע און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אויף אַ געוויסן אופן האָב איך געזען דעם אמת אַ סך קלאָרער פון אים אַליין. בעטי וועלדאָן־בערנס האָט פאַרמאָגט זייער אַ שאַרפן חוש פון הומאָר, בעת ער האָט עס אינגאַנצן נישט געהאַט. איך האָב באַמערקט אַ סך, וואָס ער אַליין האָט נישט פאַרשטאַנען.

איך האָב זי באַגעגנט אַ סך מאָל, אָבער איך האָב זי געקענט פון זען בלויז. אין אירע בלי֞ענדיקע טעג האָט זי געמאַכט אַ גרויסן רושם אינעם קליינעם וועלטל פון לאָנדאָן און איך האָב געהערט פון איר אָפט, איידער איך האָב זי באַגעגנט. עס איז געווען בעת אַ טאַנץ־פאַרוויילונג אין פאָרטלאַנד־פּליים באַלד נאָך דער מלחמה. זי איז שוין דעמאָלט געווען ביי דער שפּיץ פון איר באַרימטקייט. עס איז נישט געווען קיין אילוסטרירטע צייטשריפט, ווו מען זאָל נישט האָבן געפונען איר פאָטאָגראַפיע און אירע ווילדע קונצן זענען געווען די הויפּט־טעמע פון געשפּרעכן. זי איז אַלט געווען פיר־און־צוואַנציק יאָר. איר מוטער איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. איר פאָטער, דער פירשט פון סיינט־ערטה, אַן אַלטער מאַן און ווייט פון צו זיין רייך, האָט פאַרבראַכט די מערסטע צייט פון יאָר אין זיין שלאָס אין קאָרנוואָל און זי האָט געוווינט אין לאָנדאָן מיט אירס אַ מומע, אַן אַלמנה. ביים אויסברוך פון דער מלחמה איז זי אַוועקגעפאָרן קיין פראַנקרייך. זי איז דעמאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר. זי איז געווען אַ קראַנקנשוועסטער אין אַ שפּיטאָל אין דער ערשטער ליניע הינטערן פראָנט און שפּעטער האָט זי אָנגעפירט אַן אויטאָ. זי האָט געשפּילט אין אַ טרופּע, וועלכע פלעגט אַרויספאָרן צום פראָנט מיטן צוועק צו פאַרוויילן די זעלנער. זי פלעגט אויך אָנטייל נעמען אין אומבאַוועגלעכע טעאַטער־סצענעס, ווי אויך אין די פּאָפּולערע אין ענגלאַנד „טאַבלאָ", פאַר וווילטעטיקע צוועקן; פלעגט דורכפירן ליציטאַציעס פאַר די זעלבע און ענלעכע צוועקן און פאַרקויפט פענער אין פּיקאַדילי. אַלע אירע אַקטיוויטעטן זענען געווען שטאַרק רעקלאַמירט און אין יעדער נייער ראָל איז זי געווען צאָלרייך פאָטאָגראַפירט. לויט מיין מיינונג האָט זי געמוזט לעבן אַ גוטן טאָג.

# וו. סאמערסעט מאָם

אָבער אַצינד, ווען די מלחמה איז געווען פאַרענדיקט, האָט זי, אין פולן זינען פון וואָרט, געלעבט און געהוליעט, אויף וואָס די וועלט שטייט. טאַקע דעמאָלט איז יעדער געווען אַ ביסל הפקר. די יוגנט, אַ באַפרייטע פון עול, וועלכער האָט זיי אונטעריאָכט במשך פינף יאָר, האָט פאַרבראַכט אין איין ווילדער הוליאַנקע נאָך דער אַנדערער. בעטי האָט אָנטייל גענומען אין אַלע פון זיי. פון צייט צו צייט, צוליב דער אָדער אַן אַנדער סיבה, פלעגן די צייטונגען אַריינשטעלן נאָטיצן און באַריכטן וועגן דעם און איר נאָמען פלעגט תמיד שיינען אין די הויפּט־קעפּ.

אין יענער צייט זענען די נאַכט־קלובן געווען אין קולמינאַציע־פּונקט פון זייער דערפאָלג. בעטין האָט מען געזען דאָרטן יעדע נאַכט. זי האָט גע־לעבט אַ לעבן פון כסדרדיקער פאַרוויילונג. מען קען עס בלויז באַשרייבן מיט אַ פּשוטן זאַץ, מחמת עס איז געווען אַ פּשוטע זאַך. דאָס בריטישע פּוב־ליקום האָט זי זייער ליב געהאַט און „ליידי בעטי" איז געווען די גענוגנדיקע באַצייכענונג פון איר פּערזאָן אומעטום אויף די בריטישע אינדזלען. פרויען פלעגן זי באַלאַגערן, ווען זי פלעגט גיין אויף אַ חתונה און די גאַלעריע פלעגט איר אַפּלאָדירן, בעת די פּרעמיערעס אין די טעאַטערס, גלייך ווי זי וואָלט געווען זיין אַ פּאָפּולערע אַקטריסע. פריילינס האָבן אימיטירט איר פריזור און זייף־פאַבריקאַנטן און פאַבריקאַנטן פון פּנים־קרעם האָבן איר געצאָלט געלט פאַר דעם רעכט פון באַנוצן אירס אַ פאָטאָגראַפיע אין דער רעקלאַמירונג פון זייערע סחורות.

אַוודאי האָבן די מגושמדיקע און קאַלטע לונג־און־לעבערס, די וועלכע האָבן נאָך געדענקט און געבענקט נאָכן אַלטן רעזשים און נאָך די אַלטע „גוטע צייטן", נישט סימפּאַטיזירט מיט איר. זיי האָבן חוזק געמאַכט פון איר כסדרדיקער דערשיינונג אין דער פאַרבלענדענדיקער ליכטיקייט פון דער עפנטלעכקייט. זיי האָבן געטענהט, אַז זי האָט אַ משוגענעם חשק צו זעלבסט־רעקלאַמע. זיי האָבן געזאָגט, אַז זי איז אַ תאווהניצע און שכורט צופיל. זיי האָבן געזאָגט, אַז זי רויכערט צופיל. איך וועל זיך מודה זיין, אַז דאָס וואָס איך האָב געהערט וועגן איר רעדן, האָט אויף מיר פון פאַראויס נישט גע־ווירקט, אַז איך זאָל זיך אויסמאָלן אַ דערהויבענע מיינונג פון איר. איך האָב מינדערשאַצט די פרויען, וועלכע האָבן באַטראַכט די מלחמה ווי אַ געלעגנהייט צו ווערן זיך און צו ווערן פּאָפּולער צווישן עולם. עס זענען מיר נימאס געוואָרן די צייטונגען, אין וועלכע איר זעט פאָטאָס פון מענטשן פון דער געזעלשאַפט, וועלכע שפּאַצירן אין דעם קוראָרט קאַן אָדער שפּילן גאָלף אין

סיינט־אַנדרו. די פריילעכע און שטיפערישע לעביונגען האָבן מיר פון תמיד אָן אויסגעזען לאַנגווייליק. דאָס פריילעכע לעבן זעט אויס מאָנאָטאָן און נאַריש פאַרן זייטיקן צושויער, אָבער דער מאָראַליסט באַגייט אַ נאַרישקייט, אויב ער פאַראורטיילט עס אויף אַ גרויזאַמען אופן. צו זיין אין כעס אויף דער דאָזי־קער יוגנט, איז דאָס זעלבע, ווי אויפצורעגן זיך אויף קלייניקע הינטעלעך, ערשט נישט לאַנג צוריק געבוירענע, וועלכע לויפן אַרום צעחושט, קייקלען זיך איינס אויפן אַנדערן און דרייען זיך אַרום זיך, כדי צו כאַפּן זייער אייגע־נעם ווידל. די בעסטע זאַך אין אַזאַ פאַל איז צו פאַרליידן עס מיט געדולד, אויב אַפילו זיי מאַכן־אָן אַ מוראדיקע פאַרוויסטונג אין די בלומען־קלאָמבן אָדער צעברעכן אַ פאָרצעלייענע כלי. איניקע פון זיי וועט מען דערטרינקען, מחמת זייערע כאַראַקטעריסטישע ראַסן־שטריכן זענען פעלערהאַפטע און די איבעריקע וועלן אויסוואַקסן און ווערן גוטע און „לייטישע" הינט. זייערע אומדערטרעגלעכע שטיפערייען זענען נאָר אַ פועל־יוצא פון דער ווילדער לעבנסלוסטיקייט פון יוגנט.

און עס איז טאַקע געווען די לעבנסלוסטיקייט, וואָס האָט אַזוי שיינענדיק כאַראַקטעריזירט בעטין. די לעבנס־שטויסקראַפט האָט געפלאָסן דורך איר מיט גלאַנץ, וואָס האָט אייך פאַרבלענדט. איך צווייפל, צי איך וועל ווען עס איז פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס זי האָט אויף מיר געמאַכט בעת דער מסיבה, אויף וועלכער איך האָב זי צום ערשטן מאָל געזען. זי האָט אויסגעזען ווי אַ מענאַדע*), זי האָט געטאַנצט מיט זעלבסט־פאַרנאַכלעסיקונג, וואָס האָט אייך געמאַכט לאַכן, אַזוי בולט איז געווען איר טיפער גענוס פון דער מוזיק און דער באַוועגונג פון אירע יונגע גלידער. אירע האָר זענען געווען ברוין, עטוואָס צעשויבערט פון דעם כוח פון אירע באַוועגונגען, אָבער אירע אויגן זענען געווען בלוי און איר הויט איז געווען מילך־און־רויזן. זי איז געווען אַ גרויסע שיינהייט, אָבער זי האָט נישט געהאַט גאָרנישט פון דער קאַלטקייט פון אַ גרויסער שיינהייט. זי האָט כסדר געלאַכט, און ווען זי האָט נישט גע־לאַכט, האָט זי געשמייכלט און אירע אויגן האָבן געטאַנצט פון לעבנספרייד. זי איז געווען געגליכן צו אַ נימפע, וואָס מעלקט די קי אויף דער פאַרמע פון די געטער. זי האָט געהאַט דעם כוח און געזונט פון אַ פאָלקסמענטש, אָבער נישט געקוקט דערויף, האָט די אומאָפּהענגיקייט פון איר באַנעמונג,

*) אַ מיטאָלאָגישע געשטאַלט פון אַ פרוי, וועלכע האָט אָנטייל גענומען אין די אָרגיעס פון דעם גאָט באַקכוס — באַמערקונג פון איבערזעצער.

וואָס איז געגליכן געווען צו אַ מין נאָבעלער אומגעשטערטער אויפפירונג, געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרויסאַרטיקער דאַמע. איך ווייס נישט באמת ווי אַזוי אויסטייטשן דאָס געפיל, וואָס זי האָט אין מיר אַרויסגערופן, ווייל כאָטש זי האָט זיך פאַרהאַלטן זייער פשוט און נישט געפּאַנפּעט, האָט זי דאָך זיך אָפּגעגעבן חשבון פון איר פּאָזיציע. איך בין געווען איבערצייגט, אַז, אין די נויטיקע פאַלן פירט זי זיך אויף ווי אַ ווירדיקע היכגעשטעלטע ליידי. זי האָט אַלעמען באַצויבערט, מחמת אין די טיפענישן פון איר הארצן, וואַר־שיינלעך נישט וויסנדיק אַליין דערפון, האָט זי געפילט, אַז די רעשט וועלט האָט נישט קיין וועזנטלעכע ראָל. איצטער האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די פאַבריק־מיידלעך פון איסט־ענד קוואַרטאַל פון לאָנדאָן האָבן זי פאַרערט און פאַרוואָס אַ האַלבער מיליאָן מענטשן, וועלכע האָבן זי בלויז געזען אויף אַ פּאַטאָ, האָבן זי באַטראַכט מיט דער אינטימיטעט פון פערזענלעכער פריינט־שאַפט. מען האָט מיר זי פאָרגעשטעלט און איך האָב מיט איר געשמועסט אייניקע מינוטן. עס איז געווען אויסערגעוויינלעך אָנגענעם צו זען די פאַר־אינטערעסירונג, וועלכע זי האָט אַרויסגעוויזן צו אייער פּערזאָן; איר האָט גע־ווּוּסט, אַז אין דער אמתן קען זי נישט זיין אַזוי צופרידן צו טרעפן זיך מיט אייך, ווי זי האָט עס אַרויסגעוויזן, אָדער אַזוי אַנטציקט מיט דעם, וואָס איר האָט געזאָגט, אָבער עס איז געווען זייער אַטראַקטיוו און לאָקנדיק. זי האָט פאַרמאָגט דעם טאַלאַנט פון אַריבערשפּרינגען די ערשטע שוועריקייטן, וועלכע באַגלייטן יעדע נייע באַקאַנטשאַפט און האָט איר זי שוין געקענט פינף מינוט, האָט זיך אייך אויסגעדאַכט, אַז איר קענט זי שוין דאָס גאַנצע לעבן. זי איז פון מיר אַוועקגעריסן געוואָרן דורך איינעם, וואָס האָט געוואָלט מיט איר טאַנצן און זי האָט זיך איבערגעגעבן אין די אָרעמס פון איר פאַרטנער מיט געננוי דעם זעלבן אייפערדיקן גליק, ווי זי האָט עס אַרויסגעוויזן, ווען זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפן שטול נעבן מיר. צוויי וואָכן שפּעטער האָב איך זיך מיט איר באַגעגנט ביי אַ מיטאָג און איך בין געווען איבערראַשט פון דעם, ווי פּינקטלעך זי האָט געדענקט וועגן דעם, וואָס מיר האָבן גערעדט אין יענע צען רווישיקע מינוטן בעתן טאַנץ. זי איז געווען אַ פרוי מיט אַלע מעלות פון אַ דערפּאַלגרייכער ערשטקלאַסיקער דאַמע.

איך האָב דערמאָנט דעם פאַל קעראַדזערסן.

— זי איז נישט געווען קיין נאַר — האָט ער געזאָגט. — זייער ווייניק מענטשן האָבן געוווּסט, ווי אינטעליגענט זי איז געווען. זי האָט אָנגעשריבן אייניקע גוטע לידער. מחמת זי איז געווען אַזוי לוסטיק, מחמת זי איז געווען

אַזוי זאָרגלאָז, און האָט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן קיינעם, האָבן מענטשן געמיינט, אַז זי איז אַ צעפלאָסענע. ווייט פון דעם. זי איז געווען אַזוי פעאיק און קלוג ווי אַ מאַלפּעלע. איר וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז זי האָט צייט צו לייענען דאָס אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט איבערגעלייענט. איך צווייפל, צי עס איז געווען נאָך איינער, וואָס האָט זי געקענט פון דער זייט, אַזוי גוט ווי איך. מיר פלעגן מאַכן צוזאַמען שפּאַצירן אויסער דער שטאָט בעת די וויק־ענדס, און אין לאָנדאָן פלעגן מיר אַוועקפאָרן אין ריטשמאָנד־פּאַרק, ווו מיר פלעגן שפּאַצירן און שמועסן. זי האָט ליב געהאַט בלומען,ביימער און גראָז. עס האָט זי אינטערעסירט אַלץ. זי האָט פאַרמאָגט אַ סך קולטור און פאַר־שטאַנד. עס איז נישט געווען קיין זאַך, וועגן וואָס זי זאָל נישט האָבן געקענט רעדן. צייטנווייז נאָך אונדזער שפּאַציר אין די נאָכמיטאָג שעהען, פלעגן מיר זיך באַגעגענען אין אַ נאַכט־קלוב, ווו זי פלעגט אַראָפּשלינגען אַ פּאָר גלעזע־לעך שאַמפּאַן און דאָס איז געווען גענוג צו מאַכן זי אינגאַנצן בגילופין, פאַר־שטייט איר, און ווערן דאָס האַרץ און די נשמה פון דער חבריא. דעמאָלט האָב איך זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם געדאַנק, ווי איבערראַשט וואָלטן אַלע פון זיי פאַרבליבן, ווען זיי וואָלטן געוווּסט, ווי ערנסט מיר האָבן צווישן זיך געשמועסט קוים אייניקע שעהען פריִער. וואָס פאַר אַן אויסערגעוויינ־לעכער קאָנטראַסט! ס׳האָט אויסגעזען, אַז עס געפינען זיך אין איר צוויי גאַנץ פאַרשיידן געשטימטע פרויען.

קעראַדזערס האָט עס אַרויסגעזאָגט אָן אַ שמייכל. ער האָט גערעדט מיט אַזאַ אומעט, גלייך ער וואָלט גערעדט פון אַ מענטש, וועלכער איז אַרויס־געריסן געוואָרן פון דער מיט פון אַ פריילעכער געזעלשאַפט דורך אַ פּריצײ־טיקן טויט. ער האָט אַ טיפן זיפץ געטון.

— כ׳בין געווען משוגע פאַרליבט אין איר. כ׳האָב זיך איר דערקלערט אין ליבע אַ טוץ מאָל. אַוודאי האָב איך געוווּסט, אַז איך האָב נישט קיין שום שאַנסן. כ׳בין בלויז געווען אַ נידעריקער באַאַמטער אין אויסערן־מיניסטעריום, אָבער איך האָב זיך נישט געקענט באַהערשן. זי פלעגט אָפּוואַרפן מיינע פאַר־שלאָגן, אָבער זי האָט זיך באַנומען תמיד אַזוי העפלעך. דאָס האָט קיינמאָל נישט געענדערט אונדזער פריינטשאַפט. איר ווייסט, זי האָט מיך באמת האָלט געהאַט. איך פלעג איר געבן דאָס, וואָס אַנדערע האָבן נישט געטון. איך האָב תמיד געמיינט, אַז זי האָט מיך ליב מער פון אַן אַנדערן. אַזוי ווי אַ וואַנזיני־קער האָב איך געגאַרט נאָך איר.

— איך מיין, אַז איר זענט נישט געווען דער איינציקער — האָב איך געזאָגט, כדי עפּעס צו זאָגן.

— זייער ווייט פון דעם. זי פלעגט באַקומען ליבע־בריוו אין די טוצן פון מענער, וועלכע זי האָט קיינמאָל נישט געזען און וועגן וועלכע זי האָט קיינמאָל נישט געהערט; פון פאַרמערס אין אַפריקע, מינען־אַרבעטער, פון פּאָליצײ־לייט אין קאַנאַדע. אַלערליי מענער האָבן זיך איר דערקלערט אין ליבע. זי וואָלט געקענט חתונה, מיט וועמען זי וואָלט נאָר געוואָלט.

— אַפילו פון דער קעניגלעכער פאַמיליע, האָט מען געשמועסט.

— יאָ, זי האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז איר דערעסן אַזאַ לעבן. און דאַן האָט זי חתונה געהאַט מיט דזשימי וועלדאָן־בערנס.

— מענטשן זענען געווען שטאַרק איבערראַשט, נישט אמת?

— האָט איר אים געקענט?

— ניין, כ׳מיין, אַז נישט. איך האָב זיך אפשר מיט אים ערגעץ יאָ גע־טראָפן, אָבער ער האָט אויף מיר נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק.

— נישט קיין וואונדער. ער איז געווען דער אומבאַדייטנדיקסטער יאָט אויף דער וועלט. זיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער פאַבריקאַנט אין צפון. ער האָט געמאַכט אַ סך געלט אין דער מלחמה־צייט און האָט זיך געקויפט אַ באַראָן־טיטל. ער איז געווען אַ פּשוטער בשר־ודם. דזשימי האָט באַזוכט די איטן־שולע צוזאַמען מיט מיר. מען האָט זיך באַמיט צו מאַכן אַ דזשענטל־מאַן פון אים. נאָכן קריג איז ער געווען אין לאָנדאָן אַ לאַנגע צייט. ער איז תמיד געווען גרייט איינצואָרדענען צוזאַמענקונפטן, אָבער קיינער האָט זיך מיט אים נישט גערעכנט. ער פלעגט בלויז דעקן די אויסגאַבן. ער איז געווען אַ מוראדיקער בטלן, זייער שרעקעוודיק און אומגעהויער העפלעך. ער האָט אייך געשטעלט אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע, מחמת ער האָט זיך באַמיט נישט צו טון נישט־פּאַסיקע זאַכן. די בגדים, וועלכע ער פלעגט טראָגן, האָבן אויס־געזען, ווי ער וואָלט זיי צום ערשטן מאָל אָנגעטון און וואָלטן געווען עטוואָס צו ענג אויף אים.

ווען קעראַדזוערס האָט אַ געוויסן פּרימאָרגן גענומען זיין „טיימס" און האָט זיך לענגער אָפּגעשטעלט דאָס מאָל, דורך אַ פּשוטן צופאַל, אויף דעם קאָלום פון דער טעגלעכער כראָניק פון דער עלעגאַנטער געזעלשאַפט און האָט איבערגעלייענט, אַז אַ חתונה וועט געפייערט ווערן צווישן עליזאַבעט, דער איינציקער טאָכטער פון פּירשט פון סיינט־ערטה און דזשיימס, דעם עלטערן זון פון סער דזשאָן וועלדאָן־בערנס, באַראָן, איז אים אָפּגענומען

געוואָרן דאָס לשון. ער האָט טעלעפאָנירט צו בעטין און זי געפרעגט, צי עס איז טאַקע אַזוי.

— אַוודאי — האָט זי געענטפערט.

ער איז געווען אַזוי איבערראַשט, אַז ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו זאָגן. זי האָט ווייטער גערעדט.

— ער וועט מיטברענגען זיין משפחה צום היינטיקן מיטאָג, כדי צו באַגעגענען זיך מיטן טאַטן. אפשר וועט עס זיין אַ ביסל אומהיימלעך. ווילסט מיך מכבד זיין מיט אַ קאָקטייל אין קלאַרידזשעס קאָנפּיטעריע, כדי מיך צו שטאַרקן?

— וויפל אַ זייגער? — האָט ער געפרעגט.

— איינס אַ זייגער.

— נו, גוט, איך וועל דאָרטן זיין.

ער האָט שוין אויף איר געוואַרט, ווען זי איז אָנגעקומען. איר גאַנג איז געווען ענלעך צו אַ מין אונטערשפּרינגען, אַזוי ווי אירע זשעדנע פּיס וואָלטן געלעכצט אַריינצוּוואַרפן זיך אין אַ טאַנץ. זי האָט געשמייכלט. אירע אויגן האָבן געשיינט פון פרייד, וואָס האָט זי אָנגעפילט, מחמת זי איז געווען לעבנס־לוסטיק און די וועלט איז געווען אַזאַ אָנגענעם אָרט צו לעבן. מענטשן, וועלכע האָבן זי דערקענט, האָבן זיך געשושקעט בעת זי איז אַריינגעקומען. קעראַדזערס האָט אין דער אמתן געפילט, אַז זי האָט אַריינגעבראַכט זונשיין און דעם אַראָמאַט פון קוויטן אינעם ניכטערן אָבער גענוג באַהערשנדיקן גלאַנץ פון קלאַרידזשעס אָפּרו־סאַלאָן. ער האָט זי באַגעגנט אָן דעם „אָ, וואָס מאַכט איר?"

— בעטי, דו טאָרסט עס נישט טון — האָט ער געזאָגט.

— ס'איז בפירוש אוממעגלעך.

— פאַרוואָס?

— ער איז אומדערטרעגלעך.

— איך צווייפל. איך מיין, אַז ער איז אַ גאַנץ פיינער מאַן.

אַ קעלנער איז צוגעקומען און אויפגענומען זייער באַשטעלונג. בעטי האָט געקוקט אויף קעראַדזערסן מיט יענע שיינע בלויע אויגן אירע, וועלכע האָבן אין זיך געהאַט די אייגנשאַפט צו זיין איינצייטיק לוסטיק און צאַרט.

— ער איז דאָך אַזאַ וווּלגאַרער אַראָגאַנט, בעטי.

— אָ! זיי נישט אַזאַ טיפּש, האַמפּרי. ער איז אַזאַ ווי אַלע אַנדערע. איך מיין, אַז דו ביסט אַ צו גרויסער סנאָב.

## וו. טאַמערסטע מאַם

— ער איז דאָך אַזוי מגושמדיק.

— ניין, ער איז אַ שטילער מאַן. מיין מאַן באַדאַרף נישט זיין זייער אויסגעצייכנט. כ'מיין, אַז ער וועט זיין זייער אַ גוטער הינטערגרונט. ער האָט אַ שיינעם אויסזען און שיינע זיטן.

— גאָט מיינער, בעטי.

— אָ, האַמפרי, זיי נישט קיין אידיאָט.

— ווילסט מיר איינרעדן, אַז דו ביסט אין אים פאַרליבט?

— איך מיין, אַז עס וועט זיין אַממערסטן טאַקטיש, נישט אמת?

— פאַרוואָס גייסטו מיט אים חתונה האָבן?

זי האָט אויף אים געוואָרפן אַ קאַלטן בליק.

— ער האָט הויפנס מיט געלט. איך בין שוין באַלד אַ זעקס־און־צוואַנ־ציקערין.

עס איז נישט מער פאַרבליבן וועגן וואָס צו רעדן. ער האָט זי אַוועקגע־פירט צו איר מומעס הויז. זי האָט געהאַט אַ זייער פראַכטפולע חתונה, מיט געדיכטע מאַסן מענטשן פון ביידע זייטן וועג, וואָס האָט געפירט צום אַריינ־גאַנג אין קלויסטער סיינט־מאַרגאַרעטס, וועסטמינסטער. מתנות פון כמעט דער גאַנצער קעניגלעכער פאַמיליע; און דער האָניק־חודש איז פאַרבראַכט געוואָרן אויפן יאַכט, וועלכן איר שווער האָט זיי אויסגעבאָרגט. קראָדזערס האָט געבעטן אַ פּאָסטן אין אויסלאַנד, און מען האָט אים געשיקט קיין רוים. איך בין געווען גערעכט, ווען איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַזוי אַרום האָט ער זיך דערוואָרבן די וווּנדערבאַרע קענטעניש פון דער איטאַליענישער שפּראַך. שפּעטער איז ער געשיקט געוואָרן קיין שטאָקהאָלם. דאָ איז ער געווען אַ ראַט־געבער פון דער געזאַנטשאַפט און דאָ האָט ער אָנגעשריבן די ערשטע פון זיינע דערציילונגען.

מעגלעך, אַז בעטיס שידוך האָט אַנטוישט דאָס בריטישע פּובליקום, וואָס האָט דערוואַרט פון איר אַ סך גרעסערע זאַכן. מעגלעך, אַז ווי אַ יונגע פאַר־הייראַטע פרוי האָט זי שוין נישט מער אַרויסגערופן ביים עולם דאָס ראָמאַנ־טישע געפיל. ווי די זאַך זאָל נישט האָבן געוועזן, איז דאָך פאַרבליבן אַ בול־טער פאַקט, אַז זי האָט שנעל פאַרלוירן איר פּלאַץ אין דער עפנטלעכקייט. מען האָט אויפגעהערט צו הערן אַ סך וועגן איר. אַ קורצע צייט נאָך איר חתונה זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז זי ריכט זיך צו האָבן אַ קינד, און אַ ביסל שפּעטער, אַז זי האָט געמפּלט. זי האָט זיך נישט דערווייטערט פון דער געזעלשאַפט. איך מיין, אַז זי האָט ווייטער זיך באַגעגנט מיט אירע פריינט,

אָבער איר טעטיקייט איז נישט געווען מער אַנזעעוודיק. זעלטן־ווען מען האָט זי געקענט זען אין יענע לעביונגערישע צוזאַמענקונפטן, ווו עלעמענטן פון אַ באַפלעקטער אַריסטאָקראַטיע הוליען צוזאַמען מיט קינסטלער־פּאַראַזיטן און טוען זיך אַליין אָן דאָס פאַרגעניגן, אַז זיי זענען איינציייטיק עלעגאַנט און קולטורעל. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז זי האָט אָנגעהויבן צו פירן אַ באַ־לעבאַטיש לעבן. זיי זענען נישט געווען באַהאַוונט, ווי אַזוי עס גייט איר אין איר פאַמיליע־לעבן, און ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט געוויסע פּרטים, האָבן רכילותניקעס געבראַכט די ידיעה, אַז דזשימי האָט שטאַרק געשכורט און דערנאָך, אַ יאָר אָדער צוויי שפּעטער, האָט מען געהערט, אַז ער איז אַריינגע־פאַלן אין טובערקולאָז. די וועלדאָן־בערנס האָבן פאַרבראַכט אייניקע ווינטערן אין דער שווייץ. אַ צייט שפּעטער איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען און, אַז בעטי איז אַוועקגעפאָרן צו באַזעצן זיך אויפן אינדזל ראָדאָס. פאַרוואָס אַזאַ מאָדנער אויסוואַל?

— עס מוז דאָרטן זיין אומעטיק ווי דער טויט — האָבן אירע פריינט געזאָגט.

אייניקע פון זיי זענען פון צייט צו צייט אַראָפּגעקומען און דאָרטן פאַר־ווײַלט מיט איר אַ קורצע צייט. זיי זענען צוריקגעקומען פול מיט איינדרוקן פון דער שיינקייט פון אינדזל און דעם זאַרגלאָזן צוביבער פון לעבן. אָבער פאַרשטענדלעך, אַז עס איז דאָרטן געווען זייער איינזאַם. עס האָט אויסגעזען זייער מאָדנע, וואָס בעטי מיט איר גלאַנץ און איר ענערגיע זאָל זיך צופרידנ־שטעלן צו באַזעצן זיך דאָרטן. זי האָט געקויפט אַ הויז. זי האָט בלויז געקענט אייניקע איטאַליענישע באַאַמטע. עס איז דאָרטן באמת נישט געווען, מיט וועמען זיך צו באַקענען, אָבער זי איז געווען גליקלעך. אירע געסט האָבן עס נישט געקענט באַגרייפן. אָבער דאָס לאָנדאָנער לעבן איז רוישיק און דער זכרון איז קורץ. מענטשן האָבן זיך אויפגעהערט צו אינטערעסירן מיט איר. זי איז פאַרגעסן געוואָרן. דאַן, אייניקע וואָכן פאַר דעם ווי איך האָב געטראָפן האַמפרי קעראַדזערס אין רוים, האָט די „טיימס" איבערגעגעבן, אַז סער דזשיימי וועלדאָן־בערנס, צווייטער באַראָן, איז געשטאָרבן און אַז זיין יינגערער ברודער האָט געירשנט זיין טיטל. בעטי האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין קינד.

קעראַדזערס פלעגט זי ווייטער זען נאָך איר חתונה. ווען נאָר ער פלעגט קומען קיין לאָנדאָן, פלעגן זיי עסן מיטאָג צוזאַמען. זי האָט געהאַט די פעאיקייט אויפצונעמען פריינט נאָך אַ לאַנגער אָפּוועזנהייט אַזוי ליבנסווירדיק, גלייך ווי קיין צייט־אָפּשניט וואָלט נישט געהאַט אָפּגעזונדערט זיי איינעם פון אַנדערן,

אַזוי אַז אין זייערע באַגעגענישן איז קיינמאָל נישט געווען צו באַמערקן קיין פאַרפרעמדקייט. צייטנווייז פלעגט זי אים פרעגן, ווען וועט ער חתונה האָבן.
— דו רוקסט זיך אַלץ ווייטער, ווייסטו האַמפרי? אויב דו וועסט נישט שנעל חתונה האָבן, וועסטו פאַרבלייבן אַן אַלטע מויד.
— דו ראַטסט חתונה צו האָבן?
עס איז נישט געווען קיין פריינטלעכער ראַט, מחמת, אַזוי גוט ווי אַ סך אַנדערע לייט, האָט ער אויך געהערט, אַז זי לעבט נישט זייער גוט מיט איר מאַן, אָבער איר באַמערקונג האָט אים אויפגערעגט.
— בכלל, מיין איך, אַז אַ נישט געלונגענער שידוך איז, גאַנץ מעגלעך, בעסער ווי אינגאַנצן נישט חתונה צו האָבן.
— דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז קיין זאַך וואָלט מיך נישט געקענט באַאיינ־פלוסן חתונה צו האָבן, און דו ווייסט פאַרוואָס.
— אָ, מיין טייערער, ווילסט נאָך אַלץ פרעטענדירן, אַז דו ביסט אין מיר פאַרליבט?
— יאָ, איך בין אין דיר פאַרליבט.
— ביסט אַ כפול־שמונהדיקער טיפּש.
— נו, מילא.
זי האָט געשמייכלט. אירע אויגן האָבן תמיד געהאַט אַט דעם בליק, טייל־ווייז חוזק־מאַכנדיקן, טיילווייז צאַרטן, וואָס האָט אים פאַראורזאַכט אַזאַ גליק־לעכע פיין אין זיין האַרצן. עס קלינגט קאָמיש, אָבער ער וואָלט געקענט ממש אַנווייזן דאָס אָרט.
— ביסט זייער זיס, האַמפרי. דו ווייסט, אַז איך בין דיר טריי, אָבער איך וואָלט מיט דיר נישט חתונה געהאַט, אויב איך וואָלט אַפילו געווען פריי.
ווען זי האָט פאַרלאָזן איר מאַן און איז אַוועקגעפאָרן ווינען אויף ראַ־דאַס, האָט קעראַדזערס אויפגעהערט זי צו זען. זי איז קיינמאָל נישט גע־קומען קיין ענגלאַנד. זיי האָבן אָנגעהאַלטן אַן אַקטיווע קאָרעספּאָנדענץ.
— אירע בריוו זענען געווען וווּנדערבאַרע — האָט ער געזאָגט. — איר וואָלט געקענט זאָגן, אַז איר הערט זי גופא רעדן: זיי זענען געווען פונקט ווי זי אַליין. פעאיק און שאַרפזיניק, זאָרגלאָז און דאָך אַזוי קלוג.
ער האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וויל קומען אויף אייניקע טעג קיין ראָדאָס, אָבער זי האָט אים אָפּגעראָטן. ער האָט פאַרשטאַנען פאַרוואָס. יעדער האָט געוווּסט, אַז ער איז ביז צו משוגעת פאַרליבט אין איר. יעדער האָט געוווּסט, אַז ער איז עס נאָך עד־היום. ער האָט נישט געוווּסט, אין זעל־

כע אומשטענדן די וועלדאַן־בערנס זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. מעגלעך, אַז עס האָט ביי זיי געהערשט אַ ביטערע שטימונג. בעטי וואָלט געקענט גלויבן, אַז זיין אַנוועזנהייט אויפן אינדזל וואָלט זי קאָמפּראָמיטירט.

— זי האָט מיר אָנגעשריבן אַ צויבערדיקן בריוו, ווען מיין ערשט בוך איז דערשינען. איר ווייסט, איך האָב עס איר געווידמעט. זי איז געווען איי־בערראַשט, וואָס איך האָב געשאַפן אַזאַ פיין ווערק. אַלע האָבן זיך באַצויגן זייער פיין צו דעם און זי איז געווען אַנטציקט מיט דעם. איך מיין, אַז איר צופרידנקייט איז געווען די הויפּט־זאַך, וואָס האָט מיר הנאה געטון. נאָך אַלעמען בין איך נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, ווי איר ווייסט. אַ לי־טעראַרישער דערפאָלג האָט ביי מיר נישט קיין גרויס חשיבות.

נאַר און ליגנער! האָב איך זיך געטראַכט. האָט ער דען געמיינט, אַז איך האָב נישט באַמערקט די זעלבסט־צופרידנקייט, וואָס האָט אים ממש פאַר־שלונגען צוליב דער גינסטיקער אויפנאַמע פון זיינע ביכער? איך האָב אים נישט פאַרגעוואָרפן, פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי געפּילט. קיין זאַך וואָלט נישט געקענט זיין מער ווערט מוחל צו זיין, אָבער פאַרוואָס זיך אַזוי פלייסן צו לייקענען עס? אָבער עס איז געווען בלי ספק אמת, אַז עס איז געווען הויפּט־זאַכלעך פאַר בעטיס וועגן, וואָס ער איז אַזוי צופרידן געווען פון דער פּאָפּו־לאַריטעט, וואָס זיי האָבן אים פאַרשאַפט. ער האָט געהאַט אַזוי אַרום אַ פּאָזי־טיווע דערגרייכונג צו פאַרלייגן איר. ער האָט געקענט לייגן צו אירע פיס נישט נאָר זיין ליבע, נאָר אויך אַ פאַרדינסטפולע רעפּוטאַציע. בעטי איז שוין מער נישט געווען יונג. זי איז געווען אַ פיר־און־דרייסיקערין. איר חתונה, איר ווייל אין אויסלאַנד האָבן געענדערט די לאַגע. זי איז שוין נישט געווען אַרומגערינגלט מיט פאַרערערס. זי האָט פאַרלוירן דעם גלאַנץ־קרייז, מיט וועלכן די עפנטלעכע באַוווּנדערונג האָט זי אַרומגערינגלט. די דיסטאַנץ צווישן זיי איז שוין נישט געווען מער אוממעגלעך צו איבערשפּרינגען. בלויז ער איז פאַרבליבן אין לויף פון די יאָרן טריי צו איר. עס איז געווען אומבאַגרייפלעך, פאַרוואָס זי זאָל באַגראָבן איר שיינהייט, איר שאַרפזין, איר גזעלשאַפטלעכע גראַציע אויף אַן אינדזל, אין אַ ווינקל פון מיטללענדישן ים. ער האָט גע־ווּסט, אַז זי האָט אים ליב. זי האָט קוים געקענט נישט זיין גערירט פון זיין לאַנגער איבערגעגעבנקייט, און דאָס לעבן, וואָס ער האָט געקענט איר אָנצובאַ פאַרלייגן איז געווען אַזאַ, וואָס וועט איר געפעלן. ער איז געווען זיכער אין דעם. ער האָט באַשלאָסן צו בעטן זי ווידעראַמאָל חתונה צו האָבן מיט אים. ער וואָלט געקענט אָפּפאָרן סוף יולי. ער האָט איר געשריבן, אַז ער וועט

פאַרברענגען זיינע וואַקאַציעס אויף די גריכישע אינדזלען און אויב זי וואָלט געוועזן צופרידן צו זען זיך מיט אים, וואָלט ער זיך פאַרהאַלטן אייניקע טעג אויף ראָדאָס, ווו, לויט ער האָט געהערט, האָבן די איטאַליענער געעפנט אַ זייער גוטן האָטעל. ער האָט געמאַכט די אָנרעגונג אויף דעם צופעליקן שטייגער, פשוט פון אײדלקייט וועגן. זיינע דערפאַרונגען אין אויסערן־מיניס־טעריום האָבן אים אויסגעלערנט אויסצומיידן האַסטיקע און פּלוצימדיקע טאַטן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט פרייוויליק אַריינגעשטופּט אין אַ פּאָזיציע, פון וועלכער ער זאָל נישט קענען, אין פאַל פון אַ נויטווענדיקייט, זיך צוריק־ציִען מיט אַ ווירדיקן טאַקט. בעטי האָט אים געענטפערט מיט אַ טעלעגראַמע. זי האָט אים געזאָגט, אַז עס איז אַ וווּנדערבאַרער געדאַנק, וואָס ער האָט בדעה צו קומען אויף ראָדאָס און גאַנץ פאַרשטענדלעך דאַרף ער קומען און פאַרוויילן מיט איר לכל הפחות צוויי וואָכן צייט און אַז ער דאַרף טעלעגראַ־פירן, מיט וועלכער שיף ער קומט אָן.

ער האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון ווילדער אָנטציקונג, ווען די שיף, וועלכע ער האָט גענומען אין ברינדיזי, איז ענדלעך, קורץ נאָך זונ־אויפגאַנג, אַריינגעשווומען אין דעם ריינעם און שיינעם האַפן פון ראָדאָס. ער האָט קוים צוגעטון מיט אַן אויג די גאַנצע נאַכט און אויפשטייענדיק פרי, האָט ער אָבסערווירט ווי דער אינדזל האָט אויפגעטויכט הערלעך פון היינטערן פרימאָרגן און ווי די זון איז אויפגעגאַנגען איבערן זומערדיקן ים. שיפעלעך זענען צוגעשווומען, ווען די שיף האָט געאַנקערט. דער גאַנגוויי*) איז אַראָפּ־געלאָזט געוואָרן. האַמפּרי, איינגעבויגן איבערן פאָרענטש, האָט נאָכגעפאָלגט ווי דער דאָקטאָר, די פאָרט־באַהערדן און די האָטעל־אָנגעשטעלטע זענען רוי־שיק אַרויפגעקומען אויף דער שיף. ער איז געווען דער איינציקער ענגלענדער אויף דער שיף. עס איז נישט געווען קיין ספק וואָס שייך זיין נאַציאָנאַליטעט. אַ מאַן איז אַרויף אויפן דעק און איז דירעקט צוגעגאַנגען צו אים.

— זענט איר מיסטער קעראַדזערס?

— יאָ.

ער האָט געוואָלט אַ שמייכל טון און אויסשטרעקן זיין האַנט, אָבער אין אַן אויגנבליק האָט ער באַמערקט, אַז די פּערזאָן, וועלכע האָט זיך צו אים געווענדט, אַן ענגלענדער גלייך ווי ער, איז נישט געווען קיין מאַן פון די אַריסטאָקראַטישע קרייזן. אינסטינקטיוו האָבן זיינע מאַנירן, הגם זייער העפ־

*) דאָס שיף־בריקל — באַמערקונג פון איבערזעצער.

לעך, אָנגעגנומען עטוואָס אַ טאָן פון שטייפקייט און גאווה. אַוודאי האָט מיר קעראַדזוערס דאָס נישט געזאָגט, אָבער איך זע די זאַך אַזוי קלאָר, אַז איך קווענקל מיך נישט צו באַשרייבן עס.

— די הויכגעשעצטע לידי האָפּט, אַז איר וועט נישט האָבן פּאַראיבל, וואָס זי איז פּערזענלעך נישט געקומען צו באַגעגענען אייך, מחמת די שיף איז אַריינגעקומען אַזוי פרי און עס איז מער פון אַ שעה רייזע פונעם אָרט, ווו מיר וווינען.

— אָ, נאַטירלעך. איז די הויכגעשעצטע לידי געזונט?

— יאָ, אַ דאַנק אייך פאַרן פרעגן. האָט איר אייער באַגאַזש צוגעגרייט?

— יאָ.

— אויב איר וועט מיר אָנווייזן, ווו ער איז, וועל איך הייסן איינעם פון די יאָטן אַרויפלייגן אים אויפן שיפל. איר וועט נישט האָבן קיין שוועריקייטן אין דעם צאָלאַמט. איך האָב עס דערלידיקט אין בעסטער אָרדענונג, און דערנאָך וועלן מיר אָפּפאָרן. האָט איר שוין געגעסן פרישטיק?

— יאָ, אַ דאַנק אייך.

דער מאַן איז געווען מסופּק ווי אַזוי אים צו טיטולירן. קעראַדזוערס איז געווען נייגעריק צו וויסן, ווער ער איז. מען האָט נישט געקענט זאָגן, אַז ער איז געווען אומהעפלעך, אָבער ער איז געווען זיכער אַ ביסעלע צופיל אומצערעמאָניש. קעראַדזוערס האָט געוווּסט, אַז בעטי האָט אַ גרויס גוט. מעגלעך, אַז ער איז געווען איר אַגענט. ער האָט אויסגעזען צו זיין זייער אַ קאָמפּעטענטער. ער האָט געגעבן די פּאָרטערס די געהעריקע אינסטרוקציעס אין אַ פּליסיקן גריכיש און ווען זיי זענען אַרויף אויפן שיפל און די שיפסלייט האָבן ביי אים געפּאָדערט מער געלט, ווי ער האָט זיי געגעבן, האָט ער געזאָגט עפּעס, וואָס האָט זיי געמאַכט לאַכן און דאַן האָבן זיי געהויבן די אַקסלען, צופרידענע. דער באַגאַזש איז דורכגעגאַנגען דורכן צאָלאַמט אָן שום רעוויזיע. האַמפריס וועגווייזער האָט געדריקט די הענט פון די צאָל־באַאַמטע און דערנאָך זענען זיי אַרויסגעקומען אויף אַ זוניקן פּלאַץ, ווו אַ גרויסער געלער אויטאָמאָביל איז געשטאַנען.

— איר וועט מיך פירן? — האָט געפרעגט קעראַדזוערס.

— איך בין דער שאָפער פון דער הויכגעשעצטער לידי.

— אָ! איך זע. כ'האָב נישט געוווּסט.

ער איז נישט געווען אָנגעטון ווי אַ שאָפער. ער האָט געטראָגן ווייסע לייוונטענע הויזן און שטאָפּענע פאַנטאָפל אויף די נאַקעטע פיס, אַ ווייס

טעניס־העמד, אַן אַ קראַוואַט, דעקאָלטירט און אַ שטרויענעם הוט. קעראַ־דזערס האָט צוזאַמענגעצויגן די ברעמען. בעטי וואָלט נישט באַדאַרפט דער־לויבן איר שאָפער אַנצופירן דעם אויטאָ אויף אַזאַ שטייגער. אמת, ער האָט באַדאַרפט אויפשטיין פאַרן זון־אויפגאַנג און עס האָט אויסגעזען, אַז ס'וועט זיין הייס אויפן וועג ביזן דאָרף. גאַנץ מעגלעך, אַז ביי נאַרמאַלע באַדינגונגען טראָגט ער אַן אוניפאָרם. כאָטש ער איז נישט געווען אַזוי הויך ווי קעראַ־דזערס, וועמעס וווקס האָט באַטראָפן זעקס פוס מיט איין צאָל, שטייענדיק אין די סקאָרפּעטקעס, איז ער פונדעסטוועגן געווען נישט קיין נידעריקער. אָבער ער איז געווען ברייטבייניק, בפרט אין די אַקסלען און קוואַדראַטיש געבויט, אַזוי אַז ער האָט אויסגעזען מגושמדיק. ער איז נישט געווען דיק, אָבער באַדייטנדיק פול. ער האָט געהאַט דאָס אויסזען פון אַ מאַן, וואָס האָט אַ גוטן אַפּעטיט און קען גוט עסן. זייענדיק נאָך גאַנץ יונג, אַ דרייסיקער אָדער מיט אַ יאָר עלטער, האָט ער שוין געהאַט אַ מאַסיוון אויסזען און וועט מיט דער צייט ווערן דיק ווי אַן אויסגעפּאַשעטער אָקס. איצטער איז ער גע־ווען שוועך־וואָגיק. ער האָט געהאַט אַ ברייט פנים, שטאַרק אָפּגעברענט פון דער זון, אַ קורצע, גראָבע נאָז און עטוואָס אַן אומעטיקן קוק. זיינע וואָנסן זענען געווען קורץ און בלאָנד. קעראַדזערס האָט געהאַט אַ מאָדנע געפיל, אַז ער האָט שוין דעם דאָזיקן מענטש אַמאָל געהאַט געזען.

— זענט איר שוין ביי דער הויכגעשעצטער לידי אַ לאַנגע צייט? — האָט ער אַ פרעג געטון.

— נו, נישט פון נעכטן אָן, אַזוי צו זאָגן.

קעראַדזערס איז געוואָרן אַ ביסל מער שטייפער. עס איז אים לגמרי נישט געפעלן דער אופן, ווי דער שאָפער האָט גערעדט. עס האָט אים גע־חידושט, פאַרוואָס ער האָט זיך צו אים געווענדט אַן דעם „סער". ער האָט זיך געשראָקן, אַז בעטי האָט אים געלאָזט פאַררייסן צופיל די נאָז. ס'איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר איר צו זיין אַ ביסל הפקר אין אַזעלכע פאַלן. אָבער דאָס איז אַ היפשער חסרון. ער וועט איר מאַכן אויפמערקזאַם, ווען ער וועט האָבן די געלעגנהייט. זייערע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף אַ סעקונדע און ער וואָלט געקענט שווערן, אַז אין דעם שאָפערס אויגן איז געווען אַ פונק פון אָפּלאַכעריי. קעראַדזערס האָט זיך נישט געקענט פאַר־שטעלן פאַרוואָס. עס איז אים נישט געווען באַקאַנט, אַז ער זאָל אין זיך האָבן עפּעס, וואָס קען אויסזען קאָמיש.

— אַט דאָס, מיין איך, איז די אַלטע שטאָט פון די ריטער — האָט ער גרויסהאַלטעריש געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף די אַלטע ווענט פון די אַמאָליקע שיס־טורעמס.

— יאָ, די הויכגעשעצטע לײדי וועט מיט אייך דאָרטן אַראָפּפאָרן. יעדן סעזאָן האָבן מיר דאָ אַ וועלט מיט טוריסטן.

קעראַדזערס האָט זיך באַמיט צו זיין העפלעך. ער האָט געמיינט, אַז עס וועט זיין שענער פון זיין זייט פאַרצולייגן צו זעצן זיך ביים שאָפערס זייט איידער פון הינטן אַליין און איז שוין געווען גרייט אַרויסצוזאָגן עס, ווען אין דער זעלביקער רגע האָט דער שאָפער עס ביי אים אויסגעכאַפּט. ער האָט געהייסן די פּאָרטערס אַוועקצולייגן קעראַדזערס רייזע־זעק פון הינטן און אַוועקזעצנדיק זיך ביים רעדל, האָט ער געזאָגט:

— איצטער, אויב איר שפּרינגט אַרייך, וועלן מיר זיך לאָזן אין וועג.

קעראַדזערס האָט זיך געזעצט ביי אים און זיי האָבן אָנגעהויבן פאָרן לענג־אויס אַ ווייסן וועג, וועלכער האָט זיך געצויגן האַרט ביים ים. נאָך אייניקע מינוטן זענען זיי געווען אין אָפענעם פעלד. ביידע האָבן געשוויגן. קעראַדזערס האָט אָנגעהאַלטן זיין זעלבסטווירדע. ער האָט געפילט, אַז דער שאָפער איז געווען נוטה צו זיין היימיש, אָבער ער האָט נישט געוואָלט אים געבן אַ געלעגנהייט דערצו. ער האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט אַ מיטל ווי אַזוי צו שטעלן די ווייניק וויכטיקע לייט אין זייער אַנטשפּרעכנדיקער פּאָזיציע. ער האָט גע־מיינט, מיט אַ סאַרדאָנישער טראַציקייט, אַז עס וועט לאַנג נישט דויערן, ביז דער שאָפער וועט זיך צו אים ווענדן מיטן געהעריקן „סער". אָבער דער פרימאָרגן איז געווען אַ מחיהדיקער, דער ווייסער וועג האָט זיך געצויגן צווישן אָליוון־וועלדלעך און די פאַרם־הייזקעס, פאַרביי וועלכע זיי זענען דורכגעפאָרן, פון צייט צו צייט, מיט זייערע ווייסע ווענט און פלאַכע דעכער, האָבן געהאַט אַן אָריענטאַלישן אויסזען, וואָס האָט מיטגעריסן די פאַנטאַזיע. און בעטי האָט אויף אים געוואַרט. די ליבע, וואָס האָט געברענט אין זיין האַרצן, האָט אים געמאַכט ליבנסווירדיק צו אַלע מענטשן און אָנצינדנדיק אַ ציגאַרעט, האָט ער געמיינט, אַז עס וועט זיין זייער פריינטלעך פון זיין זייט פאַרצולייגן איינעם אויך דעם שאָפער.

— האָט איר געבראַכט דעם טאַבאַק? — האָט ער פלוצלינג אַ פרעג געטון.

— געבראַכט וואָס?

דעם שאָפערס פנים האָט זיך איינגעשרומפּן.

— די הויכגעשעצטע לײדי האָט צו אײך טעלעגראַפירט צו ברענגען איר צװײ פונט „פלײערס נײװי קאַט״. דעריבער האָב איך אָפּגעמאַכט מיטן צאָל־אַמט, אַז זײ זאָלן נישט עפענען אײער באַגאַזש.

— כ׳האָב קײנמאָל נישט דערהאַלטן אַזאַ טעלעגראַמע.

— צום טײוול.

— צו װעלכע רוחות דאַרף די הויכגעשעצטע לײדי האָבן צװײ פונט „פלײערס נײװי קאַט״?

ער האָט גערעדט מיט גאווה. עס זענען אים נישט געפעלן געװאָרן דעם שאָפערס אויסרופן. דער יאַט האָט אויף אים געװאָרפן אַ זײטיקן קוק, אין װעלכן קעראַדזוערס האָט געזען אַ געװיסע חוצפּה.

— מיר קענען עס דאָ נישט באַקומען — האָט ער קורץ געזאָגט.

מיט אַ מינע, װאָס דריקט אויס אַ שטאַרקע אויפרעגונג, האָט ער אַװעק־געװאָרפן דעם פּאַפּיראָס, װאָס קעראַדזוערס האָט אים מכבד געװען און פאַר־געזעצט די רײזע. זײן מינע איז אַצינד געװען אַ זױערע. ער האָט מער נישט אַרויסגערעדט קײן װאָרט. קעראַדזוערס האָט געפילט, אַז זײן פּרוּװ צו זײן העפלעך איז געװען אַ טעותדיקער. במשך דעם איבעריקן טײל פון װעג האָט ער איגנאָרירט דעם שאָפער, ער האָט זיך פאַרהאַלטן קאַלט, אַזױ װי ער פלעגט זיך אויפפירן, זײענדיק סעקרעטאַר פון דער בריטישער באַטשאַפט, װען אַ בריטישער בירגער פלעגט זיך װענדן צו אים נאָך הילף. דער דאָזיקער מעטאָד זײנער האָט אים געבראַכט גוטע רעזולטאַטן. אַ געװיסע צײט זענען זײ געפאָרן באַרג־אַרויף און איצטער זענען זײ צוגעפאָרן צו אַ לאַנגער נידע־ריקער װאַנט און דערנאָך צו אַן אָפענעם טויער. דער שאָפער איז אַרײנגעפאָרן.

— זענען מיר אָנגעקומען? — האָט קעראַדזוערס אַ שרײ געטון.

— פינף־און־זעכציק קילאָמעטער אין זיבן־און־פופציק מינוטן — האָט געזאָגט דער שאָפער שמײכלענדיק, באַװײזנדיק זײנע פײנע װײסע צײן.

— נישט אַזױ שלעכט, נעמענדיק אין באַטראַכט דעם צושטאַנד פון װעג.

ער האָט שאַרף אַ בלאָז געטון מיט זײן קלאַקסאָן־אויטאָ־טרײבל. קעראַ־דזוערס האָט ממש פאַרלױרן זײן באַװוסטזײן פון דער עמאָציע. זײ זענען גע־פאָרן אויף אַ שמאָלן װעג, װעלכער האָט זיך דורכגעשניטן דורך אַן אָליװן־װעלדל און זענען אָנגעקומען צו אַ נידעריקן, װײסן, מאָדנעם בנין. בעטי איז געשטאַנען בײ דער טיר. ער איז אַרויסגעשפּרונגען פונעם אויטאָ און זי צעקושט אין בײדע באַקן. אויף אַ מאָמענט איז אים אָפּגענומען געװאָרן דאָס לשון. אָבער אונטערבאַװוסטזיניק האָט ער באַמערקט, אַז בײ דער טיר איז

געשטאַנען אַן עלטערער דינער אין ווייסע לייוונטענע הויזן און אַ פּאָר לאַקייען אין די פּוסטאַנעללאַ־העמדער פון זייער לאַנד. זיי זענען געווען עלעגאַנט און מאַלעריש. איבערלאָזנדיק אין אַ זייט די באַנעמונג פון דעם שאָפער, וואָס זי האָט טאָלערירט, איז אָבער איין זאַך געווען קלאָר, אַז דאָס הויז איז געווען געפירט אויף אַ מאָדערנעם אופן, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ דאַמע ווי זי. זי האָט אים באַוויזן דעם האָל, אַ גרויסער זאַל מיט ווייס־געמאָלטע ווענט, ווו ער האָט פאַרחלומטערהייט געזען פּרעכטיקע מעבל. פון דאַנען האָט זי אים אַריינגע־פירט אין דעם אויפנאַם־סאַלאָן, וואָס איז אויך געווען גרויס און נידעריק, מיט די זעלבע ווייסע ווענט, און ער האָט תיכף געהאַט דעם איינדרוק, אַז קאָמפאָרט און לוקסוס הערשן דאָ.

— דאָס ערשטע, וואָס דו דאַרפסט טון, איז צו באַוווּנדערן די פּאַנאָ־ראַמע — האָט זי געזאָגט.

— דאָס ערשטע, וואָס איך דאַרף טון, איז צו באַוווּנדערן דיך.

זי איז געווען אָנגעטון אין ווייסן. אירע אָרעמס, איר פּנים, איר האַלדז, זענען געווען טונקל אָפּגעברענט פון דער זון; אירע אויגן זענען געווען נאָך מער בלוי, ווי ער האָט זיי ווען עס איז געזען און די ווייסקייט פון אירע ציין איז געווען איבעראַשנדיק. זי האָט זייער גוט אויסגעזען. זי איז געווען ציכטיק און ריין. די האָר אָנדולירט, די נעגל מאַניקירט. אויף אַ מאָמענט איז ער געווען באַהערשט פון אַ געפיל פון אומרו, אַז אין דעם זאָרגלאָזן לעבן, וואָס זי פירט דאָ אויף דעם ראָמאַנטישן אינדזל, איז זי גרייט אָפּצוטון יעדע אימ־פּולסיווע טאַט.

— כ׳לעבן, בעטי, דו זעסט אויס ווי אַן אַכצניאָריק מיידל. דורך וועלכע ווירקונגס־פאַקטאָרן דערגרייכסטו עס?

— גליק — האָט זי געשמייכלט.

ער האָט דערפילט אויף אַ רגע אַ ווייטיק, הערנדיק ווי זי האָט עס געזאָגט. ער האָט נישט געוואָלט, אַז זי זאָל זיין צו גליקלעך. ער גופא האָט געוואָלט איר געבן דאָס גליק. אָבער, אַצינד האָט זי אים נישט אָפּגעלאָזט, אַז ער זאָל זי באַגלייטן אויף דער טעראַסע. דער סאַלאָן האָט געהאַט פינף לאַנגע פענצטער, וועלכע זענען אַרויסגעגאַנגען אויף דער טעראַסע, פון וואַנען מען האָט געזען דאָס מיט אַליוון־ביימער באַוואָקסן בערגל, וואָס האָט זיך משופּעדיק אַראָפּגעלאָזט צום ים. אַראָפּ־צו האָט מען געזען אַ קליינינטשקן ים־אויסגוס, אין וועלכן אַ ווייס שיפעלע, אָפּגעשפּיגלט אין אַ רואיק וואַסער, האָט גערוט אויפן אַנקער. אויף אַ וויטערדיק בערגל, אין אַ זייט, האָט ער געזען

## וו. סאַמערסעט מאָם

די ווייסע שטיבלעך פון אַ גריכיש דאָרף און הינטער דעם אַ גרויסן פעלדז, פאַרשפּיצט מיט באַסטיאָנען פון אַ מיטלאַלטערלעכן שלאָס.

— דאָס איז געווען איינע פון די פעסטונגען פון די ריטער — האָט זי געזאָגט. — כ׳וועל דיך נעמען אַהין היינט אין אָוונט.

דער פּייזאַזש איז געווען אומגעהויער מאַלעריש. עס האָט פּשוט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. עס איז געווען שטיל, אָבער טראָץ דעם האָט עס געהאַט אַ מאָדנעם אויסזען פון אַ לעבנס־עקזיסטענץ. עס האָט אייך נישט באַווירקט צו פאַרטון זיך אין טראַכטענישן, נאָר עס האָט אייך אָנגערעגט צו טעטיקייט.

— כ׳מיין, אַז דו האָסט געבראַכט דעם טאַבאַק אין בעסטער אָרדענונג, נישט אמת?

ער האָט אַ ציטער געטון.

— כ׳שרעק זיך זאָגן, אַז נישט. כ׳האָב נישט דערהאַלטן קיין שום טע־לעגראַמע.

— אָבער, ווי איז עס מעגלעך? כ׳האָב דעפּעשירט צו דער אַמבאַסאַדע און צום האָטעל עקסעלסיאָר.

— כ׳בין איינגעשטאַנען אין פּלאַסאַ האָטעל.

— אָ, וואָס פאַראַ פאַרדרייעניש! אַלבערט וועט זיין אויפגעבראַכט.

— ווער איז עס דער אַלבערט?

— דער, וואָס האָט דיך געבראַכט צופירן אַהער. „פּלייערס״ איז דער איינציקער טאַבאַק, וואָס ער האָט ליב, און ער קען עס דאָ נישט קריגן.

— אָ, דער שאָפער — ער האָט אָנגעוויזן אויפן שיפל, וואָס האָט גע־פונקלט דאָרטן אַראָפּ אויפן וואַסער. — איז עס די יאַכט, וועגן וועלכער איך האָב געהערט?

— יאָ.

עס איז געווען אַ גרויסער קאַאיק, וועלכן בעטי האָט געקויפט, אויסגע־שטאַט מיט אַ הילף־מאָטאָר און פאַרשענערט. אין אים פלעגט זי אַרומוואַנ־דערן אַרום די גריכישע אינדזלען. זי האָט דערגרייכט אין צפון ביז אַטען און אין דרום ביז אַלעקסאַנדריע.

— מיר וועלן דיך נעמען אויף אַן עקסקורסיע, אויב דו האָסט פרייע צייט — האָט זי געזאָגט. — ווען דו ביסט שוין דאָ, מוזטו זען דעם אינדזל קאָס.

— ווער פירט אָן מיט דער יאַכט?

— נאַטירלעך, איך האָב פאַר אים אַ מאַנשאַפט, אָבער דער עיקר פאַר־בעמט זיך מיט איר אַלבערט. ער איז זייער דערפאַרן מיט מאָטאָרן און די אַלע זיבן זאַכן.

ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס עס האָט אים פאַרשאַפט אַ מאָד־נע אומבאַקוועמלעכקייט, ווען ער האָט זי ווידעראַמאָל געהערט דערמאָנען דעם שאָפער. עס האָט אים אָנגעהויבן נאָגן אַ געדאַנק, אַז זי גיט אים צופיל פרייהייט. עס איז אַ פעלער צו געבן אַ דינער צופיל פרייע הענט.

— ווייסט, מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב ערגעץ־ווו געזען אַלבערטן, אָבער כ׳דערמאָן מיך נישט ווו.

זי האָט אַ שמייכל געטון, אירע אויגן האָבן געשיינט מיט יענער פלוצים־דיקער פרייד אירער, וואָס האָט צוגעגעבן איר פּנים אַן אַנטציקנדיקע אויפ־ריכטיקייט.

— דו דאַרפסט אים געדענקען. ער איז געווען דער צווייטער לאָקיי אין הויז פון דער מומע לואיזע. ער האָט דיר אַוודאי געעפנט די טיר הונדער־טער מאָל.

מומע לואיזע איז געווען די מומע, ביי וועמען בעטי האָט געוווינט פאַר איר חתונה.

— אָ! איז עס דער זעלבער? כ׳מיין, אַז איך האָב אים געזען, אָבער זיך קיינמאָל נישט רעכט אויף אים אומגעקוקט און נישט ספּעציעל זיך איינגעקוקט אין אים. ווי אַזוי קומט ער אַהער?

— ער קומט פון אונדזער היים. ווען איך האָב חתונה געהאַט, האָט ער געוואָלט דינען ביי מיר, האָב איך אים מיטגענומען. ער איז געווען דזשימיס דינער אַ געוויסע צייט און דאַן האָב איך אים געשיקט צו פּראַקטיצירן אין מאָטאָר־וואַרשטאַטן. ער איז געווען ממש פאַרליבט אין אויטאָס, און ענדלעך האָב איך אים געגעבן דעם פּאָסטן פון מיין שאָפער. כ׳ווייס נישט, וואָס וואָלט איך געטון אָן אים.

— מיינסטו נישט, אַז עס איז אַ פעלער צו זיין צופיל אָפּהענגיק פון אַ דינער?

— כ׳ווייס נישט. דאָס איז מיר קיינמאָל נישט געקומען אויפן זינען.

בעטי האָט אים באַוויזן די צימערן, וואָס זענען פאַר אים צוגעגרייט געוואָרן, און ווען ער האָט זיך איבערגעטון, האָבן זיי שפּאַצירט לענגאויס דעם ים־ברעג. אַ לאָדקע פון טיפּ „דינגי" האָט אויף זיי געוואַרט און זיי האָבן זיך געלאָזט וויאָסלען ביזן אָרט, ווו עס איז געווען פאַראַנקערט דער קאַאיק

און זיי האָבן זיך דאָרטן געבאָדן. דאָס וואַסער איז געווען וואַרעם און זיי האָבן זיך געבברענט אויף דער זון אויפן דעק פון דער יאַכט. דער קאַאיק איז געווען רחבותדיק, געראַם און לוקסוסדיק. בעטי האָט אים אַרומגעפירט אומעטום און אַזוי גייענדיק זענען זיי צוגעקומען ביזן אָרט, ווו אַלבערט האָט זיך געפּאָרעט איבער די מאַשינען. ער האָט אויף זיך געהאַט ברודיקע אַרבעט־קליידער; זיינע הענט זענען געווען שוואַרץ און זיין פּנים איינגעשמירט מיט אייל.

— וואָס איז געשען, אַלבערט? — האָט בעטי געפרעגט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און זיך געשטעלט פאַר איר, פול מיט דרך־ארץ.

— גאָרנישט, מיין לידי, איך האָב בלויז דורכגעפירט אַן אַלגעמיינע קאָנטראָל.

— עס זענען פאַראַן בלויז צוויי זאַכן אין דער וועלט, וואָס אַלבערט האָט גערן: איינע איז דער אויטאָ און די צווייטע די יאַכט, נישט אמת, אַלבערט?

זי האָט צו אים אַ שמייכל געטון, און אַלבערטס נאַריש פּנים האָט זיך אָנגעצונדן. ער האָט באַוויזן זיינע שיינע ווייסע ציין.

— עס איז אמת, מיין לידי.

— דו ווייסט, ער שלאָפט אויפן יאַכט. מיר האָבן אויסגעשטאַט אַ שיינע קאַיוטע פאַר אים אין דעם הינטערשטן טייל.

קעראַדזוערס האָט זיך שנעל איינגעגלידערט אין דעם לאָקאַלן לעבן. בעטי האָט אָפּגעקויפט דאָס גוט פון אַ טערקישן פּאַשאַ, אַ פּאַרטריבענעם קיין ראָדאָס דורך אַבדול האַמידן און זי האָט צוגעבויט אַ זייטיקן טייל צום מאָלעריש הויז. דאָס אַליוון־וועלדל, וואָס האָט אַרומגערינגלט דאָס הויז, האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַ ווילדן, עגזאָטישן גאָרטן. זי האָט געהייסן פאַרפלאַנצן ראָזמאַריס, לאַווענדערס און אַספּאָדעלן — פלאַנצן, וואָס וואַקסן אין געשטאַלט פון קוסטן, וואָס מען האָט איר געשיקט פון ענגלאַנד, און רויזן, מיט וועלכע דער אינדזל איז זייער באַרימט. זי האָט אים דערציילט, אַז אין פרילינג ווערט דער באָדן פאַרדעקט מיט אַ טעפּיך פון אַנעמאָנעס. אָבער ווען זי האָט אים געהאַט באַוויזן דאָס גאַנצע גוט און באַקענט מיט די פּלענער און ענדערונגען, וועלכע זי האָט בדעה דורכצופירן, האָט זיך קעראַדזוערס אָנגעהויבן פילן אַ ביסל באַאומרואיקט.

— דו רעדסט אַזוי, ווי דו וואָלסט געגאַנגען פאַרבלייבן דאָ דיין גאַנץ לעבן — האָט ער געזאָגט.

— אפשר יאָ — האָט זי געשמייכלט.

— וואָס פאַר אַן אומזין! אין דיינע יאָרן.

— כ׳דערנענטער מיך צו די פערציקער, מיין טייערער — האָט זי זאָרגלאָז געענטפערט.

צו זיין גרויס צופרידנקייט האָט ער אַנטדעקט, אַז בעטי האָט אַן אויס־געצייכנטן קוכער און זיין חוש פאַר עסטעטיק און קאָרעקטקייט איז צופרידנ־געשטעלט געוואָרן, ווען ער האָט צוזאַמען מיט איר געגעסן אָונטבערויט אין דעם הערלעכן עסצימער מיט זיינע איטאַליענישע מעבל, זייענדיק באַדינט פון דעם ערנווירדיקן גריכישן הויז־פאַרוואַלטער און די צוויי שיינע לאַקייען אין זייערע בונטע אוניפאָרמען. דאָס הויז איז געווען אויסמעבלירט מיט געשמאַק. אין די צימערן זענען געווען בלויז ווערטפולע זאַכן, אָבער יעדע שטיק איז געווען אויסגעצייכנט. בעטי האָט געלעבט אין אַ באַדייטנדיקן ווילשטאַנד. אַ טאָג נאָך זיין אָנקומען, ווען דער גובערנאַטאָר מיט אייניקע מיטגלידער פון זיין סוויטע זענען אַראָפּגעקומען צו איר אויף אַ מיטאָג, האָט זי אויסגעשטעלט איר גאַנץ האָב־און־גוטס. אַריינקומענדיק אין הויז, איז דער גובערנאַטאָר דורכגעגאַנגען דורך צוויי פאַראַלעלע רייען פון די לאַקייען, וועלכע האָבן אויסגעזען פּרעכטיק אין זייערע אָנגעקראָכמאַלעטע קליידעלעך, געהאָפטענע זשאַקעטעלעך און סאַמעטענע היטעלעך. עס איז געווען כמעט ווי אַ לייבוואַך. קעראַדזערס האָט ליב געהאַט אָנגעבלאָזענע פּאָמפּע. די אויפנאַמע איז געווען זייער אַ פריילעכע. בעטיס איטאַליעניש איז געווען פליסיק און קעראַדזערס האָט די שפּראַך באַהערשט פּערפעקט. די יונגע אָפיצירן פון גובערנאַטאָרס סוויטע זענען געווען אויסערגעוויינלעך עלעגאַנט אין זייערע אוניפאָרמען. זיי האָבן זיך באַנומען פול מיט אַכטונג צו בעטין און זי האָט זיי באַהאַנדלט מיט אָפענער האַרציקייט. זי האָט פון זיי חוזק געמאַכט. נאָכן מיטאָג האָט מען אָנגעשטעלט דעם גראַמאָפאָן און זיי האָבן געטאַנצט מיט איר, איינער נאָכן אַנדערן.

ווען זיי זענען אַוועק, האָט קעראַדזערס זי געפרעגט:

— זענען זיי נישט אַלע פאַרליבט אין דיר ביז צו משוגעת?

— כ׳ווייס נישט וועגן דעם. ביי געלעגנהייטן גיבן זיי מיר אָנצוהערע־נישן אויף שידוכים אָדער אַנדערע אופנים פון צוזאַמענלעבן, אָבער זיי נעמען עס אָן זייער גוטמוטיק, ווען איך זאָג־אָפּ מיט דאַנק.

זיי זענען נישט געווען ערנסט. די יונגע זענען געווען נאַאיוו און די נישט אַזוי יונגע, דיק און מיט נאַקעטע קעפּ. טראָץ אַלע סענטימענטן, וועלכע זיי האָבן געהאַט צו איר, האָט קעראַדזערס נישט געקענט אויף קיין איין רגע גלויבן, אַז בעטי זאָל זיך קענען באַנאַרישן מיט אַ מיטל־קלאַסיקן איטאַליענער. אָבער מיט אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער איז געשען אַ טשיקאַווע זאַך. ער האָט זיך געהאַט גע־פונען אין זיין צימער, איבערטוענדיק זיך צום מאָלצייט. ער האָט געהערט אַ מאַנסבילס קול אין קאָרידאָר. ער האָט נישט געקענט הערן גענוי, וואָס ס'איז געזאָגט געוואָרן, ווי אויך נישט אויף וועלכער שפּראַך און דאַן פּלוצלינג האָט אָפּגעקלונגען בעטיס הילכיק געלעכטער. עס איז געווען אַ מאָדנע גע־לעכטער, ענלעך צו אַ קלאַנג פון אַ פליסנדיק וואַסער און לוסטיק אַזוי ווי פון אַ יונג מיידל, זאָרגלאָז און אָן באַהערשונג, מיט אַ זעלבסט־פאַרלוירנקייט, וואָס איז געווען אָנשטעקנדיק. אָבער מיט וועמען האָט זי געקענט אַזוי אַרומ־לאַכן? נישט אַזוי לאַכט עמעצער אין דער געזעלשאַפט פון זיינעם אַ דינער. עס איז געווען אַ סימן פון אַ טשיקאַווער אינטימיטעט. עס וואָלט געקענט אויסזען אויסטערליש, אַז קעראַדזערס זאָל דאָס אַלץ געקענט האָבן אַרויס־געדרונגען פון אַ הילכיק געלעכטער, אָבער מען דאַרף געדענקען, אַז קעראַ־דזערס איז געווען פון אַ זייער סובטעלער נאַטור. זיינע דערציילונגען האָבן זיך טאַקע אויסגעצייכנט מיט אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן.

ווען זיי האָבן זיך אין אַ ווײַלע אַרום צוזאַמענגעטראָפן אויף דער טע־ראַסע און ער האָט אויפגעטרייסלט אַ קאָקטייל, האָט ער זיך באַמיט צופרידנ־צושטעלן זיין נייגער.

— פון וואָס האָסטו אַזוי ווילד געלאַכט נאָר־וואָס? איז עמעצער געווען דאָ?

— ניין.

זי האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט אַ נאַטירלעכער פאַרווונדערונג.

— איך האָב געמיינט, אַז איינער פון די איטאַליענישע אָפיצירן איז גע־קומען דיך באַגריסן.

— ניין.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז דער לויף פון די יאָרן האָט איבער־געלאָזט זיין איינפלוס אויף בעטין. זי איז געווען זייער שיין, אָבער איר שיינהייט איז געוואָרן רייף. זי האָט תמיד געהאַט זעלבסט־זיכערקייט, אָבער אַצינד האָט זי פאַרמאָגט אָפּרו־רואיקייט. איר געלאַסנקייט איז געווען איר כאַ־

ראַקטעריסטישער שטריך, אין דער זעלבער מאָס ווי איר בלויע אויגן און
איר אויפריכטיקער שטערן זענען געווען אַ טייל פון איר שיינהייט. זי האָט
אויסגעזען צו זיין שוה־בשוה מיט דער גאַנצער וועלט. צו זיין אין איר
געזעלשאַפט איז געווען ווי צו געניסן פון אַ מחיהדיקן אָפּרו, דאָס זעלבע
ווי עס האָט אייך באַרואיקט צו ליגן צווישן איילבירטן און קוקן פון דער
ווייטנס אויפן וויין־באַפאַרבטן ים. כאָטש זי איז געווען אַזוי לוסטיק און
שאַרפזיניק ווי שטענדיק, איז איר ערנסטקייט, וואָס נאָר ער אַליין האָט עס
אַמאָל גוט געקענט, אַצינד געוואָרן אַ נאָרמאַלע זאַך. קיינער האָט זי מער
נישט געקענט באַשולדיקן, אַז זי איז נאָך אַצינד פאַרבליבן צעשטרייט און
לייכטזיניק. עס איז געווען שווער נישט צו באַמערקן די שיינקייט און אויס־
געצייכנטקייט פון איר כאַראַקטער; ער איז אַפילו געווען נאָבל. ער איז נישט
געווען פון דעם טיפּ כאַראַקטערן, וועלכן מען קען געווינלעך געפינען אין
אַ מאָדערנער פרוי, און קעראַדזערס האָט געזאָגט צו זיך אַליין, אַז זי איז אַן
אָפּגעשטאַנענע. זי האָט אים דערמאָנט אין די גרויסע ליידיס פון אַכצנטן
יאָרהונדערט. זי האָט תמיד געהאַט אַן אינטערעס פאַר ליטעראַטור. די לי־
דער, וועלכע זי האָט געשריבן נאָך זייענדיק אַ יונג מיידל, זענען תמיד גע־
ווען גראַציעז און מעלאָדיש און ער איז געווען מער פאַראינטערעסירט זוי
איבערראַשט, ווען זי האָט אים געזאָגט, אַז זי האָט אָנגעהויבן אַן אַרבעט
פון אַ וויכטיקן היסטאָרישן כאַראַקטער. זי האָט געקליבן מאַטעריאַל פאַר
אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די ריטער פון סיינט־דזשאָן אין ראָדאס. עס האָט גע־
זאָלט זיין אַ נאָוועלע, באַזירט אויף ראָמאַנטישע אינצידענטן. זי האָט גענומען
קעראַדזערסן אין שטאָט אַריין און האָט אים באַוויזן די מאַיעסטעטישע אַלטע
מויערן און צוזאַמען האָבן זיי אַרומגעוואַנדערט דורך טריבע און אימפּאָזאַנטע
בנינים. זיי האָבן שפּאַצירט לענגאויס דער שטילער גאַס פון די ריטער,
מיט איר שיינע שטיינערנע פאַסאַדן און די גרויסע הערבן, וועלכע זענען
געווען די שטומע עדות פון אַ פאַרשטאָרבענעם ריטערטום. דאָ האָט זי פאַר
אים געהאַט אַ סורפּריז. זי האָט אָפּגעקויפט איינס פון די אַלטע הייזער און
מיט אַ ליבער זאָרגפעלטיקייט האָט זי עס רעסטאַווירט צו זיין אַמאָליקן
צושטאַנד. ווען איר זענט אַריין אין הויף מיט זיינע פון שטיין געהאַקטע
שטיגן, זענט איר אַוועקגעריסן געוואָרן צוריק צום מיטלאַלטער. עס האָט
געהאַט אַ פּיצינקן גאָרטן, אַרומגערינגלט מיט אַ וואַנט, אין וועלכן עס האָבן
זיך געפונען אַ גרויסער פייגנבוים און רויזן־קוסטעס. עס איז געווען קליין
און סודותפול און רואיק. אַזוי ווי די אַלטע ריטער זענען געווען אין קאָנטאַקט

## וו. סאַמערסעט מאָם

מיטן מזרח אַ געַנוג לאַנגע צייט, האָבן זיי דעריבער איבערגענומען אָריענטאַ־לישע באַגריפן פון אַן אַבסאָלוטער אָפּגעזונדערטקייט.

— ווען איך הויב מיך אָן לאַנגווייליקן אין מיין ווילע, קום איך אַראָפּ אַהער אויף אַ צוויי אָדער דריי טעג און מאַך מיר אַ פּיקניק. עס זענען פאַראַן צייטן, ווען איך פיל אַ גרויסן תענוג, זייענדיק אָפּגעזונדערט פון מענטשן.

— אָבער, דו ביסט דאָך נישט אַליין דאָ.

— פאַקטיש, יאָ.

עס איז דאָרטן געווען אַ קליינער סאַלאָן מיט זייער ווייניק מעבל.

— וואָס איז דאָס? — האָט געזאָגט קעראַדזוערס, אָנווייזנדיק מיט אַ שמייכל אויף אַ נומער פון „די ספּאָרטינג טיימס״, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

— אָ, דאָס איז אַלבערטס. כ׳מיין, אַז ער האָט עס דאָ איבערגעלאָזן, ווען ער איז אַרויסגעפאָרן צו באַגעגענען דיך. ער באַקומט יעדע וואָך „די ספּאָר־טינג טיימס״ און „די ניוס אָוו די וועלד״. אויף אַזאַ אופן איז ער גוט באַ־האַוונט מיט דער לאַגע פון דער גרויסער וועלט.

זי האָט גוטמוטיק אַ שמייכל געטון. ביים סאַלאָן איז געווען אַ שלאָפ־צימער, אין וועלכן עס האָט זיך גאָרנישט געפונען אויסער אַ גרויס בעט.

— דאָס הויז האָט געהערט צו אַן ענגלענדער. טיילווייז האָב איך עס צוליב דעם געקויפט. ער איז געווען אַ געוויסער סער דזשיילס קווערן און איינער פון מיינע אבות האָט חתונה געהאַט מיט אַ מערי קווערן, וועלכע איז געווען זיינס אַ שוועסטערקינד. זיי האָבן געשטאַמט פון קאָרנוואָל.

איינגעפינענדיק, אַז זי וועט נישט קענען ווייטער אָנגיין מיט איר סטו־דיום פון געשיכטע אָן אַ געניגנדיקער קענטעניש פון לאַטיין, וואָס וואָלט איר דערלויבט צו לייענען פריי די מיטלאַלטערלעכע דאָקומענטן, האָט בעטי זיך גענומען צו לערנען די דאָזיקע קלאַסישע שפּראַך. זי האָט זיך באַמיט צו באַקענען מיט די גרונט־פּרינציפּן פון דער גראַמאַטיק און דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן, מיט אַן איבערזעצונג ביי דער זייט, צו לייענען די שרייבער, וועלכע האָבן זי אינטערעסירט. עס איז זייער אַ גוטע מעטאָדע צו לערנען אַ שפּראַך און איך האָב זיך זייער געוווּנדערט, פאַרוואָס זי ווערט נישט באַ־נוצט אין די שולן. זי מיידט אויס דאָס ענדלאָזע בלעטערן אין די ווערטער־ביכער און די בלינדע זוכענישן נאָך דעם געהעריקן באַדייט. נאָך ניין חדשים האָט בעטי געקענט לייענען אַזוי פליסיק לאַטיין, אַזוי ווי אַ סך פון אונדז קענען לייענען פראַנצויזיש. עס האָט אויסגעזען אַ ביסל לעכערלעך פאַר קעראַדזוערסן, אַז אָט די ליבע, גלענצנדיקע באַשעפעניש זאָל באַהאַנדלען

איר אַרבעט אַזוי ערנסט, און דאָך איז ער געווען גערירט. ער וואָלט געוואָלט אָנכאַפּן זי אין זײַנע אָרעמס און קושן זי אין יענעם מאָמענט, נישט ווי אַ פּרויענצימער, נאָר ווי אַ פּריצייטיק אַנטוויקלט קינד, וועמעס געשיקטקייט און פעאיקייט איבערראַשן אייך פלוצלינג. אָבער שפּעטער האָט ער זיך פאַרטראַכט וועגן דעם, וואָס זי האָט אים געזאָגט. ער איז נאַטירלעך געווען זייער אַ פעאיקער מאַן, אין קעגנטייל וואָלט ער נישט געקענט באַקומען זײַן פּאָסטן אין אויסערן־מיניסטעריום, און עס וואָלט געווען נאַריש צו מיינען, אַז זײַנע צוויי ביכער האָבן געקענט מאַכן אַזאַ רושם אָן אַ געהעריקן טאַלאַנט. אויב איך האָב אים געמאַכט אויסזען אַ ביסל ווי אַ נאַר, איז עס בלויז, מחמת איך האָב אים נישט גערן, און אויב איך האָב אָפּגעשפּאָט פון זײַנע דערציילונגען, איז עס אויסשליסלעך דערפאַר, ווייל מעשיות פון דעם מין שיינען מיר צו זײַן היפּש נאַריש. ער האָט פאַרמאָגט טאַקט און אַ דורכדרינגנדיקן בליק. ער איז געווען איבערצייגט, אַז עס איז פאַראַן בלויז איין אופן צו געווינען זי. זי האָט זיך געפונען אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג און האָט זיך געפילט גליקלעך אין אירע אומשטענדן. אירע פּלענער זענען געווען באַשטימטע, דעפיניטיווע. אָבער איר לעבן אין ראַדאַס איז געווען אַזוי גוט אײַנגעאָרדנט, אַזוי קאָמפּלעט און צופרידנשטעלנדיק, אַז פון אָט דער סיבה טאַקע וואָלט זײַן שליטה איבער איר געקענט באַקעמפט ווערן. זײַן מעגלעכקייט איז באַשטאַנען אין אויפוועקן אין איר דעם אומרו, וואָס איז אַזוי טיף פאַרבאָרגן אין האַרץ פון די ענגלענדער. דעריבער האָט ער גערעדט צו בעטיק וועגן ענגלאַנד און לאָנדאָן, וועגן זייערע געמיינזאַמע פרײַנט און די מאָלער, שרײַבער און מוזיקער, מיט וועמען ער האָט זיך באַקענט אַדאַנק זײַן ליטעראַרישן דערפאָלג. ער האָט גערעדט וועגן די באָהעמישע צוזאַמענקונפטן אין טשעלסי און וועגן דער אָפּערע, וועגן רייזעס קיין פּאַריז מיט אַ כאָפּטע פרײַנט צו אַ מאַסקן־באַל, אָדער קיין בערלין צו זען די נײַע דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען. ער האָט אָפּגעפרישט אין איר זכרון אַ לעבן אַ רײַכן און לײַכטן, פאַרשיידנאַרטיקן, קולטורעלן, אינטעליגענטן און העכסט ציוויליזירטן. ער האָט זיך באַמיט זי צו צווינגען פילן, אַז זי איז פאַרשטופּט געוואָרן אין אַ שטייענדיק וואַסער. די וועלט איילט פון איין נײַער און אינטערעסאַנטער פאַזע צו דער אַנדער, און זי שטייט באַוועגלאָז. זיי האָבן געלעבט אין אַ רוישיקער צײַט און זי האָט דאָס נישט מיטגעמאַכט. אַוודאי, האָט ער איר דאָס אַלץ בפירוש נישט געזאָגט; ער האָט פאַר איר אַליין איבערגעלאָזט צו ציִען די געהעריקע שלוסן. ער איז געווען פריילעך און לעבעדיק, ער האָט

פאַרמאָגט אַן אויסגעצייכנטן זכרון צו געדענקען אַ שיינע מעשה, ער איז געווען גראָטעסק און לוסטיק. איך ווייס, אַז איך האָב נישט פאַרגעשטעלט האַמפּרי קעראַדזוערסן שאַרפזיניק אין אַ העכערער מאָס, ווי איך האָב פאַר־געשטעלט לײדי בעטין גלענצנדיק און פרעכטיק. דער לייענער דאַרף מיר גלויבן אויפן וואָרט, אַז אַזעלכע זענען זיי ביידע געווען. בכלל, האָט מען קעראַדזוערסן געהאַלטן פאַר אַ ליבענסווירדיקן פריינט און דאָס אַליין איז שוין אַ האַלב געוווּנענע שלאַכט. מענטשן האָבן וועגן אים גערן גערעדט ווי פון אַ פאַרווײלנדיקן מאַן און זיי האָבן פייערלעך דערקלערט, אַז די זאַכן, וועלכע ער פלעגט זאָגן, זענען געווען וווּנדערבאַרע. אַוודאי, זענען זיינע שאַרפזיניקע וויצן און ווערטלעך געווען גוזעלשאַפטלעכע. זיי זענען געווען געאייגנט פאַר אַ ספּעציעלער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געקענט פאַרשטיין זיינע רמזים און טיילן מיט אים זיין אייגנאַרטיקן חוש פאַר הומאָר. עס זע־נען פאַראַן אַ צוואַנציק זשורנאַליסטן אין פליט־סטריט, וועלכע וואָלטן געקענט איבערשטייגן די באַרימטסטע וויצלער פון דער געזעלשאַפט. אָבער עס איז דאָך זייער באַרוף צו זיין וויציק און גלאַנצן מוזן זיי אין זייער טאָג־טעגלעכער רוטין. נישט קיין סך פון די שיינהייטן, וועמעס פאָטאָגראַפיעס דערשיינען אין די צייטונגען, וואָלטן געקענט באַקומען אַ פּאָסטן פון דריי פונט אַ וואָך אין אַ כאָר פון אַ זינג־און־טאַנץ רעוויע. אַמאָטאָרן דאַרפן באַהאַנדלט ווערן מיט טאָלעראַנץ. קעראַדזוערס האָט געוווּסט, אַז בעטי האָט זיך גוט געפילט אין זיין געזעלשאַפט. זיי פלעגן צוזאַמען אַ סך לאַכן. די טעג זענען שנעל דורכגעלאָפן, ממש אין אַ הרף־עין.

— איך וועל נאָך דיר בענקען שרעקלעך, ווען דו וועסט אַוועקפאָרן — האָט זי אויף איר אויפריכטיקן שטייגער געזאָגט. — ס׳איז געווען אַ מחיה צו האָבן דיך דאָ. ביסט אַ ברילִיאַנט, האַמפּרי.

— האָסט עס ערשט אַצינד אַנטדעקט?

ער האָט זיך געגעבן אייניקע פּעטש אויפן הינטערחלק. זיין טאַקטיק איז געווען אַ ריכטיקע. ס׳איז געווען אינטערעסאַנט צו זען, ווי גוט עס האָט פונקציאָנירט זיין פּשוטער פּלאַן. אַזוי ווי אַ כשוף. עולם־גולם מעג לאַכן פון דעם אויסערן־מיניסטעריום, אָבער, בלי שום ספק, לערנט עס איינעם, ווי אַזוי צו האַנדלען מיט שווערע פאַרשוינען. איצט איז אים בלויז פאַרבליבן צו באַשטימען דעם מאָמענט פון זיין געלעגנהייט. ער האָט געפילט, אַז בעטי איז קיינמאָל נישט געווען אַזוי צוגעבונדן צו אים. ער וועט אָפּוואַרטן ביזן סוף פון זיין באַזוך. בעטי איז געווען עמאָציאָנעל. עס וועט איר באַנג טון, וואָס

ער פאַרט אַוועק. ראַדאס וועט אויסזען זייער מאָנאָטאָן אָן אים. צו וועמען וועט זי האָבן צו רעדן, ווען ער וועט שוין נישט זיין דאָרטן? נאָכן אָונטבּרויט פלעגן זיי זיצן אויף דער טעראַסע, קוקנדיק אויפן באַשטערנטן ים. די לופט איז געווען וואַרעם, באַלזאַמיש און מאָדנע דופטיק. דעמאָלט פלעגט ער זי בעטן חתונה צו האָבן מיט אים ערב זיין אָפּפאָר. ער האָט געפילט אין דער טיפעניש פון זיין ווּזן, אַז זי וועט אָננעמען זיין אָנבאָט.

איינעם אַ פרימאָרגן, ווען ער איז שוין געווען אין ראַדאס אַ וואָך צייט, האָט ער אַרויפגייענדיק די שטיגן, באַגעגנט בעטין גייענדיק לענגאויס דעם קאָרידאָר.

— בעטי, האָסט מיר קיינמאָל נישט באַוויזן דיין צימער — האָט ער געזאָגט.

— טאַקע נישט? קום אַצינד און גיב אַ קוק. עס איז זייער שיין. — זי האָט זיך אומגעקערט און ער איז איר נאָכגעגאַנגען ביז איר צימער. עס האָט זיך געפונען איבער דעם סאַלאָן און איז געווען כמעט אַזוי גרויס ווי ער. עס איז געווען אויסמעבלירט אין איטאַליענישן סטיל און, אַזוי ווי עס איז די מאָדע היינט־צו־טאָג, מער ענלעך צו אַן אויפנאַם־סאַלאָן ווי צו אַ שלאָפצימער. אויף די ווענט זענען געהאָנגען בילדער פון פּאַניני. עס זענען דאָרטן געשטאַנען צוויי שענקלעך. דאָס בעט איז געווען אַ ווענעציאַנער און שיין געמאָלט.

— דאָס איז אַ געלעגער פון אַ צופיל אימפּאָזאַנטן פאַרנעם פאַר אַ ליידי, אַן אַלמנה — האָט ער געזאָגט אין אַ שפּאַס.

— ס'איז ריזיק, נישט אמת? אָבער ס'איז אַזוי שיין. איך האָב עס געמוזט קויפן. עס האָט געקאָסט אַ פאַרמעגן.

ער האָט מיט זיין אויג אַרומגענומען דאָס נאַכטטישל, וואָס איז געשטאַנען דערביי. עס זענען דערויף געלעגן צוויי אָדער דריי ביכער, אַ פּעקל ציגאַרעטן און אויפן אַשבעכערל אַ רויזנהאָלץ ליולקע. לעכערלעך! צו וואָס, רבונו־של־עולם, האָט בעטי באַדאַרפט האָבן אַ ליולקע ביי איר בעט?

— טו אַ קוק אויפן קופער. איז ער נישט הערלעך אויסגעמאָלט? כ'האָב כמעט געוויינט פון פרייד, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען.

— כ'מיין, אַז ער קאָסט אויך אַן אוצר.

— כ'וואָג זיך נישט זאָגן דיר, וויפל כ'האָב באַצאָלט.

ביים פאַרלאָזן דאָס צימער האָט ער נאָך אַ מאָל געוואָרפן אַ בליק אויפן נאַכטטישל. די ליולקע איז נעלם געוואָרן.

ס׳איז געווען מאָדנע, אַז בעטי זאָל האָבן אַ ליולקע אין איר שלאָפצימער. נאַטירלעך, זי האָט אַליין נישט גערויכערט און אויב זי וואָלט גערויכערט, וואָלט זי דערפון נישט געמאַכט קיין סוד. אָבער אַוודאי וואָלט מען געקענט פאָרברענגען אַ טוץ לאָגישע סברות. עס האָט גרייכלעך געקענט זיין אַ מתנה, וואָס זי וויל געבן עמעצן, איינעם פון די איטאַליענער, אָדער אַפילו אַלבערטן. ער האָט נישט באַוויזן צו זען, צי זי איז געווען אַ נייע אָדער אַן אַלטע. אָדער עס האָט געקענט זיין אַ מוסטער, וואָס זי האָט געהאַט בדעה צו בעטן אים אַליין צו נעמען מיט זיך אַהיים און איבערשיקן איר עטלעכע פון זעלבן סאָרט. נאָך אַ מאָמענטאַנער צעמישונג, טיילווייז באַגלייט פון אַ קאָמישער שטימונג, האָט ער דעם גאַנצן ענין זיך אַרויסגעשלאָגן פון קאָפּ. יענעם טאָג זענען זיי אַרויסגעפאָרן אויף אַ פּיקניק, נעמענדיק זייער לונטש מיט זיך און בעטי האָט אַליין אָנגעפירט מיטן אויטאָ. זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ רונד־רייזע פון עטלעכע טעג, איידער ער וועט אָפּפאָרן, כדי צו געבן אים די מעגלעכקייט צו זען פּאַטאָס און קאָס, און אַלבערט איז געווען זייער באַשעפטיקט מיט דער מאַשינעריי פונעם קאַאיק. זיי האָבן פאַרבראַכט אַ וווּנדערבאַרן טאָג. זיי האָבן באַזוכט אַ רואינירטן שלאָס און זיי זענען אַרויפגעקלעטערט אויף אַ באַרג, אויף וועלכן עס זענען געוואַקסן אַספאָדעלן, היאַצינטן און נאַרציזן און זענען צוריקגעקומען טויט־מידע. זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען קורץ נאָכן אָוונטברויט און קעראַדזערס איז אַוועק שלאָפן. ער האָט אַ ווײַלע געלייענט און דאַן אויסגעלאָשן דאָס ליכט. אָבער ער האָט נישט געקענט איינשלאָפן. ס׳איז געווען הייס אונטער דער מאָסקיטאָ־נעץ. ער האָט זיך איבערגעלייגט פון איין זייט אויף דער צווייטער און געהוסט. באַלד איז אים געקומען אַ געדאַנק אַראָפּצוגיין צום שמאָלן ברעג, וואָס צופוסן פון באַרג און זיך אויסבאָדן. ס׳איז נישט געווען מער ווי דריי מינוט גאַנג. ער האָט אָנגעטון זיינע עספּאַדרילעס און גענומען אַ האַנטעך. אָבער ער איז נישט געווען דער איינציקער צו מיינען, אַז אין אַזאַ שטראַלנדיקער נאַכט וואָלט געווען זייער גוט צו טובלען זיך, מחמת איידער ער האָט נאָך באַוויזן צוצוקומען צום ברעג, זענען קלאַנגען דערגאַנגען צו זיינע אויערן. פון זיינע ליפּן האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שטיל זידלוואָרט פון אויפרעגונג; אייניקע פון בעטיס דינערס האָבן זיך מסתמא געבאָדן און ער וואָלט זיי נישט געוואָלט שטערן. די אָליוון־ביימער זענען אַראָפּגעקומען כמעט צום וואַסער־ראַנד, און אומאַנטשלאָסן איז ער פאַרבליבן שטיין צווישן זיי. ער האָט דערהערט אַ קול, וואָס האָט אים געמאַכט ציטערן.

— ווו איז מיין האַנטעך?

ענגליש. אַ פרוי איז אַרויסגעקומען פון וואַסער און געבליבן שטיין אַ מאָ־מענט ביים ראַנד. פון דער פינצטערניש איז אַרויס אַ מאַן מיט גאַרנישט אויף זיך אויסער אַ האַנטעך אַרום זיינע היפטן. די פרוי איז געווען בעטי. זי איז געווען אינגאַנצן נאַקעט. דער מאַן האָט אַרומגעוויקלט אַ באָד־קאָסטיום אַרום איר און האָט אָנגעהויבן צו טריקענען זי ענערגיש. זי האָט זיך אָנגעלענט אָן אים, בעת זי האָט אַרויפגעצויגן איין פּאַנטאָפל און דערנאָך דעם צווייטן, און כדי זי אונטערצוהאַלטן, האָט ער מיט זיין אָרעם אַרומגענומען אירע אַקסלען. דער מאַן איז געווען אַלבערט.

קעראַדזערס האָט זיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט לויפן באַרג־אַרויף. בלינדערהייט האָט ער זיך איין עפּעס פאַרטשעפּעט. איינמאָל איז ער כמעט ווי אומגעפאַלן. ער האָט געסאָפּעט ווי אַ פאַרווונדעטע חיה. ווען ער איז אַריינגעפאַלן אין זיין צימער, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט און געביילט זיינע פויסטן און טרוקענע צעוויייטיקטע שלוכצן, וועלכע האָבן צעריסן זיין ברוסט, זענען אויסגעבראָכן אין אַ קוואַל פון טרערן. ער האָט, גאַנץ מעגלעך, געהאַט אַ שטאַרקן אָנגריף פון היסטעריע. עס איז אַלץ געוואָרן פאַר אים קלאָר, קלאָר פון דער פּחדימדיקער לעבעדיקייט, מיט וועלכער, אין אַ שטורעמדיקער נאַכט, אַ שימער פון אַ בליץ קען אויפדעקן אַ פאַרוויסטע לאַנדשאַפט, אימהדיק קלאָר. דער אופן, ווי דער מאַן האָט זי אַרומגעטריקנט און דער אופן, ווי זי האָט זיך אָנגעלענט אָן אים, האָט געוויזן נישט קיין לײדנשאַפט, נאָר אַ לאַנג דויערנדיקע אינטימיטעט; און די ליולקע ביי איר בעט. די ליולקע האָט געהאַט דעם העסלעכן כאַראַקטער פון אַ מאַן־און־ווייב אינטימיטעט. זי האָט אָנגעדייט אויף אַ ליולקע, וועלכע אַ מאַן קען רויכערן בעת ער לייענט אין בעט, איידער ער גייט שלאָפן. די ספּאָרטינג טיימס! צוליב דעם האָט זי געהאַט דאָס קליינע שטיבעלע אין דער גאַס פון די ריטער, כדי זיי זאָלן קענען פאַרברענגען צוויי אָדער דריי טעג צוזאַמען אין היימישער פאַמיליאַריטעט. זיי זענען געווען ווי אַ פּאָרפאָלק, פון זינט אַ לאַנגער צייט פאַרהייראַט. האַמפרי האָט זיך גופא געפרעגט, ווי לאַנג האָט די העסלעכע זאַך שוין געקענט דויערן, און פלוצלינג האָט זיך אים אַנטפּלעקט דער ענטפער: שוין אַ סך יאָרן. צען, צוועלף, פערצן. עס האָט זיך אָנגעהויבן, ווען דער יונגער לאָקיי איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין לאָנדאָן. ער איז דאַן געווען אַ יינגל, און עס איז געווען קלאָר, אַז נישט ער האָט געמאַכט די ערשטע אָנצוהערענישן. דורך אַלע די יאָרן, ווען זי איז געווען

## וו. סאַמערסעט מאָם

דער אָפּגאָט פון ענגלישן פּובליקום, ווען אַלע האָבן זי פאַרערט און זי וואָלט געקענט חתונה האָבן מיט וועמען זי וואָלט נאָר געוואָלט, האָט זי געלעבט מיטן געהילף־לאַקיי פון איר מומעס הויז. זי האָט אים מיטגענומען, ווען זי האָט חתונה געהאַט. פאַרוואָס האָט זי געטון דעם משונהדיקן שידוך? און דאָס געמפּלטע קינד, וואָס איז געקומען פאַר זיין צייט. פאַרשטענדלעך, דאָס איז געווען די סיבה, הלמאי זי האָט חתונה געהאַט מיט דזשימי וועלדאָן־בערנסן: מחמת זי איז געוואָרן אַ מעוברת פון אַלבערטן. אָ! אַ חרפּה און אַ בושה! און דאַן ווען דזשימיס געזונט האָט זיך איינגעבראָכן, האָט זי אים באַווירקט צו נעמען אַלבערטן פאַר זיין דינער. און וואָס האָט דזשימי גע־ווּוּסט? און וואָס האָט ער געקענט חושד זיין? ער האָט גענומען טרינקען. דאָס האָט גורם געווען זיין טובערקולאָז. אָבער פאַרוואָס האָט ער גענומען טרינ־קען? אפשר צוליב דערוויטערן פון זיך אַ חשד, וואָס איז געווען אַזוי מיאוס, אַז ער האָט זיך נישט געקענט שטעלן פּנים־אל־פּנים צו דעם. און זי האָט פאַרלאָזן דזשימין, בכדי צו קענען לעבן מיט אַלבערטן, און כדי צו לעבן מיט אַלבערטן, האָט זי זיך באַזעצט אין ראַדאס. מיט אַלבערטן; זיינע הענט מיט די צעבראָכענע נעגל, פאַרשמוצט פון זיין אַרבעט ביי די מאָטאָרן; זיין וואולגאַר אויסזען און דיק ווי אַ פאַס, מער ענלעך צו אַ קיילער, מיט דעם בלוט־רויטן פּנים און זיין אומגעלומפּערטן כוח. מיט אַלבערטן; שוין נישט אַפילו זייער יונג און וואָס ווערט מיט יעדן טאָג דיקער; נישט געבילדעט און פּראָסט; מיט זיין פּשוטן שטייגער פון רעדן. מיט אַלבערטן, אַלבערטן? ווי קען זי עס?

קעראַדזוערס איז אויפגעשטאַנען און אַ טרונק געטון אַ ביסל וואַסער. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטול. ער האָט נישט געקענט פאַרליידן זיין בעט. ער האָט געראויכערט ציגאַרעט נאָך ציגאַרעט. אויף צו מאָרגנס איז ער געווען אַ פולשטענדיקע שברי־כלי. ער איז נישט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט. מען האָט אים אַריינגעבראַכט דעם פרישטיק. ער האָט אויסגעטרונקען די קאַווע, אָבער האָט גאָרנישט געקענט עסן. באַלד האָט זיך דערהערט אַן ענערגישער קלאַפּ אין דער טיר.

— האַמפרי, דו קומסט אַראָפּ צו באָדן זיך?

אָט דאָס לוסטיקע קול האָט אים געמאַכט דאָס בלוט זידן אין זיין קאָפּ. ער האָט זיך געשטאַרקט און געעפנט די טיר.

— כ׳צווייפל, צי איך וועל אַראָפּקומען. כ׳פיל זיך נישט זייער גוט.
זי האָט אים אָנגעקוקט.

— אָ, מיין טייערער, דו זעסט אויס אינגאַנצן דערשעפּט. וואָס איז דער מער מיט דיר?

כ׳ווייס נישט. כ׳מיין, אַז איך האָב באַדאַרפט באַקומען אַ זון־שלאַג.

זיין קול איז געווען טויט און זיינע אויגן טראַגיש. זי האָט זיך אין אים גענויער איינגעקוקט. אַ מאָמענט איז זי געווען שטום־שטיל. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז זי איז געוואָרן בלאַס. ער ווייס שוין. דאַן איז אַ שוואַכער חוזקדיקער שמייכל אַדורך אירע אויגן. די לאַגע האָט איר אויסגעזען צו זיין קאָמיש.

— מיין טייערינקער, גיי זיך לייגן. כ׳וועל דיר אַריינשיקן אַספּירין. אפשר וועסטו זיך פילן בעסער ביים מיטאָג.

ער איז פאַרבליבן ליגן אין זיין פאַרטונקלטן צימער. ער וואָלט אין יענעם מאָמענט געגעבן אַלץ אין דער וועלט, ווען ער וואָלט געקענט נישט זיין מער דאָרטן, כדי ער זאָל נישט דאַרפן מער קוקן אויף איר, אָבער עס זענען נישט געווען קיין מיטלען די דאָזיקע זאַך צו רעאַליזירן. די שיף, וואָס האָט געזאָלט אים צוריקפירן קיין ברינדיזי, וועט נישט אָנקומען קיין ראָדאָס פאַרן סוף פון דער וואָך. ער איז געווען בחזקת געפאַנגענער. און דעם אַנדערן טאָג האָבן זיי געזאָלט אַרויספאָרן צו די שכנותדיקע אינדזלען. דאָרטן וואָלט ער זי נישט געקענט אויסוויכן. אין דעם קאַאיק וואָלטן זיי געווען גע־צווונגען צו זיין כסדר צוזאַמען. ער האָט דעם געדאַנק נישט געקענט פאַר־טראָגן. ער האָט זיך אַזוי געשעמט. אָבער זי האָט זיך נישט געשעמט. אין יענעם מאָמענט, ווען עס איז פאַר איר געוואָרן קלאָר, אַז די זאַך איז פאַר אים מער שוין נישט קיין סוד, האָט זי געשמייכלט. זי וואָלט אים געקענט דערציילן אַלץ וועגן דעם. ער וואָלט עס נישט געקענט פאַרטראָגן. אַזוי פיל וואָלט ער נישט געקענט אויסהאַלטן. אָבער, נאָך אַלעמען, האָט זי נישט געקענט זיין זי־כער, אַז ער ווייס אַלץ וועגן דעם. אין בעסטן פאַל וואָלט זי בלויז געקענט האָבן אַ חשד. אויב ער וואָלט זיך באַנומען גלייך עס זאָל גאָרנישט האָבן פּאַסירט; אויב ביים מיטאָג און אין לויף פון די טעג, וואָס זענען אים נאָך פאַרבליבן, וואָלט ער געווען לוסטיק און פריילעך, וואָלט זי געקענט מיינען, אַז זי האָט זיך טועה געווען. ס׳איז געווען גענוג צו וויסן, וואָס ער ווייס. ער וואָלט נישט באַדאַרפט ליידן פון דער שפּעטערדיקער דערנידערונג פון צו הערן פון אירע אייגענע ליפּן די חרפּהדיקע מעשה. אָבער ביים לונטש, די ערשטע זאַך, וואָס זי האָט געזאָגט, איז געווען:

— וואָס זאָגסטו צו אונדזער מזל! אַלבערט זאָגט, אַז עס איז עפּעס קאַליע געוואָרן אינעם מאָטאָר. מיר וועלן נישט קענען, נאָך דעם אַלעם, מאַכן אונדזער רייזע. איך וואָלט זיך נישט געוואַגט אַרויסצולאָזן אין וועג אין אַ זעגל־שיף אין דער איצטיקער צייט פון יאָר. מיר וואָלטן געקענט פאַרבלייבן אין דער שיף אין אָפענעם ים אָן אַ ווינט אויף אַ וואָך צייט.

זי האָט גערעדט אין אַ לייכטן טאָן און ער האָט איר געענטפערט אויפן זעלבן, צופעליקן שטייגער.

— אָ, אַ שאָד! אָבער עס שאַדט נישט. דאָ איז אויך זייער שיין. דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט געהאַט קיין גרויסן חשק אַרויסצופאָרן.

ער האָט איר געזאָגט, אַז די אַספּירין האָט אים געמאַכט זייער גוט און, אַז ער פילט זיך אַ סך בעסער. דעם גריכישן דינער און די צוויי לאָקייען אין די פּוסטאַנעלאָס האָט זיך געמוזט אויסווייזן, אַז זיי האָבן געשמועסט אַזוי האָפערדיק ווי געוויינלעך. יענעם זעלבן אָוונט איז געקומען צום אָוונט־ברויט דער ענגלישער קאָנסול, און אַ נאָכט שפּעטער האָבן זי באַזוכט אייניקע איטאַליענישע אָפיצירן. קעראַדזערס האָט געציילט די טעג, געציילט די שעהן. אָ! ווען וועט שוין קומען דער מאָמענט, ווען ער וועט קענען אַרויפשטייגן אויף דער שיף און ווערן באַפרייט פון שרעק, וואָס האָט אויף אים יעדן מאָמענט פון טאָג געהאַלטן אין איין לויערן. ער איז געוואָרן זייער פאַרמאַטערט. אָבער בעטיס באַנעמונג איז געווען אַזוי זעלבסט־באַהערשט, אַז פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך גופא פרעגן, צי זי ווייס באמת, אַז ער איז באַקאַנט מיט איר סוד. איז עס געווען אמת, וואָס זי האָט געזאָגט וועגן דעם קאַאיק, אָדער, ווי עס האָט זיך אים, אין ערשטן אויגנבליק, אויסגעוויזן, אַ תּירוץ; און איז עס געווען אַ צופאַל, וואָס אַ רייע געסט האָבן זיי נישט דערלאָזט צו פאַרבלייבן אויף אַ ווילע פּנים־אל־פּנים? דאָס ערגסטע פון באַזיצן אַזוי פיל טאַקט, איז דאָס, אַז איר ווייסט קיינמאָל נישט, צי אַנדערע מענטשן באַנעמען זיך נאַטירלעך, אָדער זיי פירן זיך אויך מיט טאַקט. ווען ער האָט אויף איר געקוקט — בעטי אַזוי זאָרגלאָז און רואיק, אַזוי אויגנשיינלעך גליקלעך — האָט ער נישט געקענט גלויבן דעם העסלעכן אמת. און דאָך האָט ער עס געזען מיט זיינע אייגענע אויגן. און די צוקונפט. ווי וועט אויסזען איר צוקונפט? ס'איז געווען שרעקלעך צו טראַכטן וועגן דעם. פריער אָדער שפּעטער וועט די גאַנצע וועלט וועגן דעם וויסן. און זיך פאַרשטעלן בעטין ווי אַ היפּאָקריטקע און אַן אויסוואָרף, באַהערשט פון אַ פּראָסטן און איינפאַכן יונג, אַ פאַרעלטערטע און, וועלכע פאַרלירט איר שיינהייט, און דער

מאַן איז נאָך דערצו געווען מיט פינף יאָר יינגער פון איר. עס וועט קומען דער טאָג, ווען ער וועט זיך אַרייננעמען אַ געליבטע, איינע פון אירע אייגענע דינסטמיידלעך, נישט אויסגעשלאָסן, מיט וועלכער ער וועט זיך פילן אַ סך היימישער, ווי ער וואָלט עס ווען עס איז זיך געקענט פילן מיט דער גרויס־אַרטיקער ליידי, און וואָס וועט זי קענען טון דעמאָלט? וואָס פאַראַ דערני־דערונג וועט זי דאַן זיין געצוווּנגען אויסצושטיין! ער וועט זיך קענען באַ־ציִען גרויזאַם צו איר. ער וועט זי אפשר אויך שלאָגן. בעטין. בעטין.

קעראַדזערס האָט זיך געבראָכן די הענט. און פּלוצלינג איז אים געקומען אַ געדאַנק, וואָס האָט אים אָנגעפילט מיט אַ ווייטיקלעכער התלהבות; ער האָט נישט געוואָלט וועגן דעם טראַכטן, אָבער דער געדאַנק איז אים צוריק־געקומען; ער האָט אים נישט געלאָזט צורו. ער מוז זי ראַטעווען; ער האָט זי צו פיל און צו לאַנג ליב געהאַט צו קענען דערלויבן זי זינקען, אַזוי ווי זי זינקט אַצינד; אַ ליידנשאַפט זיך אַליין מקריב צו זיין איז אין אים אויסגעבראָכן. טראָץ אַלעם, כאָטש זיין ליבע איז איצט געווען טויט און ער האָט געפילט צו איר כמעט אַ פיזישן ווידערווילן, וואָלט ער דאָך מיט איר חתונה געהאַט. ער האָט זיך אַן אומעטיקער צעלאַכט. וואָס פאַראַ לעבן וואָלט עס געווען? ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה. זיין פּערזאָן איז אין דעם פאַל נישט געווען וויכטיק. דאָס איז געווען די לעצטע זאַך, וואָס איז פאַרבליבן צו טון. ער האָט זיך געפילט אומגעהויער באַגייסטערט און דאָך זייער שפּלדיק, מחמת ער איז געווען דערשראָקן פונעם געדאַנק, צו וואָס פאַראַ הויך דער געטלעכער גייסט פון מענטשן קען דערגרייכן.

זיין שיף האָט געזאָלט אָפּגיין שבת, און דאָנערשטיק, ווען די געסט, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט זיי געגעסן אָוונטברויט, זענען אַוועק, האָט ער געזאָגט:

— איך האָף, אַז מיר וועלן מאָרגן פאַרבלייבן אַליין.

— די מעשה דערפון איז, אַז איך האָב איינגעלאַדן אייניקע עגיפּטער, וועלכע האָבן פאַרבראַכט דעם לעצטן זומער דאָ. די פרוי איז אַ שוועסטער פונעם געוועזענעם כעדיוו און זייער אינטעליגענט. כ׳בין זיכער, אַז זי וועט דיר געפעלן.

— נו, עס איז מיין לעצטער אָוונט דאָ. וואָלטן מיר נישט געקענט פאַר־בלייבן אַליין?

זי האָט זיך אין אים איינגעקוקט. אין אירע אויגן האָט געשוועבט אַן אויבערפלעכלעכע צופרידנקייט, אָבער זיינע זענען געווען ערנסטע.

— ווי דו ווילסט. איך קען זייער באַזונד אָפּלייגן.
— יאָ, כ׳בעט דיך.

ער האָט געדאַרפט אַרויסגיין פון שטוב אין די ערשטע שעהען פון פרימאָרגן און זיין באַגאַזש איז שוין געווען פאַרפּאַקט. בעטי האָט אים געראָטן נישט איבער־צוטון זיך, אָבער ער האָט יאָ געוואָלט. צום לעצטן מאָל האָבן זיי זיך געזעצט צום אָוונטברויט פּנים אל פּנים אַליין. דאָס עסצימער מיט זיין פאַרטונקלטן ליכט איז געווען הויל און כמורנע, אָבער די זומערנאַכט, וואָס האָט אַריינ־געפלאָסן דורך די גרויסע אָפענע פענצטערס, האָט אים אַריינגעגעבן אַ ניכ־טערע רייכקייט. עס האָט געמאַכט דעם עפעקט פון אַן עסצימער אין אַ מאָ־נאַסטיר, אין וועלכן אַ קעניגלעכער פרוי האָט זיך צוריקגעצויגן כדי צו ווידמען די פאַרבליבענע טעג פון איר עקזיסטענץ צו אַ פרומקייט נישט זייער קיין שטרענגער. זיי האָבן געטרונקען זייער קאַווע אויף דער טעראַסע. קעראַ־דזוערס האָט אַראָפּגעשלונגען אַ פּאָר גלעזלעך ליקער. ער האָט זיך געפילט נערוועאיש.

— מיין טייערע בעטי, איך האָב דיר עפּעס וואָס צו זאָגן — האָט ער אָנגעהויבן.

— יאָ? איך, אויף דיין אָרט, וואָלט עס נישט געזאָגט.

זי האָט געענטפערט העפלעך. זי איז געווען זייער געלאַסן, באַקוקנדיק אים כיטרע, אָבער מיט אַ גלימער פון אַ שמייכל אין אירע בלויע אויגן.

— איך מוז.

זי האָט אַ הויב געטון אירע אַקסלען און פאַרבליבן שטיל. ער האָט געוווסט, אַז זיין קול ציטערט אַ ביסל און ער איז געווען אויף זיך אַליין אין כעס.

— דו ווייסט, אַז איך בין משוגע פאַרליבט אין דיר שוין אַ שאָק מיט יאָרן. כ׳וויס שוין נישט וויפל מאָל כ׳האָב דיך געבעטן חתונה צו האָבן מיט מיר. אָבער, נאָך אַלעמען, ענדערן זיך זאַכן און מענטשן אויך, נישט אמת? קיינער פון אונדזביידן איז שוין נישט אַזוי יונג, ווי מיר זענען געווען. ווילסטו מיט מיר אַצינד חתונה האָבן, בעטי?

זי האָט אים געשאָנקען איר שמייכל, וואָס איז תמיד געווען אַזאַ צוציִענ־דיקע זאַך אין איר; עס איז געווען אַזוי איידל, אַזוי אויפריכטיק און שטיל, און דאָך אַזוי וווּנדערבאַר אומשולדיק.

— האַמפּרי, ביסט אַזוי זיס. עס איז אומגעהויער פֿיין פֿון דײַן זײַט צו בעטן מיך ווידעראַמאָל. כ׳קען דיר נישט איבערגעבן, ווי געריִרט איך בין. אָבער דו ווייסט, אַז איך בין אַ באַשעפֿעניש, וואָס גלויבט אין געוווינהייט. איך האָב זיך צוגעוווינט צו זאָגן דיר ניין ביז איצט, און איך קען עס נישט ענדערן.

— פֿאַרוואָס נישט?

עס איז געווען עפּעס אַנגרייפֿעריש, אַגרעסיוו אינעם טאָן פֿון זײַן רעדן, עפּעס כמעט ענלעך צו פֿאַטאַל, וואָס האָט זי געצוווּנגען צו ווענדן צו אים אַ שנעלן בליק. איר פּנים איז ווייס געוואָרן פֿון אַ פּלוצלינגדיקן כּעס, אָבער זי האָט זיך תּיכף באַהערשט.

— ווײַל איך וויל נישט — האָט זי אַ שמייכל געטון.

— וועסט חתונה האָבן מיט אַן אַנדערן?

— איך? ניין. אַוודאי נישט.

אויף אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי גלייכט זיך אויס, אַזוי ווי אַ כוואַליע פֿון פֿאַמיליע־יחוס זאָל האָבן דורכגעזעצט איבער איר און זי האָט גענומען לאַכן. אָבער צי זי האָט געלאַכט פֿונעם געדאַנק, וועלכער איז אַדורך דורך איר מוח, אָדער מחמת עפּעס אין האַמפּריס פֿאָרשלאָג האָט זי אַמוזירט, האָט קיינער נישט געקענט זאָגן, אויסער איר אַליין.

— בעטי, כ׳בעט זיך בײַ דיר, לאָמיר חתונה האָבן.

— קיינמאָל נישט אין דער וועלט.

— קענסט נישט ווייטער פֿירן אַזאַ לעבן.

אין זײַן קול איז געווען דער גאַנצער אַנגסט פֿון זײַן האַרץ און זײַן פּנים איז געווען אויסגעצויגן און אויסגעפּייניקט. זי האָט ליבנסווירדיק געלאַכט.

— פֿאַרוואָס נישט? זײַ נישט אַזאַ גרויסער אייזל. ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך פֿאַרער דיך, האַמפּרי, אָבער דו באַנעמסט זיך אַזוי ווי אַן אַלטע באָבע.

— בעטי, בעטי.

האָט זי נישט געזען, אַז ער האָט עס געוואָלט פֿאַר איר גוטסוועגן? נישט ליבע האָט אים באַווירקט צו רעדן, נאָר מענטשלעכע רחמנות און חרפּה. זי איז אויפֿגעשטאַנען.

— הער־אויף צו זײַן צודרינגלעך, האַמפּרי. גיי זיך בעסער צולייגן. ווייסט דאָך, אַז דו באַדאַרפֿסט אויפֿשטיין צוזאַמען מיט די פֿייגעלעך. איך וועל דיך נישט זען אינדערפֿרי. זײַ געזונט און זאָל דיך גאָט בענטשן. ס׳איז געווען אַזוי וווּנדערבאַר צו האָבן דיך דאָ.

זי האָט אים צעקושט זיינע בײדע באַקן.

אויף צו מאָרגנס זייער פרי, מחמת ער האָט באַדאַרפט זיין אויף דער שיף אַכט אַ זייגער, ווען קעראַדזוערס איז אַרויס דורך דער פראָנט־טיר, האָט ער שוין געטראָפן אַלבערטן וואַרטנדיק אויף אים אין אויטאָ. ער האָט אויף זיך געהאַט אַ שיינעם טריקאָטענעם קאַפּטל, ווייסע לייוונטענע הויזן און אַ באַסקישן בערעט. קעראַדזוערס באַגאַזש איז געווען אַוועקגעלייגט פון הינטן. ער האָט זיך געווענדט צום הויפּט־דינער.

— לייגט אַוועק מיינע זעק ביים שאָפער — האָט ער געזאָגט. — איך וועל זיך זעצן פון הינטן.

אַלבערט האָט נישט געמאַכט קיין שום באַמערקונג. קעראַדזוערס איז אַריינגעשטיגן און זיי האָבן גענומען פאָרן. ווען זיי זענען אָנגעקומען צום האַפן, זענען די טרעגער צוגעלאָפן. אַלבערט איז אַרויס פונעם אויטאָ. קעראַ־דזוערס האָט אויף אים אַראָפּגעקוקט פון זיין גרעסערער הויך.

— איר באַדאַרפט מיך נישט באַגלייטן אַרויף אויף דער שיף. איך קען זיך אויסגעצייכנט געבן אַן עצה אַליין. דאָ האָט איר אייער טרינקגעלט.

ער האָט אים דערלאַנגט אַ פינף־פונטיקן באַנקנאָט. אַלבערט האָט זיך פאַררויטלט. עס איז פאַר אים געווען אַן אומדערוואַרטע זאַך. ער האָט גע־וואָלט אָפּזאָגן דאָס צו נעמען, אָבער ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי, און זיין גייסט פון יאָרן־לאַנגער דינערשאַפט האָט אים באַהערשט. גאַנץ מעגלעך, אַז ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער זאָגט.

— אַ דאַנק אייך, סער.

קעראַדזוערס האָט זיך צו אים אַ שוואַכן בוק געטון און איז אַוועקגעגאַנ־גען. ער האָט געצוווּנגען בעטיס געליבטן אָנצורופן אים „סער". ס'איז געווען גלייך ווי ער וואָלט איר אַ זעץ געטון אין איר שמייכלענדיקן מויל און גע־וואָרפן אין איר פּנים אַריין אַ זידלוואָרט. עס האָט אים אָנגעפילט מיט אַ ביי־טערער צופרידנקייט.

ער האָט געהויבן מיט די אַקסלען און איך האָב געקענט זען, אַז אַפילו אָט דער קליינער נצחון האָט זיך אים אַצינד אויסגעוויזן צו זיין פּוסט. אַ קור־צע צייט זענען מיר פאַרבליבן שטיל. איך האָב נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. דאַן האָט ער ווידער פאָרגעזעצט.

— אפשר מיינט איר, אַז עס איז זייער מאָדנע, וואָס איך דערצייל אייך דאָס אַלץ. ס'אַרט מיך נישט. איר ווייסט, איך האָב אַ געפיל, אַז קיין זאַך האָט שוין מער נישט קיין באַדייטונג. כ'האָב אַ געפיל, אַז אָנשטענדיקייט עקזיסטירט שוין מער נישט אויף דער וועלט. גאָט אין הימל ווייס, אַז איך בין נישט אייפערזיכטיק. איר קענט נישט זיין אייפערזיכטיק, סיידן איר זענט פאַרליבט, און מיין ליבע איז טויט. זי איז געוואָרן דערהרגעט אין אַן אויגנבליק. נאָך אַזוי פיל יאָרן. איך קען וועגן איר אַצינד נישט טראַכטן אָן אַ שרעק. דאָס, וואָס עס פאַרניכטעט מיך, דאָס, וואָס עס מאַכט מיך אַזוי שרעקלעך אומגליקלעך, איז דער געדאַנק פון איר אומדערהערטער דערנידעריקונג.

יאָ, מען זאָגט, אַז נישט די אייפערזוכט האָט געטריבן אָטעלאָ צו הרגענען דעסדעמאָנע, נאָר די גרויסע פיין, אַז דאָס באַשעפעניש, וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר אַ מלאך, האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אומריין און ווערטלאָז. דאָס וואָס האָט צעבראָכן זיין נאָבל האַרץ, איז געווען די איבערצייגונג, אַז צניעות קען אַזוי מוראדיק פאַלן.

— איך האָב געמיינט, אַז קיין פרוי קען נישט געגליכן ווערן צו איר. איך האָב זי אַזוי באַוואונדערט. כ'האָב באַוואונדערט איר קוראַזש און איר אויפריכטיקייט, איר אינטעליגענץ און איר ליבע פון שיינקייט. זי איז פשוט אַ שווינדלערין און זי איז קיינמאָל נישט געווען עפּעס אַנדערש.

— איך קען נישט זאָגן, אַז איר זענט גערעכט. איר מיינט אפשר, אַז מיר זענען אַלע געמאַכט לויט איין און דעם זעלבן מאָדעל? ווייסט איר, וואָס עס זעט מיר אויס צו זיין זייער טשיקאַווע? איך וואָלט געזאָגט, אַז אַלבערט איז בלויז דער אינסטרומענט, איר צינז צו דער רויער ערד, אַזוי צו זאָגן, וואָס האָט געלאָזט איר נשמה אויף דער פריי אַרומצוואַנדערן אין די העכסטע הימלען. אפשר דער פאַקט גופא, וואָס ער איז פיל נידעריקער פון איר, האָט איר געגעבן אַ געפיל פון פרייהייט אין אירע באַציאונגען מיט אים, אַ זאַך, וואָס זי וואָלט קיינמאָל נישט געקענט האָבן ביי אַ מאַן פון דעם זעלבן סאָציאַלן שיכט. דער גייסט איז זייער אַ מאָדנע זאַך; ער דערהויבט זיך קיינמאָל נישט צום העכסטן גראַד, סיידן ווען דער קערפער האָט זיך שוין געהאַט אַרומגעוואַלגערט אַ געוויסע צייט אין אַ רינשטאָק.

— אָ! זאָגט נישט אַזעלכע אומזיניקייטן — האָט ער געענטפערט מיט כעס.

— איך צווייפל, צי דאָס זענען אומזיניקייטן. מעגלעך, אַז איך דריק מיך אויס נישט גוט, אָבער מיין געדאַנק איז אַ ריכטיקער.

— ס׳איז פאַר מיר אַ שוואַכע טרייסט. איך בין צעבראָכן און ליק־ווידירט. איך בין געענדיקט.

— כ׳בעט אייך, רעדט נישט קיין נאַרישקייטן. פאַרוואָס שרייבט איר נישט קיין דערציילונג וועגן דעם?

— איך?

— איר ווייסט, דאָס איז די פּריווילעגיע, וואָס אַ שרייבער האָט איבער אַנדערע מענטשן. ווען עפּעס מאַכט אים שרעקלעך אומגליקלעך און ער פאַרבלייבט אַ געפּייניקטער און אַ הילפבאַדערפטיקער, קען ער דאָס אַלץ אַריינפלעכטן אין אַ דערציילונג און עס איז ממש צו באַוווּנדערן, וואָס פאַראַ טרייסט און פאַרלייכטערונג עס פאַרשאַפט אים.

— עס וואָלט געווען שרעקלעך. בעטי איז געווען אַלץ אין דער וועלט פאַר מיר. איך וואָלט נישט געקענט טון אַזאַ נידערטרעכטיקע זאַך.

ער איז פאַרשוויגן אַ ווײַלע און איך האָב געזען, אַז ער האָט זיך פאַר־טיפט אין זיינע מחשבות. איך האָב געזען, אַז נישט געקוקט אויף דער שרעק, וואָס מיין פאַרשלאַג האָט ביי אים אַרויסגערופן, האָט ער אויף אַ מינוט באַטראַכט די לאַגע פון אַ שרייבערס שטאַנדפּונקט. ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ.

— נישט צוליב אירעטוועגן, נאָר צוליב מיינעטוועגן. מיט דעם אַלעם, האָב איך נאָך אַ ביסל זעלבסט־ווירדע. אויסער דעם, איז דאָ נישט פאַראַן קיין מעשה צו דערציילן.

איך דערמאָן מיך זייער גוט די געלעגנהייט, ביי וועלכער איך האָב צום ערשטן מאָל געזען דזשעין פּאַאולער. דאָס איז נאָר מחמת די פּרטים פון איר אויסזען זענען ביי מיר פאַרבליבן אַזוי דייטלעך איינגעקריצט אין זכרון, אַז איך קען גלויבן מיינע דעראינערונגען בכלל, הגם, קוקנדיק אויף צוריק, מוז איך מודה זיין, אַז איך געפין עס איין פּאַר שווער צו גלויבן, אַז די פאַנ־טאַזיע זאָל מיר נישט האָבן אָפּגעטון קיין שפּיצל. איך בין לעצטנס צוריקגע־קומען קיין לאָנדאָן פון כינע און פאַרבראַכט ביי אַ טעפּעלע טיי ביי מיסיס טאַאוער. מיסיס טאַאוער איז באַהערשט געוואָרן פון דער מאָדערנער ליידנשאַפט צו דעקאָראַציע און מיט דער אומרחמנותקייט פון איר געשלעכט האָט זי מקריב געווען שטולן, אויף וועלכע זי איז באַקוועם געזעסן אין לויף פון יאָרן, טישן, קאָמאָדעס, דעקאָראַציעס, אויף וועלכע אירע אויגן פלעגן קוקן מיט הנאה זינט זי האָט חתונה געהאַט, בילדער, וועלכע זענען פאַר איר געווען היימיש זינט אַ גאַנצן דור. און אָט האָט זי דאָס אַלץ איבערגעגעבן אין די הענט פון אַן עקספּערט. עס איז גאָרנישט פאַרבליבן אין דעם אויפ־נאַם־סאַלאָן, מיט דעם אַלעם וואָס זי האָט געהאַט אַ וועלכע עס איז שייכות, אָדער צו וואָס זי האָט געפילט אַ וועלכן עס איז סענטימענט. זי האָט מיך איינגעלאַדן יענעם טאָג, כדי מיר צו ווייזן דעם מאָדערנעם גלאַנץ, אין וועלכן זי וווינט. אַלץ, וואָס האָט זיך געלאָזט קאָנסערווירן, איז פאַרבליבן קאָנסער־ווירט און דאָס, וואָס עס האָט זיך נישט געלאָזט קאָנסערווירן, איז געוואָרן איבערגעפאַרבט. איין זאַך האָט זיך נישט געפּאָרט מיט דער אַנדער, אָבער אַלץ האָט האַרמאָניזירט.

— געדענקט איר דעם קאָמישן קאָמפּלעט מעבל, וואָס איך האָב געהאַט אין דעם אויפנאַם־זאַל? — האָט מיסיס טאַאוער געפרעגט.

די פאָרהאַנגען זענען געווען פּרעכטיק, כאָטש אין אַ שטרענגן טאָן. די סאָפע איז געווען פאַרדעקט מיט אַן איטאַליענישן בראָקאַט. די שטול, אויף וועלכער איך בין געזעסן, איז געווען אויסטאַפּיצירט מיט „פּטי־פּוען". דאָס צימער איז געווען שיין, רייך אָבער נישט עקסטראַוואַגאַנט־גלאַנציק און אָרי־

גינעל, אָבער אָן איבערגעטריבענער קינסטלעכקייט. דאָך האָט, לויט מיין מיי־נונג, עפּעס געפעלט, און בעת איך האָב מיט מיינע ליפּן געלויבט, האָב איך זיך אַליין געפרעגט, פאַרוואָס איז מיר געפעלן דער גענוג־אָפּגעריבענער טשינץ־לייוונט פון דעם פאַרהאַסטן קאָמפּלעט מעבל, די וויקטאָריאַ־וואַסער קאָלירן, וועלכע איך האָב געקענט פון זייער לאַנג צוריק און די קאָמישע דרעזדענער פאָרצעליי, וואָס האָט באַצירט דעם קאַמין. איך האָב געטראַכט, וואָס אַזעלכעס פעלט דאָרט, לויט מיין געשמאַק, אין אַלע יענע צימערן, וועל־כע די דעקאָראַטאָרן האָבן איבערגעאַנדערשט מיט אַזאַ גוט־באַצאָלטן פלייס. איז עס געווען הארץ? אָבער מיסיס טאַאוער האָט געהאַלטן אין איין קוקן אַרום זיך און זיך געפילט גליקלעך.

— געפעלן אייך מיינע אַלאַבאַסטער־לאָמפּן? — האָט זי געפרעגט. — זיי גיבן אַזאַ דעליקאַטן שיין.

— פּערזענלעך האָב איך ליב אַ שיין, ביי וועלכן מען קען גוט זען — האָב איך געענטפערט שמייכלענדיק.

— עס איז זייער שווער צו האָבן איינצייטיק אַ שיין, ביי וועלכן איר קענט גוט זען און אַזאַ, ביי וועלכן מען זאָל אייך נישט קענען גוט זען — האָט זיך מיסיס טאַאוער פונאַנדערגעלאַכט.

איך האָב נישט געהאַט קיין אַנונג, ווי אַלט זי איז. ווען איך בין נאָך גע־ווען גאַנץ יונג, איז זי שוין געווען אַ פאַרהייראַטע פרוי, אַ סך עלטער פון מיר, אָבער אַצינד האָט זי מיך באַהאַנדלט, ווי איך וואָלט געווען פון זעלבן עלטער ווי זי. זי האָט כסדר איבערגעחזרט, אַז זי מאַכט נישט קיין סוד פון איר עלטער, וואָס איז געווען פערציק, און דאַן האָט זי צוגעגעבן מיט אַ שמייכל, אַז אַלע פרויען נעמען אַראָפּ פינף יאָר. זי האָט קיינמאָל נישט געזוכט צו פאַרהוילן דעם פאַקט, אַז זי האָט זיך געפאַרבט די האָר, וואָס זענען געווען פון אַ זייער פיינעם ברוין מיט רויטלעכע שאַטירונגען, און זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט דאָס געטון, מחמת די האָר, וואָס הויבן אָן צו ווערן גרוי, באַקומען אַ שרעקלעכן אויסזען. ווי נאָר אירע האָר וועלן ווערן פול־שטענדיק ווייס, וועט זי אויפהערן זיי צו פאַרבן.

— דאַן וועלן זיי זאָגן, וואָס פאַראַ יונג פּנים איך האָב.

דערווייל זענען זיי געווען געפאַרבט, כאָטש אויף זייער אַ דיסקרעטן אופן און די לעבעדיקייט פון אירע אויגן איז געווען אַ פועל־יוצא פון קאָסמעטישער קונסט. זי איז געווען אַ שיינע פרוי, עלעגאַנט אָנגעטון און אין שיין פון דעם

אַלאַבאַסטער־לאָמפּ האָט זי נישט אויסגעזען אַ טאָג עלטער פון די פערציק יאָר, אויף וועלכע זי האָט זיך אַליין אָפּגעשאַצט.

— בלויז ביי מיין טואַלעט־טיש קען איך טאָלערירן דעם נאַקעטן עלעק־טרישן שיין פון אַ צוויי־און־דרייסיקער־ליכט־לאָמפּ — האָט זי פאַרגעזעצט מיט אַ שמייכלענדיקן ציניזם. — דאָרטן באַדאַרף איך, אַז עס זאָל מיר צו־ערשט זאָגן דעם העסלעכן אמת, און דערנאָך, עס זאָל מיר דערמעגלעכן אָנצונעמען די געהעריקע שריט צו אויסבעסערן אים.

מיר האָבן פריינטלעך געקיבעצט וועגן אונדזערע געמיינזאַמע פריינט, און מיסיס טאַאוער האָט מיך דערפירט ביז צום סאַמע העכסטן שטאַפּל פון די לעצטע רכילותן פון טאָג. נאָכן אַרומפּייניקן זיך דאָ און דאָרטן איבער דער גרויסער וועלט, איז עס געווען זייער אָנגענעם צו זיצן אויף אַ באַקוועמען שטול, בעת דאָס פייער האָט העל געברענט אין דעם אויוון, מיט רייצנדיקע טיי־געפעס אויף אַ רייצנדיקן טיש און פירן אַ געשפּרעך מיט אָט דער פאַר־ווײַלנדיקער, אָנצינדיקער דאַמע. אין אירע אויגן בין איך געווען אַ וואַנ־דערער, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון זיינע זוכענישן פון גליקן איבער דער ברייטער און וויטער וועלט, און זי האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע פאַר־אינטערעסירונג מיט מיר. זי האָט שטאָלצירט מיט אירע אָוונט־אויפנאַמעס. מיט גרויס זאָרגפעלטיקייט פלעגט זי אויסקלייבן אירע געסט און פלעגט זיי מכבד זיין מיט די בעסטע מאכלים. און עס זענען געווען ווייניק מענטשן, וועלכע זאָלן נישט האָבן באַטראַכט פאַר אַ גרויס פאַרגעניגן צו זיין פאַרבעטן צו איינער פון זיי. זי האָט, אַלזאָ, באַשטימט אַ דאַטע און מיך געפרעגט, מיט וועמען וואָלט איך מיך געוואָלט באַגעגענען.

— איך דאַרף אייך אָבער זאָגן איין זאַך. אויב דזשעין פאַאולער פאַר־בלייבט נאָך דאָ, וועל איך זיין געצוווּנגען אָפּצולייגן די אויפנאַמע.

— ווער איז עס דזשעין פאַאולער? — האָב איך געפרעגט.

מיסיס טאַאוער האָט אומעטיק אַ שמייכל געטון.

— דזשעין פאַאולער איז מיין אָנשיקעניש.

— אַזוי!

— איר געדענקט אפשר אַ פאָטאָגראַפיע, וועלכע איך האָב געהאַט שטיין אויף דער פּיאַנאָ, פאַר דעם ווי איך האָב רעפאָרמירט מיין צימער, פון אַ פרוי אין אַן איינגעצויגענעם קאָסטיום, מיט ענגע אַרבל און אַ גאָלדענעם מעדאַ־ליאָן, מיט אירע האָר צוזאַמענגענומען אויף אַהינטער פון אַ ברייטן שטערן

מיט אַנטבלויזטע אויערן און מיט ברילן אויף אַ היפש צוגעקוועטשטער באָז?
נו, דאָס איז דזשעין פּאַאולער.

— איר האָט פריִער געהאַט אַזוי פיל פאָטאָגראַפּיעס אין דעם צימער — האָב איך נישט גאַנץ הויך געזאָגט.

— עס נעמט מיך אָן אַ ציטער, ווען איך הויב אָן צו טראַכטן וועגן זיי. איך האָב פון זיי געמאַכט אַ גרויסן פּאַק, זיי איינגעוויקלט אין אַ ברוין פּאַפּיר און אַוועקגעלייגט אויפן בוידעם.

— נו, גוט, אָבער ווער איז זי, די דזשעין פּאַאולער? — האָב איך פונ־דאַסניי געפרעגט, שמייכלענדיק.

— זי איז מיין שוועגערין. זי איז מיין מאַנס שוועסטער און האָט חתונה געהאַט מיט אַ פאַבריקאַנט פון צפון. זי איז שוין אַן אלמנה זינט לאַנגע יאָרן און זי איז זייער רייך.

— און פאַרוואָס איז זי אייער אָנשיקעניש?

— זי איז אַ הויכגעשעצטע דאַמע, זי איז אַלטמאָדיש, זי איז פּראָווינציעל. זי זעט אויס צו זיין מיט צוואַנציק יאָר עלטער פון מיר און איז קאַפּאַבל צו זאָגן עמעצן, ווען זי קען טרעפן אין גאַס, אַז מיר זענען צוזאַמען גע־גאַנגען אין דער זעלבער צייט אין דער שולע. זי באַזיצט אַן אומגעהויערן חוש פון פאַמיליערער ליבע, און ווייל איך בין איר איינציקע לעבנס־געבליבענע קרובה, איז זי מיר שטאַרק איבערגעגעבן. ווען זי קומט קיין לאָנדאָן, קומט איר קיינמאָל נישט אויפן זינען צו פאַרפאָרן ערגעץ אַנדערש ווי צו מיר אין שטוב. זי מיינט, אַז אויב נישט, וועט זי מיר פאַרשאַפן עגמת־נפש, און אַזוי אַרום פאַרבלייבט זי ביי מיר אַ דריי־פיר וואָכן. מיר זיצן זיך דאָ און זי מאַכט אירע שטריק־אַרבעט אָדער לייענט. צייטנווייז שפּאַרט זי זיך איין, אַז מיר זאָלן גיין עסן אַ מיטאָג אין קלאַרידזש־רעסטאָראַן, און זי האָט אַן אויסזען פון אַ קאָמישער אַלטער הויז־איינגייערין און איטלעכער, וועמען איך וואָלט נישט געוואָלט ספּעציעל באַגעגענען, זיצט זיך גאַנץ געמיטלעך ביים נאָענט־סטן טישל. ווען מיר פאָרן צוריק אַהיים, זאָגט זי מיר, אַז זי וויל מיר איבער־לאָזן אַ מתנה. מיט אירע אייגענע הענט שטריקט זי אויס מאַנטעלעך פאַר די טיי־טשייניקלעך, וועלכע איך בין געצווונגען צו נוצן, כל־זמן זי איז מיט מיר, און דאַן קליינע טישטעכלעך, וועלכע מען לייגט־אונטער אונטער די גלעזער אָדער פלעשער און דאַן אַנדערע דעקאָראַטיווע טישטעכלעך פאַרן טיש פון דעם עסצימער.

מיסיס טאָוער האָט איבערגעריסן איר רעדן, כדי צו כאַפּן דעם אָטעם.

— איך מיין, אַז אַ טאַקטישע פרוי ווי איר זענט, קען געפינען אַ וועג, ווי צו האַנדלען אין אַזאַ לאַגע.

— אָ, אָבער איר קענט נישט פאַרשטיין, אַז איך האָב נישט קיין געלעגנ־הייט. זי איז אַזוי אָן אַ שיעור איידל. זי האָט אַ האַרץ פון גאָלד. זי פאַר־בודיעט מיך ביזן טויט, אָבער פאַר גאָרנישט אין דער וועלט וואָלט איך נישט מסכים געווען, אַז זי זאָל עס חושד זיין.

— און ווען דאַרף זי אָנקומען?

— מאָרגן.

— אָבער מיסיס טאַאוער האָט קוים באַוויזן אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט פון איר מויל, ווי עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון גלעקל. עס איז דער־גאַנגען אַ געדויש פון דעם האָל, און אין אַ מינוט אָדער צוויי האָט דער הויז־אויפזעער אַריינגעפירט אַן עלטערע פרוי.

— מיסיס פּאַאולער — האָט ער געמאָלדן.

— דשזעין! — האָט אויסגעשריִען מיסיס טאַאוער און אַ שפרונג געטון פון איר זיצפּלאַץ. — איך האָב זיך נישט געריכט אויף דיר היינט.

— דאָס זעלביקע האָט מיר אויך געזאָגט דיין הויז־אויפזעער. אין מיין בריוו האָב איך דאָך דייטלעך געזאָגט, אַז כ׳קום היינט.

מיסיס טאַאוער האָט צוריק באַקומען דעם קאָנטראָל איבער זיך.

— נו, ס׳שאַדט נישט. כ׳בין זייער צופרידן צו זען דיך, ווען נאָר דו קומסט. צום גליק האָב איך גאָרנישט וואָס צו טון היינט אין אָוונט.

— צוליב מיר דאַרפסטו זיך נישט פאַרשאַפן קיין שום באַלעסטיקונג. אַלץ, וואָס איך באַדאַרף פאַר מיין אָוונטברויט, איז בלויז איין געקאָכט איי.

אַ שוואַכער גרימאַס האָט אויף אַ מאָמענט אויסגעדרייט מיסיס טאַאוערס שיינע געזיכט־שטריכן. איין געקאָכט איי!

— אָ! איך מיין, אַז מיר וועלן קענען געפינען עפּעס בעסערס.

כ׳האָב אין זיך געלאַכט, ווען כ׳האָב אַ טראַכט געטון, אַז די דאָזיקע צוויי פרויען געהערן צו דער זעלבער עפּאָכע. מיסיס פּאַאולער האָט אויסגעזען אויף אַ גוטע פינף־און־פופציק. זי איז געווען אַ הויכע און מגושמדיק געבויט. זי האָט געטראָגן אַ שוואַרצן שטרויענעם הוט מיט אַ ברייטן ראַנד און פון דעם איז אַראָפּגעהאַנגען אַ שוואַרצער שלייער איבער אירע אַקסלען; אַ מאַנטל, וועלכער האָט משונהדיק פּאַראייניקט שטרענגע ערנסטקייט מיט לייכטזיניקע עקסטראַוואַגאַנץ; אַ לאַנגן שוואַרצן קאָסטיום, זייער אַ ברייטן, אַזוי ווי זי וואָלט געהאַט אויף זיך עטלעכע האָלקעס, און אַ פּאָר גרויסע שיך. אויגנשיינ־

לעך איז זי געווען קורצזיכטיק, מחמת זי האָט געקוקט אויף דער וועלט דורך גרויסע אין גאָלד איינגעראָמטע ברילן.

— נו, לאָמיר טרינקען אַ גלעזעלע טיי. ווילסט? — האָט געפרעגט מיסיס טאאוער.

— אויב עס וועט פאַר דיר נישט זיין קיין איבעריקע טירחה. כ׳וועל אויסטון דעם פאַלטאָ.

זי האָט תחילת אַראָפּגעצויגן די שוואַרצע הענטשקעס פון אירע הענט און דאַן אויסגעטון איר מאַנטל. אַרום איר האַלדז האָט זי געהאַט אַ ברייטע גאָלדענע קייט, פון וועלכער עס האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ גרויסער גאָלדענער מעדאַליאָן, אין וועלכן, איך בין געווען זיכער, עס איז געווען די פאָטאָגראַפיע פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן. דערנאָך האָט זי אַראָפּגענומען איר הוט און אים אָוועקגעלייגט פאַרזיכטיק צוזאַמען מיט אירע הענטשקעס און פאַלטאָ אויפן ווינקל פון דער סאָפע. מיסיס טאאוער האָט פאַרצויגן אירע ליפּן. אַוודאי האָבן די דאָזיקע קליידער נישט האַרמאָניזירט מיט דער שטרענגער אָבער פּרעכטיקער שיינקייט פון מיסיס טאאוערס איבערדעקאָרירטער אויפנאַם־סאַלע. איך האָב זיך געחידושט, ווו האָט מיסיס פאַאולער, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, געקענט געפינען די אויסערגעוויינלעכע זאַכן, וועלכע זי האָט געטראָגן. זיי זענען נישט געווען קיין אַלטע און די שטאָפן זענען געווען טייערע. עס איז געווען שווער צו באַגרייפן, אַז שניידערינס זאָלן נאָך מאַכן קליידער, וועלכע ווערן שוין מער נישט געטראָגן זינט אַ פערטל יאָרהונדערט. מיסיס פאַאולערס גרויע האָר זענען געווען פשוט פאַרקעמט, איבערלאָזנדיק אומבאַדעקט די אויערן און דעם שטערן, מיטן שרונט אין מיטן. זי האָט קענטיק נישט באַנוצט די צווענגלעך פון מעסיע מאַרסעל. פלוצלינג האָט זי אירע אויגן אָנגעשטעלט אויפן טיי־טישל מיט זיין טשייניק פון געאָרגיאַנישן זילבער און זיינע טעפּעלעך פון אַלטן ווּסטער־סטיל.

— ווו האָסטו אַהינגעטון דאָס טיי־מאַנטעלע, וואָס איך האָב דיר געשאָנקען דאָס לעצטע מאָל, ווען איך בין דאָ געווען, מאַריאַן? — האָט זי גע־פרעגט. — נוצט עס נישט?

— יאָ, איך נוץ עס יעדן טאָג, דזשעין — האָט פלינק געענטפערט מיסיס טאאוער. — צום באַדויערן איז מיט אים געשען אַ פאַרפאַל, אַ קורצע צייט צוריק. דאָס מאַנטעלע איז פאַרברענט געוואָרן.

— אָבער דאָס פריִערדיקע איז אויך פאַרברענט געוואָרן.

— איך האָב מורא, אַז דו וועסט אונדז האַלטן פאַר זייער נאַכלעסיקע.

— עס שאַדט נישט — האָט געשמייכלט מיסיס פּאַאולער. — עס וועט פאַר מיר זיין אַ גרויס פאַרגעניגן צו מאַכן דיר אַן אַנדערס. כ׳וועל מאָרגן גיין אין ליבערטי־קראָם און קויפן זיידנס.

מיסיס טאַאוער האָט באַהערשט איר פּנים ענערגיש.

— איך פאַרדין עס נישט, דו ווייסט עס גאַנץ גוט. באַדאַרף נישט אַזעלכעס אייער גלחס פרוי?

— אָ, איך האָב איר שוין געמאַכט איינס — האָט מיסיס פּאַאולער לוס־טיק אויסגערופן.

איך האָב באַמערקט, אַז ווען זי האָט געשמייכלט, האָט מען געקענט זען אירע ווייסע, קליינע און נאַרמאַלע ציין. זיי זענען געווען זייער שיינע. איר שמייכל איז באמת געווען זייער אַ זיסער.

איך האָב אָנגעהויבן פילן, אַז עס איז שוין די העכסטע צייט פאַר מיר איבערצולאָזן זאַלבענאַנד דיביידע דאַמעס. איך האָב זיך דעריבער מיט זיי געזעגנט.

צומאָרגן גאַנץ פרי, האָט מיסיס טאַאוער צו מיר טעלעפאָנירט און איך האָב תיכף געדרונגען לויט איר קול, אַז זי איז זייער פריילעך.

— איך האָב פאַר אייך ממש ווונדערבאַרע נייעס — האָט זי געזאָגט. — דזשעין גייט חתונה האָבן.

— אַן אומזין.

— איר חתן וועט קומען אַהער צו אָוונטברויט היינט אין אָוונט, כדי זיך פאָרצושטעלן פאַר מיר, און איך וויל, אַז איר זאָלט אויך קומען.

— אָ, כ׳וועל נישט שטערן?

— ניין, איר וועט נישט שטערן. דזשעין אַליין האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז איך זאָל אייך איינלאַדן. ביטע, קומט.

זי האָט געקייכט פאַר געלעכטער.

— ווער איז דער חתן?

— כ׳ווייס נישט. זי זאָגט מיר, אַז ער איז אַן אַרכיטעקט. קענט איר זיך פאָרשטעלן דעם טיפּ מענטש, מיט וועלכן דזשעין וואָלט חתונה געהאַט?

כ׳האָב נישט געהאַט גאָרנישט וואָס צו טון, און כ׳האָב זיך געקענט פאַרלאָזן אויף מיסיס טאַאוער, אַז זי וועט מיך מכבד זיין מיט אַ גוטן אָוונט־ברויט.

ווען כ׳בין אָנגעקומען, איז מיסיס טאַאוער געווען אַליין. זי איז געווען אָנגעטון אין אַ פּרעכטיקן אָוונט־קאָסטיום, אַ ביסל צו יונג פאַר איר.

— דזשעין האָלטביים פאַרענדיקן איר אויספוצונג. איך חלש איר זאָלט זי זען. זי ברענט ממש. זי זאָגט, אַז ער פאַרגעטערט זי. ער הייסט גילבערט, און ווען זי רעדט וועגן אים, ווערט איר שטימע קאָמיש און ציטערנדיק. עס נעמט מיך צום לאַכן.

— כ'בין טשיקאַווע צו וויסן ווי אַזוי ער זעט אויס.

— איך שטעל מיר אים פאָר: זייער אַ הויכער און אַ מגושמדיקער, מיט אַ ליסן קאָפּ און אַ ריזיקער גאָלדענער קייט איבער אַ ריזיקן בויך. אַ גרויס, דיק, ריין־אָפּגעראַזירט, רויט פּנים און אַ הילכיקע גראָבע שטימע.

און אָט איז מיסיס פאַאולער אַריינגעקומען. זי איז געווען געקליידעט אין אַ שטייפן, שוואַרצן, זיידענעם קאָסטיום מיט אַ ברייט קלײדל מיט אַ שלעפּ פון הינטן. ביים האַלדז איז עס געווען אויסגעשניטן אין געשטאַלט פון אַן אומדרייסטן V און די אַרבל זענען דערגאַנגען ביז די עלנבויגנס. זי האָט געהאַט אויף זיך אַ האַלדזבאַנד פון דימענטן איינגעפאַסט אין זילבער. אין אירע הענט האָט זי געהאַט אַ פּאָר לאַנגע שוואַרצע הענטשקעס און אַ פעכער פון שוואַרצע שטרויס־פעדערן. עס איז איר געלונגען (דאָס וואָס אַזוי ווינציק מענטשן געלינגט) אויסצוזען עקזאַקט דאָס, וואָס זי איז. זעענ־דיק זי, וואָלט איר גלייך געזאָגט, אַז זי איז אַ חשובע אלמנה פון אַ צפון־לאַנד פאַבריקאַנט, אין אַ זייער גוטער מאַטעריעלער סיטואַציע.

— דזשעין, דו האָסט באמת זייער אַ שיינעם האַלדז — האָט מיסיס טאַאוער געזאָגט מיט אַ ליבלעכן שמייכל.

ער איז געווען ווירקלעך וואונדערבאַר יונג אין פאַרגלייך מיט איר פון וועַ־טער־פאַרהאַרטעוועטן פּנים. ער איז געווען גלאַט, אָן שום קנייטשן און די הויט ווייס, און איך האָב באַמערקט, אַז איר קאָפּ איז געווען גוט געבויט אויף אירע אַקסלען.

— האָט איך מאַריאָן איבערגעגעבן וועגן מיין נייעס? — האָט זי גע־זאָגט, ווענדנדיק זיך צו מיר מיט איר באמת רייצנדיקן שמייכל, גלייך ווי מיר זאָלן געווען זיין אַלטע פריינט.

— איך באַדאַרף אייך גראַטולירן — האָב איך געזאָגט.

— וואַרט־אָפּ מיט דעם, ביז איר וועט האָבן געזען מיין יונגן מאַן.

— ווי זיס עס איז צו הערן, ווי דו רעדסט וועגן דיין יונגן מאַן — האָט שמייכלענדיק געזאָגט מיסיס טאַאוער.

מיסיס פאַאולערס אויגן האָבן ווירקלעך געשימערט הינטער אירע מאָדנע ברילן.

— דערוואַרט נישט צו באַגעגענען אַ צו אַלטן מאַן. איר וואָלט נישט געוואָלט, מיין איך, אַז איך זאָל חתונה האָבן מיט אַן אָפּגעלעבטן אַלטן מאַן מיט איין פוס אין קבר, נישט אמת?

דאָס איז געווען די איינציקע וואָרענונג, וואָס זי האָט אונדז געגעבן. און ווירקלעך, עס איז שוין נישט געווען מער קיין צייט פאַר וייטערדיקע דיסקוסיעס, ווייל דער הויז־פּאַרוואַלטער האָט צעפּראַלט די טיר און הויך אויפן קול צווויסן געטון:

— מיסטער גילבערט נייפּיער.

עס איז אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן אין אַ גוט־געפּאַסטן אָוונט־אַנצוג. ער איז געווען שלאַנק, נישט איבעריק הויך, מיט בלאָנדע האָר, מיט אַ לייכ־טער נאַטירלעכער אָנדולאַציע, ריין אָפּגעראַזירט און מיט בלויע אויגן. זייער שיין איז ער ספּעציעל נישט געווען, אָבער ער האָט געהאַט אַן אָנגענעם און ליבלעך פּנים. אין צען יאָר אַרום וועט ער אפשר זיין פּאַרדאַרט און פּאַרגעלט, אָבער אַצינד, אין זיין צעבליטער יוגנט, איז ער געווען פריש און זויבער, ווי אַ צוויט, מחמת ער איז זיכער נישט געווען עלטער פון פיר־און־צוואַנציק. מיין ערשטער איינדרוק איז געווען, אַז ער מוז זיין מיסיס דזשעין פּאַאולערס חתנס אַ זון (איך האָב נישט געוווסט, אַז ער איז אַן אלמן), וועלכער איז געקומען אָנזאָגן, אַז זיין טאַטע קען נישט קומען צום אָוונט־ברויט, מחמת ער האָט באַקומען אַ פּלוצימדיקן אַטאַק פון פּאָדאַגרע. אָבער זיינע בליקן זענען מאָמענטאַל געפאַלן אויף מיסיס פּאַאולער, זיין פּנים האָט זיך צעפּלאַמט, און ער האָט געשפּרייזט צו איר, מיט זיינע ביידע הענט אויסגעשטרעקט. מיסיס פּאַאולער האָט אים דערלאַנגט אירע הענט מיט אַ צו־ריקגעהאַלטענעם שמייכל אויף אירע ליפּן, און האָט זיך געווענדט צו איר שוועגערין:

— דאָס איז מיין יונגערמאַן, מאַריאַן — האָט זי געזאָגט.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

— איך האָף, אַז כ׳וועל אייך געפעלן ווערן, מיסיס טאַאוער — האָט ער געזאָגט. — דזשעין זאָגט מיר, אַז איר זענט די איינציקע קרובה, וואָס זי האָט אויף דער וועלט.

עס איז געווען וווּנדערבאַר צו אָבסערווירן מיסיס טאַאוערס פּנים. איך האָב אין יענעם מאָמענט געקענט פעסטשטעלן מיט באַוווּנדערונג, ווי געוואַגט עס קענען אַ גוטע דערציאונג און אַ געזעלשאַפטלעכע דערפאַרונג באַהערשן די אינסטינקטן פון אַ נאָרמאַלער פרוי. ווייל די איבערראַשונג און דערנאָך

די אַנגסט, וועלכע זי האָט נישט געקענט באַוויַזן צו פאַרהוילן, זענען שנעל פאַרטריבן געוואָרן און איר געזיכט האָט אַנטפּלעקט אַן אויסדרוק פון אַ ליבנסווירדיקן קבלת־פּנים. אָבער אויגנשיינלעך האָבן איר געפעלט ווער־טער צום רעדן. עס האָט נישט געדאַרפט קיינעם וווּנדערן, וואָס גילבערט, האָט זיך, גאַנץ נאַטירלעך, געפילט אין אַ געוויסער פאַרלעגנהייט, און איך בין געווען צו שטאַרק פאַרטון אין מיין אַנשטרענגונג איינצוהאַלטן זיך פון לאַכן, אַז איך זאָל קענען אַ טראַכט טון וועגן עפּעס צו זאָגן. בלויז מיסיס פּאַאולער אַליין האָט זיך פאַרהאַלטן פולשטענדיק רויִק.

— כ'ווייס, אַז ער וועט דיר געפעלן, מאַריאַן. קיינער אין דער וועלט האָט נישט ליב מער גוטע עסנס פון אים. — זי האָט זיך געווענדט צום יונגן מאַן. — מאַריאַנס אָוונטמאָלצייטן זענען אַ שם־דבר.

— איך ווייס — האָט ער געשטראַלט פון גליק.

מיסיס טאַאוער האָט עפּעס אויף שנעל געזאָגט און מיר זענען אַראָפּ מיט די טרעפּ. כ'וועל נישט פאַרגעסן אַזוי שנעל די הערלעכע קאָמעדיע פון יענער מאָלצייט. מיסיס טאַאוער האָט נישט געקענט פעסטשטעלן, צי דאָס פּאָרל מאַכט פון איר חוזק, אָדער צי דזשעין האָט געוואָלט זי מאַכן צו נאַר דורך אַ בכיוונדיק אויסבאַהאַלטן איר חתנס עלטער. אָבער בטבע האָט דזשעין קיינמאָל נישט געשפּאַסט און זי האָט נישט געקענט טון קיין ביַיזוויליקע זאַך. מיסיס טאַאוער איז געווען געפּלעפט, אויפגע־בראַכט און צעמישט. אָבער זי האָט זיך שנעל באַהערשט און פאַר גאָר־נישט אין דער וועלט האָט זי געוואָלט פאַרגעסן, אַז זי איז אַ פּערפעקטע באַלעבאָסטע, וועמעס פליכט עס איז: פאַרוויילן און צופרידנצושטעלן אירע געסט. זי האָט לעבהאַפטיק גערעדט, אָבער איך בין מסופק, צי גילבערט נייפיער האָט באַמערקט, ווי גרויזאַם און נקמהדיק איז געווען דער אויסדרוק פון אירע אויגן הינטער דער מאַסקע פון פריינטלעכקייט, וועלכע זי האָט צו אים געווענדט. זי האָט אים געמאָסטן. זי האָט געזוכט, ווי אַזוי זיך דערגרונטעווען ביזן סאַמע דנאָ פון זיין נשמה. איך האָב געקענט זען, אַז זי איז באַהערשט פון אַ ליידנשאַפט, מחמת אונטער איר רוזש האָבן אירע באַקן געגליט פון אַן אויפגעבראַכטן רויט.

— ביסט שטאַרק פאַררויטלט, מאַריאַן — האָט געזאָגט דזשעין, קוקנ־דיק אויף איר ליבנסווירדיק דורך אירע גרויסע רונדע שפּאַקולן.

— כ'האָב זיך צו האַסטיק אָנגעטון. מעגלעך, אַז איך האָב אָנגעלייגט צופיל רוזש.

— אָ, זאָל עס זיין רוזש? כ׳האָב געמיינט, אַז עס איז נאַטירלעך. אין קעגנטייל וואָלט איך וועגן דעם נישט גערעדט. — זי האָט געוואָרפן צו גיל־בערטן אַן איינגעהאַלטן שמייכעלע. — ווייסט, אַז מאַריאָן און איך זענען מיר געגאַנגען אין דער זעלביקער שולע. קוקנדיק אויף אונדז היינט, ווילט זיך עס נישט גלויבן, נישט אמת? אָבער נאַטירלעך, איך האָב אָפּגעלעבט אַ רואיק לעבן.

איך ווייס נישט, וואָס איז זי געווען אויסן מיט די דאָזיקע באַמערקונגען. עס האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל, אַז זי האָט זיי אַרויסגעזאָגט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, אָבער זיי האָבן אַזוי אויפגעבראַכט מיסיס טאַאוער, אַז זי האָט אַ סוף געמאַכט מיט איר אייגענער גרויסהאַלטעריי. זי האָט לוסטיק געשמייכלט.

— מיר וועלן שוין קיינמאָל נישט זען פופציק נאָכאַמאָל — האָט זי געזאָגט.

אויב די דאָזיקע באַמערקונג האָט באַצוועקט צו מבלבל זיין די אלמנה, האָט זי געליטן אַ מפּלה.

— גילבערט זאָגט, אַז פון זיינעטוועגן דאַרף איך זיך נישט מודה זיין צו מער פון ניין און פערציק — האָט זי העפלעך געענטפערט.

די הענט פון מיסיס טאַאוער האָבן לייכט זיך געטרייסלט, אָבער זי האָט געפונען אַן ענטפער.

— עס איז זיכער פאַראַן אַן אומגלייכקייט פון יאָרן צווישן אייךביידן — האָט זי געשמייכלט.

— זיבן און צוואַנציק יאָר — האָט דזשעין געזאָגט. — מיינסטו, אַז עס איז צופיל? גילבערט זאָגט, אַז כ׳בין צו יונג פאַר מיין עלטער. איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך וואָלט נישט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ מאַן מיט איין פוס אין קבר.

איך האָב באמת זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון לאַכן, און גילבערט האָט אויך געלאַכט. זיין געלעכטער איז געווען אַן אָפּנהאַרציקער און ייִנגל־שער. עס האָט אויסגעזען, אַז אַלץ, וואָס דזשעין האָט געזאָגט האָט אים אַמוזירט. אָבער מיסיס טאַאוער האָט זיך שוין ממש נישט געקענט באַהערשן און איך האָב געהאַט גרויס אַנגסט, אַז אויב זי וועט נישט קריגן קיין הילף, וועט זי מיטאַמאָל פאַרגעסן, אַז זי איז אַ פּרוי פון דער גרויסער וועלט. איך בין געקומען צו הילף, ווי ווייט איך האָב געקענט.

## וו. סאמערסעט מאָם

— איך מיין, אַז איר זענט זייער פאַרנומען אין איינקויפן אייער וויפּראַ־ווע — האָב איך געזאָגט.

— ניין, כ׳וויל מאַכן אַלע מיינע זאַכן ביי מיין שניידערקע פון ליווער־פּול, ביי וועלכער איך ניי זיך זינט מיין ערשטער חתונה. אָבער גילבערט לאָזט מיך נישט. ער וויל נישט נאָכגעבן, און אַוודאי באַזיצט ער אַ ווונ־דערבאַרן געשמאַק.

זי האָט אויף אים געקוקט מיט אַ ליבלעכן שמייכל, צוריקגעהאַלטן, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ מיידל פון זיבעצן יאָר.

מיסיס טאַאוער איז בלאַס געוואָרן אונטער איר קאָסמעטישער באַ־פּוצונג.

— מיר פאָרן אַרויס קיין איטאַליע אויף אונדזער האָניק־חודש. גילבערט האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו שטודירן די רענעסאַנס־אַרכי־טעקטור, און אַוודאי איז עס וויכטיק פאַר אַן אַרכיטעקט צו זען אָט די אַלע זיבן זאַכן מיט זיינע אייגענע אויגן. מיר וועלן זיך אויך אָפּשטעלן אויף אונדזער וועג אין פּאַריז און דאָרטן וועל איך מיר מאַכן מיינע קליידער.

— ווי לאַנג מיינט איר צו פאַרבלייבן אין אויסלאַנד?

— גילבערט האָט אָפּגעמאַכט מיט זיין ביוראָ צו פאַרבלייבן אין אויס־לאַנד זעקס מאָנאַטן. ס׳וועט זיין פאַר אים עפּעס אויסערגעוויינלעכס, נישט אמת? איר ווייסט, אַז ביז אַצינד האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט מער פון צוויי וואָכן אורלויב.

— פאַרוואָס? — האָט געפרעגט מיסיס טאַאוער אין אַזאַ קאַלטן טאָן, אַז קיין שום ווילנס־אָנשטרענגונג וואָלט נישט געקענט באַווייזן אים אָנצו־וואַרעמען.

— מיין טייערינקע, ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט דערלויבן דערויף.

— אַזוי! — האָט זיך אָנגערופן מיסיס טאַאוער און האָט אין דעם וואָרט אַריינגעלייגט אַזוי פיל אינהאַלט.

מען האָט זיך מכבד געווען מיט קאַווע און די פרויען זענען אַרויף אויפן אויבערשטן שטאָק. גילבערט און איך האָבן פאַרפירט אַ שמועס איבער זאַכן, וועגן וועלכע מענטשן רעדן, ווען איינער האָט גאָרנישט צו זאָגן דעם אַנדערן; אָבער אין צוויי מינוט שפּעטער האָט מיר דער הויז־אויפזעער צוגעטראָגן אַ בריוועלע. עס איז געווען פון מיסיס טאַאוער און האָט געזאָגט:

קומט אַרויף געשווינד און דאַן גייט אַוועק, ווי ווייט מעגלעך שנעלער. נעמט אים אַוועק מיט אייך. איך מוז רעדן מיט דזשעינען קלאָרע דיבו־רים, אויב נישט וועל איך אַריינפאַלן אין אַ שגעון.

כ׳האָב אים געזאָגט אַ געשווינד אויסגעטראַכטן ליגן.

— מיסיס טאַאוער האָט געקראָגן אַ שטאַרקן קאַפּוויטיק און וויל זיך צולייגן. כ׳מיין, אַז אויב איר האָט גאָרנישט קעגן דעם, וועלן מיר גיין.

— גאַנץ נאַטירלעך — האָט ער געענטפערט.

מיר זענען אַרויף אויפן אויבערשטן שטאָק און פינף מינוט שפּעטער האָבן מיר איבערגעטראָטן די שוועל פון הויז. איך האָב צוגערופן אַ טאַקסי און פאַרגעלייגט דעם יונגנמאַן אַריינצושטייגן.

— ניין, אַ שיינעם דאַנק — האָט ער געזאָגט. — איך וועל צוגיין ביזן ראָג און דאָרט אַריינשפּרינגען אין אַן אָמניבוס.

ווי נאָר מיסיס טאַאוער האָט דערהערט, אַז די פראָנט־טיר האָט זיך צוגעקלאַפּט, האָט זי זיך געוואָרפן אין שלאַכט אַריין.

— זאָג מיר, דזשעין, ביסט משוגע? — האָט זי געליאַרעמט.

— איך מיין, אַז כ׳בין נישט מער משוגע ווי די מערהייט מענטשן, וואָס לעבן בדרך־כלל נישט אין אַ משוגעים־הויז — האָט דזשעין מילד געענ־פערט.

— איך וויל דיך פרעגן, פאַרוואָס גייסטו חתונה האָבן מיט דעם יונגנ־מאַן? — האָט געפרעגט מיסיס טאַאוער מיט אַן אימהדיקער העפלעכקייט.

— טיילווייז ווייל ער וויל נישט וויסן פון קיין ניין. ער האָט מיך געבעטן פינף מאָל. כ׳בין פּאָזיטיוו פאַרמאַטערט געוואָרן פון אָנטזאָגן אים.

— און פאַרוואָס מיינסטו, אַז ער איז אַזוי להוט חתונה צו האָבן מיט דיר?

— איך אַמוזיר אים.

מיסיס טאַאוער האָט אויסגעשריִען נערוועז.

— ער איז אַ הפקרדיקער אויסוואָרף. ס׳האָט געפעלט אַ האָר, אַז איך זאָל עס אים וואַרפן אין פּנים אַריין.

— וואָלסט געווען פולשטענדיק אומגערעכט און ס׳וואָלט געווען זייער נישט העפלעך.

— ער האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה און דו ביסט רייך. דו

טאָרסט נישט זיין אַזאַ פאַרשכורטער טיפּש נישט צו קענען זען, אַז ער האָט מיט דיר חתונה צוליב דיין געלט.

דזשעין איז פאַרבליבן פולשטענדיק קאַלטבלוטיק. זי האָט אָבסערווירט איר שוועגערינס אויפברויז מיט אַ געמיט, וואָס איז פריי פון וועלכע עס איז זאַבאָבאָנעס.

— כ'צווייפל צי ער איז אַזאַ, אויב דו ווילסט עס גענוי וויסן — האָט זי געענטפערט. — איך מיין, אַז ער האָט מיך זייער ליב.

— דזשעין, דו ביסט דאָך אַן אַלטע פרוי.

— כ'בין פון זעלבן עלטער ווי דו, מאַריאַן — האָט זי געשמייכלט.

— כ'האָב תמיד געזאָרגט וועגן מיין פערזאָן. כ'בין זייער יונג פאַר מיין עלטער. קיינער וואָלט נישט געמיינט, אַז איך בין עלטער פון פערציק. אָבער אויך איך גופא וואָלט קיינמאָל נישט געטראַכט חתונה צו האָבן מיט אַ יאָט יינגער פון מיר מיט צוואַנציק יאָר.

— מיט זיבן און צוואַנציק — האָט זי אויסגעבעסערט דזשעינען.

— ווילסט מיר איינרעדן, אַז דו גלויבסט, אַז עס איז מעגלעך, אַז אַ יונגערמאַן זאָל האָבן אַן אינטערעס פאַר אַ פרוי, וואָס איז גענוג אַלט צו זיין אַ מאַמע פאַר אים?

— איך האָב געלעבט אַ סך יאָרן אויף דער פּראָווינץ. כ'מיין, אַז עס זענען פאַראַן אַ סך זאַכן, וועלכע איך קען נישט. מען זאָגט, אַז עס איז פאַראַן אַ מאַן מיטן נאָמען פרויד, אַן עסטרייכער, דאַכט זיך מיר...

אָבער מיסיס טאַאוער האָט זי איבערגעריסן אָן שום צערעמאָניע.

— זיי נישט לעכערלעך, דזשעין. ס'איז אַזוי אומווירדיק. ס'איז אַזוי אומגעלומפּערט. איך האָב דיך שטענדיק געהאַלטן פאַר אַ פאַרנונפטיקער פרוי. דו ביסט די לעצטע פערזאָן אין דער וועלט, אויף וועלכער איך וואָלט זיך געקענט ריכטן צו פאַרליבן זיך אין אַ יינגל.

— אָבער איך האָב זיך אין אים נישט פאַרליבט. איך האָב עס אים געזאָגט. אַוודאי האָב איך אים זייער ליב, ווייבאַלד איך האָב באַשלאָסן חתונה צו האָבן מיט אים. איך האָב געהאַלטן, אַז עס איז נישט מער ווי לאָגיש צו דערקלערן אים גאַנץ פּשוט מיינע געפילן לגבי אים.

מיסיס טאַאוער האָט אַ זיפץ געטון. דאָס בלוט האָט איר אַ זעץ געטון אין קאָפּ און ס'איז איר שווער געוואָרן צו אָטעמען. זי האָט נישט געהאַט ביי דער האַנט אַ פאָכער, האָט זי דעריבער אַ כאַפּ געטון דאָס אָוונטבלאַט און אָנגעהויבן זיך שטאַרק צו פאָכן מיט אים.

— אויב דו ביסט נישט פאַרליבט אין אים, פאַרוואָס־זשע האָסטו חתונה מיט אים?

— כ׳בין געווען אַ זייער לאַנגע צייט אַן אלמנה און כ׳האָב געפירט אַ זייער רואיק לעבן. האָב איך זיך געטראַכט, אַז אַן ענדערונג וועט מיר ווויל באַקומען.

— אויב דו ווילסט חתונה האָבן בלויז לשם חתונה האָבן, פאַרוואָס־זשע האָסטו נישט חתונה מיט אַ מאַן פון דיין עלטער?

— קיין מאַן פון מיין עלטער האָט מיך נישט געבעטן פינף מאָל נאָכ־אַנאַנד. פאַקטיש, קיין מאַן אין מיין עלטער האָט מיך בכלל נישט געבעטן.

דזשעין האָט זיך צעלאַכט, בעת זי האָט געענטפערט. דאָס האָט דער־פירט מיסיס טאַאוער צום העכסטן שטאַפּל פון איר אויפרעגונג.

— דזשעין, הער־אויף צו לאַכן. עס ערגערט מיך. כ׳בין מסופק, צי דו ביסט פולשטענדיק ביים קלאָרן פאַרשטאַנד. ס׳איז שוידערלעך און אימהדיק.

זי האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן און האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין. זי האָט געוווּסט, אַז אין איר עלטער איז עס פאַטאַל צו וויינען. אירע אויגן וועלן געשוואָלן ווערן אויף אַ גאַנצן מעת־לעת און זי וועט באַקומען דאָס אמתע פּנים. אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה. זי האָט געכליפּעט.

דזשעין איז פאַרבליבן פולשטענדיק רואיק. זי האָט געקוקט אויף מאַריאַ־נען דורך אירע גרויסע ברילן און פאַרטראַכטערהייט געגלעט דעם שויס פון איר שוואַרץ זיידן קלייד.

— וועסט זיין שרעקלעך אומגליקלעך — האָט מיסיס טאַאוער דורך איר געוויין געיאָמערט, רייבנדיק אירע אויגן פאָרזיכטיק, אין דער האָפענונג, אַז די שוואַרצע שמינקע פון אירע וויִעס וועט זיך נישט פונאַנדערשמירן.

— איך בין מיט דיר נישט מסכים — האָט דזשעין געענטפערט אין אַ רואיקן און מילדן טאָן, אַזוי ווי אַ שוואַכער שמייכל וואָלט געווען באַהאַלטן הינטער אירע ווערטער.

— מיר האָבן וועגן דעם אַלזייטיק גערעדט. איך מיין תמיד, אַז איך בין אַ פּערזאָן, מיט וועמען עס איז זיך לייכט צוזאַמענצולעבן. איך מיין, אַז איך וועל גילבערטן מאַכן גליקלעך און באַקוועם. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיינעם, וואָס זאָל אים צוזען. מיר האָבן חתונה נאָך אַ רייפן באַטראַכטן די לאַגע. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אויב איינער פון אונדז, וויל צוריק קריגן זיין פרייהייט, וועט דער אַנדערער צד נישט שטערן אין דעם.

מיסיס טאַאוער האָט זיך דערוויל אַזוי באַהערשט, אַז זי איז שוין אימ־שטאַנד געווען צו מאַכן אַ שניידנדיקן ענטפער.

— וויפל האָט ער דיר איינגערעדט איבערצושרייבן אויף זיין נאָמען?

— איך האָב געוואָלט באַשטימען פאַר אים אַ סומע פון טויזנט פונט אַ יאָר, אָבער ער האָט נישט געוואָלט הערן און געדענקען דערפון. ער איז געוואָרן אויפגעבראַכט, ווען איך האָב אים דאָס געזאָגט. ער זאָגט, אַז ער איז בכוח צו פאַרדינען אויף זיינע אייגענע הצטרכותן.

— ער איז מער כיטרע ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט — האָט זויער באַמערקט מיסיס טאַאוער.

דזשעין האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט און האָט געקוקט אויף איר שוועגערין מיט פריינטלעכע אָבער אַנשלאָסענע אויגן.

— זעסט, מיין טייערע, פאַר דיר זעט אויס די זאַך גאַנץ אַנדערש — האָט זי געזאָגט. — דו ביסט קיינמאָל נישט געווען אַזוי לאַנג אַן אלמנה, נישט אמת?

מיסיס טאַאוער האָט אויף איר געקוקט. זי האָט זיך אַ ביסל פאַררויטלט. זי האָט זיך געפילט עטוואָס אומבאַקוועם, אָבער דזשעין איז, נאַטירלעך, גע־ווען אַ צופיל פשוטע נשמה, צו קענען באַנוצן רמזים. מיסיס טאַאוער האָט זיך באַהערשט מיט ווירדע.

— כ'בין אַזוי דערשעפּט, אַז איך מוז זיך אָוועקלייגן — האָט זי גע־זאָגט. — מיר וועלן באַגייען אונדזער שמועס מאָרגן אינדערפרי.

— כ'האָב מורא, אַז עס וועט נישט זיין באַקוועם פאַר מיר, מיין ליבינ־קע. גילבערט און איך גייען מאָרגן אינדערפרי אַרויסנעמען אונדזער חתונה־שיין.

מיסיס טאַאוער האָט אַ הויב געטון אירע הענט פון גרויס אומרו, אָבער זי האָט נישט געפונען גאָרנישט וואָס צו זאָגן.

די חתונה איז פאָרגעקומען אין ביוראָ פון אַרכיוו פון ציווילן רעגיסטער. מיסיס טאַאוער און איך זענען געווען די עדות. גילבערט, אין אַן עלעגאַנטן בלויעם אָנצוג, האָט אויסגעזען משונהדיק יונג און איז קענטיק געווען נער־ווען. עס איז אַ קריטישער מאָמענט פאַר יעדן מאַן. אָבער דזשעין האָט אָנ־געהאַלטן איר וווּנדערבאַרע געלאַסנקייט. זי האָט אויסגעזען צו זיין אַזוי צוגעוווינט אָפט חתונה צו האָבן, ווי אַ מאָדערנע פרוי. בלויז אַ לייכטע

קאַליר אויף אירע באַקן האָט צו וויסן געטון, אַז אונטער איר רואיקייט איז באַהאַלטן אַ שוואַכע אויפרעגונג. עס איז אַן עמאָציאָנעלער מאָמענט פאַר איטלעכער פרוי. זי איז געווען אָנגעטון אין אַ לאַנגן קאָסטיום פון זילבער־גרויעם סאַמעט, אין וועמעס מאָדעל איך האָב דערקענט די האַנט פון דער ליוורפולער שניידעריי (משמעות אַן אלמנה פון אַן אומבאַפלעקטער רעפּוּטאַציע), וועלכע האָט פאַר איר גענייט קליידער זינט אַ סך יאָרן. אָבער זי האָט זיך נישט געקענט קעגנשטעלן דער לייכטזיניקייט פון דער מאָדע און נישט אָנטון אַ גרויסן הוט, פאַרדעקט מיט בלויע שטרויס־פעדערן. אין אירע ברילן מיט די גאָלדענע רעמלעך, האָט זי אויסגעזען אומגעהויער גראָטעסק.

ווען די צערעמאָניע איז פאַרענדיקט געוואָרן, האָט דער סעקרעטאַר פון ציווילן רעגיסטער איר דערלאַנגט זיין האַנט און, אין הסכם מיטן געזעץ, איר געווונטשן גליק. ער איז געווען עטוואָס פאַרווונדערט, לויט מיין אייבזען, איבער דער דיפערענץ אין די יאָרן פון דעם פּאָרל, וועמעס חתונה־פּראָצע־דור ער האָט דורכגעפירט און דער חתן, אַ לייכט פאַררויטלטער, האָט איר אַ קוש געטון. מיסיס טאַאוער, אַ דערשלאָגענע אָבער אַן אומבויגזאַמע, האָט איר אַ קוש געטון, און דאַן האָט די כלה אין דערוואַרטונג אויף מיר אַ קוק געטון. עס איז משמעות געווען אויפן פּלאַץ, אַז איך זאָל איר אויך אַ קוש טון. כ׳האָב עס געטון. כ׳בין זיך מודה, אַז כ׳בין געווען אַ ביסל דערשראָקן, בעת מיר זענען אַרויס פונעם אַרכיוו־ביוראָ און פאַרבייגעגאַנגען דיליידיקגייער־צוקוקער, וועלכע האָבן ציניש אָפּגעוואַרט צו זען דאָס פאַרהייראַטע פּאָרל, און עס איז מיר ממש אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ, ווען כ׳בין אַריין אין מיסיס טאַאוערס קאָטש. מיר האָבן זיך געלאָזט פאָרן אין דער ריכטונג צום וויק־טאָריאַ־וואָקזאַל, מחמת חתן־כלה האָבן באַדאַרפט אָפּפאָרן קיין פּאַריז מיטן צוג, וואָס גייט אָפּ צוויי אַזייגער, און דזשעין האָט אומבאַדינגט געוואָלט, אַז דאָס חתונה־אָנבייסן זאָל פאָרקומען אין וואָקזאַל־רעסטאָראַן. זי האָט געזאָגט, אַז עס מאַכט זי תמיד נערוועאיש, ווען זי געפינט זיך נישט אויף דער פּלאַטפאָרמע אין אַ פריִער צייט. מיסיס טאַאוער, וועלכע איז דאָרטן אָנוועזנד געווען בלויז אַדאַנק איר שטאַרק אַנטוויקלטן חוש פון פאַמיליע־פליכט, האָט ווייניק־וואָס געקענט אויפטון צו דערהויבן און משמח זיין די סעודה. זי האָט גאָרנישט געגעסן (פאַרוואָס איך האָב זי נישט געקענט טאַדלען, מחמת די געריכטן זענען געווען שלעכטע און בכל אופן האָב איך פיינט צו טרינקען שאַמפּאַן ביי מיטאָג) און גערעדט אין אַן אָנגעשטרענגטן טאָן. אָבער דזשעין האָט געוויסנהאַפט דורכגעמאַכט דעם מענו.

## וו. טאמערסעט מאם

— עס איז פון תמיד־אן מיין מיינונג, אז מען באדארף גוט אפעסן פארן ארויספאר אויף א רייזע — האט זי געזאגט.

מיר האבן זיך געזעגנט און איך האב באגלייט מיסיס טאאוער אהיים.

— ווי לאנג, מיינט איר, וועט עס אנהאלטן? — האט זי געזאגט. — זעקס חדשים?

— לאמיר האפן אויף דאס בעסטע — האב איך געשמייכלט.

— רעדט נישט קיין אבסורדן. עס קען נישט ארויסקומען קיין גוטס דער־פון. וואס? איר האט נאך א ספק, אז ער האט בלויז אין זינען איר געלט? אוודאי, קען עס נישט דויערן לאנג. מיין איינציקע האפענונג איז, אז זי וועט נישט באדארפן דורכמאכן אזוי פילליידן, אויף וויפל זי פארדינט.

איך האב געלאכט. די רחמנותפולע ווערטער זענען ארויסגעזאגט געווארן אין אזא טאן, אז עס איז ביי מיר פארבליבן ווייניק ספק, וואס מיסיס טאאוער באצוועקט מיט זיי.

— נו, אויב עס וועט נישט אנהאלטן לאנג, וועט איר האבן אייער טרייסט אין אייער זאגן: „איך האב אייך אזוי דאך געזאגט" — האב איך געזאגט.

— איך פארזיכער אייך, אז איך וועל עס קיינמאל נישט טון.

— דאן וועט איר האבן די סאטיספאקציע פון באגריסן זיך אליין פאר דער זעלבסט־באהערשונג פון נישט צו זאגן „איך האב דאך אייך אזוי געזאגט".

— זי איז אלט און פראווינציעל און פארטעמפט.

— זענט איר זיכער, אז זי איז פארטעמפט? — האב איך געזאגט. — עס איז אמת, אז זי זאגט נישט קיין גרויסע חכמות, אבער ווען זי זאגט שוין יא עפעס, איז עס פולשטענדיק צו דער זאך.

— כ'האב זי קיינמאל נישט אין מיין גאנצן לעבן געהערט זאגן א וויץ.

כ'בין פונדאסניי געווען אויפן ווייטן מזרח ווען גילבערט און דזשעין זענען צוריקגעקומען פון זייער האניק־חודש און דאס מאל בין איך פארבליבן אויף דער רייזע קרוב צוויי יאר. מיסיס טאאוער איז געווען א שלעכטע קארעספאנדענטקע, און כאטש איך האב איר געשיקט אן אילוסטרירטע פאסט־קארטל, האב איך פון איר קיין נייעס נישט באקומען. אבער נאך א וואך פון מיין אומקערן זיך קיין לאנדאן, האב איך זי געזען. איך האב געגעסן נישט ביי זיך אינדערהיים און זיך דארט מיט איר באגעגנט. עס איז געווען א ריזיקע מסיבה. — כ'מיין, אז מיר זענען דארטן געווען פיר־און־צוואנציק,

אַזוי ווי הערינג אין אַ פֿאַס — און אָנקומענדיק אַ ביסל שפּעטלעך, בין איך געווען שטאַרק צעטומלט פֿונעם עולם און האָב נישט באַמערקט, ווער עס איז דאָרטן געווען. אָבער ווען מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט, האָב איך געוואָרפֿן אַ בליק אַרום דעם לאַנגן טיש, און געזען, אַז אַ גרויסע צאָל פֿון די געסט זענען געווען פּערזענלעכקייטן, וועלכע זענען גוט באַקאַנט דעם עולם פֿון זייערע פֿאָטאָגראַפֿיעס אין די אילוסטרירטע צייטשריפֿטן. אונדזער באַלע־באָסטע האָט געהאַט אַ שוואַכקייט פֿאַר פּערזאָנען, וועלכע האָבן טעכניש גע־שמט פֿאַר באַרימטקייטן, און דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער צוזאַ־מענקום. ווען מיסיס טאַאוער און איך האָבן אויסגעביטן די קאָנווענציאָנעלע באַמערקונגען, וועלכע צוויי מענטשן מאַכן, ווען זיי האָבן זיך נישט געזען אַ פּאָר יאָר, האָב איך געפֿרעגט וועגן דזשעיבען.

— עס גייט איר זייער גוט — האָט מיסיס טאַאוער געזאָגט מיט אַ געוויסער טרוקנקייט.

— ווי האָט זיך אַרויסגעוויזן זייער צוזאַמענלעבן?

מיסיס טאַאוער איז אויף אַ רגע אַנטשוויגן געוואָרן און גענומען אַ געזאַלצענעם מאַנדל פֿון דעם געפֿעס, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר איר.

— עס זעט אויס צו זיין אַ פֿולשטענדיקער דערפֿאָלג.

— איר זענט בכן געווען אין אַ טעות, נישט אמת?

— כ׳האָב געזאָגט, אַז עס וועט נישט אָנהאַלטן און כ׳זאָג נאָך אַלץ, אַז ס׳וועט נישט אָנהאַלטן לאַנג. עס איז קעגן דער מענטשלעכער נאַטור.

— איז זי גליקלעך?

— זיי זענען ביידע גליקלעך.

— מיר דאַכט זיך, אַז איר זעט זיי נישט זייער אָפֿט.

— לכתחילה האָב איך זיי אָפֿט געזען, אָבער אַצינד... — מיסיס טאַאוער האָט עטוואָס איינגעצויגן אירע ליפּן. — דזשעין ווערט וואָס אַמאָל אַלץ מער אַ גרויסע דאַמע.

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן? — האָב איך לאַכנדיק געפֿרעגט.

— איך מיין, אַז איך באַדאַרף אייך זאָגן, אַז זי געפֿינט זיך דאָ היינט ביינאַכט.

— דאָ?

כ׳בין איבערראַשט געוואָרן. כ׳האָב פֿונדאָסניי זיך אַרומגעקוקט אַרום דעם טיש. אונדזער באַלעבאָסטע איז געווען אַ לעבנסלוסטיקע פֿרוי, אָבער איך האָב זיך נישט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז זי זאָל ביי זיך פֿועלן איינצולאַדן

צו אַ מאָלצייט, ווי עס איז געווען די איצטיקע, אַן עלטערע און נישט קיין מאָדערנע ווייב פון אַ טונקעלן אַרכיטעקט. מיסיס טאַאוער האָט געזען מיין צעמישטקייט און זי איז געווען גענוג קלוג צו קענען לייענען די מחשבות אין מיין קאָפּ. זי האָט שאַרפזיניק אַ שמייכל געטון.

— גיט אַ קוק אויף די לייט, וואָס זיצן אויף דער לינקער זייט פון אונדזער באַלעבאָסטע.

איך האָב געקוקט. אויף אַ גענוג מאָדנעם אופן, האָט די פרוי, וועלכע איז דאָרטן געזעסן, צוגעצויגן, דורך איר פאַנטאַסטישן אויסזען, מיין אויפמערקזאַמקייט אין זעלבן אויגנבליק, ווי איך בין אַריינגעפירט געוואָרן איבעם אָנגעפּאַקטן סאַלאָן. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך האָב באַמערקט אַ שוואַכן גלאַנץ פון דערקענונג אין אירע אויגן, אָבער אַמוואַרשיינלעכסטן האָב איך זי קיינמאָל נישט געזען פריִער. זי איז נישט געווען קיין יונגע, מחמת אירע האָר זענען געווען אַש־גרוי; זיי זענען געווען קורץ געשוירן און האָבן אין גערדיכטע לאָקן זיך געקרייזלט אויף איר גוט געפורעמטן קאָפּ. זי האָט זיך נישט באַמיט אָנצוגיין פאַר אַ יונגער דאַמע, מחמת זי האָט זיך אויסגעטיילט אין יענער צוזאַמענקונפט דורך דעם, וואָס זי האָט נישט גענוצט נישט קיין שמינקע, נישט קיין רוזש און נישט קיין פּודער. איר פּנים, נישט קיין ספּעציעל שיינס, איז געווען רויט און פאַרהאַרטעוועט פון וועטער, אָבער ווייל עס האָט נישט געהאַט קיין מגע־ומשא מיט קיין געקינסטלטקייט, האָט עס פאַרמאָגט אַ נאַטירלעכקייט, וואָס איז געווען זייער אָנגענעם פאַרן אויג. עס איז געווען אין אַ שטאַרקן קאָנטראַסט מיטן ווייס פון אירע אַקסלען, וועלכע זענען געווען באמת אויסערגעוויינלעכע. אַ דרייסיק־יאָריקע פרוי וואָלט געקענט שטאָלצירן מיט זיי. אָבער איר קלייד איז געווען אויסערגעוויינלעך. נישט גאַנץ אָפּט האָב איך געזען עפּעס מער געוואַגטעס. עס איז געווען דעקאָלטירט מיט אַ קורץ קליידל, ווי עס איז דעמאָלט געווען די מאָדע, שוואַרץ און געל. עס האָט כמעט געמאַכט דעם עפעקט פון אַ מאַסקאַראַד־קאָסטיום, און נישט געקוקט דערויף, האָט עס איר אַזוי געקליידט, אַז כאָטש אויף אַן אַנדער פּערזאָן וואָלט עס אויסגעזען עקסטראַוואַגאַנט, האָט עס אויף איר געדוט ווי די אומפאַרמיידלעכע פּשוטקייט פון דער נאַטור. און צו פאַרפולקאָמען דעם איינדרוק פון אַן עקסצענטרישקייט, אין וועלכער עס איז נישט געווען קיין שום פּאָזע און פון אַן עקסטראַוואַגאַנץ, אין וועלכער עס איז נישט געווען קיין צוועקמעסיקער אויסערלעכער גלאַנץ, האָט זי געהאַט אַ מאָנאָקל, וואָס איז געווען צוגעפעסטיקט צו אַ ברייטער שוואַרצער באַנד.

— וואָס, איר ווילט מיר זאָגן, אַז יענע איז אייער שוועגערין? — האָב איך מיט אַ האַלב־פאַרכאַפּטן אָטעם געפרעגט.

— דאָס איז דזשעין נעיפּיער — האָט געזאָגט מיסיס טאַאוער אין אַן אייז־קאַלטן טאָן.

אין יענעם מאָמענט האָט דזשעין גערעדט. איר באַלעבאָסטע האָט גע־ווענדט איר פּנים צו איר מיט אַ פאַראויס־אויסגעדריקטן שמייכל. אַ טייל־ווייז פליכטוואָטער, ווייס־האָריקער מאַן, מיט אַ שאַרף אינטעליגענט פּנים, וועלכער איז געזעסן לינקס פון איר, האָט זיך אויסגעבויגן פאָראויס מיט גרויס התמדה און דאָס פּאָרל, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן, האָט אויפגעהערט צו שמועסן און האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט. זי האָט געזאָגט אירס און אַלע האָבן מיט אַ פּלוצימדיקער באַוועגונג זיך צוריקגעצויגן אין זייערע שטולן און אויסגעבראָכן מיט אַ הילכיקן געלעכטער. פון דער אַנדערער זייט טיש האָט אַ מאַן זיך געווענדט צו מיסיס טאַאוער. איך האָב אין אים דערקענט אַ באַרימטן שטאַטסמאַן.

— מיסיס טאַאוער, אייער שוועגערין האָט געמאַכט נאָך איין וויץ — האָט ער געזאָגט.

מיסיס טאַאוער האָט געשמייכלט.

— זי איז אויסערגעוויינלעך, נישט אמת?

— לאָמיר טרינקען אַ גוטן שאַמפּאַן און דאַן וועט איר מיר דאַרפן דערציילן אַלץ וועגן דעם — האָב איך געזאָגט.

און אָט איז, וואָס איך האָב באַוויזן צו פאַרשטיין, וואָס איז פאָרגעקומען. ביים אָנהויב פון זייער האָניק־חודש האָט גילבערט גענומען דזשעינען צו פאַרשיידענע שניידערקעס אין פּאַריז און האָט נישט אַרויסגעוויזן זיין קעג־נערשאַפט צו איר אויסקלייבן אַ געוויסע צאָל קליידער, וועלכע האָבן איר גע־פעלן, אָבער ער האָט זי איבערצייגט צו לאָזן מאַכן איינס אָדער צוויי קליידער לויט אַ מוסטער, וועלכן ער האָט פאָרגעלייגט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט פעאיקייטן פאַר דעם מין אַרבעט. ער האָט צוגענומען אַן עלעגאַנט פראַנצויזיש מיידל. דזשעין האָט קיינמאָל נישט געהאַט עפּעס ענלעכס פריִער. זי פלעגט אַליין פאַרריכטן אירע זאַכן און ווען זי פלעגט ווערן, אַז מען זאָל צוראַמען איר צימער, פלעגט זי אָנקלינגען נאָך דעם דינסטמיידל. די קליידער, וועלכע גילבערט האָט מאָדעלירט, זענען געווען לחלוטין אַנדערש פון די, וועלכע זי האָט גענוצט ביז אַצינד. אָבער ער איז געווען זייער פאָרזיכטיק נישט איבערצוכאַפּן צו שנעל די מאָס און וויבאַלד עס איז אים

געפּעלץ געוואָרן, האָט זי זיך געלאָזט איבערצייגן, הגם נישט אָן צווייפל און פאַרדאַכט, צו קליידן זיך מיט זיי ליבערשט ווי מיט די, וועלכע זי פלעגט אַליין אויסקלייבן. פאַרשטענדלעך, אַז זי האָט זיי נישט געקענט טראָגן צוזאַמען מיט די ברייטע האַלקעס, וועלכע זי איז געווען צוגעוווינט צו טראָגן און כאָטש עס איז איר שווער אָנגעקומען, האָט זי ענדלעך מיט זיי זיך צעשיידט.

— איצט, פאַרשטייט איר מיך, — האָט געזאָגט מיסיס טאַאוער מיט עפּעס, וואָס איז ענלעך צו אַ זשעסט פון ווידערווילן — טראָגט זי נאָר דינע, זיידענע ענגע זאַכן. עס איז פאַר מיר ממש אַ וווּנדער, ווי זי כאַפּט נישט קיין געפערלעכע פאַרקילונג אין איר עלטער.

גילבערט און דאָס פראַנצויזיש מיידל האָבן זי געלערנט ווי אַזוי צו טראָגן אירע קליידער, און געגנוג אומדערוואַרטערהייט, האָט זי אַרויסגעוויזן גרויס פלינקייט אין איר לערנען. די פראַנצויזקע איז געווען אַנטציקט פון דער מאַדאַמס אָרעמס און אַקסלען. ס׳וואָלט געווען אַ סקאַנדאַל נישט צו ווייזן עפּנטלעך אַזאַ שיינע זאַך.

— וואַרט אַ ווײַלע, אַלפאָנסינע — האָט געזאָגט גילבערט. — דער נאָענטסטער קאָמפּלעט קליידער, וועלכן איך פּלאַנעווע פאַר דער מאַדאַם, וועט זי דערהויבן צום העכסטן גראַד.

אירע ברילן זענען, פאַרשטענדלעך, געווען שרעקלעך. קיינער וואָלט נישט געקענט באמת אויסזען זייער שיין אין ברילן מיט גאָלדענע ראָמלעך. גילבערט האָט איר צוגעפּאַסט אַ פּאָר מיט פּערלמוטערנע ראָמלעך, אָבער ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ.

— זיי וואָלטן געקליידט זייער גוט פאַר אַ מיידל — האָט ער געזאָגט. — דו ביסט צו אַלט צו טראָגן ברילן, דזשעין.

פּלוצים האָט ער דערפילט אַ באַגייסטערונג. — יאָ, איך האָב עס! דאַרפסט טראָגן אַ מאָנאָקל.

— אָ, גילבערט כ׳קען נישט.

זי האָט אויף אים געקוקט, און זיין אַנטציקונג, די אַנטציקונג פון אַ קינסטלער, האָט זי געמאַכט שמייכלען. ער איז געווען אַזוי זיס צו איר, אַז זי האָט געוואָלט טון אַלץ, וואָס זי וואָלט געקענט, צו צופרידנשטעלן אים.

— כ׳וועל זיך באַמיִען — האָט זי געזאָגט.

זיי זענען אַוועק צו אַן אַפּטיקער און נאָכן צופּאַסן דעם געהעריקן מאָדעל, האָט זי לוסטיק אַריינגעדריקט דעם מאָנאָקל אין איר אויג. גילבערט

האָט אָנגעהויבן פּאַטשן מיט די הענט. אין זעלבן מאָמענט און אין די אויגן פון דעם געפּלעפטן אַפּטיקער, האָט ער אַ קוש געטון אירעביידע באַקן.

— זעסט אויס וווּנדערבאַר — האָט ער אויסגערופן.

אין אַזאַ געמיט זענען זיי אַראָפּגעפאָרן קיין איטאַליע און דאָרטן פאַר־בראַכט גליקלעכע מאָנאַטן, שטודירנדיק רענעסאַנס־ און באַראָק־אַרכיטעקטור. דזשעין האָט נישט בלויז זיך צוגעוווינט צו איר געענדערטן אויסזען, נאָר האָט איינגעפונען, אַז עס געפעלט איר.

תחילת איז זי געווען אַ ביסל שרעקעוודיק, ווען זי איז אַריין אין אַן עס־סאַלאָן פון אַ האָטעל, און מענטשן האָבן זיך אויסגעדרייט צו קוקן אויף איר— פריִער האָט קיינער נישט אַ קוק געטון אויף איר — אָבער אַצינד האָט זי איינגעפונען, אַז די סענסאַציע איז לגמרי נישט אומאָנגענעם. פרויען זענען צוגעקומען צו איר און געפרעגט, ווו זי האָט געקויפט איר קלייד.

— עס געפעלט אייך? — האָט זי געענטפערט טרוקן. — מיין מאַן האָט דעם מאָדעל אויסגעאַרבעט פאַר מיר.

— כ׳וואָלט געוואָלט עס קאָפּירן, אויב איר האָט גאָרנישט קעגן דעם.

דזשעין האָט אין דערווירקלעכקייט געלעבט אַ סך יאָר אַ זייער רו־איק לעבן, אָבער די נאָרמאַלע אינסטינקטן פון איר געשלעכט זענען ביי איר פאַרבליבן נישט געענדערט. זי האָט איר ענטפער געהאַט גרייט.

— כ׳באַדויער, מחמת מיין מאַן איז זייער עמפּינדלעך אויף דעם פונקט און וויל נישט לאָזן קיינעם קאָפּירן מיינע קליידער. ער וויל, אַז איך זאָל זיין די איין־און־איינציקע אין דעם פרט.

זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז מען וועט לאַכן פון איר, ווען זי וועט אַזוי זאָגן, אָבער זיי האָבן עס נישט געטון. זיי האָבן בלויז געענטפערט:

— נו, נאַטירלעך, איך פאַרשטיי עס גאַנץ גוט. איר זענט טאַקע איינ־ציקאַרטיק.

אָבער זי האָט געזען, ווי זיי קאָפּירן מיטן בליק אירע קליידער, און אין אַ געוויסן זינען האָט עס זי געשטעלט אין אַ נישט באַקוועמער לאַגע, מחמת איין מאָל אין איר לעבן, האָט זי זיך געטראַכט, ווען זי טראָגט נישט קיין קליידער ענלעך צו אַלע אַנדערע, זעט זי נישט די באַרעכטיקונג, פאַרוואָס יעדע פרוי וויל טראָגן דווקא די זעלבע קליידער ווי זי.

— גילבערט — האָט זי געזאָגט, אין אַ צו שאַרפן טאָן פאַר איר שטיי־גער — דאָס קומענדיקע מאָל, ווען דו וועסט פּלאַנעווען קליידער פאַר מיר,

וויל איך, אַז דו זאָלסט שאַפן אַזעלכע מאָדעלן, וועלכע קיינער וועט נישט קענען נאָכמאַכן.

— דער איינציקער אופן צו דערגרייכן דאָס איז, צו דערפינדן זאַכן, וועלכע נאָר דו אַליין קענסט עס טראָגן.

— קענסט עס נישט מאַכן?

— יאָ, אויב דו וועסט טון עפּעס פאַר מיר.

— וואָס באַדאַרף עס זיין?

— אָפּשערן דיינע האָר.

כ'מיין, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען דזשעין האָט גע־מאַכט שוועריקייטן. אירע האָר זענען געווען לאַנגע און געדיכטע און מיידל־וויז איז זי געווען זייער שטאָלץ מיט זיי. אָפּשערן זיי וואָלט געווען זייער אַ דראַסטישער פּראָצעס. דאָס וואָלט באַדייט איבעררייסן אַלע בריקן הינטער זיך. אין איר פאַל איז עס נישט געווען דער ערשטער טריט, וואָס איז געווען שווער צו מאַכן, נאָר דער לעצטער; אָבער זי האָט עס געמאַכט (— איך ווייס, אַז מאַריאַן וועט מיר האַלטן פאַר אַ קאָמפּלעטן נאַר און איך וועל קיינמאָל נישט קענען ווידעראַמאָל פאָרן קיין ליווערפּול — האָט זי געזאָגט) און ווען זיי זענען דורכגעפאָרן פאַריז אויף זייער וועג אַהיים, האָט גילבערט זי אַוועקגעפירט (זי האָט זיך געפילט פולשטענדיק קראַנק, איר האַרץ האָט געקלאַפּט אַזוי שנעל) צום בעסטן פריזירער אין דער וועלט. זי איז אַרויס־געקומען פונעם אַנשטאַלט מיט אַ פאַרריסענעם, גאַווהדיקן, חוצפּהדיקן קאָפּ מיט געקרייזלטע גרויע לאָקן. פיגמאַליאַן האָט פאַרענדיקט זיין פאַנטאַסטיש מוסטער־ווערק: גאַלאַטעאַ איז דערשינען אין לעבן.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט — אָבער דאָס אַלץ איז נאָך נישט קיין אויפקלערונג, פאַרוואָס דזשעין איז דאָ היינט ביינאַכט צווישן דער צוזאַ־מענקונפט פון פרינצעסינס, קאַבינעט־מיניסטאָרן וכדומה, ווי אויך נישט, פאַרוואָס זי זיצט מיט דער באַלעבאָסטע פון איין זייט און מיט אַן אַדמיראַל פונעם קריגס־פלאָט ביי דער אַנדערער זייט.

— דזשעין איז אַ הומאָריסטקע — האָט געזאָגט מיסיס טאַאוער. — האָט איר זיי אַלע נישט געזען לאַכן פון יעדער זאַך, וואָס זי זאָגט?

אַצינד איז שוין נישט פאַרבליבן קיין ספק פון דער פאַרביטערונג אין מיסיס טאַאוערס האַרץ.

— ווען דזשעין האָט צו מיר געשריבן, און מיר מודיע געווען, אַז זיי זענען צוריקגעקומען פון זייער האָניק־חודש רייזע, האָב איך באַשלאָסן איינ־

צולאַדן זיי יעדע אויף אַ מאָלצייט. אין תוך גענומען, האָב איך דעם געדאַנק נישט געוואָלט גערן דורכפירן, אָבער איך האָב געפילט, אַז מען מוז עס טון. כ׳האָב געוווּסט, אַז דער צוזאַמענקום וועט זיין אַ טויט־שטילער און איך האָב נישט געהאַט בדעה מקריב צו זיין מענטשן, וועלכע האָבן באמת אַ ממשותדיקע באַדייטונג. פון דער אַנדערער זייט, האָב איך נישט געוואָלט, אַז דזשעין זאָל מיינען, אַז איך האָב נישט קיין וויכטיקע פריינט. איר ווייסט, אַז איך לאַד־איין קיינמאָל נישט מער פון אַכט פּערזאָן, אָבער ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָב איך זיך געטראַכט, וועט זיין אינטערעסאַנטער צו האָבן צוועלף ביים טיש. איך בין געווען צופיל פאַרנומען און האָב דעריבער נישט באַוויזן צו זען זיך מיט דזשעינען ביזן סאַמע אָוונט פון דעם צוזאַמענקום. מיר האָבן געמוזט אַ ביסל צוואַרטן אויף איר — דאָס איז געווען גילבערטס טאַקטיק — ביז, ענדלעך, זי האָט אַריינמאַרשירט אין זאַל. איך בין פאַר־בליבן צעטומלט און אָן לשון. זי האָט געמאַכט אַלע איבעריקע פרויען אויסזען אַלט־פרענקיש און פּראָווינציעל. אין פאַרגלייך מיט איר, האָב איך זיך געפילט ווי אַן אָנגעמאָלעוועטע אַלטע קאָקאָטע.

מיסיס טאַאוער האָט אַ טרונק געטון אַ ביסל שאַמפּאַן.

— כ׳וואָלט זייער געוואָלט קענען באַשרייבן פאַר אייך איר קלייד. אויף קיינעם וואָלט נישט געקענט פּאַסן אַזאַ בגד. אויף איר איז עס געווען פּער־פעקט. און דער מאַנאַקל! איך קען זי פינף־און־דרייסיק יאָר און כ׳האָב זי קיינמאָל נישט געזען אַן ברילן.

— אָבער איר האָט געוווּסט, אַז זי האָט אַ שיינעם קערפּער.

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? איך האָב זי תמיד געזען געקליידט אין די זעלביקע בגדים, ווי איר האָט זי געזען צום ערשטן מאָל. האָט איר גע־האַלטן, אַז זי האָט אַ שיינע פיגור? עס האָט אויסגעזען, אַז זי גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג פון דער סענסאַציע, וואָס זי האָט געמאַכט, אָבער האָט עס באַטראַכט פאַר גאַנץ נאַטירלעך. איך האָב אַ טראַכט געטון פון מיין מאָלצייט און אַ זיפץ געטון פון פאַרלייכטערונג. אויב זי איז אַפילו געווען שווער אין אירע באַוועגונגען, האָט עס אין איר איצטיקן אויסזען נישט געהאַט קיין גרויסע באַדייטונג. זי איז געזעסן ביים אַנטקעגנדיקן עק טיש, און איך האָב געהערט אַ סך לאַכן. כ׳בין געווען צופרידן, מיינענדיק, אַז די געסט באַנעמען זיך אַזוי חניפהדיק בלויז לפנים וועגן. אָבער נאָך דער סעודה זענען אומגעריכ־טערהייט צו מיר צוגעגאַנגען דריי מאַנסביל און האָבן מיר געזאָגט, אַז מיין שוועגערין איז וווּנדערלעך און געפרעגט מיין מיינונג, צי זי וועט זיי דער־

לויבן זי צו באַזוכן. אין דאָזיקן מאָמענט האָב איך נישט געוווּסט, צי איך שטיי אויף מײַנע פיס, צי אויף מײַן קאָפּ. פיר־און־צוואַנציק שעה שפּעטער האָט אונדזער באַלעבאָסטע פון היינטיקן אָוונט אָנגעקלונגען צו מיר און מיר גע־זאָגט, אַז זי האָט געהערט, אַז מײַן שוועגערין געפינט זיך אין לאָנדאָן און, אַז זי איז ממש וווּנדערבאַר און וועט זי אײַנלאַדן אויף אַ מיטאָג, בײַ וועלכן זיי וועלן זיך פערזענלעך באַגעגענען. זי האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפן אינסטינקט, אָט די דאָזיקע פרוי: אין אַ חודש שפּעטער האָט קינד און קייט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דזשעינען. איך געפין זיך דאָ היינט בײַנאַכט נישט צוליב דעם, וואָס איך קען שוין די באַלעבאָסטע אַ צוואַנציק יאָר און האָב זי געלאַדן אַ הונדערט מאָל, נאָר ווײַל איך בין דזשעינס שוועגערין.

נעבעכדיקע מיסיס טאַאוער. די לאַגע איז געווען אַ פּײַנלעכע און כאָטש איך האָב זיך נישט געקענט באַפרײַען פון דעם געפיל פון פאַרוויילונג, מחמת די אומשטענדן האָבן זיך ראַדיקאַל געביטן צו איר אומגונסטן, האָב איך דאָך געפילט, אַז זי פאַרדינט מײַן מיטגעפיל.

— מענטשן קענען זיך קיינמאָל נישט קעגנשטעלן די, וועלכע מאַכן זיי לאַכן — האָב איך געזאָגט, באַמיִענדיק זיך זי צו טרייסטן.

— זי מאַכט מיך קיינמאָל נישט לאַכן.

ווידעראַמאָל האָב איך דערהערט פון דעם אַנטקעגנדיקן עק טיש אַ גע־לעכטער, און כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דזשעין האָט געזאָגט אַ שפּאַסיקע זאַך.

— ווילט איר זאָגן, אַז איר זענט די איינציקע פערזאָן, וואָס מיינט, אַז דזשעין איז נישט קיין פריילעכע? — האָב איך שמייכלענדיק אַ פרעג געטון.

— האָט עס אויף אײַך געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז זי איז אַ הומאָריסטקע?

— איך מוז זאָגן, אַז נישט.

— זי זאָגט די זעלבע זאַכן, וואָס זי האָט געזאָגט די פאַרגאַנגענע פינף־און־דרײַסיק יאָר. איך לאַך, ווען איך זע ווי אַלע לאַכן, מחמת איך וויל נישט אויסזען ווי אַ גולם, אָבער דאָס פאַרוויילט מיך נישט.

— דאָס זעלבע איז געשען מיט דער קעניגין וויקטאָריאַ — האָב איך געזאָגט.

דאָס איז געווען אַ נאַרישער וויץ, און מיסיס טאַאוער איז געווען פול־שטענדיק גערעכט, ווען זי האָט מיר אין אַ שאַרפן טאָן דאָס געזאָגט. כ'האָב באַלד געביטן מײַן טאַקטיק.

— איז דאָ פאַראַן אויך גילבערט? — האָב איך געפרעגט, קוקנדיק לענג־אויס דעם טיש.

— גילבערט איז געוואָרן איינגעלאַדן, מחמת זי גייט נישט אַרויס אָן אים, אָבער היינט ביינאַכט איז ער אויף אַ מאָלצייט פונעם אַרכיטעקטן־אינסטיטוט, אָדער רופט עס אָן ווי איר ווילט אַליין.

— איך חלש צו באַנייען מיין באַקאַנטשאַפט מיט איר.

— גייט־צו און רעדט מיט איר נאָך דער סעודה. זי וועט אייך איינלאַדן צו אירע דינסטיקן.

— אירע דינסטיקן?

— זי נעמט־אויף געסט יעדן דינסטיק אין אָוונט. איר וועט דאָרטן טרעפן וועמען איר ווילט הערן און געדענקען. עס זענען די בעסטע צוזאַמענ־קונפטן אין לאָנדאָן. זי האָט דערגרייכט אין איין יאָר, וואָס איך האָב נישט באַוויזן צו מאַכן אין צוואַנציק.

— אָבער אַלץ, וואָס איר דערציילט מיר, איז פּשוט ווונדער. ווי אַזוי איז דאָס דערגרייכט געוואָרן?

מיסיס טאַאוער האָט געהויבן אירע שיינע אָבער צו דיקע אַקסלען.

— איך וועל זיין זייער דאַנקבאַר, אויב איר וועט מיר עס אויפקלערן — האָט זי געענטפערט.

נאָך דער סעודה האָב איך זיך באַמיט צו דערנענטערן צו דער סאָפע, ווו דזשעין איז געזעסן, אָבער אַנדערע מענטשן האָבן מיט איר געשמועסט. נאָר אַ ווילע שפּעטער איז צו מיר צוגעגאַנגען די באַלעבאָסטע און האָט מיר געזאָגט:

— איך דאַרף אייך פאָרשטעלן דעם שטערן פון אונדזער אַסיפה. קענט איר דזשעין נייפּיער? זי איז ווונדערלעך. זי איז מער אַמוזירנדיק פון אייערע קאָמעדיעס.

מען האָט מיך צוגעפירט צו דער סאָפע. דער אַדמיראַל, וועלכער איז געזעסן ביי איר בעת דער מאָלצייט, איז נאָך אַלץ געווען פאַרטון אין גע־שפּרעך מיט איר. ער האָט נישט באַוויזן קיין סימן צו וועלן אַוועקגיין, און דזשעין, באַגריסנדיק זיך מיט מיר, האָט אים מיר פאָרגעשטעלט.

— קענט איר דעם סער רעדזשינאַלד פראָבישער?

מיר האָבן אָנגעהויבן שמועסן. עס איז געווען די זעלבע דזשעין, וועלכע איך האָב געקענט פון פריִער, אַ פולשטענדיק פּשוטע, היימלעכע און נישט קיין געקינסטלטע, אָבער איר פאַנטאַסטישער אויסזען האָט געגעבן אַן אייגנ־אַרטיקן טעם צו אַלץ, וואָס זי האָט געזאָגט. פּלוצים האָב איך אויסגעבראָכן מיט אַ שטאַרק געלעכטער. זי האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַ פאַרנונפטיקע

און צו דער זאַך, אָבער לחלוטין נישט קיין וויציקע. אָבער דער אופן פון זאָגן עס און דער צאַרטער בליק, מיט וועלכן זי האָט אויף אייך אַ קוק געטון דורך איר מאַנאַקל, האָט אייך ממש באַהערשט. איך האָב זיך דער־פילט מונטער און באַפליגלט. ביים געזעגענען זיך האָט זי צו מיר געזאָגט:

— אויב איר האָט נישט עפּעס בעסערס צו טון, קענט איר קומען און באַזוכן אונדז דינסטיק אין אָוונט. גילבערט וועט זיין זייער צופרידן צו טרעפן זיך מיט אייך.

— ווען ער וועט שוין האָבן פאַרבראַכט אין לאָנדאָן אַ מאָנאַט צייט, וועט ער זיך איבערצייגן, אַז ער קען נישט האָבן עפּעס בעסערס צו טון — האָט זיך אָנגערופן דער אַדמיראַל.

ובכן, דינסטיק, אָבער גענוג שפּעטלעך, בין איך אַוועק צו באַזוכן דזשעינען. איך בין זיך מודה, אַז איך בין אַ ביסל געווען איבערראַשט פון דעם צוזאַמענקום. עס איז געווען אַ העכסט כאַראַקטעריסטישע פאַרזאַמלונג פון שרייבער, מאָלער און פּאָליטיקער, אַקטיאָרן, גרויסאַרטיקע דאַמעס און באַוווסטע שיינהייטן. מיסיס טאַאוער איז פולשטענדיק געווען גערעכט. עס איז געווען אַ פּראַכטפולע מסיבה. איך האָב אַזאַ זאַך נישט געזען אין לאָנדאָן, זינט עס איז פאַרקויפט געוואָרן דאָס סטאַפאָרד־הויז. קיין ספּעציעלע פאַר־ווײַלונג איז נישט פאָרגעקומען. די געטראַנקען זענען געווען פּאַסיקע, נישט זייענדיק קיין לוקסוסדיקע. דזשעין האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז אויף איר רואיקן שטייגער האָט זי זיך הייטער געפילט. ווי איך האָב עס געזען, האָט זי זיך נישט קיין סך באַמיט זיך אָפּצוגעבן מיט אירע געסט, אָבער זיי האָבן אויסגעזען צו פילן זיך גוט דאָרטן, און די פרייליכע, בנעימותדיקע מסיבה האָט זיך פאַרצויגן ביז נאָך צוויי דעם זייגער פאַרטאָג. נאָך דעם האָב איך זי אָפט געזען. נישט ווייל איך פלעג אָפט באַזוכן איר הויז, נאָר איך פלעג זעלטן ווען עסן לונטש אָדער אָוונטברויט, נישט באַגעגענדיק זיך מיט איר.

איך בין אַ ליבהאָבער פון הומאָר און איך האָב געזוכט צו אַנטדעקן, אין וואָס באַשטייט איר אייגנאַרטיקער טאַלאַנט. עס איז געווען אוממעגלעך צו איבערחזרן, וואָס זי פלעגט זאָגן, מחמת דער וויץ, ענלעך צו געוויסע סאָרטן ווײַנען, קען נישט וואַנדערן. זי האָט נישט געהאַט קיין פעאיקייטן פאַר עפּי־גראַמען. זי האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעזאָגט קיין וויציקן ענטפער. אין אירע באַמערקונגען איז נישט געווען קיין בייזוויליקייט און אין אירע ענטפערס קיין סם. עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס מיינען, אַז די נשמה פון אַ וויץ איז באַהאַלטן אין נישט אָנשטענדיקייט און נישט אין זיין קורצקייט, אָבער

זי האָט קיינמאָל נישט געזאָגט קיין זאַך, וואָס איז געווען מסוגל אַרויסצו־רופן אַ פאַררויטלונג אויף די באַקן פון אַ דאַמע פון דער וויקטאָריאַ־עפּאָכע. איך מיין, אַז איר הומאָר איז געווען אַ ספּאָנטאַנער, און איך בין זיכער, אַז ער איז געווען פריי פון וועלכע עס איז כוונות אָדער פּניות. ער האָט גע־שוועבט אין דער לופטן אַזוי ווי אַ זומערפייגעלע, וואָס פליט פון בלום צו בלום, געהאָרכזאַם בלויז צו זיין אייגענעם קאַפּריז, אָן קיין מעטאָד אָדער כוונה. עס איז געווען אָפּהענגיק פון אופן, ווי אַזוי זי האָט גערעדט און פון אופן ווי אַזוי זי האָט געקוקט. איר פּיפּיקייט האָט זי זיך דערוואָרבן אַדאַנק איר פּראַלנדיקן און עקסטראַוואַגאַנטן אויסזען, וועלכן גילבערט האָט פאַר איר אויסגעטראַכט. אָבער איר אויסזען איז בלויז געווען איין עלעמענט פון איר גאַנצקייט. אַצינד איז זי שוין אַריין אין דער מאָדע און מענטשן פלעגן אָנהויבן לאַכן, ווי נאָר זי האָט געעפנט איר מויל. זיי האָבן זיך שוין נישט געוווּנדערט, פאַרוואָס גילבערט האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי, וואָס איז געווען פיל עלטער פון אים. זיי האָבן געזען, אַז דזשעין איז געווען אַ פרוי, פאַר וועלכער די צאָל יאָרן האָבן נישט געהאַט קיין גרויס באַדיי־טונג. זיי האָבן אים באַטראַכט פאַר אַ זייער גליקלעכן יונגנמאַן. דער אַדמיראַל האָט פאַר מיר ציטירט שעקספּירן: „עלטער קען זי נישט פאַרוועלקן, אַזוי ווי געוווינהייט קען נישט פאַרלאַנגווייליקן איר אומענדלעכע פאַרשיידנאַרטיקייט". גילבערט איז געווען אַנטציקט מיט איר דערפּאָלג. ווען איך האָב אים בעסער דערקענט, האָב איך אים אָנגעהויבן ליב האָבן. עס איז געווען קלאָר, אַז ער איז נישט געווען קיין אויסוואָרף און נישט קיין קאַריעריסט. נישט בלויז אומ־געהויער שטאָלץ מיט דזשעינען איז ער געווען, נייערט באמת איבערגעגעבן צו איר. זיין איידלקייט צו איר איז געווען רירנדיק. ער איז נישט געווען באַהערשט פון אייגנליבע, נאָר איז געווען אַ זיס־געשטימטער יונגערמאַן.

— נו, וואָס איז אייער מיינונג פון דזשעינען אַצינד? — האָט ער מיך איינמאָל געפרעגט מיט אַ יינגלישער התפּעלות.

— איך ווייס נישט, ווער פון אייך ביידע איז מער וווּנדערבאַר, זי אָדער איר — האָב איך געזאָגט.

— אָ! איך בין גאָרנישט.

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן. נעמט איר מיך אָן פאַר אַזאַ נאַר, אַז איך קען נישט זען, אַז דאָס זענט איר, און בלויז איר, וועלכער האָט געמאַכט פון דזשעינען דאָס, וואָס זי איז אַצינד.

— מיין איינציקער פאַרדינסט באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב געזען דאָס, וואָס מען האָט נישט געקענט זען מיטן בלויזן אויג — האָט ער גע־ענטפערט.

— איך קען פאַרשטיין, אַז איר האָט געזען אין איר די מעגלעכקייט פון דעם מערקווירדיקן אויסזען, אָבער ווי אַזוי, צו אַלדע רוחות, האָט איר פון איר געמאַכט אַ הומאָריסטקע.

— נו, איך האָב תמיד אָנגענומען די זאַכן, וואָס זי פלעגט אַרויסזאָגן, פאַר עפּעס אויסערגעוויינלעכס. זי איז תמיד געווען אַ הומאָריסטקע.

— איר זענט די איינציקע פּערזאָן, וואָס האָט אַזוי געטראַכט.

מיסיס טאַאוער האָט, נישט אָן גרויסמוטיקייט, באַשטעטיקט, אַז זי האָט זיך טועה געווען אין גילבערטן. זי האָט זיך צו אים צוגעווינט און אים האָלט געקראָגן. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האָט זי זיך קיינמאָל נישט געקווענקלט אין איר איבערצייגונג, אַז דער שידוך וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן. זי האָט מיך געצווונגען צו לאַכן פון איר.

— כ׳לעבן, כ׳האָב קיינמאָל נישט געזען אַזאַ איבערגעגעבן פּאָרל — האָב איך געזאָגט.

— גילבערט איז אַצינד זיבן־און־צוואַנציק. ס׳איז די אמתע צייט, ווען עס באַדאַרף דערשיינען אַ שיין מיידל. האָט איר באַמערקט דעם לעצטן אָוונט אין דזשעינס ווויינונג יענע פּרעכטיקע קליינע פלימעניצע פון סער רעדזשי־נאַלד? איך מיין, אַז דזשעין האָט אויף זיי ביידע געקוקט מיט גרויס אויפ־מערקזאַמקייט און איך גופא האָב זיך געוווּנדערט.

— כ׳צווייפל, צי דזשעין שרעקט זיך פאַר ריוואַליטעט פון וועלכן עס איז מיידל אונטער דער זון.

— וואַרט אַ ביסל־צו און איר וועט זען — האָט מיסיס טאַאוער גע־זאָגט.

— איר האָט דערפאַר געגעבן זעקס חדשים.

— נו, איצט גיב איך אַ טערמין פון דריי יאָר.

ווען עמעצער איז זייער זיכער, אַז זיין מיינונג איז די ריכטיקע, ליגט עס אין דער מענטשלעכער נאַטור צו ווינטשן אים, אַז ער זאָל זיך טועה זיין. מיסיס טאַאוער איז געווען איבער־זיכער. אָבער עס האָט מיך נישט צופרידן געשטעלט, וואָס דער סוף, וועלכן זי האָט תמיד און פאַרטרוילעך פאָראויס־

געזאָגט פאַר דעם שלעכט־צוזאַמענגעפּאַרטן פּאָרל, איז פּאַקטיש מקוים גע־וואָרן. אָבער, אויב די מזלות גיבן אונדז זעלטן נאָך דאָס, וואָס מיר ווילן, איז עס נישט אויף אַן אופן, ווי מיר ווילן עס, און כאָטש מיסיס טאַאוער וואָלט זיך געקענט אַליין לויבן, אַז זי איז געווען פון תמיד־אָן גערעכט, מיין איך, נאָך אַלעמען, אַז זי האָט זיך טועה געווען, מחמת די געשעענישן זענען נישט אויסגעפאַלן, אַזוי ווי זי האָט זיי דערוואַרט.

אַ געוויסן טאָג האָב איך באַקומען פון איר אַ דרינגענדיקע ידיעה און צום גליק בין איך גלייך אַוועק צו זען זי. ווען מען האָט מיך אַריינגעפירט אין צימער, איז מיסיס טאַאוער אויפגעשטאַנען פון שטול און איז צוגע־גאַנגען צו מיר מיט אַ גנבישער געשווינדקייט פון אַ לעמפּערט, וועלכער לויערט אויף זיין קרבן. כ'האָב געזען, אַז זי שטראַלט פון אַנטציקונג.

— דזשעין און גילבערט זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען — האָט זי גע־זאָגט.

— טאַקע? נו, נאָך אַלעמען זענט איר דאָך געווען גערעכט.

מיסיס טאַאוער האָט אויף מיר געקוקט מיט אַן אויסדרוק, וועלכן איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין.

— אומגליקלעכע דזשעין, נעבעך — האָב איך געשעפּטשעט.

— אומגליקלעכע דזשעין! — האָט זי איבערגעחזרט, אָבער אין אַ טאָן פון אַזאַ חוזק, אַז עס האָט מיר דאָס לשון אָפּגענומען.

זי האָט זיך אָנגעשטויסן אויף געוויסע שוועריקייטן אין איר באַמיאונג צו דערציילן מיר, וואָס עס איז פאָרגעקומען.

גילבערט איז געהאַט אַוועקגעגאַנגען פון מיסיס טאַאוערס וווינונג אַ מאָ־מענט פאַר דעם, ווי זי איז צוגעשפּרונגען צום טעלעפאָן מיך אָנצורופן. ווען ער איז אַריין אין צימער אַ בלאַסער און אַ צעטומלטער, האָט זי גלייך געזען, אַז עפּעס שרעקלעכעס האָט פּאַסירט. זי האָט געוווסט, וואָס ער גייט זאָגן, פאַר דעם ווי ער האָט עס געזאָגט.

— מאַריאַן, דזשעין האָט מיך פאַרלאָזן.

זי האָט צו אים אַ שמייכל געטון און אים אָנגענומען ביי דער האַנט.

— איך האָב געוווסט, אַז איר וועט זיך באַנעמען ווי אַ דזשענטלמאַן. עס וואָלט געווען שרעקלעך פאַר איר, אויב מענטשן וואָלן געמיינט, אַז איר האָט זי פאַרלאָזן.

— איך בין געקומען צו אייך, ווייל איך האָב געוווסט, אַז איך קען רע־כענען אויף אייער מיטגעפיל.

— אָ! איך טאַדל אייך נישט, גילבערט — האָט מיסיס טאַאוער געזאָגט אין אַ זייער העפלעכן טאָן. — עס האָט געזאָלט אַזוי פּאַרקומען.

ער האָט אַ זיפץ געטון.

— איך בין זיך משער. איך האָב נישט געקענט האָפן צו האַלטן זי שטענדיק. זי איז צו וווּנדערבאַר, און איך בין אַ צו פּשוטער יאַט.

מיסיס טאַאוער האָט געגלעט זיין האַנט. ער האָט זיך באמת פאַרהאַלטן זייער פיין.

— און וואָס וועט זיין אַצינד?

— נו, זי וועט מיך אָפּגטן.

— דזשעין האָט תמיד געזאָגט, אַז זי וועט נישט מאַכן קיין שוועריקייטן, אויב איר וועט וועלן חתונה האָבן מיט אַ יונג מיידל.

— מיינט איר, אַז עס איז מעגלעך, אַז איך זאָל וועלן חתונה האָבן מיט ווע־מען ס'איז, נאָך דעם ווי איך בין געווען דזשעינס מאַן? — האָט ער געענטפערט.

מיסיס טאַאוער האָט אים אָנגעקוקט צעטומלט.

— אַוודאי ווילט איר זאָגן, אַז איר האָט פאַרלאָזט דזשעינען.

— איך? דאָס וואָלט געווען די לעצטע זאַך אין דער וועלט, וואָס איך וואָלט געטון.

— אָבער פאַרוואָס גייט זי אייך אָפּגטן?

— זי גייט חתונה האָבן מיט סער רעדזשינאַלד פראָבישער, ווי נאָר דער אַקט וועט געזעצלעך דורכגעפירט ווערן.

מיסיס טאַאוער האָט אַזש אַ קוויטש געטון. דערנאָך האָט זי זיך געפילט אַזוי שוואַך, אַז זי האָט געמוזט באַנוצן אירע חלשות־טראָפּנס.

— און דאָס אַלץ נאָך דעם, וואָס איר האָט פאַר איר געטון?

— ווילט איר זאָגן, אַז איר האָט בדעה מסכים צו זיין צו ווערן באַ־האַנדלט אויף אַזאַ שטייגער?

— איך האָב גאָרנישט געטון פאַר איר.

— איר וועט אייך לאָזן אַזוי באַהאַנדלען?

— מיר האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז אויב איינער פון אונדז וועט וועלן זיין פריי, טאָר דער אַנדערער אים נישט שטערן אין דעם.

— אָבער דאָס איז געטון געוואָרן צוליב אייך, מחמת איר זענט מיט זיבן־און־צוואַנציק יאָר יינגער פון איר.

— יאָ, פאַר איר איז עס געווען זייער גינסטיק — האָט ער געענטפערט פאַרביטערט.

מיסיס טאָאוער האָט געמאַכט פאָרוווּרפן, פּראָטעסטירט, אַרגומענטירט און געבראַכט באַווייזן, אָבער גילבערט האָט געהאַלטן אין איין זאָגן, אַז קיין געזעץ קען נישט אָנגעווענדט ווערן לגבי דזשעינען, און אַז עס פאַרבלייבט אים בלויז צו טון דאָס, וואָס זי וויל. אַ דערשלאָגענער איז ער אַוועקגעגאַנגען. עס איז געווען פאַר איר אַ גרויסע פאַרלייכטערונג, ווען זי האָט מיר איבערגעגעבן אַ פולן באַריכט פון דעם געשפּרעך. עס האָט זי צופרידן געשטעלט צו זען, אַז איך בין געווען געפּלעפט, אַזוי ווי זי, און אויב איך בין נישט געווען אַזוי אויפגעבראַכט אויף דזשעינען ווי זי, האָט זי עס צוגעשריבן צום פאַרברעכערישן פעלן פון מאָראַליטעט, וואָס איז אַ באַשטאַנדטייל פון מיין געשלעכט. זי איז נאָך געווען אין אַ צושטאַנד פון אומגעהויערער אויפרעגונג, ווען די טיר האָט זיך געעפנט און דער הויפט־דיגער האָט אַריינגעפירט דזשעינען גופא. זי איז געווען געקליידט אין שוואַרצן און ווייסן, ווי עס האָט געפּאַסט, בלי ספק, פאַר איר עטוואָס צווײדײטיקער פּאָזיציע, אָבער אין אַ קלייד אַזוי אָריגינעל און פאַנטאַסטיש, אין אַ הוט אַזאַ מאָדנעם, אַז איך בין געבליבן קוקן אויף איר מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. אָבער זי איז געווען ווי תמיד מילד און באַהערשט. זי איז צוגעגאַנגען צו מיסיס טאָאוער מיט דער כוונה זי אַ קוש צו טון, אָבער מיסיס טאָאוער האָט זיך צוריקגעצויגן מיט אַן אייז־קאַלטער ווירדע.

— גילבערט איז דאָ געווען — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, איך ווייס — האָט דזשעין געשמייכלט. — איך האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל דיך באַזוכן. איך פאָר אָפּ היינט ביינאַכט קיין פּאַריז און איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך פאַרהאַלטן זייער פריינטלעך צו אים, בעת מיין אָפּוועזנהייט. איך שרעק זיך, אַז לכתחילה וועט ער זיך פילן זייער איינזאַם און עס וועט זיין פאַר מיר באַקוועמער, אויב איך וועל קענען רעכענען אויף דיר, אַז דו וועסט אויף אים אַכטונג געבן.

מיסיס טאָאוער האָט געדריקט אירע הענט.

— גילבערט האָט מיר עפּעס געזאָגט, וואָס איך קען קוים גלויבן. ער גיט מיר איבער, אַז דו גייסט אים אָפּגטן, כדי צו חתונה האָבן מיט סער רעדזשינאַלד פראָבישער.

— געדענקסט נישט, אַז פאַר מיין חתונה מיט גילבערטן האָסטו מיר געראָטן חתונה צו האָבן מיט אַ מאַן פון מיין עלטער. דער אַדמיראַל איז אַלט דריי־און־פופציק.

— אָבער, דזשעין, דו האָסט אַלץ צו פאַרדאַנקען גילבערטן — האָט

אַן אויפגעבראַכטע געזאָגט מיסיס טאַאוער. — אַז אים וואָלסטו נישט עקזיסטירט. אַן זיינע מאָדעלירונגען פון דיינע קליידער, וואָלסטו געווען אַ גאָרנישט מיט גאָרנישט.

— קיין פרוי וואָלט זיך געקענט ווינטשן אַ בעסערן מאַן. ער איז דאָך געווען די סאַמע גוטסקייט פאַר דיר.

— אָ! איך ווייס, אַז ער איז אַ זיסער מאַן. ער האָט מיר צוגעזאָגט אויך אויף ווייטער צו מאָדעלירן מיינע קליידער.

— ווי קענסטו זיין אַזוי שטיינהאַרציק?

— אָבער, איך בין קיינמאָל נישט געווען פאַרליבט אין גילבערטן — האָט דזשעין געזאָגט. — כ׳האָב עס אים תמיד איבערגעחזרט. איך הויב־אָן צו פילן די נויטווענדיקייט פון אַ חברישקייט פון אַ מאַן אין מיין עלטער. איך מיין, אַז כ׳בין געווען פאַרהייראַט מיט גילבערטן וואַרשיינלעך געננג לאַנג. די יונגע לייט האָבן נישט קיין כוח־הדיבור. — זי האָט געמאַכט אַ קורצע פויזע און אונדז ביידע באַקוקט מיט אַ רייצנדיקן שמייכל. — אַוודאי וועל איך זיך זען מיט גילבערטן. איך האָב עס אָפּגעמאַכט מיט רעדזשינאַלדן. דער אַדמיראַל האָט אַ פּלימעניצע, וועלכע וועט זיין פאַר אים גאַנץ צוגעפּאַסט. ווי נאָר מיר וועלן חתונה האָבן, וועלן מיר זיי איינלאַדן צו פאַרבלייבן מיט אונדז אויף מאַלטע — איר ווייסט, אַז דער אַדמיראַל דאַרף איבערנעמען די קאָמאַנדע פון מיטללענדישן ים — און איך וואָלט גאָרנישט נתפעל געוואָרן, אויב זיי וואָלטן זיך פאַרליבט.

מיסיס טאַאוער האָט לייכט אַ סאָפּע געטון מיט דער נאָז.

— און האָסטו אָפּגעמאַכט מיטן אַדמיראַל, אַז אויב דו וועסט וועלן צוריק באַקומען דיין פרייהייט, וועט ער דיר נישט שטערן אין דעם?

— איך האָב אים דאָס געזאָגט — האָט דזשעין געענטפערט אַ רואיקע. — אָבער, דער אַדמיראַל זאָגט, אַז ער איז אַ מבין אויף אַ גוטער זאַך און, אַז ער האָט נישט בדעה חתונה צו האָבן מיט קיין אַנדער פרוי, און אויב עמעצער וויל מיט מיר חתונה האָבן, אַלזאָ, האָט ער אויף זיין אַדמיראַל־שיף אַכט, צוועלף־צאָליקע קאַנאָנען און ער וועט דיסקוטירן דעם ענין פון אַ קורצער דיסטאַנץ.

זי האָט אויף אונדז געוואָרפן אַ בליק דורך איר מאָנאָקל, פון וואָס, אפילו די שרעק פון מיסיס טאַאוערס כעס האָט מיך נישט באַוויזן אָפּצוהאַלטן פון צעלאַכן זיך. — איך מיין, אַז דער אַדמיראַל איז זייער אַ ליידנשאַפטלעכער מאַן.

— דזשעין, איך האָב דיך קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר אַ וויצלערין — האָט זי געזאָגט. — איך האָב קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מענטשן לאַכן פון דעם, וואָס דו זאָגסט.

— מאַריאַן, איך גופא האָב נישט געהאַלטן, אַז איך בין אַ וויצלערין — האָט דזשעין געשמייכלט, ווייזנדיק אירע שיינענדיקע און פיין געפורעמטע ציין. — איך בין צופרידן, וואָס איך פאַרלאָז לאָנדאָן, איידער צופיל מענטשן וועלן מסכים זיין מיט אונדזער מיינונג.

— איך וואָלט זייער געוואָלט, אַז איר זאָלט מיר מגלה זיין דעם סוד פון אייער ווונדערבאַרן דערפאָלג — האָב איך געזאָגט.

זי האָט זיך געווענדט צו מיר מיט יענעם מילדן, אינטימען קוק, וועלכער איז מיר אַזוי גוט געווען באַקאַנט.

— איר ווייסט, ווען איך האָב חתונה געהאַט מיט גילבערטן און זיך באַזעצט אין לאָנדאָן, און מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו לאַכן פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט, קען איך אייך פאַרזיכערן, אַז קיין מענטש אין דער וועלט האָט זיך נישט געקענט מער ווונדערן ווי איך אַליין. איך האָב דאָך געזאָגט די זעלביקע זאַכן אין לויף פון גאַנצע דרייסיק יאָר און קיין לעבעדיקער בשר־ודם האָט נישט איינגעזען די סיבה צו לאַכן פון זיי. איך האָב געמיינט, אַז עס מוזן זיין מיינע קליידער, אָדער מיינע קורץ־אָפּגעשוירענע האָר, אָדער מיין מאָנאָקל. איך האָב אָבער אַנטדעקט, אַז דאָס איז געווען, מחמת איך פלעג זאָגן דעם אמת. עס איז געווען אַזוי אויסטערליש, אַז מענטשן האָבן עס באַטראַכט פאַר הומאָריסטיש. אַ געוויסן טאָג וועט עמעצער אַנטדעקן דעם סוד און ווען מענטשן וועלן דורך געוווינהייט זאָגן דעם אמת, וועט שוין, גאַנץ נאַטירלעך, אין דעם נישט זיין גאָרנישט הומאָריסטישעס.

— און פאַרוואָס בין איך די איינציקע, וועלכע האַלט עס נישט פאַר הומאָריסטיש? — האָט געפרעגט מיסיס טאַאוער.

דזשעין האָט זיך געקווענקלט אַ ווײַלע, גלייך ווי זי וואָלט זיך אָנגע־שטרענגט צו געפינען אַ צופרידנשטעלנדיקע אויפקלערונג.

— מעגלעך, אַז דו דערקענסט נישט דעם אמת, ווען דו זעסט אים, מיין טייערינקע מאַריאַן — האָט זי געענטפערט אויף איר צאַרטן, ליבנס:וויר־דיקן שטייגער.

דאָס האָט איר געגעבן דאָס לעצטע וואָרט. איך האָב געפילט, אַז דזשעין וועט תמיד האָבן דאָס לעצטע וואָרט. זי איז געווען ווונדערלעך.

איך מיין, אַז זייער וויניק מענטשן ווייסן וועגן די מאָטיוון, וועלכע האָבן געפירט מיסיס אַלבערט פאָרעסטער אָנצושרייבן די אַכילעס־סטאַטוע, און היות דאָס ווערק ווערט באַטראַכט פאַר איינס פון די גרעסטע נאָוועלעס פון אונדזער צייט, האַלט איך, אַז אַ קורצער באַריכט פון די אומשטענדן, וועלכע האָבן גורם געווען צו זיין אַנטשטייאונג, דאַרף זיין פון אַ באַדייטנדיקער חשי־בות פאַר אַלע ערנסטע סטודענטן פון ליטעראַטור. און ווירקלעך, אויב, ווי די קריטיקער זאָגן, דאָס איז אַ בוך, וואָס וועט פאַרבלייבן לעבן, מעג די פאָלגנדיקע דערציילונג, אויסער דעם וואָס זי וועט דינען ווי אַ גוטער צייט־פאַרטרייב פאַר אַ לאַנגווייליקער שעה, באַטראַכט ווערן פון דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער ווי אַ טשיקאַווע הערה צו דער ליטעראַטור־געשיכטע פון אונ־דזער צייט.

בלי שום ספק, געדענקט יעדער דעם דערפאָלג, וועלכער האָט באַגלייט די דערשיינונג פון די אַכילעס־סטאַטוע. חודש נאָך חודש זענען דרוקער געווען פאַרנומען מיטן דרוקן, בוך־איינבינדער האָבן געהאַלטן אין איין איינבינדן איין אויפלאַגע נאָך דער אַנדערער, און די פאַרלעגער, הן אין ענגלאַנד, הן אין אַמעריקע זענען געווען שטאַרק פאַריאָגט אין דער אויספירונג פון דער ריזיקער צאָל באַשטעלונגען מצד די בוכהענדלער. אין אַ קורצער צייט איז עס איבערגעזעצט געוואָרן אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן, און לעצטנס האָט מען געמאָלדן, אַז אין דער נאָענטסטער צייט וועט מען עס קענען לייענען אויף יאַפּאַניש און אויף אורדו. אָבער לכתחילה איז עס דערשינען אין פאָר־זעצונגען אין זשורנאַלן אויף ביידע זייטן פון דעם אַטלאַנטיק און פון זייערע רעדאַקטאָרן־אַרויסגעבער האָט דער אַגענט פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטער אויסגעפּרעסט אַ סומע, וואָס קען באַצייכנט ווערן ווי אַ קאָלאָסאַלע. אַ דראַ־מאַטיזאַציע פון דעם ווערק איז אויסגעאַרבעט געוואָרן, וועלכע איז אין משך פון אַ גאַנצן סעזאָן נישט אַראָפּ פון דער סצענע אין ניו־יאָרק און עס אונטער־ליגט נישט קיין שום ספק, אַז ווען די פּיעסע וועט געוויזן ווערן אין לאָנדאָן, וועט זי האָבן דעם זעלביקן דערפאָלג. די פילם־רעכטן זענען פאַרקויפט גע־

וואָרן פאַר אַ הויכן פּרייז. כאָטש די סומע, וועלכע מען שאַצט־אָפּ (אין די ליטעראַרישע קרייזן), אַז זי האָט פאַרדינט, איז וואַרשיינלעך איבערגעטריבן, איז אויסער יעדן ספק, אַז זי וועט האָבן פאַרדינט פון אָט דעם בוך גענוג געלט, וואָס וועט זי באַפרייען פון וועלכע עס איז פינאַנציעלע זאָרג אויפן איבער־געבליבענעם רעשט פון איר לעבן.

עס געשעט נישט אָפט, אַז אַ בוך ווערט אַזוי גינסטיק אויפגענומען הן פונעם ברייטן עולם, הן פון די קריטיקער, און דער פאַקט גופא, וואָס זי, די איינציקע אויף דעם געביט, האָט באַוויזן, אויב איך מעג אַזוי זאָגן, צו רעאַליזירן די קוואַדראַטור פון קרייז, האָט באַדאַרפט זיין זייער צופרידנ־שטעלנדיק פאַר מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, ווייל, כאָטש די לויב פון די קריטיקער אויף איר חשבון זענען געווען פריי פון קנאה־שנאה, איז דאָך דאָס פובליקום פאַרבליבן תמיד מאָדנע אומפילבאַר אויף איר טאַלאַנט. יעט־וועדעס ווערק, וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן, אַ דינער באַנד שיין געדרוקט און געבונדן, אין אַ ווייסן באַקרעם־לייוונט, איז וואַרעם אויפגענומען געוואָרן ווי אַ מייסטערווערק דורך די צייטשריפטן, וועלכע פלעגן איר ווידמען אַ גאַנצן קאָלום און אין די וועכנטלעכע איבערזיכטן פון די זשורנאַלן, וועלכע איר זעט נאָר אין דער פאַרשטויבטער ביבליאָטעק פון אַ זייער לאַנג עקזיסטירנדיקן קלוב, פלעגט מען אירע ווערק ווידמען אַפילו אַ גאַנצע זייט און אַלע גע־בילדעטע לייט האָבן עס געלייענט און געלויבט. אָבער געבילדעטע לייט, ווי עס זעט אויס, קויפן נישט קיין ביכער, און זי האָט נישט פאַרקויפט אירע ווערק. עס איז באמת געווען אַ סקאַנדאַל, אַז אַזאַ אויסגעצייכנטע שרייבערין מיט אַזאַ איידעלער אימאַגינאַציע און אַזאַ אויסערגעוויינלעכן סטיל זאָל פאַרבלייבן פאַרנאַכלעסיקט פון דעם פשוטן עולם. אין אַמעריקע האָט מען זי לגמרי נישט געקענט, און כאָטש מיסטער קאַרל וואַן וועכטען האָט געשריבן אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט געטאַדלט דעם עולם פאַר זיין פאַרטעמפּט־קייט, איז דאָך דער עולם פאַרבליבן אומפילבאַר. איר אַגענט, אַ הייסער חסיד פון אירע פעאיקייטן, האָט דורך דראַאונגען געצוווּנגען אַן אַמעריקאַנער פאַר־לעגער אויפצונעמען צוויי פון אירע ביכער, דערקלערנדיק אים, אַז אויב ער וועט נישט נאָכקומען זיין ווונטש, וועט ער אים נישט צושטעלן אַנדערע ווערק (נאַרישע באַוועלן, בלי שום ספק), אין וועלכע דער פאַרלעגער האָט זיך זייער געגוייטיקט, און די ווערק פון מיסיס פאָרעסטער זיינע אַזויערנאָך אָפּגעדרוקט געוואָרן. דעם קבלת־פּנים, וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער פּרעסע, איז געווען זייער אַ צופרידנשטעלנדיקער און האָט בולט אַרויסגע־

וויזן, אַז אין אַמעריקע האָבן די בעסטע עלעמענטן אָפּגעשאַצט איר טאַלאַנט. אָבער ווען עס איז געקומען צום דריטן בוך, האָט דער אַמעריקאַנער פאַר־לעגער דערקלערט דעם אַגענט, אין אַ זייער גראָבער שפּראַך, ווי עס איז דער שטייגער ביי די פאַרלעגער, אַז אויב ער דאַרף שוין יאָ אויסגעבן געלט, וועט ער עס פאַרווענדן אויף סינטעטישן דזשין.

זינט דער דערשיינונג פון די אַכילעס־סטאַטוע, זענען די פאָריקע ביכער פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איבערגעדרוקט געוואָרן, און מיסטער קאַרל וואַן וועכטען האָט פאַרעפנטלעכט אַ צווייטן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט מיט פאַרביטערונג אָבער איינצייטיק אויך מיט אַנטשלאָסנקייט אַנגעוויזן, אַז ער האָט גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון דער לייענער־וועלט מיט גאַנצע פופצן יאָר צוריק אויף דער אויסנאַמסווייזער שרייבערין. די דאָזיקע ביכער זענען דאָס מאָל אַזוי שטאַרק פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרן, אַז זיי האָבן נישט אויסגעמיטן די אויפמערקזאַמקייט פון קיין שום קולטורעלן לייענער. עס איז דעריבער נישט נויטיק פאַר מיר איבערצוגעבן אַ באַריכט וועגן זיי, און עס וואָלט אויסגעזען, ווי פירן כשוף קיין מצרים, נאָך יענע צוויי סובטעלע אַרטיקלען פון מיסטער קאַרל וואַן וועכטען. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט אָנגעהויבן שרייבן זייענדיק זייער יונג. איר ערשט ווערק (אַ באַנד עלעגיעס) איז דערשינען, ווען זי איז געווען אַ מיידל פון אַכצן יאָר און זי פלעגט פאַרעפנטלעכן זאַכן יעדע צוויי אָדער דריי יאָר, מחמת זי האָט געהאַט אַ צו דערהויבענע מיינונג פון איר קונסט צו איילן זיך מיט איר פּראָדוקציע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ באַנד פּאָעזיע אָדער פּראָזע. ווען די אַכילעס־סטאַ־טוע איז אָנגעשריבן געוואָרן, האָט זי דערגרייכט איר חשובן עלטער פון זיבן־און־פופציק. מען קען זיך אַלזאָ לייכט פאָרשטעלן, אַז די צאָל פון איר־ע ווערק איז געווען אַ באַדייטנדיקע. זי האָט געגעבן דער וועלט אַ האַלבן טוץ בענד פּאָעזיע, פאַרעפנטלעכט אונטער לאַטיינישע נעמען, ווי פּעליציטאַס, פּאַקס מאַרים און עס טעריפלעקס, אַלע פון אַן ערנסטן כאַראַקטער, מחמת איר מוזע איז נישט נוטה געווען צו לייכטזיניקייט און נישט צו פאַנטאַסטישקייט, נאָר זי האָט ליב געהאַט צו מאַרשירן מיט אַ פייערלעכן טראָט. זי איז פאַר־בליבן טריי צו דער עלעגיע, און דער סאָנעט האָט געצויגן איר אויפמערק־זאַמקייט, אָבער איר הויפּט־אויסצייכענונג איז געווען אויפצולעבן די אָדע, אַ פאָרעם פון פּאָעזיע, וועלכע די היינטצייטיקע פּאָעטן האָבן עטוואָס פאַר־נאַכלעסיקט, און עס מעג פעסטגעשטעלט ווערן מיט צוטרוי, אַז איר אָדע צום פּרעזידענט פּאַליער וועט געפינען אַן אָרט אין יעטוועדער אַנטאָלאָגיע

פון דער ענגלישער פּאָעזיע. זי צייכנט זיך אויס נישט נאָר מיטן נאָבעלן קלאַנג פון אירע ריטמען, נאָר אויך מיט איר אַנטציקנדיקער באַשרייבונג פון דעם ליבלעכן לאַנד פראַנקרייך. מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט געשריבן וועגן דעם לואַר־טאָל און אירע דעראינערונגען פון די־בעלע, פון שאַרטר און די פּרעכטיק באַפּוצטע פענצטער פון דער קאַטעדראַלע, פון די מיט זון פאַר־טרונקענע שטעט פון פּראָוואַנס, מיט אַזאַ סימפּאַטיע, וואָס ווערט נאָך מער אייגנאַרטיק, אויב מיר נעמען אין אַכט, אַז זי האָט קיינמאָל נישט אַריינ־געדרונגען טיפער אין פראַנקרייך, ווי ביז בולאָן, וואָס זי האָט באַזוכט קורץ נאָך איר חתונה אויף אַן עקסקורסיע־שיף פון דער שטאָט מאַרגיט. אָבער די פיזישע דערשלאָגנדיקייט, וואָס עס האָט איר פאַרשאַפט איר זייער שווערע ים־קראַנקהייט און דער דריקנדיקער געמיט־צושטאַנד צוליבן אויסגעפּיבען, אַז די איינוווינער פון יענעם פּאָפּולערן ים־קוראָרט האָבן נישט געקענט פאַרשטיין איר פליסיקן און אידיאָמאַטישן פראַנצויזיש, האָבן זי געצוווּנגען נישט אויסצושטעלן זיך אַ צווייט מאָל אויף דערפאַרונגען, וועלכע זענען גע־ווען איינזייטיק באַליידיקנדיק און אומאָנגענעם; און זי האָט שוין קיינמאָל מער נישט געלאָזט זיך מיטרייסן פון דעם פאַררעטערישן עלעמענט, וועלכן זי האָט, טראָץ דעם, באַזונגען (פּאָקס מאַריס) אין ערנסטע און זיסע פערזן.

עס זענען אויך פאַראַן געוויסע שיינע שטעלן אין דער אָדע צו ווודראָ ווילסאָן, און איך באַדויער, וואָס צוליב אַן ענדערונג אין אירע סענטימענטן לגבי דעם אָן שום ספק אויסגעצייכנטן מאַן, האָט די מחברין באַשלאָסן נישט צו איבערדרוקן עס. אָבער איך מיין, אַז מען דאַרף אָנערקענען, אַז מיסיס אַלבערט פּאָרעסטערס אַממערסטן אויסגעצייכנטע ווערק זענען געשריבן אין פּראָזע. זי האָט אָנגעשריבן איניקע ביכער פון קורצע אָבער פּערפעקט געבויטע עסייען אויף אַזעלכע טעמעס ווי האַרבסט אין סאַסעקס, קעניגין וויקטאָריאַ, טויט, פּריילינג אין נאָרפעק, געאָרגיאַנישע אַרכיטעקטור, מעסיע דע דיאַגילעף און דאַנטע. זי האָט אויך געשריבן ערודיטע און גראָטעסקע ווערק איבער דער יעזואיטישער אַרכיטעקטור פון 17טן יאָרהונדערט, און איבער דעם ליטע־ראַרישן אַספּעקט פון דער הונדערט־יאָריקער מלחמה. עס איז געווען איר פּראָזע, וואָס האָט איר דערוואָרבן אָט די אַלע איבערגעגעבענע פאַרערערס, קאָמפּעטענטע כאָטש ווייניק אין צאָל, ווי זי האָט זיך מיט איר זעלטענעם טאַלאַנט פון פּראָזעאָלאָגיע אַליין אויסגעדריקט, וועלכע האָבן זי פּראָקלאַמירט פאַרן גרעסטן מייסטער פון דער ענגלישער שפּראַך, וואָס דער לויפנדיקער יאָרהונדערט האָט געזען. זי האָט אַליין מודה געווען, אַז איר שטאַרקער פּונקט

איז איר סטיל, אַ קלינגענדיקער און דאָך אַ פּיקאַנטער, אַ געשליפענער און דאָך אַן עלאָקווענטער. בלויז אין איר פּראָזע האָט זי געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצוברענגען דעם פּראַכטפולן אָבער געצוימטן הומאָר, וואָס האָט אַזוי אויסגענומען ביי די לייענער. עס איז נישט געווען קיין הומאָר פון געדאַנקען, און אַפילו נישט קיין הומאָר פון ווערטער, עס איז געווען אַ הומאָר פון פונק־טואַציע. אין אַ מאָמענט פון אינספּיראַציע, האָט זי אַנטדעקט די קאָמישע מעג־לעכקייט פון דעם סעמיקאָלאָן און פון דעם האָט זי געצויגן אַ סך און אויס־געצייכנטע נוצן. זי איז געווען ביכולת צו שטעלן עס אויף אַזאַ אופן, אַז אויב איר זענט געווען אַ קולטור־מענטש מיט אַ שאַרפן חוש פאַר הומאָר, זענט איר נישט סתם צעזעצט געוואָרן פון אַ הילכיקן, פערדישן געלעכטער, נאָר איר האָט, יאָ, האַרציק געלאַכט. אירע פריינט האָבן געזאָגט, אַז איר הומאָר האָט געמאַכט אַלע אַנדערע פאָרמען פון הומאָר אויסזען פּראָסט און איבער־געטריבן. אייניקע שרייבער האָבן געפּרוווט איר נאָכטון, אָבער אָן שום דערפאָלג. איר האָט געמעגט זאָגן, וואָס איר ווילט וועגן מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, אָבער איר האָט געמוזט מסכים זיין, אַז זי קען אַרויסבאַקומען יעדן שמץ פון הומאָר פון דעם סעמיקאָלאָן און קיינער האָט זיך צו איר נישט געקענט גלייכן.

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט געוווינט אין אַ דירה נישט ווייט פון מאַרבלאַרטש, וואָס האָט פאַראייניקט אין זיך די מעלות פון אַ גוטן אַדרעס און אַ מעסיקן דירה־געלט. זי איז באַשטאַנען פון אַ שיינעם זאַל צו דער גרויסער גאַס אַרויס און אַ גרויס שלאָפצימער פאַר מיסיס אַלבערט פאָרעס־טער, אַ טונקל עסצימער אין הינטערגרונט און אַ קליין פאַרשטיקט שלאָפצימער, ביי דער קיך, פאַר מיסטער אַלבערט פאָרעסטער, וועלכער פלעגט צאָלן דאָס דירה־געלט. אין דעם שיינעם סאַלאָן פלעגט מיסיס אַל־בערט פאָרעסטער יעדן דינסטיק אויפנעמען אירע פריינט. עס איז געווען אַ שטרענגע און מאַראַליש־אומבאַפלעקטע וווינונג. אויף די ווענט זענען געווען טאַפּעטן געמאָלט פון וויליאַם מאָריס גופא און אויף זיי, אין פשוטע שוואַרצע ראַמען מעדזאָטינטן, וועלכע זענען געזאַמלט געוואָרן איידער מעד־זאָטינטן זענען געשטיגן אין ווערט. דאָס מעבל איז געווען פון דעם טשיפּינ־דייל־פּעריאָד, אויסער דעם פון אויבן־פאַרמאַכנדיקן־זיך שרייבטיש פון אַ נישט געגנויעם סטיל, ענלעך צו אַ לודוויק 16, ביי וועלכן מיסיס אַלבערט פאָרעסטער פלעגט שרייבן אירע ווערק. דאָס פלעגט מען ווייזן די געסט, וועלכע פלעגן זי קומען באַזוכן צום ערשטן מאָל, און ווייניק זענען געווען

די, וועלכע האָבן עס באַקוקט אָן אַנטציקונג. דער טעפּיך איז געווען אַ דיקער און דאָס ליכט דיסקרעט. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער פלעגט זיצן אין אַ גלאַט־רוקנדיקן פאָטעל, ענלעך צו אונדזער זיידנס מאָדעל, פאַרדעקט מיט רויטער דאַמאַסק־לייוונט. ער האָט נישט געהאַט גאָרנישט אויסערגעוויינלעכס, אָבער היות עס איז געווען דער איינציקער באַקוועמער שטול אינעם צימער, האָט עס זי, אַזוי צו זאָגן, אויסגעטיילט און געשטעלט העכער פון אירע געסט. טיי פלעגט דערלאַנגען צום טיש אַ פרוי, וועמעס עלטער עס איז שווער געווען פעסטצושטעלן, אַ שטילע און אַ בלאַסע, וועלכע איז קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט געוואָרן צו קיינעם, אָבער, וועלכע, ווי עס איז געווען באַקאַנט, האָט באַטראַכט ווי אַ פּריווילעגיע צו האָבן די מעגלעכקייט צו פאַרשפּאָרן דער מיסיס אַלבערט פאָרעסטער די לאַנגווייליקע פליכט פון סערווירן דעם טיי. אַזוי אַרום, איז די באַלעבאָסטע געווען אימשטאַנד צו ווידמען זיך אינגאַנצן צו איר געשפּרעך, און עס דאַרף אָנערקענט ווערן, אַז אירע געשפּרעכן זענען געווען אויסגעצייכנטע. זיי זענען נישט געווען זייער באַלעבטע, און היות עס איז שווער אָנצומערקן די פונקטואַציע־צייכנס בעתן געשפּרעך, האָט עס זיך פאַר אייניקע געקענט אַרויסווייזן עטוואָס אָן הומאָר, אָבער די געשפּרעכן זענען געווען פון אַ ברייטן פאַרנעם, סאָלידע, באַלערנדיקע און אינטערעסאַנטע. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איז געווען גוט באַקאַנט מיט סאָציאַלע ווּיסנשאַפטן, יוריספּרודענץ און טעאָלאָגיע. זי האָט אַ סך געלייענט און איר זכרון איז געווען אַ גוטער. זי האָט פאַרמאָגט אַ פעאיקייט פאַר ציטאַטן, וואָס איז זייער אַ גוטער דערזאַץ פאַר שאַרפזין, און האָבנדיק אָנגעקניפּט באַקאַנטשאַפטן, מער אָדער ווייניקער אינטימע, אין לויף פון דרייסיק יאָר, מיט אַ סך הויכגעשטעלטע פערזענלעכקייטן, האָט זי געהאַט אָן אַ שיעור אינטערעסאַנטע אַנעקדאָטן צו דערציילן. זי פלעגט עס זאָגן מיט טאַקט און נישט איבערגעחזרט מער ווי דערטערלעגעך. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט געהאַט דעם טאַלאַנט פון צוציען די פאַרשיידנאַרטיקסטע פערזאָנען און איר האָט געהאַט די מעגלעכקייט אין איין און דער זעלבער צייט צו באַגעגענען אין איר אויפנאַם־סאַלאָן אַן עקס פּרעמיער־מיניסטער, אַ צייטונג־אייגנטימער און אַן אַמבאַסאַדאָר פון אַן ערשט־קלאַסיקער מאַכט. איך האָב מיר תמיד פאָרגעשטעלט, אַז אָט די גרויסע פערזענלעכקייטן פלעגן קומען, מחמת זיי האָבן געמיינט, אַז אָט דאָ רייבן זיי זיך אַקסל־צו־אַקסל מיט דער באַהעמישער וועלט, אָבער מיט אַ באַהעמישער וועלט, וואָס איז פאַר זייער גענוג ריין און זויבער, כדי נישט צו זיין באַדראָעט פון געפאַר, אַז דער

קויט וועט אויף זיי אַרויפקומען. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין פּאָליטיק. און איך האָב אַליין געהערט ווי אַ מיניסטער האָט איר גאַנץ אויפריכטיק געזאָגט, אַז זי פאַרמאָגט מענערישע אינטעליגענץ. זי איז געווען קעגן דער וואַל־באַרעכטיקונג פון פרויען, אָבער ווען פרויען האָבן זי ענדלעך באַקומען, האָט זי אָנגעהויבן אָפּציִען דעם געדאַנק פון צו גיין אין פּאַרלאַמענט אַריין. איר שווערקייט איז געווען אין דעם, וואָס זי האָט נישט געוווּסט, צו וואָס פאַר אַ פּאַרטיי אָנצוגעהערן.

— נאָך אַלעמען — האָט זי געזאָגט מיט אַ הייטערדיקן הויב מיט אירע עטוואָס מאַסיווע אַקסלען — קען איך נישט בילדן אַ פּאַרטיי פון איין מענטש.

אַזוי ווי אַ סך ערנסטע פּאַטריאָטן, נישט וויסנדיק אויף זיכער, ווי אַזוי עס וועט אויסזען די פּאָליטישע לאַגע, האָט זי זיך אָפּגעהאַלטן פון אָננעמען אַן ענדגילטיקן באַשלוס. אָבער לעצטנס האָט זי אָנגעהויבן דעפיניטיוו זיך בויגן אין דער ריכטונג צו דער אַרבעטערשאַפט, ווי צו דער בעסטער האָפענונג פאַרן לאַנד, און אויב מען וואָלט איר פאָרגעלייגט אַ זיכערן מאַנדאַט, האָט מען עס געפילט אויף זיכער, אַז זי וואָלט זיך נישט געקווענקלט אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט ווי אַ קעמפערין פון דעם גערדריקטן פּראָלעטאַריאַט.

איר סאַלאָן איז תמיד געווען אָפן פאַר אויסלענדער, פאַר טשעכאָסלאָוואַקן, איטאַליענער און פראַנצויזן, אויב זיי זענען געווען הויכגעשטעלטע לייט, און פאַר אַמעריקאַנער, אַפילו אויב זיי זענען געווען טונקעלע נפשות. אָבער זי איז נישט געווען קיין סנאָב, און זעלטן ווען איר האָט געקענט געפינען אין איר ווינונג אַ פירשט, וועלכער זאָל נישט האָבן געווען אַן אייגנאַרטיק־ערנסטער מאַן אָדער אַ פירשטין, וועלכע זאָל נישט האָבן געהאַט אויסער איר ראַנגע אויך אַ פּאַספּאָרט פון געוויסע קליינע געזעלשאַפטלעך־מאָראַלישע חטאים, ווי למשל, האָבן געהאַט דורכגעפירט אַ גט, אָנגעשריבן אַ ראָמאַן, אָדער געפעלשט אַ טשעק — מאָטיוון, וועלכע האָבן אַפּעלירט צו די קאַטוילישע געפילן פון מיטלייד פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטער. זי האָט זיך נישט געזאָרגט פאַר מאָלער, וועלכע זענען געווען שרעקעוודיקע און רואיקע לייט, און מיט מוזיקער האָט זי נישט געהאַט קיין מגע־ומשא, ווייל אַפילו אויב זיי זענען געווען גרייט צו שפּילן — און אויב זיי זענען געווען באַרימטע, האָבן זיי זייער אָפט נישט געוואָלט שפּילן — איז זייער מוזיק געווען אַ שטערונג פאַר די געשפּרעכן. אויב מענטשן האָבן געוואָלט הערן מוזיק, האָבן זיי געקענט גיין אויף אַ קאָנצערט; וואָס שייך איר, האָט זי נאָר געוואָלט

האָבן צו טון מיט דער מער סובטעלער מוזיק פון דער נשמה. אָבער איר גאַסטפריינטלעכקייט צו שרייבער, בפרט ווען זיי האָבן אַרויסגעוויזן פעאיקייטן און זענען געווען אומבאַקאַנט, איז געווען אַ וואַרעמע און שטענדיקע. זי האָט געהאַט גרויס אָפּשאַצונג פאַר קנאָספּנדיקע טאַלאַנטן, און עס זענען געווען ווייניק פון די באַרימטע שרייבער, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט קומען טרינקען אַ טעפּעלע טיי מיט איר, ווען זי זאָל נישט האָבן געהאַט דער־מוטיקט און געהאָלפן שטעלן די ערשטע טריט. איר אייגענע פּאָזיציע איז געווען צו גוט פאַרזיכערט, אַז זי זאָל זיין פעאיק אויף קנאה, און זי האָט געהערט דאָס וואָרט זשעני באַהעפט צו איר נאָמען צו אָפט, אַז זי זאָל פילן אַ שמץ פון קנאה, דערפון וואָס די טאַלאַנטן פון די אַנדערע האָבן אַריינגע־בראַכט אַ מאַטעריעלן דערפאָלג, אַ זאַך, וואָס זי האָט נישט זוכה געווען.

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, זיכער מיטן פּסק־דין פון די צוקונפטיקע דורות, האָט זיך געקענט דערלויבן צו פאַרבלייבן גלייכגילטיק. אין אַזעלכע אומשטענדן איז בכן נישט קיין ווונדער, וואָס עס איז איר געלונגען צו גרינדן עפּעס זייער ענלעכעס צום פראַנצויזישן סאַלאָן פון אַכצנטן יאָרהונדערט, צו וועלכן אונדזער באַרבאַריש פאָלק האָט ווען עס איז דערגרייכט. צו ווערן איינגעלאַדן צו „עסן אַ לעקעכל און טרינקען אַ טעפּעלע טיי דינסטיק", איז געווען אַ זכות, וואָס ווייניקע האָבן געקענט נישט אָנערקענען; און ווען איר זענט געזעסן אויף אייער שטול פון טשיפּינדייל־מאָדעל אין דעם דיס־קרעט־באַלויכטענעם אָבער שטרענגן צימער, האָט איר געמוזט פילן, אַז איר לעבט אַדורך ליטעראַטור־געשיכטע. דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר האָט אַמאָל געזאָגט צו מיסיס אַלבערט פאָרעסטער:

— אַ טעפּעלע טיי ביי אייך, מיסיס פאָרעסטער, איז איינער פון די רייכ־סטע אינטעלעקטועלע תענוגים, וועלכן איך האָב ווען־עס־איז געהאַט די זכיה צו פילן.

צייטנווייז פלעגן די דאָזיקע מסיבות זיין אַ ביסל צו דעפּרימירנדיק. מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס געשמאַק איז געווען זייער ראַפינירט. זי האָט תמיד פאַרשטאַנען צו אויסדריקן איר באַוווּנדערונג פאַר שאַרף־דעפינירטע געדאַנקען און מאַכן די ריכטיקע באַמערקונג אין שייכות מיט זיי, אַזוי אַז אין אַ געוויסן מאָמענט פלעגט אייך אָנהייבן אויספּעלן לופט צו אָטעמען. וואָס שייך מיר, פלעג איך האַלטן פאַר פאַרנונפטיק זיך צו קרעפטיקן מיט איינעם אָדער צוויי קאָקטיילס, איידער איך פלעג זיך אויסשטעלן אויף דער סכנה פון דער שווערער אַטמאָספערע פון איר געזעלשאַפט.

און אין דער אמתן, עס האָט געפעלט אַ האָר, אַז איך זאָל אויף אייביק אויסגעשלאָסן ווערן פון די דאָזיקע מסיבות, מחמת אין איינעם אַ נאָכמיטאָג, אָנקלאַפּנדיק אין טיר, האָב איך אָנשטאָט פרעגן דאָס דינסטמיידל: „איז מיסיס פאָרעסטער אינדערהיים?", האָב איך געפרעגט: „ווערט היינט אָפּגעריכט אַ גאָטסדינסט?"

אַוודאי איז עס אַרויסגעזאָגט געוואָרן פּשוט אומפאָרזיכטיקערהייט, אָבער צום אומגליק האָט דאָס דינסטמיידל זיך שטילערהייט צעלאַכט, און איינע פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס אַממערסטן געטרייע פאַרערערינס, עלין הענעוויי, האָט זיך אין יענער רגע געהאַט געפונען אין דעם האָל, אויסטועב־דיק אירע קאַלאָשן. זי האָט דערציילט דער באַלעבאָסטע, וואָס איך האָב געזאָגט, איידער איך בין אַריין אין סאַלאָן, און ווען איך בין געווען איינע־וויניק, האָט מיך מיסיס אַלבערט פאָרעסטער באַקוקט מיט אַדלערישע אויגן.

— פאַרוואָס האָט איר געפרעגט, צי היינט וועט זיין אַ גאָטסדינסט? — האָט זי מיך אויסגעפאָרשט.

איך האָב איר אויפגעקלערט, אַז איך בין געווען שטאַרק צעשטרייט, אָבער מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט מיך פעסט געהאַלטן מיט איר קוק, וועלכן איך קען נישט אַנדערש אָנרופן ווי אַ באַהערשנדיקן.

— איר ווילט בכן זאָגן, אַז מיינע מסיבות זענען... — זי האָט געזוכט אַ פּאַסיק וואָרט. — סאַקראַמענטאַלע?

איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט צו זאָגן, אָבער כ'האָב נישט געוואָלט אַרויסווייזן מיין איגנאָראַנץ פאַר אַזוי פיל אינטעליגענטע לייט, און איך האָב באַשלאָסן, אַז די איינציקע זאַך, וואָס איז מיר פאַרבליבן, איז גע־ווען דורך חניפה אַרויסצוקריכן פון דער פאַרלעגנהייט.

— אייערע מסיבות זענען אַזוי ווי איר אַליין, מיין טייערע לידי, אויסער־געוויינלעך שיין און אויסערגעוויינלעך געטלעך.

אַ שוואַכער ציטער איז אַדורכגעלאָפן איבער איר מאַסיוון קערפּער. זי האָט זיך געפילט ווי אַ מענטש, וועלכער גייט אַריין פלוצים אין אַ צימער אָנגעפילט מיט היאַצינטן. דער דופט איז אַזוי שטאַרק, אַז ער ווערט פאַר־שכורט און זיינע פיס אונטער אים ציטערן. אָבער די לידי איז מילדער געוואָרן.

— אויב איר ווילט פראַווען וויצן — האָט זי געזאָגט — וואָלט איך גע־וואָלט, אַז איר זאָלט פראַקטיצירן אייער טאַלאַנט אויף מיינע געסט און נישט אויף מיינע דינסטמיידלעך... מיס וואָרין וועט אייך צוברענגען טיי.

## וו. סאמערסעט מאָם

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט זיך מיט מיר צעשיידט, טוענדיק אַ פּאַך מיט איר האַנט, אָבער דעם אינצידענט האָט זי נישט פאַרגעסן, מחמת אין משך פון די ווייטערדיקע צוויי אָדער דריי יאָר, ביי יעדער געלעגנהייט, ווען זי פלעגט מיך פאָרשטעלן פאַר עמעצן, פלעגט זי קיינמאָל נישט פאַרפעלן צוצוגעבן:

— איר באַדאַרפט זיין מיט אים זייער העפלעך, ער קומט אַהער בלויז אָפּצוקומען פאַר זיינע זינד. ווען ער קלאַפּט אָן אין טיר, פרעגט ער תמיד: „קומט היינט פאַר אַ גאָטסדינסט?“ ער האָט ליב זיך לוסטיק מאַכן, נישט אמת?

אָבער מיסיס אַלבערט פאָרעסטער פלעגט זיך נישט באַגרענעצן בלויז צו די וואָכעדיקע טיי־מסיבות. יעדן שבת פלעגט מען דורכפירן מיטאָגן פאַר אַכט פערזאָן. לויט איר מיינונג איז דאָס געווען די באַקוועמסטע צאָל צו פירן אַלגעמיינע געשפּרעכן, און איר עסצימער האָט, אויף אַ באַקוועמען שטייגער, נישט געקענט אויפנעמען מער. אויב מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט שטאָלצירט מיט עפּעס, איז עס געווען נישט איר אויסערגעוויינלעכע קענטעניש פון דער ענגלישער פּראָזאָדיע, נאָר אירע מיטאָגן, וועלכע זענען געווען באַרימט. זי פלעגט אויסקלייבן אירע געסט מיט גרויס פּאָרזיכטיקייט, און אַן איינלאַדונג צו איינעם פון אַזעלכע מיטאָגן איז געווען ווערט עפּעס מער פון אַ קאָמפּלימענט, עס איז געווען אַ ברכה. איבערן מיטאָג־טיש איז געווען מעגלעך אָנצוהאַלטן די שמועסן אויף אַ העכערן ניוואָ, ווי ביי דער געמישטער געזעלשאַפט פון די טיי־מסיבות, און ווייניק געסט האָבן געקענט פאַרלאָזן איר עסצימער, נישט מיטנעמענדיק מיט זיך אַ פאַרשטאַרקטן גלויבן אין מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס פעאיקייטן און אַ ליכטיקן גלויבן אין דער מענטשלעכער נאַטור.

זי פלעגט איינלאַדן בלויז מענער, ווייל כאָטש זי איז געווען אַ שטאַרקע ענטוזיאַסטין פון איר מין און געווען צופרידן צו זען פרויען ביי אַנדערע געלעגנהייטן, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ביים טיש זענען זיי נוטה צו שמועסן אויסשליסלעך מיט זייערע נאָענטסטע שכנים און אַזוי אַרום שטערן דעם געמיינזאַמען געדאַנקען־אויסטויש, וואָס פלעגט פאַרוואַנדלען אירע צוזאַמענקונפטן אין אַ פאַרוויילונג נישט נאָר פון גוף נאָר אויך פון דער נשמה. און עס מוז געזאָגט ווערן, אַז מיסיס אַלבערט פאָרעסטער פלעגט אייך מכבד זיין מיט אויסערגעוויינלעכע גוטע מאכלים, אויסגעצייכנטן וויין און אַן ערשטקלאַסיקן ציגאַר. און ווירקלעך, פאַר די אַלע, וועלכע האָבן גענאָסן פון דער

נאָסטפריינטלעכקייט פון ליטעראַטן, דאַרף עס אויסזען זייער טשיקאַווע, מחמת פערזאָנען, וועלכע ווידמען זיך צו דער קענטעניש פון ליטעראַטור, טראַכטן הויך און לעבן פשוט; זייערע מחשבות זענען פאַרנומען מיט גייסטיקע זאַכן און זיי באַמערקן נישט, אַז דער שעפּסנבראָטן איז נישט דערבראָטן און די קאַרטאָפל קאַלט; דאָס ביר איז גוט, אָבער דער וויין מאַכט זיי צופיל ניכטער און צורירן זיך צו דער קאַווע איז נישט געוווּנטשן. מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער איז געווען זייער צופרידן צו באַקומען קאָמפּלימענטן פאַר די מאכלים, מיט וועלכע זי פלעגט מכבד זיין אירע געסט.

זי פלעגט זאָגן:

— אויב מענטשן טוען מיר אָן דעם כבוד צו עסן ביי מיין טיש, האַלט איך עס פאַר יושרדיק צו געבן זיי די בעסטע מטעמים פון מיין היים.

אָבער אויב די חניפה איז געווען איבערגעטריבן, פלעגט זי פּראָטעס־טירן.

— איר שטעלט מיך אין אַ פאַרלעגנהייט, אויב איר לויבט מיך אומ־פאַרדינטערהייט. איר באַדאַרפט לויבן מיסיס בולפינטש.

— ווער איז מיסיס בולפינטש?

— מיין קעכין.

— אויב אַזוי איז זי באמת אַן אוצר, אָבער איר וועט מיך נישט צווינגען צו גלויבן, אַז זי קלייבט אויך אויס דעם וויין.

— איז ער גוט? איך בין אַ גרויסער עם־הארץ אויף אַזעלכע זאַכן. אין דעם פּרט פאַרלאָז איך זיך פולשטענדיק אויף מיין וויין־סוחר.

אָבער ווען מען האָט דערמאָנט די ציגאַרן, האָט מיסיס אַלבערט פּאַרעס־טער געגומען שטראַלן.

— אָ, דערפאַר קומט אַ קאָמפּלימענט אַלבערטן. דאָס איז ער, וואָס קלייבט אויס די ציגאַרן, און מען זאָגט מיר, אַז ס'איז נישטאָ קיין גרעסערער מבין אויף ציגאַרן פון אַלבערטן.

זי האָט באַקוקט איר מאַן, ווי אַ ראַסאָווע הון (אויב איר ווילט, לאָמיר אָננעמען, פון דער ראַסע באַף־אָרפּינגטאָן) באַקוקט מיט אירע גאַווהדיקע אויגן איר איינציקע עופעלע. דעמאָלט איז געוואָרן אַ שטאַרקע אויפלעבונג אין גע־שפּרעך, מחמת די געסט, להוט אַרויסצוווייזן זייער העפלעכקייט צום באַלע־באָס, און געפינענדיק סוף־כל־סוף אַזאַ הערלעכע געלעגנהייט, האָבן אויס־געדריקט זייער אָנערקענונג פאַר זיין אייגנאַרטיקן טאַלאַנט.

— איר זענט זייער פריינטלעך — האָט ער געזאָגט. — עס פרייט מיך זייער, אַז זיי געפעלן אייך.

דעמאָלט פלעגט ער האַלטן אַ קליינעם רעפּעראַט וועגן ציגאַרן, אויפ־קלערנדיק די מעלות, וועלכע ער זוכט און באַדויערנדיק די פאַרערגערונג אין דער קוואַליטעט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דער קאָמערציאַליזאַציע פון אָט דער אינדוסטריע. מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער האָט זיך צוגעהערט צו אים מיט אַ צופרידענעם שמייכל, און זי איז געווען בלי ספק דערפרייט פון זיין קליינעם טריאומף. אַוודאי, האָט דאָס געשפּרעך וועגן ציגאַרן זיך נישט געקענט ציִען אָן אַ סוף, און ווי נאָר זי האָט באַמערקט, אַז אירע געסט האָבן זיך גענומען לאַנגווייליקן, האָט זי אָנגעוואָרפן אַ טעמע פון אַ מער אַלגע־מיינער און אפשר פון אַ גרעסערער וויכטיקייט. אַלבערט איז דאַן געבליבן שטיל, אָבער ער האָט אויסגענוצט זיין געלעגנהייט.

איבער אַלבערטן האָבן אייניקע געסט פון מיסיס פּאַרעסטערס מסיבות זיך געפילט וויניקער באַקוועם אויף די מיטאָגן ווי אויף די טיי־אויפנאַמעס, מחמת אַלבערט איז געווען אַ נודניק, אָבער, הגם זי האָט עס גוט געוווּסט, האָט זי עס דאָך באַטראַכט פאַר אַ פּרינציפּ, אַז ער באַדאַרף אָנוועזנט זיין אויף אירע מסיבות, און האָט דעריבער בכיוון באַשטימט די שבתים, מחמת ער איז די גאַנצע וואָך געווען פאַרנומען. מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער האָט געפילט, אַז איר מאַנס אָנטייל אויף אָט די פייערלעכע געלעגנהייטן איז געווען אַן אומפאַרמיידלעכער חוב, וועלכן זי האָט געצאָלט פאַר איר זעלבסט־באַערונג. זי וואָלט קיינמאָל נישט אָנערקענט פאַר דער וועלט, אַז זי האָט חתונה געהאַט לייכטזיניקערהייט מיט אַ מאַן, וועלכער איז גייסטיק נישט אירס גלייכן, און גאַנץ מעגלעך, אַז בעת די שטילע אשמורות פון דער נאַכט, פלעגט זי זיך גופא פרעגן, ווו וואָלט זיך באמת געקענט אַזאַ מין מאַן געפינען. מיסיס אַלבערט פּאַרעסטערס פריינט האָבן נישט געליטן פון אַזאַ צוריקגע־האַלטנקייט און זיי האָבן גאַנץ פשוט געזאָגט, אַז עס איז שרעקלעך, אַז אַזאַ פרוי זאָל זיין פאַריאָכט פון אַזאַ מאַנסביל. זיי האָבן זיך געחידושט, ווי אַזוי האָט זי געקענט חתונה האָבן מיט אים און (היות די מערהייט פון זיי איז געווען נישט פאַרהייראַט) פלעגן ענטפערן פאַרצווייפלטע, אַז קיינער ווייסט נישט, פאַרוואָס ער האָט חתונה מיט דער אָדער יענער פערזאָן.

נישט ווייל אַלבערט איז געווען אַ באַרעדעוודיקער און אַן אַגרעסיווער נודניק. ער פלעגט אייך נישט באַלעסטיקן מיט אומענדלעכע מעשיות און לאַנגווייליקן אייך מיט טעמפּע שאַרפזיניקייטן. ער פלעגט אייך נישט קרייצן

אויף אַן אויסגעדראָשענער נאַרישקייט, אָדער צעקאַליעטשן אייך מיט אַ קלאָצפּראַגע; ער איז געווען דול. אַ גאַרנישט. קליפאָרד בוילסטאָן, פאַר וועמען די פּראַנצויזישע ראָמאַנטיקער האָבן נישט אויסבאַהאַלטן קיין סודות און וועלכער איז געווען אַליין אַ באַגאַבטער שרייבער, האָט געזאָגט, אַז ווען איר קוקט אַריין אין אַ צימער, אין וועלכן אַלבערט איז נאָר־וואָס אַריין, מאַכט עס אויף אייך דעם איינדרוק, אַז קיינער איז דאָרט נישט פאַראַן. די פריינט פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איז די פּראַזע זייער געפעלן, און ראָזע וואָטערפאָרד, די גוט־באַקאַנטע נאָוועליסטקע און די אַממערסטן דרייסטע פון פרויען, האָט זיך דערוועגט דאָס איבערצוחזרן פאַר מיסיס אַלבערט פאָרעסטער. הגם זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז פאַרזאָרגט, האָט זי נישט געקענט אויסמיידן דעם שמייכל, וועלכער איז אַרויסגעקומען אויף אירע ליפּן. איר באַנעמונג צו אַלבערטן האָט נאָך מער געהויבן דעם דרך־ארץ, פון וועלכן זי האָט גענאָסן ביי אירע פריינט. זי האָט זיך געהאַלטן פעסט ביי דער מיינונג, אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי מעגן טראַכטן טיף ביי זיך אין האַרץ וועגן אַלבערטן, זענען זיי מחויב צו באַהאַנדלען אים מיט אָנשטענדיקייט, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר איר מאַן. איר באַציאונג צו אים איז געווען ממש צו באַוווּנדערן. אויב ער פלעגט מאַכן אַ באַמערקונג, פלעגט זי זיך צוהערן צו אים מיט אַ ליבלעכער מינע, און ווען ער פלעגט איר צוברענגען אַ בוך, וואָס זי האָט באַדאַרפט, אָדער דערלאַנגען איר אַ בלייפעדער צו פאַרצייכענען אַ געוויסן געדאַנק, וועלכער איז איר פּלוצים איינגעפאַלן, פלעגט זי אים תמיד אָפּדאַנקען. זי האָט אויך נישט דערלויבט, אַז מען זאָל אים גרינגשעצן בפרהסיה, און כאָטש, זייענדיק אַ טאַקטישע פרוי, האָט זי געוווּסט, אַז עס וואָלט געהייסן פאָדערן צופיל פון דער וועלט, אויב זי וואָלט תמיד אים גענומען מיט זיך, ווּהין זי גייט (און זי פלעגט דעריבער גיין אַליין), דאָך האָבן אירע פריינט גוט געוווּסט, אַז זי פלעגט דערוואַרטן, אַז זיי זאָלן אים איינלאַדן אויף אַן אָוונט־מאָלצייט לפּחות איין מאָל אין אַ יאָר. ער פלעגט זי תמיד באַגלייטן אויף די גרויזלשאַפטלעכע באַנקעטן, ווען זי פלעגט דאַרפן האַלטן אַ רעדע, און ווען זי פלעגט האָבן אַ פאָרטראַג, האָט זי תמיד געזען, אַז ער זאָל האָבן אַ פּלאַץ אויף דער טריבונע.

אַלבערט איז געווען אַ מאַן פון מיטעלן וווּקס. אָבער אפשר צוליב דעם, ווייל מען האָט זיך אים תמיד פאָרגעשטעלט זייט־ביי־זייט מיט זיין פרוי (אַ מגושמדיק־געבויטע געשטאַלט), האָט ער אויסגעזען ווי אַ קליין מענטשעלע. ער איז געווען אויסגעדאַרט און שוואַך, און האָט אויסגעזען צו

זיין צו אַלט פאַר זיין עלטער. ער איז געווען מיט איר אין די זעלבע יאָרן. זיינע האָר, וועלכע ער פלעגט האָבן קורץ געשוירן, זענען געווען ווייס און שיטער, און ער האָט געהאַט קורץ־געשוירענע ווייסע וואָנצן. זיין פּנים אויסגעדאַרט און מיט קנייטשן, האָט נישט געהאַט קיין ספּעציעלע שטריכן, און זיינע בלויע אויגן, וועלכע זענען אפשר אַמאָל געווען אַטראַקטיוו, זענען אַצינד געווען בלאַס און מיד. ער איז שטענדיק געווען ווי געהעריק אָנגעטון; אין הויזן פון אַ שטאָף מיט דינע גרויע און ווייסע פּאַסן, וואָס ער פלעגט אויסקלייבן תמיד פון זעלבן מוסטער, אַ שוואַרצן ראָק און אַ גרויעם קראַוואַט מיט אַ קליינע פּערל־שפּילקע אין אים. ער איז געווען זייער דיסקרעט, און ווען ער פלעגט שטיין אין מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס אויפנאַם־סאַלאָן כדי אויפצונעמען די געסט, וועלכע זי האָט פאַרבעטן צום מיטאָג, פלעגט איר אים אַזוי שוואַך באַמערקן, ווי איר פלעגט שוואַך באַמערקן די סאָלידע און עלעגאַנטע מעבל. ער האָט געהאַט גוטע מאַנירן און פלעגט דריקן די הענט מיט אַ צופרידענעם און העפלעכן שמייכל.

— שלום־עליכם! כ'בין זייער צופרידן צו זען אייך — פלעגט ער זאָגן, אויב עס זענען געווען די מער־ווייניק אָפטע געסט. — איך האָף, אַז אַלץ גייט ווי אַמבעסטן, נישט אמת?

אָבער אויב דאָס זענען געווען אומבאַקאַנטע, אין אַ געוויסער מאָס וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, וועלכע זענען צום ערשטן מאָל געקומען אין הויז, פלעגט ער צוגיין צו דער טיר אין מאָמענט, ווען זיי פלעגן אַריינקומען אין סאַלאָן און זאָגן:

— איך בין מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס מאַן. איך וועל אייך פאָרשטעלן פאַר מיין פרוי.

דאַן פלעגט ער צופירן דעם גאַסט ביזן אָרט, וווּ עס איז געשטאַנען מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, מיטן רוקן צו דער ליכטיקייט, און זי, מיט אַ צופרידענער און אייפערדיקער באַנעמונג, פלעגט צוקומען אַנטקעגן און אויפנעמען דעם פרעמדן בסבר פּנים יפות.

עס איז געווען אָנגענעם צו זען די באַשיידענע גאווה, וואָס עס האָט אים פאַרשאַפט זיין פרויס ליטעראַרישע רעפּוטאַציע, ווי אויך די זעלבסט־דערנידעריקונג, מיט וועלכער ער איז בייהילפיק געווען אין אירע עסקים. ער איז תמיד געווען אויפן אָרט, ווען מען האָט אים באַדאַרפט, און אָפּוועזנט, ווען ער איז נישט נויטיק געווען. זיין טאַקטישקייט, אויב נישט קיין גוט־אויסגערעכנטע,

איז געווען אַן אינסטינקטיווע. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איז געווען די ערשטע צו אָנערקענען זיינע פעאיקייטן.

— איך ווייס בנאמנות נישט, וואָס וואָלט איך געטון אָן אים — האָט זי געזאָגט. — איך ווייס נישט, ווי אָפּצושאַצן אים. איך לייען פאַר אים אַלץ, וואָס איך שרייב, און זיין קריטיק איז אָפּט זייער נוצלעך.

— מאָליער און זיין קעכין — האָט זיך אָנגערופן מיס וואָטערפאָרד.

— וואָס? ליבינקע ראָזע, איר מאַכט אַ שפּאַס? — האָט געענטפערט מיסיס פאָרעסטער מיט אַן עטוואָס זויערע שטימע.

ווען מיסיס אַלבערט פאָרעסטערן פלעגט נישט געפעלן ווערן אַ באַמערקונג, פלעגט זי האָבן אַ געוווינהייט (אַ זאַך, וואָס פלעגט אַ סך מענטשן ממש צעטומלען) צו פרעגן דעם באַמערקער, צי זיין באַמערקונג אַנטהאַלט אַ שפּאַס, וועמעס פּיתרון זי איז צו טעמפּ־קעפּיק צו באַנעמען. אָבער, עס איז געווען אוממעגלעך צו צעטומלען מיס וואָטערפאָרד. זי איז געווען אַ ליידי, וועלכע האָט געהאַט אין לויף פון איר לאַנג לעבן אַ שפּאָר ביסל ליבע־דראַמעס, אָבער נאָר איין ליידנשאַפט האָט זי באַהערשט, און דאָס איז געווען: דאָס געדרוקטע וואָרט. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט זי מער טאָלערירט ווי מיט איר מסכים געווען.

— לאָזט מיך צורו, מיין ליבינקע — האָט זי געענטפערט. — איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אָן אייך וואָלט ער נישט געקענט עקזיסטירן. ער וואָלט קיינעם פון אונדז נישט געקענט. עס באַדאַרף פאַר אים זיין ווונדערבאַר צו האָבן די געלעגנהייט, צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די בעסטע קעפּ און די אַממערסטן אויסגעצייכנטע פערזענלעכקייטן פון אונדזער צייט.

— גאַנץ מעגלעך, אַז די בין וואָלט אומגעקומען אָן דעם בינשטאָק, וועלכער באַשיצט זי, אָבער נישט געקוקט דערויף, האָט די בין אַן־און־פאַר־זיך אַ באַדייט.

אָבער מחמת מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס פריינט, הגם זיי האָבן גע־ווּוסט אַלץ, וואָס איז שייך קונסט און ליטעראַטור, זענען געווען שטומפּיק אויפן געביט פון נאַטור־געשיכטע, האָבן זיי נישט געהאַט קיין ענטפער אויף איר באַמערקונג.

זי האָט פאָרגעזעצט:

— ער רוקט נישט אַריין זיך נאָז אין מיינע עסקים. ער ווייס, אונטער־באַוווּסטזיניק, ווען איך וויל נישט, אַז מען זאָל מיך באַלעסטיקן, און אין דער אמתן, ווען איך פּאָלג־נאָך אַ געדאַנקען־ליניע, געפין איך אייך, אַז זיין אָנוועזנהייט אין צימער איז פאַר מיר גיכער אַ מעלה ווי אַ חסרון.

## וו. סאמערסעט מאָם

— ווי אַ פּערסישע קאַץ — האָט געזאָגט מיס וואָטערפאָרד.

— אָבער ווי אַ זייער גוט געשולטע, גוט דערצויגענע און מיט גוטע מאַנירן פּערסישע קאַץ — האָט מיסיס פאָרעסטער זיך שטרענג אָנגערופן, לאָזנדיק אויף אַזאַ אופן מיס וואָטערפאָרד זיצן מטושטש אויף איר פּלאַץ.

אָבער מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט מיט דעם נישט פאַרענדיקט דעם ענין פון איר מאַן.

— מיר, וועלכע געהערן־אָן צו דער אינטעליגענץ — האָט זי געזאָגט — זענען נוטה צו לעבן אין אונדזער אייגענער ספּעציעלער וועלט. מיר זענען פאַראינטערעסירט אין דאָס אַבסטראַקטע מער ווי אין דאָס קאָנקרעטע, און צייטנווייז גיב איך מיר אַ טראַכט, אַז מיר אָבסערווירן די רוישיקע וועלט פון מענטשלעכע טואונגען אויף אַ צו גלייכגילטיקן שטייגער און פון אַ צופיל רואיקער הויכקייט. מיינט איר נישט, אַז עס דראָעט אונדז נישט די געפאַר צו ווערן אַ ביסל אוממענטשלעך? איך וועל אייביק פאַרבלייבן דאַנקבאַר אַלבערטן דערפאַר, וואָס ער האַלט מיך אָן אין קאָנטאַקט מיטן מענטש פון דער גאַס.

צוליב דער דאָזיקער באַמערקונג, אין וועלכער קיינער פון אירע פריינט האָט נישט געקענט לייקענען די זעלטענע טיפזיניקייט און שאַרפזיניקייט, וואָס האָט אַזוי בולט כאַראַקטעריזירט אַזוי פיל פון אירע אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען, איז אַלבערט געוואָרן באַקאַנט אין דעם אוממיטלבאַר־נאָענטן אַרום ווי דער מענטש פון דער גאַס. אָבער דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ קורצע ווײַלע און איז פאַרגעסן געוואָרן. שפּעטער איז ער באַקאַנט געוואָרן ווי דער פילאָטעליסט. דאָס איז געווען קליפאָרד בוילסטאָן, מיט זיין בייזווילליקן שפּאַס, וועלכער האָט דערפונדן דעם דאָזיקן נאָמען. אַ געוויסן טאָג, זייענדיק אויסגעמאַטערט פון זיינע באַמיאונגען אָנצוהאַלטן אַ געשפּרעך מיט אַלבערטן, האָט ער אים אין זיין פאַרצווייפלונג אַ פרעג געטון:

— איר זאַמלט פּאָסטמאַרקעס?

— ניין, — האָט געענטפערט אַלבערט אין אַ מילדן טאָן — איך זאַמל נישט.

אָבער אין זעלבן אויגנבליק פון שטעלן די פראַגע, האָט קליפאָרד בוילסטאָן פאַראויסגעזען אירע מעגלעכקייטן. ער האָט פאַרפאַסט אַ בוך וועגן באָדלערס מומע, וואָס האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע, וועלכע זענען געווען פאַראינטערעסירט אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, און וועלכער האָט, אַדאַנק זיין טיפן שטודירן דעם פראַנצויזישן גייסט אַריינגעצויגן אין זיך אַ גרויסן חלק פון דער פראַנצויזיש געשווינדקייט און פון דעם

פּראָנצויזישן גלאַנץ. ער האָט נישט גענומען אין אַכט אַלבערטס לייקענונג, נאָר גראָד פאַרקערט, האָט ביי דער ערשטער געלעגנהייט געלאָזט וויסן די פריינט פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, אַז ער האָט ענדלעך אַנטדעקט אַל־בערטס סוד. יענער זאַמלט פּאָסטמאַרקעס. זינט דעמאָלט, ווען ער פלעגט אים באַגעגענען, האָט ער אים תמיד געפרעגט:

— נו, מיסטער פאָרעסטער, ווי האַלט עס מיט די מאַרקעס־זאַמלונג? — אָדער — האָט איר געקויפט אַנדערע מאַרקעס זינט אונדזער לעצטער באַ־געגעניש?

עס האָט נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג, וואָס אַלבערט האָט געהאַלטן אין איין לייקענען, אַז ער זאַמלט נישט קיין מאַרקעס. די דערפינדונג איז געווען אַ צו געלונגענע, אַז מען זאָל פון איר נישט אַרויסציִען די בעסטע נוצן. מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס פריינט זענען געווען אַנטשלאָסן צו גלויבן, אַז ער זאַמלט טאַקע יאָ מאַרקעס, און ביי יעטוועדער געלעגנהייט, ווען זיי פלעגן רעדן מיט אים, האָבן זיי אים תמיד געפרעגט, ווי גייט עס ביי אים מיט דער פילאַטעליע. אַפילו מיסיס אַלבערט פאָרעסטער גופא, ווען זי פלעגט זיין הומאָריסטיש געשטימט, פלעגט טיילמאָל רעדן וועגן איר מאַן, ווי וועגן דעם פילאַטעליסט. אָט דער נאָמען האָט אויסגעזען צו פּאַסטן אַלבערטן ווי אַ הענטשקע צו אַ האַנט. צייטנווייז פלעגן זיי אַזוי רעדן צו אים גלייך אין פּנים אַריין, און האָבן בלויז באַוואונדערט די גוטמוטיקייט, מיט וועלכער ער פלעגט עס אויפנעמען. ער פלעגט שמייכלען אָן גאַל און תיכף אויפן אָרט נישט פּראָטעסטירן, אַז זיי האָבן אַ טעות.

אַוודאי האָט מיסיס אַלבערט פאָרעסטער פאַרמאָגט גענוג געזעלשאַפט־לעכן חוש נישט צו שטעלן אין געפאַר דעם דערפאָלג פון אירע מיטאָגן, אַז זי זאָל דערלויבן אירע מער הויכגעשטעלטע געסט צו זעצן זיך אויףביידע זייטן פון אַלבערטן. זי פלעגט אַזוי אויסמאַרקירן, אַז די עלטערע און מער אינטימערע פריינט זאָלן עס טון, און ווען די אָנגעצייכנטע קרבנות וועלן אַריינקומען, וועט זי צו זיי זאָגן:

— איך ווייס, אַז איר וועט נישט האָבן קיין פּאַראיבל צו זיצן נעבן אַל־בערטן, נישט אמת?

זיי פלעגן בלויז זאָגן, אַז זיי זענען אַנטציקט, אָבער ווען זייערע פּנימער האָבן צו בולט אויסגעדריקט זייער אומרו: פלעגט זי ליבנסווירדיק פּאַטשן זייערע הענט און צוגעבן:

— דאָס קומענדיקע מאָל וועט איר זיצן נעבן מיר. אַלבערט איז אַ צו

שרעקעוודיקער מיט פרעמדע לייט, און איר ווייסט דאָך אַזוי גוט, ווי צו באַ־
גיין זיך מיט אים.

יאָ, זיי האָבן געוווסט: זיי האָבן אים גאַנץ איינפאַך איגנאָרירט. פון
זייערטוועגן האָט די שטול, אויף וועלכער ער איז געזעסן, געמעגט זיין אַ ליי־
דיקע. ס'איז גאָרנישט געווען קענטיק, אַז עס זאָל אים פאַרדריסן, וואָס
עס מאַכן זיך מיט אים נישט קיין שום וועזן פערזאָנען, וואָס עסן סוף־כל־סוף
שפּייז, פאַר וועלכע ער האָט באַצאָלט, היות די הכנסות פון מיסיס פאָרעס־
טער וואָלטן זיכער נישט געקענט קלעקן אויף צו פאַרזאָרגן אירע געסט מיט
פרילינג־לאַקסן און ספּעקטאָוע שפּאַראַגן. ער פלעגט זיצן רואיק און שטיל,
און אויב ער פלעגט אַמאָל שוין יאָ עפענען זיין מויל, איז עס געווען כדי
צו געבן אָנווייזונגען צו איינער פון די דינסטמיידלעך. אויב ס'איז אַמאָל גע־
קומען אַ נייער גאַסט, פלעגט ער אַריינשרויפן אין אים זיינע אויגן מיט אַזאַ
קוק, וואָס וואָלט געקענט יענעם מאַכן זיך נישט איבעריק גוט פילן, אויב
דער קוק וואָלט נישט געווען אַזוי קינדעריש. אַלבערט האָט אויסגעזען צו פרעגן
זיך אַליין, וואָס איז עס אָט די מאָדנע באַשעפעניש; אָבער וואָס פאַר אַן ענטפער
זיין מילדע אויספאָרשונג האָט אים דערויף געגעבן, האָט ער קיינמאָל נישט
מגלה געווען. ווען דאָס געשפּרעך פלעגט ווערן באַלעבט, פלעגט ער קוקן
פון איין רעדנער אויפן אַנדערן, אָבער אויך אין דעם פאַל האָט איר זיך
נישט געקענט דערוויסן פון זיין אויסגעדאַרט, צעקנייטשט פּנים, וואָס ער
האָט געטראַכט וועגן די פאַנטאַסטישע מעשיות, וועלכע פלעגן וואַנדערן פון
איין זייט טיש צום אַנדערן.

קליפאָרד בוילסטאָן האָט געזאָגט, אַז דער גאַנצער שאַרפזין און די
חכמה, וואָס אַלבערט האָט געהערט, רינט איבער אים אַראָפּ, ווי וואַסער איבער
אַ קאַטשקעס רוקן. ער האָט אויפגעגעבן זיינע באַמיאונגען צו פאַרשטיין, און
האָט אַצינד נאָר געמאַכט דעם אָנשטעל פון צוהערן זיך. אָבער האַררי אָקלאַנד,
דער פלינקער קריטיקער, האָט געזאָגט, אַז אַלבערט האָט עס אַלץ אין זיך
איינגעזאַפּט, און עס איז פאַר אים געווען זייער, זייער וווּנדערבאַר, און מיט
זיין אָרעמען און צעטומלטן מוח האָט ער זיך באַמיט אַ פאַרצווייפלטער צו
פאַרשטיין די וווּנדערלעכע זאַכן, וועלכע ער האָט געהערט. אַוודאי, אין שטאַט
מוז ער זיך באַרימען, אַז ער איז גוט באַקאַנט מיט באַרימטע פּערזענלעכקייטן.
אפשר גייט ער דאָרטן אַן פאַר אַ וווּנדערבאַרן גאון אין בילדונג און ליטע־
ראַטור, פאַר אַן אויטאָריטעט אויפן געביט פון העכסטן וויסן; עס וואָלט גע־
ווען אַן אמת ווונדער צו הערן, וואָס ער האָט פון דעם אַלעם פאַרשטאַנען.

האַררי אָקלאַנד איז געווען איינער פון מיסיס אַלבערט פּאָרעסטערס אייפעריק־סטע פּאַרערער און האָט אָנגעשריבן אַ גלענצנדיקן און סובטעלן עסיי וועגן איר סטיל. מיט זיינע ראַפינירטע און אַפילו זייער שיינע פּנים־שטריכן האָט ער אויסגעזען ווי אַ סאַן־סעבאַסטיאַן, וועלכער האָט געליטן אַן אַקצידענט מיט אַ מאַשין צו פּאַרשטאַרקן דאָס האָר־וואַקסן, מחמת זיינע האָר זענען געווען אויסערגעוויינלעך צעשויבערט. ער איז געווען אַ זייער יונגער מאַן, נאָך נישט קיין דרייסיקער, אָבער ער איז שוין געווען לויט דער רייע אַ דראַ־מאַטישער קריטיקער, אַ נאָוועלן־קריטיקער, אַ מוזיק־קריטיקער און מאָלעריי־קריטיקער. אָבער קונסט האָט אים שוין אַ ביסל דערעסן און ער האָט גע־דראָעט, אַז ער וועט אין דער צוקונפט ווידמען זיינע פעאיקייטן דער ספּאָרט־קריטיק.

איך באַדאַרף אויפקלערן, אַז אַלבערט איז געווען באַשעפטיקט אין שטאָט און, לויט מיסיס פּאָרעסטערס פריינט, איז דער פאַקט, וואָס ער איז אַפילו נישט געווען רייך, געווען אַן אומגליק, וועלכן זי האָט סובל געווען מיט אַזאַ לויבנסווערטן אויסדויער. ס׳וואָלט געווען עפּעס ראָמאַנטישעס אין דער לאַ־גע, אויב ער וואָלט געווען אַ רייכער סוחר, אין וועמעס הענט עס וואָלט זיך געפונען דער גורל פון פעלקער און וועלכער וואָלט אַרויסגעשיקט גרויסע שיפן, אָנגעלאָדענע מיט זעלטענע געווירצן, צו יענע פּאָרטן פון אָריענט, וועמעס נעמען די פּאָעטן האָבן באַנוצט צו זייערע אַזוי רייכע און זעלטענע גראַמען. אָבער אַלבערט איז בלויז געווען אַ סוחר פון ראַזשינקעס, און מען האָט זיך משער געווען, אַז ער האָט פאַרדינט נישט מער ווי אויף צו דער־לויבן מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער צו פירן איר לעבן מיט דערהויבנקייט און אַפילו מיט ברייטהאַנטיקייט. אַזוי ווי זיין באַשעפטיקונג האָט אים געצוווּנגען צו פאַרבלייבן אין זיין ביוראָ ביז זעקס פאַרנאַכט, פלעגט ער קיינמאָל נישט קענען באַווייזן בייצוזיין זיין פרויס דינסטיקן און זיך באַגעגענען מיט די וויכטיקסטע געסט. ווען ער פלעגט אָנקומען, זענען שוין זעלטן ווען געווען מער פון דריי אָדער פיר פון אירע אָממערסטן אינטימע פריינט איבעם אויפנאַם־זאַל, דיסקוטירנדיק פריי און מיט הומאָר וועגן די געסט, וועלכע זענען שוין אַוועק, און ווען זיי האָבן געהערט אַלבערטס שליסל אין דער פראָנט־טיר, האָבן זיי איינשטימיק פאַרשטאַנען, אַז עס איז שפּעט. אין אַ מאָ־מענט האָט ער אויף זיין קווענקלדיקן שטייגער געעפנט די טיר און האָט מילד אַריינגעקוקט. מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט אים באַגריסט מיט אַ האָפעדיקן שמייכל.

## וו. סאמערסעט מאָם

— קום אַריין, אַלבערט, קום אַריין. כ'מיין, אַז דו קענסט דאָ אַלעמען.
אַלבערט איז אַריין און געדריקט די הענט פון זיין ווייבס פריינט.

— קומסט אָקאָרשט פון דער שטאָט? — האָט זי אייפעריק אַ פרעג געטון, כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז ער האָט נישט געקענט פון ערגעץ־ווו אַנדערש קומען.

— ווילסט אַ טעפּעלע טיי?

— ניין, אַ דאַנק, טייערע. כ'האָב געטרונקען טיי אין מיין ביוראָ.

פרוי אַלבערט פאָרעסטער האָט נאָך מער האָפערדיק געשמייכלט און די געסט אירע האָבן באַוווּנדערט איר באַציאונג צו אים.

— אָ, אָבער איך ווייס, אַז דו האָסט ליב אַ צווייט טעפּעלע. איך וועל דיר אַליין אָנגיסן.

זי איז צוגעגאַנגען צום טיי־טישל און פאַרגעסנדיק, אַז מיט אַנדערט־האַלבן שעה צוריק האָט די טיי געזידט, און איצט איז זי שוין געווען אייז־קאַלט, האָט זי אַריינגעגאָסן טיי אין טעפּל און צוגעגעבן מילך און צוקער. אַלבערט האָט עס גענומען מיט אַ דאַנק און אָנגעהויבן איידל צו מישן, אָבער ווען מיסיס פאָרעסטער האָט באַנייט איר געשפּרעך, וועלכן זיין אָנקו־מען האָט איבערגעריסן, האָט ער נישט פאַרזוכנדיק די טיי, רואיק זי צוריק אַוועקגעשטעלט. זיין אָנקומען איז געווען דער סיגנאַל, אַז די מסיבה איז פאַרענדיקט, און איינער נאָכן אַנדערן זענען די איבערגעבליבענע געסט זיך פונאַנדערגעגאַנגען. פונדעסטוועגן, ביי איינער אַ געלעגנהייט איז דאָס געשפּרעך געווען אַזוי אינטערעסאַנט און דער באַהאַנדלטער פּונקט פון סדר־היום אַזוי וויכטיק, אַז מיסיס פאָרעסטער האָט נישט געוואָלט אַפילו הערן פון זייער אַוועקגיין.

— עס מוז געלייזט ווערן איין מאָל פאַר אַלע מאָל — האָט זי געזאָגט אין אַ טאָן, וועלכער האָט פאַר איר אויסגעזען כמעט שטיפעריש — דאָס איז אַ פראַגע, איבער וועלכער אַלבערט קען עפּעס האָבן צו זאָגן. לאָמיר אויס־הערן זיין מיינונג.

עס איז געווען אין דער צייט, ווען פרויען האָבן אָנגעהויבן צו שערן זיך די האָר, און די טעמע פון דער דיסקוסיע איז געווען, צי מיסיס אַלבערט פאָרעסטער דאַרף אָדער נישט אָפּשערן קורץ אירע האָר. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איז געווען אַ פרוי פון אַן אויטאָריטאַטיוון אויסזען. זי איז גע־ווען ברייט־ביייניק, און אירע ביינער זענען געווען גוט באַדעקט. וואָלט זי

נישט געווען אַזוי הויך און שטאַרק, וואָלט עס געקענט מאַכן דעם איינדרוק, אַז זי איז אַ דיקע. אָבער זי האָט מיט ווירדע געטראָגן איר קאָרפּולענץ. אירע געזיכט־שטריכן זענען געווען אַ ביסל גרעסער פון נאָרמאַלע, און דאָס האָט געגעבן איר פּנים, אָן צווייפל, דעם אויסזען פון מענלעכער אינטעלעקטואַליטעט, וואָס עס האָט אין דער אמתן געהאַט. איר הויט איז געווען טונקל, און איר וואָלט געקענט גלויבן, אַז זי האָט אין אירע אָדערן סימנים פון אָריענטאַליש בלוט; זי האָט אָנערקענט, אַז זי מיינט, אַז זי פּאַרמאָגט אין זיך אַ ציגיינערישן אימפּולס, און דאָס איז דער גורם, ווי זי האָט געפילט, פון דער ווילדער און געזעצלאָזער לײדנשאַפט, וואָס האָט טײלמאָל כאַראַקטעריזירט איר פּאָעזיע. אירע אויגן זענען געווען גרויסע און שוואַרצע און שײנענדיקע, איר נאָז ענלעך צו דער נאָז פון גרויספירשט פון וועלינגטאָן, אָבער מער פלײשיק, און איר קין פירקאַנטיק און ענערגיש. זי האָט פּאַרמאָגט אַ ריזיק מויל, מיט פולע רויטע ליפּן, וועלכע זענען דער קאָסמעטיק גאָרנישט געווען שולדיק, מחמת מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט קיינמאָל נישט באַוויליגט צו נוצן עפּעס דערפון, און אירע האָר, געדיכטע, שטײפע און גרויע, זענען געווען צוזאַמענגענומען אויפן שפּיץ פון איר קאָפּ, אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל פּאַרגרעסערן איר שוין גענוג אַנטוויקלטן וווקס. אין אויסזען איז זי געווען אַן אימפּאָנירנדיקע, אויב מיר ווילן עס נישט אָנרופן אַלאַרמירנדיקע, פּרויענצימער.

זי איז תמיד געווען זײער אַנטשפּרעכנדיק אָנגעטון, אין רײכע שטאָפן פון אַ טונקעלער קאָליר, און זי האָט אויסגעזען, פון קאָפּ ביז די פיס, ווי אַ שרײבערין; אָבער אויף איר דיסקרעטן שטייגער (זייענדיק נאָך אַלעמען מענטשלעך און נוטה צו פּוסטקייט) האָט זי נאָכגעפאָלגט די מאָדעס, און די מאָדעלן פון אירע קליידער זענען געווען פון לעצטן פאַסאָן. איך מיין, אַז דורך אַ געוויסער צייט האָט זי געגאַרט אָפּצושערן זיך די האָר, אָבער זי האָט געהאַלטן פאַר מער פאַסנדיק, אויב דאָס וועט געטון ווערן אויף דער ביטע פון אירע פריינט, ווי אויף איר אייגענער איניציאַטיוו.

— אָ, איר מוזט, איר מוזט — האָט געזאָגט האַררי אָקלאַנד אויף זיין אייפעריקן, יינגלישן שטייגער. איר וואָלט אויסגעזען זייער, זייער וווּנדערבאַר.

קליפאָרד בוילסטאָן, וועלכער האָט אַצינד געשריבן אַ בוך איבער מאַדאַם דע־מענטנאָן, האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה. ער האָט עס אָנגענומען פאַר אַ געפערלעכן עקספּערימענט.

— איך מיין — האָט ער געזאָגט, ווישנדיק זיינע ברילן מיט אַ באַטיסטן נאָזטיכל. — איך מיין, אַז ווען עמעצער שאַפט אַ טיפּ, מוז ער אים אָנהאַלטן. וואָס פאַר אַ ראָל וואָלט געשפּילט לואיס דער פּערזענטער אין זיין פּאַרוק?

— איך בין נישט אַנטשלאָסן — האָט געזאָגט מיסיס פּאָרעסטער. — נאָך אַלעמען, באַדאַרפן מיר זיך באַוועגן צוזאַמען מיט דער צייט. איך געהער צו מיין צייט, און איך וויל נישט פאַרבלייבן הינטערשטעליק. אַמעריקע, ווי ווילהעלם מייסטער האָט געזאָגט, איז דאָ אַצינד ביי אונדז.

זי האָט זיך הייטער געווענדט צו אַלבערטן. — וואָס זאָגט וועגן דעם מיין האָר און באַלעבאָס? וואָס איז דיין מיינונג, אַלבערט? אָפּשערן זיך אָדער נישט אָפּשערן זיך? דאָס איז די פראַגע.

— איך האָב מורא, אַז מיין מיינונג איז נישט פון גרויס וויכטיקייט, מיין טייערע — האָט ער מילד געענטפערט.

— פאַר מיר איז עס פון גרעסטער וויכטיקייט — האָט מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער מיט חניפה געענטפערט.

זי האָט זיך גוט צוגעקוקט, ווי אירע פריינט האָבן באַטראַכט פאַר שיין דעם אופן, ווי זי באַהאַנדלט דעם פּילאַטעליסט.

— איך האַלט־אָן מיין מיינונג — האָט זי פאַרגעזעצט. — איך האַלט־אָן מיין מיינונג. קיינער קען מיך נישט אַזוי גוט ווי דו, אַלבערט. וועט עס מיר קליידן?

— אפשר יאָ — האָט ער געענטפערט. — מיין איינציקע מורא איז, אַז מיט דיין אויסזען ענלעך צו אַ סטאַטוע, וואָלטן קורצע האָר מרמז געווען, נו, לאָמיר זאָגן, דעם אינדזל פון גריכנלאַנד, ווו די ברענענדיקע סאַפאָ האָט געליבט און געזונגען.

אַ מאָמענט האָט געדויערט דאָס פאַרזאָרגטע שטילשווייגן. ראָזע וואָטער־פאָרד האָט אין זיך דערשטיקט אַ ספּאַזמאַטיש געלעכטער, אָבער די איבע־ריקע האָבן זיך באַנומען שטיין־רואיק. מיסיס פאָרעסטערס שמייכל איז פאַר־פרוירן געוואָרן אויף אירע ליפּן. אַלבערט האָט אויף איר איבערגעקערט אַן עמער קאַלט וואַסער.

— כ'האָב תמיד באַטראַכט בייראָנען פאַר אַ מיטלמעסיקן פּאָעט — האָט געזאָגט צום סוף מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער.

די גרופּע איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען. מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט זיך נישט אָפּגעשוירן, און דער ענין איז קיינמאָל מער נישט באַהאַנדלט געוואָרן.

קורץ פאַרן סוף פון איינעם פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס דינסטיקס איז געשען אַ פאַקט, וועלכער האָט געהאַט זייער אַ גרויסע ווירקונג אויף איר ווייטערדיקער ליטעראַרישער קאַריערע.

עס איז געווען איינע פון די אַממערסטן געלונגענע מסיבות. דער לידער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי איז דאָרטן געווען, און מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט ווי זי האָט געקענט, נישט פאַרפּליכטנדיק זיך דערוייל צו מעלדן אים, אַז זי איז גרייט צו פאַראייניקן איר גורל מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. די צייט איז געווען ריף, און אויב זי וואָלט ווען עס איז געוואָלט זיך ווידמען צו אַ פּאָליטישער קאַריערע, האָט זי באַדאַרפט אַצינד קומען צו אַ באַשלוס. קליפאָרד בוילסטאָן האָט מיטגעבראַכט אַ מיטגליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע און כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז ער קען נישט ענגליש, האָט עס זי זייער געפרייט אויפצונעמען זיינע העפלעכע קאָמפּלימענטן פאַר איר בלומיקן און, טראָץ דעם, קלאָרן סטיל. דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר האָט זיך דאָרטן געפונען און אַ יונגער רוסישער פּרינץ, וועמעס אויטענטיש בלוט פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע איז געווען די איינציקע שטערונג, אַז ער זאָל נישט אויסזען ווי אַ דזשיגאָלאָ. אַ פירשטין, וועלכע האָט זיך לעצטנס געגט מיט איר פירשט און האָט חתונה געהאַט מיט אַ דזשאָקעי, איז געווען זייער גראַציעז; און די טרושקאָווקע־בלעטער, כאָטש אויסגעטריקנטע און געלע, וועלכע האָבן באַפּוצט איר ברוסט, האָבן, בלי ספק, צוגעגעבן דער צוזאַמענקונפט אַ געהויבענעם טאָן.

עס זענען דאָרטן געווען פאַרזאַמלט די פּני פון די ליטעראַרישע קרייזן. אָבער אַצינד זענען שוין כמעט אַלע געהאַט אַוועקגעגאַנגען, אויסער קליפאָרד בוילסטאָן, האַררי אָקלאַנד, ראָזע וואָטערפאָרד, אָסקאַר טשאַרלז און סיימאָנס. אָסקאַר טשאַרלז איז געווען אַ קליין באַשעפעניש, ענלעך צו אַן אונטערערדישן גייסט, יונג אָבער מיט אַן אויסגעדאַרט פּנים פון אַ כיטרער מאַלפּע, מיט גילדערנע ברילן, וועלכער האָט פאַרדינט אויף זיין חיונה פון אַ פּאָסטן אין אַ רעגירונג־ביוראָ, אָבער האָט פאַרבראַכט זיין פרייע צייט אין ליטעראַרישער טעטיקייט. ער האָט געשריבן קליינע אַרטיקלען פאַר זעקס־פּעני׳דיקע וואָכנשריפטן און האָט זיך באַצויגן מיט אַ ברענענדיקן ביטול צו דער וועלט בכלל. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט אים ליב געהאַט, מיינענדיק, אַז ער באַזיצט טאַלאַנט, אָבער כאָטש ער האָט שטענדיק אויסגעדריקט זיין התלהבותדיקע באַווונדערונג פאַר איר סטיל, איז זיין פאַרביטערונג געווען אַזוי אַלזייטיק, אַז זי האָט אויך אַ ביסל זיך געשראָקן פאַר אים. דאָס

איז געווען ער, וועלכער האָט זי אָנגערופן די טשאַמפּיאָנין פון סעמיקאָלאָן (פּינטל און קאָמאַ). סיימאָן איז געווען איר אַגענט; אַ רויט־פּנימדיקער מאַן, וועלכער האָט געטראָגן אַזעלכע גראָבע ברילן, אַז זיינע אויגן הינטער זיי האָבן אויסגעזען מאָדנע און צעדרייט. זיי האָבן אייך דערמאָנט אָן די אויגן פון אַן אויסטערלישן ראַק, וועלכן איר האָט געזען אין אַן אַקוואַריום. ער פלעגט קומען רעגולער צו מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס צוזאַמענקומען, טייל־ווייז מחמת ער האָט געפילט די גרעסטע באַווונדערונג פאַר איר זשעני, און טיילווייז, מחמת עס איז אים געווען באַקוועם צו באַגעגענען אין איר סאַלאָן מעגלעכע קלי־ענטן.

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, פאַר וועלכער ער האָט שוין לאַנג געאַרבעט פאַר אַ נישטיקער באַלוינונג, האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אַז זי זאָל אים צוהעלפן צו פאַרדינען אַן ערלעכן פעני, און מיט וואַרעמע אויסדרוקן פון דאַנקבאַרקייט פלעגט זי מיט גרויס אינטערעס אים פאָרשטעלן צו יעטווערן, פון וועלכן מען וואָלט געקענט דערוואַרטן, אַז ער האָט ליטעראַרישע סחורה צו פאַרקויפן. נישט מיט ווייניק גאווה פלעגט זי דערמאָנען, אַז אין איר סאַלאָן איז צום ערשטן מאָל באַרעדט געוואָרן דער עינין פון משא־ומתן פון די באַוווּסטע מעמואַרן פון דער ליידי סיינט־סווידזין, וועלכע האָבן אַריינ־געבראַכט אַזוי פיל געלט.

זיי זענען געזעסן אין אַ קרייז, מיט מיסיס אַלבערט פאָרעסטער אין דער מיט און האָבן אייפערדיק, און מען מוז עס מודה זיין, עטוואָס בייזווי־ליק, גערעדט וועגן פערזאָנען, וועלכע זענען אָנוועזנד געווען יענעם טאָג. מיס וואָרן, די בלאַסע פרוי, וועלכע פלעגט באַדינען אין משך פון צוויי שעה דעם טיי־טיש, איז שטיל אַרומגעגאַנגען איבערן צימער צוזאַמענגעמענדיק די טעפּעלעך, וועלכע זענען איבערגעלאָזן געוואָרן דאָ און דאָרט. זי האָט געהאַט אַ געוויסע אומבאַשטימטע אַרבעט, אָבער זי איז תמיד געווען אימ־שטאַנד אַרויסצוגיין, כדי צו קענען באַדינען ביים טיי פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, און ביינאַכט פלעגט זי איבערשרייבן אויף דער מאַשין מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס מאַנוסקריפּטן. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער פלעגט איר דערפאַר נישט באַצאָלן מיינענדיק, אַז זי האָט שוין דערמיט אַליין געטון אַ גרויסע זאַך פאַר דער אָרעמער פרוי, אָבער זי פלעגט איר אָפּגעבן די ביי־לעטן פון די קינאָס, וועלכע זי פלעגט באַקומען אומזיסט, און אָפט איר שענקען קליידער, וועלכע זי פלעגט שוין מער נישט נוצן.

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט גערעדט אָן איבעררייס מיט איר גע־

נוג טיף, שטאַרק קול, און די איבעריקע האָבן זיך צוגעהערט צו איר מיט אויפמערקזאַמקייט. זי האָט באַנוצט אַ גוטן סטיל, און די ווערטער, וועלכע זענען געפלאָסן פון אירע ליפּן, וואָלטן געקענט גיין גלייך אויפן פּאַפּיר, אָן וועלכער עס איז אויסבעסערונג. מיטאַמאָל איז דערהערט געוואָרן אַ גע־רויש אין קאָרידאָר, אַזוי ווי עפּעס אַ שווערע זאַך וואָלט אַראָפּגעפאַלן, און דערנאָך קולות פון אַ קריגעריי.

מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט איבערגעריסן אירע רייד, און אַ לייכטער צוזאַמענקנייטש האָט פאַרטונקלט איר באמת נאָבעלן שטערן.

— איך מיין, אַז זיי באַדאַרפן שוין וויסן, אַז איך וויל נישט האָבן אין הויז אַזאַ מהומהדיקן געפּילדער. זייט אַזוי גוט, מיס וואָרן, גיט אַ קלונג מיטן גלעקל און פרעגט, וואָס איז די סיבה פון דעם טומל.

מיס וואָרן האָט אַ קלונג געטון, און אין אַ מאָמענט איז דערשינען די דינסטמויד. בכדי נישט צו שטערן מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער, האָט מיס וואָרן גערעדט מיט איר שטילערהייט ביי דער טיר. אָבער מיסיס אַלבערט פּאָרעס־טער עטוואָס אָן אויפגערעגטע האָט איר איבערגעשלאָגן.

— קאַרטער, זאָג מיר, וואָס איז געשען? פאַלט־איין דאָס הויז, אָדער איז ענדלעך אויסגעבראָכן די רויטע רעוואָלוציע?

— אַנטשולדיקט, מאַדאַם, דאָס איז דער קופער פון דער נייער קעכין — האָט געענטפערט די דינסט. — דער טרעגער האָט אים אַראָפּגעלאָזט מיט אַ שטאַרקן זעץ, און די קעכין איז דעריבער אויפגעבראַכט געוואָרן.

— וועגן וואָס פאַראַ נייער קעכין דערציילסטו מיר?

— מיסיס בולפינטש איז היינט נאָכמיטאָג אַוועק, מאַדאַם — האָט גע־זאָגט די דינסט.

מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט זי אַ פאַרגאַפטע אָנגעקוקט.

— איך הער עס צום ערשטן מאָל. האָט מיסיס בולפינטש וועגן דעם אָנגעזאָגט? ווי נאָר מיסטער פּאָרעסטער וועט צוריקקומען, זאָג אים, אַז איך וויל מיט אים רעדן.

— זייער גוט, מאַדאַם.

דאָס מיידל איז אַרויסגעגאַנגען, און מיס וואָרן איז רואיקערהייט צוריק־געקומען צום טיש. מעכאַניש, כאָטש קיינער האָט עס נישט געבעטן, האָט זי אָנגעגאָסן עטלעכע טעפּעלעך טיי.

— וואָס פאַר אַ קאַטאַסטראָפע! — האָט אויסגערופן מיס וואָטערפאָרד.

## וו. סאמערסעט מאָם

— מען באַדאַרף זי צוריקברענגען — האָט זיך אָנגערופן קליפאָרד בויל־סטאָן. — זי איז אַן אוצר, אַ וווּנדערבאַרע קעכין און זי ווערט בעסער פון טאָג צו טאָג.

אָבער אין יענעם מאָמענט איז דאָס דינסטמיידל ווידער אַריינגעקומען מיט אַ בריוו אויף דער קליינער זילבערנער טאַץ און עס דערלאַנגט דער באַלעבאָסטע.

— וואָס איז דאָס? — האָט געפרעגט מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער.

— מיסטער פאָרעסטער האָט געזאָגט, אַז איך זאָל אייך איבערגעבן דעם בריוו, ווען איך האָב אים געבעטן אַריינצוקומען צו אייך, מאַדאַם — האָט געענטפערט דאָס מיידל.

— ווו איז בכן מיסטער פאָרעסטער?

— מאַדאַם, מיסטער פאָרעסטער איז אַוועקגעגאַנגען — האָט געענטפערט די מויד, אַזוי ווי די פראַגע וואָלט זי האָבן פאַרחידושט.

— אַוועקגעגאַנגען? נו, גוט. מעגסט גיין.

די דינסט איז אַוועק, און מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, מיט אַן אויס־דרוק פון צעמישטקייט אויף איר גרויס פּנים, האָט געעפנט דעם בריוו. ראָזע וואָטערפאָרד האָט מיר געזאָגט, אַז איר ערשטער איינדרוק איז געווען, אַז אַלבערט, אויס מורא פאַר זיין פרויס אומצופרידנקייט מיטן אַוועקגיין פון מיסיס בולפינטש האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער טעמזע. מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, און אַן אויסדרוק פון איבער־ראַשונג האָט דורכגעשוועבט איר פּנים.

— אוי, שרעקלעך! — האָט זי אויסגעשריגן. — שוידערלעך! שוי־דערלעך!

— מיסיס פאָרעסטער, וואָס איז?

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט געקאָפּעט דעם דיוואַן מיט איר פוס אַזוי ווי אַן אומרואיק, דרייסט פערד קאָפּעט אין דער ערד אַריין, און פאַרלייגנ־דיק אירע אָרעמס מיט אַ זשעסט, וועלכער לאָזט זיך נישט באַשרייבן (אָבער וועלכן איר זעט צייטנווייז ביי אַ פיש־הענדלערין, וועלכע גייט מאַכן אַ מורא־דיקע סצענע) האָט זי געוואָרפן אַ בליק אויף אירע בייגעריקע און שטאַרק איבערגעשראָקענע פריינט.

— אַלבערט איז אַנטלאָפן מיט דער קעכין.

מען האָט געהערט אַ שווערן זיפץ פון פּחד. דאַן האָט פּאַסירט עפּעס שרעקלעכס. מיס וואָרן, וועלכע איז געשטאַנען הינטערן טיי־טישל, האָט זיך

אָנגעהויבן צו ווערגן. מיס וואָרן, וועלכע האָט קיינמאָל נישט געעפנט איר מויל, און צו וועלכער קיינער האָט קיינמאָל נישט גערעדט; מיס וואָרן, וואָס קיינער פון זיי, כאָטש זיי האָבן זי געזען יעדע וואָך במשך דריי יאָר, וואָלט נישט דערקענט אין גאַס; מיס וואָרן איז פּלוצלינג אויסגעבראָכן מיט אַן אומבאַהערשט געלעכטער. אַלע האָבן זיך מיט איין מאָל אויסגעדרייט און געגאַפט אויף איר. זיי האָבן געהאַט דאָס זעלבע געפיל ווי בלעם, ווען זיין אייזל איז אויסגעבראָכן מיט אַ מענטשלעך לשון. זי האָט באמת געריטשעט פון געלעכטער. אַ נאָמענלאָזער גרויל האָט באַהויכט די סצענע, אַזוי ווי עס וואָלט פּלוצים געביטן געוואָרן דער פאַרלויף פון אַ נאַטירלעכן פענאָמען, און איר וואָלט געוועזן אַזוי איבערגעשראָקן, ווי ווען שטולן און טישן וואָלטן, אָן שום וואָרענונג, אָנגעהויבן האָפּקען אויפן פּאָל אין אַ ווילדן טאַנץ. מיס וואָרן האָט זיך אָנגעשטרענגט צו באַהערשן זיך, אָבער וואָס מער זי האָט זיך אָנגעשטרענגט, אַלץ מער אומרחמנותדיק האָט דאָס געלעכטער זי אויפגע־טרייסלט, און אָנכאַפּנדיק אַ נאָזטיכל, האָט זי עס אַריינגעשטופּט אין איר מויל און אַרויסגעלאָפן פון צימער. די טיר האָט זיך הילכיק אַ זעץ געטון הינטער איר.

— היסטעריע — האָט געזאָגט קליפאָרד בוילסטאָן.

— פּשוטע היסטעריע, אַוודאי — האָט זיך אָנגערופן האַררי אָקלאַנד.

אָבער מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט גאָרנישט געזאָגט.

דער בריוו איז אַראָפּגעפאַלן ביי אירע פיס, און סיימאָנס, דער אַגענט, האָט אים אויפגעהויבן און אים איר דערלאַנגט. זי האָט אים נישט געוואָלט נעמען.

— לייענט אים איבער — האָט זי געזאָגט. — לייענט אויפן קול.

מיסטער סיימאָנס האָט אַרויפגערוקט זיינע ברילן אויף זיין שטערן, און האַלטנדיק דעם בריוו נאָענט ביי זיינע אויגן האָט ער געלייענט דאָס פאָלגנ־דיקע:

מיין טייערע!

מיסיס בולפינטש באַדאַרף ענדערן איר לעבנסשטייגער און האָט דעריבער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן איר פּאָסטן, און אַזוי ווי איך פיל זיך נישט געשטימט צו פאַרבלייבן דאָ ווייטער אָן איר, גיי איך אויך אַוועק. איך האָב שוין באַקומען אַזוי פיל ליטעראַטור, וויפל איך קען אויף־האַלטן און די קונסט איז מיר שוין אויך דערעסן.

## וו. סאמערסעט מאָם

מיסיס בולפינטשן אָרט נישט דער ענין פון חתונה האָבן, אָבער אויב דו האָסט בדעה צו גטן זיך, איז זי גרייט צו חתונה האָבן מיט מיר. איך האָף, אַז די נייע קעכין וועט דיר געפעלן ווערן. זי האָט אויסגעצייכנטע רעפערענצן. עס וועט דיר פאַרשפאָרן קאָפּ־דרייעניש, אויב איך וועל דיר מודיע זיין, אַז מיסיס בולפינטש און איך וווינען אויף קענינגטאָן ראָאוד 411, ס. ע.

אַלבערט

קיינער האָט נישט אַרויסגעזאָגט קיין וואָרט. מיסטער סיימאָנס האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט זיינע ברילן אויף זיין נאָז־רוקן. אַ פאַקט איז, אַז קיינער פון זיי, ווי גלענצנד זיי זאָלן נישט האָבן געווען צוגעוווינט צו געפינען טעמעס פאַר געשפּרעכן, וועלכע זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו יעדער געלעגנהייט, האָט נישט געקענט צוטראַכטן אַ געהעריקע באַמערקונג. מיסיס אַלבערט פאָרעס־טער איז נישט געווען פון דער קאַטעגאָריע פרויען, וועמען איר האָט גע־קענט אויסדריקן אייער מיטגעפיל, און איטלעכער פון זיי האָט זיך געשראָקן פאַרן אַנדערן, אַז ער זאָל נישט מחדש זיין קיין אַלט־באַקאַנטע זאַכן. ענדלעך איז קליפאָרד בוילסטאָן מוטיק געקומען צו הילף.

— ס'איז שווער צו וויסן, וואָס צו זאָגן — האָט ער באַמערקט.

עס איז ווידעראַמאָל געוואָרן שטיל, און דערנאָך האָט ראָזע וואָטערפאָרד געזעדט.

— ווי זעט אויס מיסיס בולפינטש? — האָט זי געפרעגט.

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? — האָט געענטפערט מיסיס אַלבערט פאָ־רעסטער, עטוואָס אַ פאַראומעטיקטע. — איך האָב זיך קיינמאָל נישט איינ־געקוקט אין איר. אַלבערט פלעגט תמיד אַנגאַזשירן די דינערשאַפט. זי איז נאָר אַריינגעקומען אויף אַ מאָמענט, כדי איך זאָל זען, צי זי מאַכט אַ צו־פרידנשטעלנדיקן איינדרוק.

— אָבער, איר האָט זי געמוזט האָבן געזען יעדן פרימאָרגן, ווען איר פלעגט אָנפירן מיט דער הויזווירטשאַפט.

— אַלבערט פלעגט זיך פאַרנעמען מיט דער הויזווירטשאַפט. אַזוי האָט ער אַליין געוואָלט, כדי איך זאָל קענען זיין פריי צו ווידמען זיך צו מיין אַרבעט. אין אַט דעם לעבן אונדזערן דאַרף זיך אַ מענטש באַגרענעצן.

— פלעגט אַלבערט באַשטעלן אייערע מיטאָגן? — האָט געפרעגט קלי־פאָרד בוילסטאָן.

— נאַטירלעך. עס איז געווען זיין געביט.

קליפאָרד בוילסטאָן האָט אַ לייכטן הויב געטון מיט די ברעמען. וואָס פאַר אַ נאַר איז ער געווען, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען, אַז נאָר אַדאַנק אַלבערטן זענען מיסיס פאָרעסטערס מאכלים געווען אַזוי פּרעכטיק! און נאַטירלעך, מען דאַרף אים פאַרדאַנקען, וואָס דער שאַבלי־ווייַן איז תמיד געווען געגנוג קאַלט צו דערפרישן די צונג, אָבער קיינמאָל נישט צו קאַלט, אַז ער זאָל פאַרלירן זיין אַראָמאַט און זיין טעם.

— ער האָט אויף אַן אמת געוווּסט, וואָס איז אַ גוט מאכל און וואָס איז אַ גוטער ווייַן.

— איך האָב אייך שטענדיק געזאָגט, אַז ער האָט זיינע פעאיקייטן — האָט געענטפערט מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, אַזוי ווי ער וואָלט איר גע־מאַכט פאָרוואורפן. — איר האָט אַלע פון אים געלאַכט; איר האָט מיר נישט גע־וואָלט גלויבן, ווען איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך פאַרדאַנק אים זייער אַ סך.

דערויף איז נישט געווען קיין ענטפער און פונדאָסניי האָט זיך אַ שטיל־קייט, אַ שווערע און אומהיימלעכע, אַראָפּגעלאָזט אויף דער גרופע. פלוצלינג האָט מיסטער סיימאָנס געזאָגט עפּעס, וואָס איז געפאַלן ווי אַ באָמבע.

— איר דאַרפט זיך באַמיִען, אַז ער זאָל זיך אומקערן.

איר איבעררעאַשונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז אויב מיסיס אַלבערט פאָ־רעסטער וואָלט נישט געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביים אויוון, וואָלט זי בלי ספק אָפּגעטראָטן צוויי טריט אויף צוריק.

— וואָס, כ׳לעבן, מיינט איר עס ערנסט? — האָט זי אַ געשריי געטון. — כ׳וועל אים קיינמאָל נישט זען כל־זמן איך וועל לעבן. צוריקנעמען אים? קיינ־מאָל נישט. אַפילו אויב ער וואָלט געקומען בעטן זיך ביי מיר אויף זיינע קני.

— איך האָב נישט געזאָגט, אַז מען באַדאַרף אים נעמען צוריק. איך האָב געזאָגט, אַז מען דאַרף זען, ער זאָל זיך אומקערן.

אָבער מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער אומגעלומפּערטער איבעררייסונג.

— איך האָב אַלץ געטון פאַר אים. וואָס וואָלט ער געווען אָן מיר? איך פרעג אייך? איך האָב אים געגעבן אַ פּאָזיציע, וועלכע ער וואָלט קיינמאָל נישט אין זיינע ווייטע חלומות זיך געקענט פאָרשטעלן.

קיינער האָט נישט געקענט לייקענען, אַז עס איז געווען עפּעס אויסגע־צייכנט אין דער אויפרעגונג פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, אָבער עס האָט אויסגעזען צו האָבן ווייניק עפעקט אויף מיסטער סיימאָנסן.

## וו. סאמערסעט מאָם

— פון וואָס וועט איר לעבן?

מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט אויף אים געוואָרפן אַ פולשטענדיק אומפּרייַנטלעכן בליק.

— גאָט וועט העלפן — האָט זי געענטפערט אין אַן אייז־קאַלטן טאָן.

— איך האַלט עס פאַר העכסט אומוואַרשיינלעך — האָט ער זיך אָנ־געדופן.

מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט געהויבן מיט די אַקסלען. זי האָט גע־האָט אַן אויפגערעגט אויסזען. אָבער מיסטער סיימאָנס האָט זיך אַזוי באַקוועם איינגעמאָשטשעט אין דער שטול, ווי ער האָט נאָר געקענט, און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— איר ווייסט דאָך זייער גוט, אַז איר האָט נישט קיין מער הייסערן פּאַרערער פון אייער קונסט ווי איך — האָט ער געזאָגט.

— ווי איך — האָט אויסגעבעסערט קליפאָרד בוילסטאָן.

— אָדער ווי איר — האָט מילד פאַרגעזעצט מיסטער סיימאָנס. — מיר זענען אַלע מסכים, אַז עס איז נישט פאַראַן צווישן אַלע, וועלכע שרייבן אַצינד, קיינער, מיט וועמען איר זאָלט זיך דאַרפן שרעקן צו פאַרגלייכן. הן אין פּראָזע, הן אין פּאָעזיע זענט איר אַבסאָלוט פון ערשטן קלאַס. און וואָס שייך אייער סטיל, נו, יעדער קען אייער סטיל.

— די רייכקייט פון סער טאָמאָס בראַאון מיט דער קלאָרקייט פון קאַרדי־נאַל ניומאַן — האָט זיך אָנגערופן קליפאָרד בוילסטאָן. — די שאַרפקייט פון דזשאָן דריידן מיט דער קלאָרקייט פון פּרעציזקייט פון דזשאָנאַטאַן סוויפט.

דער איינציקער סימן, אַז מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט זיך צוגעהערט, איז געווען דער שמייכל, וואָס האָט געהויערט אַ קורצן מאָמענט ביי די ווינק־לען פון איר טראַגיש מויל.

— און איר האָט הומאָר.

— איז דען פאַראַן עמעצער אין דער וועלט — האָט אויסגערופן מיס וואָטערפאָרד — וואָס זאָל קענען אַריינפּאַסן אַזאַ אוצר פון שאַרפזין, פון סאַטירע און פון קאָמישע באַמערקונגען אין אַ סעמיקאָלאָן?

— אָבער עס בלייבט אַ פאַקט, אַז עס פאַרקויפט זיך נישט — האָט מיסטער סיימאָנס נישט נאָכגעבנדיק פאַרגעזעצט. — איך האַנדל מיט אייערע ווערק שוין צוואַנציק יאָר און איך זאָג אייך אויפריכטיק, אַז איך בין נישט פּעט געוואָרן פון מיין קאָמיסיאָן, אָבער איך פאַרנעם זיך מיט דעם, מחמת פון צייט צו צייט האָב איך ליב צו טון, אַלץ וואָס איך קען, פאַר אַ גוט

ווערק. איך האָב תּמיד געגלויבט אין אייך און איך האָב געהאָפט, אַז פריִער אָדער שפּעטער, וועלן מיר קענען באַווירקן דעם עולם צו פאַרדייען אייך. אָבער אויב איר מיינט, אַז איר קענט מאַכן אַ לעבן פון אייער אַרט שרייבן, בין איך געצוווּנגען אייך צו זאָגן, אַז איר האָט נישט קיינע שאַנסן.

— איך בין געקומען אויף דער וועלט צו שפּעט — האָט געזאָגט מיסיס אַלבערט פאָרעסטער. — איך האָב באַדאַרפט צו לעבן אין אַכצנטן יאָרהונדערט, ווען רייכע פאַרערערס פלעגן באַלוינען אַ ווידמונג פון אַ שרייבער מיט אַ הונדערט גיניס.

— וויפל, שטעלט איר זיך פאָר, ברענגט אַריין הכנסה אייער מאַנס ראָזשינקע־געשעפט?

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט לייכט אַ זיפץ געטון.

— אַ קליינע סומע. אַלבערט האָט מיר תּמיד געזאָגט, אַז ער פלעגט מאַכן אַ קימאַלן פון אַ צוועלף־הונדערט אַ יאָר.

— ער באַדאַרף זיין אַ גוטער פאַרוואַלטער. אָבער, איר קענט נישט דערוואַרטן פון אים קיין סך פון אַזאַ הכנסה. הערט מיך. די איינציקע זאַך, וואָס עס פאַרבלייבט אייך צו טון, איז זען צו אַראָפּברענגען אים צוריק.

— כ׳וואָלט בעסער געוואָלט ווינען אויף אַ בוידעם. מיינט איר, אַז איך וועל אַראָפּשלינגען די באַליידיקונג, וואָס ער איז לגבי מיר באַגאַנגען? וואָלט איר געוואָלט, אַז איך זאָל פירן אַ קאַמף מיט מיין קעכין פאַר זיין ליבע? פאַרגעסט נישט, אַז עס איז פאַראַן איין זאַך, וואָס איז טייערער, פאַר אַ פרוי ווי איך, פון איר באַקוועמלעכקייט, און דאָס איז איר ווירדע.

— מיינע ווערטער פירן טאַקע דערצו — האָט געזאָגט מיסטער סיימאָנס קאַלטבלוטיק.

ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די אַנדערע, און זיינע אויסטערלישע, נישט סימעטרישע אויגן האָבן אויסגעזען, מער ווי ווען עס איז, ענלעך צו אויגן פון אַ פאַרזעעניש און פון אַ פיש.

— לויט מיין מיינונג — האָט ער פאָרגעזעצט — איז נישט פאַראַן קיין שום ספק, אַז איר פאַרנעמט אַ זייער דערהויבענע און כמעט אייגנאַרטיקע פּאָזיציע אין דער ליטעראַרישער וועלט. אייער פּלאַץ שטייט אָפּגעזונדערט. איר האָט קיינמאָל נישט פּראָסטיטואירט אייער זשעני פאַר ברודיקע מאַטעריעלע פאַרדינסטן, און איר האָט הויך געהאַלטן די פאָן פון ריינער קונסט. איר האָט בדעה צו גיין אין פּאַרלאַמענט אַריין. איך גופא האַלט נישט צופיל פון פּאָליטיק, אָבער מען דאַרף עס נישט לייקענען, אַז עס וועט דינען

פאַר אַ גוטן אַנאַנס, און אויב איר וועט אַריין אין פּאַרלאַמענט, וועלן מיר קענען אויף דער דאָזיקער באַזע אײַנאָרדענען פאַר אײַך אַ ציקל רעפעראַטן אין אַמעריקע. איר באַזיצט אידעאַלן, און איך קען זאָגן, אַז מענטשן, וועלכע האָבן אַפילו נישט געלייענט קיין וואָרט, וואָס איר האָט געשריבן רעס־פּעקטירן אײַך. אָבער אין אײַער פּאָזיציע איז פאַראַן איין זאַך, אויף וועל־כער איר קענט זיך נישט דערלויבן, און דאָס איז חוזק.

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט אַ בולטן ציטער געטון.

— וואָס מיינט איר מיט דעם צו זאָגן?

— איך ווייס גאָרנישט וועגן מיסיס בולפינטש. זי שיינט צו זיין אַ חשובע פרוי, עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז ווען אַ מאַן אַנטלויפט מיט זיין קעכין, שטעלט ער אַרויס זיין פרוי אויף חוזק. אויב עס וואָלט געווען אַ טענצערין אָדער אַ פרוי מיט אַ טיטל, וואָלט עס אײַך נישט געקענט פאַרשאַפן קיין רעה, אָבער אַ קעכין וועט אײַך אומברענגען. אין אַ וואָך צייט וועט גאַנץ לאָנדאָן לאַכן פון אײַך, און אויב עס איז פאַראַן איין זאַך, וואָס הרגעט אַוועק אַ שרייבער אָדער אַ פּאָליטיקער, איז עס שפּאָס. איר דאַרפט אים האָבן צוריק וואָס פריִער.

אַ טונקעלע פאַררויטלונג האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס פּנים, אָבער זי האָט נישט תיכף געענטפערט. אין אירע אויערן האָט זיך פּלוצלינג פונאַנדערגעקלונגען דאָס געוואַלדיקע און אומפאַרשטענד־לעכע געלעכטער, וואָס האָט געמאַכט מיס וואָרן לויפן פון צימער.

— מיר זענען דאָ אַלע פריינט און איר קענט זיך פאַרלאָזן אויף אונ־דזער פאַרטרוילעכקייט.

מיסיס פאָרעסטער האָט געקוקט אויף אירע פריינט, און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אין די אויגן פון ראָזע וואָטערפאָרד איז שוין געווען אַ בייזוויליקער שימער. אויפן אויסגעטריקנטן פּנים פון אָסקאַר טשאַרלז האָט זיך געמאָלט אַ קאַפּריזנער אויסזען. זי האָט באַדויערט, פאַרוואָס זי האָט פאַרראַטן איר סוד אין מאָמענט פון איר פאַרלוירנקייט. מיסטער סיימאָנס האָט פונדעסטוועגן געקענט די ליטעראַרישע וועלט, און האָט דערלויבט זיינע אויגן צו באַטראַכטן די גרופּע.

— נאָך אַלעמען זענט איר דער מיטלפּונקט און דער קאָפּ פון זייער גרופּע. אײַער מאַן איז נישט בלויז אַנטלאָפן פון אײַך, נאָר אויך פון זיי. עס איז פאַר זיי אויך נישט קיין גרויסע דערהויבונג. דער פאַקט איז, אַז אַלבערט

פאַרעסטער האָט אײַך אַלעמען אויסגעשטעלט פאַר אַ מחנה פאַרשאָלטענע נאַראָנים.

— אונדז אַלעמען — האָט געזאָגט קליפאָרד בוילסטאָן. — מיר זענען אַלע אין זעלבן שיפל. ער איז פולשטענדיק גערעכט, מיסיס פאָרעסטער. דער פילאָטעליסט מוז קומען צוריק.

— און דו, ברוטוס, אויך.

מיסטער סיימאָנס האָט נישט פאַרשטאַנען קיין לאַטיין, און אויב ער וואָלט יאָ פאַרשטאַנען, וואָלט ער מסתמא נישט געווען גערירט פון מיסיס אַלבערט פאָרעסטערס אויסגעשריי. ער האָט דורכגעהוסט זיין גאָרגל.

— מיין מיינונג איז, אַז מיסיס אַלבערט פאָרעסטער דאַרף זיך מאָרגן זען מיט אים — צום גליק האָבן מיר זיין אַדרעס — און בעטן אים צו רעוווי־דירן זיינעם באַשלוס. איך ווייס נישט, וואָס פאַראַ זיבן זאַכן באַדאַרף אַ פרוי זאָגן אין אַזעלכע פאַלן, אָבער מיסיס פאָרעסטער פאַרמאָגט טאַקט און אימאַ־גינאַציע, און זי באַדאַרף זיי אַרויסברענגען. אויב מיסטער פאָרעסטער וועט אַרויסרוקן וועלכע עס איז באַדינגונגען, באַדאַרף זי זיי אָננעמען. אַלע מיט־לען דאַרפן אויסגענוצט ווערן.

— אויב איר וועט שפּילן גוט מיט אייערע קאָרטן, איז נישט פאַראַן קיין סיבה, פאַרוואָס איר זאָלט אים נישט ברענגען מיט זיך צוריק מאָרגן אין אָוונט — האָט געזאָגט ראָזע וואָטערפאָרד אין אַ הייטער געמיט.

— וועט איר עס טון, מיסיס פאָרעסטער?

אין משך פון צוויי מינוט, אַמווינציקסטן, האָט זי זיך אָפּגעקערט פון זיי און אַריינגעקוקט אין דעם ליידיקן אויוון. דאַן, אויסגלייכנדיק זיך אין איר פולער הויך, האָט זי געווענדט איר פּנים צו זיי.

— פאַר מיין קונסט וועגן, נישט פאַר מיינעטוועגן. כ׳וועל נישט דער־לויבן, אַז דאָס צעלאָזענע געלעכטער פון דעם פּראָסטן עולם־גולם זאָל באַ־פלעקן אַלץ, וואָס איך באַטראַכט פאַר גוט, און ריכטיק, און שיין.

— אויסגעצייכנט — האָט געזאָגט מיסטער סיימאָנס, אויפשטייענדיק פון זיין שטול. — כ׳וועל אַריינקומען אַהער, אויף מיין וועג אַהיים, מאָרגן, און איך האָף, אַז איך וועל טרעפן אייך און מיסטער פאָרעסטער זיך קושנדיק און האַלדזנדיק, זייט־ביי־זייט, און אַזוי ווי אַ פּאָר טערקלטויבן.

ער האָט זיך מיט זיי געזעגנט. זייער נישט ווילנדיק צו פאַרבלייבן אַליין מיט מיסיס אַלבערט פאָרעסטער און איר צעטומלונג, האָבן אַלע ווי איין מענטש נאָכגעטון זיין ביישפּיל.

# וו. סאַמערסעט מאָם

עס איז געווען אויפן אַנדערן טאָג, אין די שפּעטערע שעהען פון נאָכמיטאָג, ווען מיסיס אַלבערט פאָרעסטער, אימפּאָזאַנט אין שוואַרצע זיידנס און מיט אַ סאַמעטענעם בערעט, איז אַרויסגעגאַנגען פון איר וווינונג כדי צו נעמען אַן אָמניבוס פון מאַרבל־אַרטש, וועלכער זאָל זי דערפירן ביז דעם וויקטאָריאַ־וואָקזאַל. מיסטער סיימאָנס האָט איר אויפן טעלעפאָן אויפגעקלערט, ווי אַזוי צו קומען, געשווינד און ביליק, צו קענינגטאָן ראָאוד. זי האָט זיך נישט געפילט און נישט אויסגעזען ווי דלילה. ביים וויקטאָריאַ־וואָקזאַל איז זי אַריינגעשטיגן אין אַ טראַמוויי, וועלכער קורסירט אַראָפּ די גאַס וואָקסהאָל־ברידזש־ראָאוד. ווען זי איז געווען אויף יענער זייט טייך, האָט זי זיך געפונען אין אַ טייל פון לאָנדאָן, וואָס איז רוישיקער, שמוציקער און קאָכעדיקער ווי די געגנט, צו וועלכער זי איז געווען צוגעוווינט, אָבער זי איז געווען צופיל פאַרטון מיט אירע געדאַנקען צו באַמערקן די געענדערטע פּאַנאָראַמע. עס איז געווען פאַר איר אַ גרויסע פאַרלייכטערונג, ווען זי האָט געזען, אַז דער טראַמוויי גייט לענגאויס קענינגטאָן־ראָאוד, און זי האָט געבעטן דעם קאָנדוקטאָר זי אַראָפּצולאָזן אייניקע טויערן פאַרן הויז, וועלכן זי זוכט. ווען ער האָט דערפילט איר בקשה און דער טראַמוויי האָט רוישיק פאָרגעזעצט זיין קורס, איבערלאָזנדיק זי אַליין אין דער שומנער גאַס, האָט זי זיך דערפילט מאָדנע פאַרלוירן, אַזוי ווי אַ רייזנדער אין אַן אָריענטאַליש מעשהלע, וועמען אַ דזשין*) האָט איבערגעלאָזן אין אַן אומבאַקאַנטער שטאָט. זי איז געגאַנגען לאַנגזאַם, קוקנדיק אויף רעכטס און אויף לינקס, און טראָץ די געפילן פון אויפרעגונג און פאַרלעגנהייט, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר דער דעראָבערונג פון איר באַדייטנדיק אַנטוויקלטן בוזים, איז זי געווען געצווונגען אַ טראַכט צו טון, אַז זי האָט דאָ פאַר זיך מאַטעריאַל פאַר אַ זייער שיין שטיקל פּאָעזיע. די קליינע שטיבעלעך האָבן אַרויסגערופן דאָס געפיל פון אַ פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, ווען עס איז נאָך דאָ געווען כמעט אַ דאָרף, און מיסיס אַלבערט פאָרעסטער האָט פאַרצייכנט אין איר גוטן זכרון אַ באַמערקונג, אַז זי באַדאַרף זיך פאַראינטערעסירן מיט דער ליטעראַרישער אָפּשפּיגלונג פון דער קענינגטאָן גאַס.

נומער 411 איז געווען איינער פון אַ רייע אָפּגעלאָזענע הייזער, וועלכע זענען געשטאַנען אַ קליינעם שטח צוריקגערוקט פון דער גלייכער ליניע

*) איינער פון דער גרופּע גייסטער און שדים, אין דער מאַכמעדאַנישער מיטאָלאָגיע, וועלכע האָבן פאַרמאָגט די אייגנשאַפט אָנצונעמען פאָרמען פון מענטשן און חיות — באַמערקונג פון איבערזעצער.

פון דער גאַס. פאַרן הויז איז געווען אַ שמאָלער פּאַס פון זייער שיטערן גראָז און אַ געפּלאַסטערטע סטעזשקע האָט געפירט צו אַ געקראַטעוועטן הילצער־נעם גאַנעק, וועלכער האָט שוין לאַנג פאַרגעסן דעם טעם פון אַ מאָלערס פּענדזל. אָט דער גאַנעק און די קריכנדיקע שלעכט־אַנטוויקלטע פלאַנצן, וועל־כע האָבן פאַרדעקט דעם פאָדערטייל פון הויז, האָבן גורם געווען זיין געפעלשטן דאָרפישן אויסזען, וואָס איז געווען אומהיימלעך און אַפילו פאַטאַל אין יענער גאַס, לענגאויס וועלכער עס האָט געדונערט מיט אַ טומלדיקער באַוועגונג. עס איז געווען עפּעס טעותדיק אין דעם אויסזען פון יענעם הויז, וואָס האָט געקענט שאַפן דעם איינדרוק, אַז עס וווינען דאָרטן פרויען, פאַר וועלכע אַ לעבן פון תענוג האָט נישט אַריינגעבראַכט קיין אַדעקוואַטע באַלוינונג.

די טיר האָט געעפנט אַן אויסגעדאַרט מיידל פון אַ יאָר פופצן, מיט לאַנגע פיס און אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר.

— וווינט דאָ מיסיס בולפינטש?

— איר האָט אָנגעקלונגען נישט אין ריכטיקן גלעקל. צווייטער שטאָק.

דאָס מיידל האָט אָנגעוויזן אויף די שטיגן און איינצייטיק אַ קוויטש געטון:

— מיסיס בולפינטש, אַ פערזאָן איז צו אייך געקומען, מיסיס בולפינטש.

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איז אַרויף אויף די ברודיקע טרעפּ. זיי זע־נען געווען פאַרדעקט מיט אַ צעריסענעם דיוואַן. זי איז געגאַנגען לאַנגזאַם, ווייל זי האָט זיך נישט געוואָלט פאַרמאַטערן. אַ טיר האָט זיך געעפנט, ווען זי האָט דערגרייכט דעם צווייטן שטאָק, און זי האָט דערקענט איר קעכין.

— אַ גוטן נאָכמיטאָג, בולפינטש! — האָט אויסגערופן מיסיס אַלבערט פאָרעסטער מיט ווירדע. — איך וויל זען אייער באַלעבאָס.

מיסיס בולפינטש האָט זיך געקווענקלט אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע, דער־נאָך האָט זי צעפּראַלט די טיר.

— קומט אַריין, מאַדאַם — זי האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ. — אַלבערט, עס איז געקומען צו זען דיך מיסיס פאָרעסטער.

מיסיס פאָרעסטער איז שנעל פאַרבייגעגאַנגען. ביים פייער איז געזעסן אַלבערט אין מיט אַ לעדער באַדעקטן, אָבער געגנוג אָפּגענוצטן פאָטעל, מיט לאַטשן אויף זיינע פיס און אַן אַ ראָק. ער האָט געלייענט אַן אָוונט־צייטונג און גערויכערט אַ ציגאַר. ער איז אויפגעשטאַנען, ווען מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איז אַריינגעקומען. מיסיס בולפינטש האָט נאָכגעפאָלגט איר גאַסט אין צימער אַריין און צוגעמאַכט די טיר.

## וו. סאַמערסעט מאָם

— וואָס מאַכסטו, מיין טייערע? — האָט אַלבערט אַ פריילעכער גע־זאָגט. — איך האָף, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג.

— אפשר וועסטו אָנטון דעם ראָק, אַלבערט — האָט געזאָגט מיסיס בול־פינטש. — וואָס וועט מיסיס פּאַרעסטער מיינען וועגן דיר, געפינענדיק דיך אין אַזאַ צושטאַנד?

זי האָט אַראָפּגענומען דעם ראָק, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ הענגער, און ווי אַ פרוי, וועלכע איז גוט באַקאַנט מיט די אייגנשאַפטן פון מענערישע קליידער, האָט זי אים געהאָלפן עס אָנצוטון, און אַראָפּגעצויגן זיין קאַמיזעלקע, אַזוי אַז עס זאָל נישט אַרויפקריכן אויפן קאָלנער.

— איך האָב דערהאַלטן דיין בריוו, אַלבערט — האָט געזאָגט מיסיס פּאַרעסטער.

— איך מיין, אַז יאָ, מחמת אין קעגנטייל, וואָלסטו נישט געוווּסט מיין אַדרעס, נישט אמת?

— זעצט אייך צו, מאַדאַם — האָט געזאָגט מיסיס בולפינטש, אָפּשטויבנ־דיק געשיקט אַ שטול, איינעם פון אַ קאָמפּלעט, פּאַרדעקט מיט אַ פלוים־גרינעם סאַמעט און שטופּנדיק עס פּאָראויס.

מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער האָט זיך, מיט אַ לייכטן בוק, אַנידערגעזעצט.

— כ'וואָלט געוואָלט מיט דיר פּאַרבלייבן אַליין — האָט זי געזאָגט.

זיינע אויגן האָבן געפונקלט.

— אַזוי ווי אַלץ, וואָס דו האָסט צו זאָגן, איז נוגע מיסיס בולפינטש אין דער זעלבער מאָס ווי מיך, מיין איך, אַז עס איז אַ סך בעסער זי זאָל בייזיין.

— ווי דו ווילסט.

מיסיס בולפינטש האָט צוגערוקט אַ שטול און האָט זיך אַנידערגעזעצט. מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער האָט זי פריִער קיינמאָל נישט געזען, סיידן מיט אַ גרויסן פּאַרטעך איבער איר קלייד פון געדרוקטן מאַטעריאַל. אַצינד האָט זי געהאַט אויף זיך אַ דעקאָלטירטע בלוזקע פון ווייסן זיידנס, אַ שוואַרצע ספּאָד־ניצע און הויך־אָפּצאַסיקע לאַקירטע פּאַנטאָפל מיט זילבערנע קלאַמערס. זי איז געווען אַ פרוי פון אַן ערך פינף־און־פערציק, מיט רויטלעכע האָר און אַ רויטלעך פּנים, נישט קיין שיינע, אָבער מיט אַ גוטמוטיקן אויסזען און אַ שיין געבויטן, פולן קערפּער. זי האָט דערמאָנט מיסיס אַלבערט פּאַרעס־טער אין אַ דינסטמויד עטוואָס אַ דיקלעכע, וואָס אין אַ קאָמיש בליד פון אַן אַלטן האָלענדישן קינסטלער.

— אַלזאָ, טייערע, וואָס האָסטו מיר צו זאָגן? — האָט געפרעגט אַלבערט.

מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט איר קלוג־סטן און ליבלעכסטן שמייכל. אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן געשיינט מיט אַ טאָלעראַנטן, גוטן הומאָר.

— אַוודאי ווייסטו, אַז דאָס אַלץ איז אַ פולשטענדיקער אַבסורד, אַלבערט. כ׳מיין, אַז דו ביסט נישט ביים פולן זינען.

— אַזוי מיינסטו, מיין טייערע? שטעל זיך עס פאָר!

— איך בין אויף דיר נישט אין כעס, ס׳נעמט מיך ממש צום לאַכן, אָבער אַ וויץ איז נישט מער ווי אַ וויץ, און מען טאָר נישט גיין מיט דעם צו ווייט. כ׳בין געקומען צו נעמען דיך אַהיים.

— איז מיין בריוו נישט געווען גאַנץ קלאָר?

— פולשטענדיק. איך פרעג נישט קיין שאלות, און וועל נישט מאַכן קיין פאָרווורפן. מיר וועלן עס באַטראַכטן ווי אַן איבערגייענדיקע משוגעת, און וועלן וועגן דעם מער נישט רעדן.

— קיין זאַך אין דער וועלט וועט מיך ווען־עס־איז קענען באַווירקן צו לעבן מיט דיר פונדאָסניי, מיין טייערינקע — האָט אַלבערט, פונדעסטוועגן, געענטפערט אויף אַ פולשטענדיק פריינטלעכן אופן.

— מיינסט עס ערנסט?

— הונדערט פּראָצענט ערנסט.

— האָסט ליב אָט די פרוי?

מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער האָט נאָך ווייטער געשמייכלט מיט אַן אייפער־ריקער און עטוואָס מעטאַלישער העלקייט. זי האָט באַשלאָסן צו פאַרהאַלטן זיך גוטמוטיק. מיט איר אינטימן חוש פאַר ווערטן, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז אַ קאָמישע. אַלבערט האָט געקוקט אויף מיסיס בולפינטש און אַ שמייכל איז אויסגעבראָכן אויף זיין אויסגעמאָגערט פנים.

— מיר לעבן זיך זייער גוט צוזאַמען, נישט אמת, מיין ווייבל?

— גאָר נישקשה — האָט געענטפערט מיסיס בולפינטש.

מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער האָט אַ הויב געטון אירע ברעמען. איר מאַן האָט זי קיינמאָל נישט במשך פון זייער פאַרהייראַטן לעבן אָנגערופן „מיין ווייבל״. זי וואָלט זיך עס אויך נישט געוווּנטשן.

— אויב בולפינטש האָט אַ וועלכע עס איז אָפּשאַצונג אָדער כבוד פאַר דיר, באַדאַרף זי וויסן, אַז עס איז אַן אוממעגלעכע זאַך. נאָך אַ לעבן, וואָס דו האָסט געפירט און די געזעלשאַפט, אין וועלכער דו האָסט פאַרקערט,

קען זי קוים האָפֿן צו מאַכן דיך פּערמאַנענט גליקלעך אין אַן אָרעם־מעבּ־לירטער וווינונג.

— עס זענען נישט קיין מעבלירטע צימערן, מאַדאַם — האָט זיך אָנגערופן מיסיס בולפינטש. — דאָס גאַנצע מעבל געהערט צו מיר. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך פולשטענדיק אומאָפּהענגיק, און איך האָב פון תמיד־אָן ליב געהאַט צו האָבן אַן אייגענע היים. דעריבער האַלט איך אויס אָט די צימערן, אָן אונטערשייד, צי איך בין באַשעפטיקט אָדער נישט, און אַזוי אַרום האָב איך תמיד אַן אָרט וווהין אַריינצוקומען.

— און עס איז זייער אַ שיין און געמיטלעך אָרט — האָט געזאָגט אַלבערט.

מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער האָט זיך אַרומגעקוקט. עס איז דאָרטן געווען אַ קיך־אויוון, אויף וועלכן אַ טעפּל האָט זיך געקאָכט און איבערן אויוון איז געשטאַנען אַ מאַרמאָרנער שוואַרצער זייגער, מיט צוויי לייכטער פון שוואַרצן מאַרמאָר פון זיינע ביידע זייטן. עס איז דאָרטן געשטאַנען אַ גרויסער טיש, באַדעקט מיט אַ רויט טישטעך, אַ קרעדענץ און אַ ניי־מאַשין. אויף די ווענט זענען געהאָנגען פאָטאָגראַפיעס און איינגעראַמטע בילדער פון די ווייַנאַכט אילוסטרירטע ביילאַגעס. אַ טיר אין הינטערגרונט, פאַרהאָנגען מיט אַ רויטן פּליושענעם פּאָרטיער, האָט געפירט צו דאָס וואָס, ווי מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער (וועלכע האָט אין אירע פרייע מאָמענטן דורכגעמאַכט אַ ברייטערן סטודיום אין אַרכיטעקטור) האָט געדרונגען, נעמענדיק אין אַכט די גרויס פון דער דירה, האָט באַדאַרפט זיין דאָס איינציקע שלאָפצימער. מיסיס בולפינטש און אַלבערט האָבן געלעבט אין אַ נאָענטקייט, וועלכע האָט אויסגעשלאָסן יעדן ספק, וואָס שייך זייערע באַציאונגען.

— ביסט נישט געווען גליקלעך ביי מיר, אַלבערט? — האָט געפרעגט מיסיס פּאָרעסטער אין אַ טיפערן טאָן.

— מיין טייערע, מיר זענען געווען פאַרהייראַט פינף־און־דרייסיק יאָר. ס'איז צו לאַנג. דו ביסט אַ גוטע פרוי, אויף דיין שטייגער, אָבער דו פּאַסט נישט פאַר מיר. דו ביסט ליטעראַריש געשטימט, און איך נישט. דו ביסט אַרטיסטיש געשטימט און איך נישט.

— איך האָב זיך תמיד באַמיט, אַז דו זאָלסט האָבן אַ טייל אין אַלע מיינע אָנגעלעגנהייטן. איך האָב געטון אַלץ, וואָס איז געווען מעגלעך, אַז מיין דערפאָלג זאָל דיך נישט פאַרטונקלען. קענסט זיך נישט באַקלאָגן, אַז איך האָב דיך ווען עס איז איבערגעלאָזן מיט גאָרנישט.

— דו ביסט אַ װוּנדערבאַרע שרײַבערין, איך לײקן דאָס נישט אַפילו אויף קײן אײן און אײנציקן מאָמענט, אָבער אין דער אמתן האָב איך נישט ליב די ביכער, װעלכע דו שרײַבסט.

— דאָס באַװײַזט בלױז ,אויב עס װעט מיר דערלויבט זײַן צו זאָגן, אַז דו האָסט אַ זײער שלעכטן געשמאַק. אַלע בעסטע קריטיקער אָנערקענען זײער קראַפט און זײער רײץ.

— אָבער איך האָב נישט ליב דײַנע פּרינצט. טײערע מײנע, דערלויב מיר דיר אויסזאָגן אַ סוד. אָפט אויף דײַנע מסיבות האָב איך געהאַט כמעט אַן אומבאַהערשטן אימפּולס אַראָפּצוציִען פון זיך אַלע מײנע קלײדער, בלויז צו זען װאָס װעט געשען.

— עס װאָלט גאָרנישט געשען — האָט געזאָגט מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער מיט אַ לײכטער צוזאַמענציאונג פון אירע ברעמען. — איך װאָלט בלױז גערופן דעם דאָקטאָר.

— אויסער דעם, באַזיצסטו נישט קײן פּאַסיקע פיגור דערצו — האָט זיך אַרײַנגעמישט מיסיס בולפינטש.

מיסטער סײמאָנס האָט געגעבן אָנצוהערן דער מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער, אַז אויב עס װעט זײַן בויטיק, זאָל זי זיך נישט װאַקלען צו באַנוצן דעם רײץ פון איר געשלעכט, כדי אַזוי אַרום צו ברענגען איר בלאָנדזשענדיקן מאַן צוריק אונטער אײנעם פאַמיליע־דאַך, אָבער זי האָט לגמרי נישט געװוּסט, װי עס צו טון. זי האָט זיך געטראַכט, אַז עס װאָלט געװען אַ סך לײכטער דאָס צו טון, אויב זי װאָלט געװען אָנגעטון אין איר אָװנטקלײד.

— האָט די טרײשאָפּט פון פינף־און־דרײַסיק יאָר קײן שום באַדײַט נישט? איך האָב קײנמאָל נישט געקוקט אויף קײן אַנדערן מאַנספּאַרשוין. איך בין צוגעװױנט צו דיר. איך װעל פאַרפאַלן גײן אָן דיר.

— איך האָב איבערגעגעבן אַלע מײנע מענוס דער נײער קעכין, מאַדאַם. איר דאַרפט איר נאָר זאָגן, װיפל פּערזאָנען װעלן קומען צום מיטאָג, און זי װעט אַלץ דערלײדיקן — האָט געזאָגט מיסיס בולפינטש. — מען קען זיך אויף איר פולשטענדיק פאַרלאָזן, און זי איז אַ גרױסע ספּעציאַליסטקע אויף געבעקס.

מיסיס אַלבערט פּאָרעסטער האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן איר מוט. מיסיס בולפינטשס באַמערקונג, באַצװעקנדיק בלי ספק אַ גוטע כװנה, האָט שטאַרק געשטערט אַרויפצוברענגען דאָס געשפּרעך אויף אַ פּלאַן, אויף װעלכער עמאָציע װאָלט געװען אַ נאַטירלעכע זאַך.

— איך האָב מורא, אַז דו פאַרלירסט בלויז דיין צייט, מיין טייערע — האָט אַלבערט געזאָגט. מיין דעציזיע איז אַן ענדגילטיקע. איך בין שוין מער נישט קיין יונגער מאַן און איך באַדאַרף האָבן אַ פּערזאָן, וועלכע זאָל זיך מיט מיר פאַרנעמען. איך וועל נאַטירלעך באַשטימען פאַר דיר אַזאַ גוטע פּענסיע, ווי איך וועל נאָר קענען. קאָרין וויל, אַז איך זאָל זיך צוריקציִען פון מיינע געשעפטן.

— ווער איז קאָרין? — האָט געפרעגט מיסיס פּאַרעסטער זייער אַ גע־פלעפטע.

— עס איז מיין נאָמען — האָט מיסיס בולפינטש געזאָגט. — מיין מוטער איז געווען אַ האַלבע פראַנצויזין.

— דאָס קלערט־אויף אַ סך זאַכן — האָט געענטפערט מיסיס פּאַרעס־טער, איינציִענדיק אירע ליפּן, ווייל כאָטש זי האָט פאַרערט די פראַנצויזישע ליטעראַטור, האָט זי געוווּסט, אַז די מאָראַל פון די פראַנצויזן איז געווען ווייט פון צו זיין אַ צופרידנשטעלנדיקע.

— און איך זאָג, אַז אַלבערט האָט שוין גענוג געאַרבעט, און ס'איז צייט, אַז ער זאָל זיך אָנהויבן פאַרווילן. איך פאַרמאָג אַ קליין גוט אין קלאַקטאָן, ביים ים, ס'איז זייער אַ געזונטע געגנט און די לופט איז דאָרטן ממש אַ וווּנ־דערבאַרע. מיר וועלן דאָרטן קענען לעבן זייער באַקוועם. און דאַן איז דאָרטן פאַראַן די פּליאַזשע און דער האַפן, פון וואָס מען קען אויך עפּעס געניסן. די מענטשן זענען דאָרטן זייער העפלעכע. אויב איר וועט קיינעם נישט שטערן, וועט קיינער נישט שטערן אייך.

— איך האָב פאַרהאַנדלט מיט מיינע שותפים היינט, און זיי זענען גרייט אויסצוקויפן מיין טייל. אַוודאי, דאַרף מען עפּעס פאַרלירן. ווען אַלץ וועט זיין געסילוקט, וועל איך האָבן אַ הכנסה פון ניין הונדערט פונט אַ יאָר. מיר זענען זאַלבע דריט, אַזוי, אַז יעדער וועט באַקומען דריי הונדערט אַ יאָר.

— ווי קען איך לעבן מיט אַזאַ סומע? — האָט אויסגעשריִען מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער. — איך מוז דאָך אָנהאַלטן מיין פּאָזיציע.

— דו פאַרמאָגסט אַ פּליסיקע, פּרוכטבאַרע און באַוווּסטע פעדער, מיין טייערע.

מיסיס אַלבערט פּאַרעסטער האָט אומגעדולדיק אַ הויב געטון מיט אירע אַקסלען.

— דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז מיינע ביכער ברענגען מיר נישט אַריין קיין גראָשן אויסער אַ גוטער מיינונג. די פאַרלעגער זאָגן כסדר, אַז זיי פאַר־

לירן געלט, און, אין דער ווירקלעכקייט, פֿאַרעפֿנטלעכן זיי מיינע ביכער, מחמת עס פֿאַרשאַפֿט זיי פּרעסטיזש.

אין יענעם מאָמענט איז מיסיס בולפינטשן געקומען אַ געדאַנק, וועלכן עס איז באַשערט געווען צו האָבן אומגעהויער וויכטיקע פֿאָלגן.

— פֿאַרוואָס שרייבט איר נישט אָן אַ גוטע סענסאַציאָנעלע דעטעקטיוו־באַוועלע? — האָט זי אַ פֿרעג געטון.

— איך? — האָט אויסגערופֿן מיסיס אַלבערט פֿאָרעסטער, און צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי זיך נישט געהאַלטן שטרענג אין די כללים פֿון דער ענגלישער גראַמאַטיק.

— ס'איז נישט קיין שלעכטער געדאַנק — האָט געזאָגט אַלבערט. — באמת, ווייט נישט קיין שלעכטער איינפֿאַל.

— די קריטיקער וועלן זיך אויף מיר וואַרפֿן ווי אַ סטאַדע ווילדע חיות.

— איך בין נישט אינגאַנצן זיכער אין דעם. גיט דעם גאַוואהדיקן אינ־טעלעקטואַל די געלעגנהייט צו ווערן אַ פּשוטער בשר־ודם, אָן דעם, אַז ער זאָל זיך דאַרפֿן דערנידעריקן אין זיין ווירדע, וועט ער אייך דערפֿאַר פֿאַר־בלייבן אַזוי דאַנקבאַר, אַז ער וועט נישט וויסן, וואָס צו טון פֿאַר אייך.

— פֿאַר דער טרייסט דאַנק איר זייער — האָט מיסיס אַלבערט פֿאָרעס־טער געוואָרטשעט אַ פֿאַרטראַכטע.

— מיין טייערע, די קריטיקער וועלן עס פּשוט שלינגען, און דערצו באַך אָנגעשריבן אין דיין פֿיינעם ענגליש, וועלן זיי זיך נישט שרעקן אָנצורופֿן עס אַ מייסטערווערק.

— דער געדאַנק איז אַ משונהדיקער. עס איז אַבסאָלוט פֿרעמד פֿאַר מיין גייסט. איך האָב קיינמאָל נישט געקענט האָפֿן צופֿרידנצושטעלן די מאַסן.

— פֿאַרוואָס נישט? די מאַסן האָבן ליב צו לייענען אַ גוטן מאַטעריאַל, אָבער זיי האָבן פֿיינט זיך צו לאַנגווייליקן. דער פֿאַקט פֿאַרבלייבט, מיין טייערע, אַז דו ביסט נודנע.

— איך פֿאַרשטיי נישט, ווי קענסטו אַזוי רעדן, אַלבערט — האָט גע־ענטפֿערט מיסיס אַלבערט פֿאָרעסטער, מיט אַזוי ווייניק פֿאַראיבל, ווי דער עקוואַטאָר וואָלט געקענט פֿילן, אויב עמעצער וואָלט אים געזאָגט, אַז ער איז אייז־קאַלט.

— יעדער איינער ווייס און באַשטעטיקט, אַז איך האָב אָן אויסגעצייכנטן חוש פֿאַר הומאָר, און קיינער קען נישט אַרויסבאַקומען אַזוי פֿיל גוטן און גע־זונטן הומאָר פֿון אַ סעמיקאָלאָן ווי איך.

— אויב דו קענסט געבן די מאַסן אַ גוטע סענסאַציאָנעלע דערציילונג און זיי איינרעדן אין דער זעלבער צייט, אַז דאָס באַרייכערט זייער וויסן, וועסטו מאַכן אַ פאַרמעגן.

— כ׳האָב קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געלייענט קיין דעטעקטיוו דערציילונג — האָט מיסיס אַלבערט פאָרעסטער געזאָגט. — כ׳האָב איין מאָל געהערט פון אַ מיסטער באַרנס פון ניו־יאָרק, און מען האָט מיר איבערגע־געבן, אַז ער האָט אָנגעשריבן אַ בוך מיטן נאָמען „די געהיימענישן פון אַ דראָשקע״, אָבער איך האָב עס קיינמאָל נישט געלייענט.

— אַוודאי, באַדאַרף מען האָבן די געהעריקע געשיקטקייט דערצו — האָט צוגעגעבן מיסיס בולפינטש. — קודם כל דאַרף מען געדענקען, אַז ליבע־סצענעס האָבן דאָ נישט קיין פּלאַץ. אין אַ דעטעקטיוו דערציילונג רעדט מען נישט וועגן ליבע. וואָס עס איז יאָ נויטיק, איז מאָרד און פּאָליצייאישע אויס־שפּיר־הינט און דער לייענער וויל נישט טרעפן, ווער עס האָט דאָס געטון, ביז צום סאַמע לעצט זייטל.

— אָבער דו באַדאַרפסט זיך באַגיין יושרדיק מיטן לייענער, מיין טייערע — האָט געזאָגט אַלבערט. — עס ערגערט מיך תמיד, ווען מען וואַרפט דעם חשד אויפן סעקרעטאַר פון דער דאַמע פון דער הויכער געזעלשאַפט, און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז עס איז גאָר געווען דער משרת פון לאָקיי, וועלכער פלעגט קיינמאָל נישט טון מער ווי זאָגן: „די קאַרעטע איז ביי דער טיר״. צעמיש און אינטריגיר דעם לייענער, ווי וויט דו קענסט, אָבער מאַך פון אים נישט קיין נאַר.

— איך האָב ליב אַ גוטע דעטעקטיוו־נאָוועלע — האָט מיסיס בולפינטש געזאָגט.

— גיב מיר אַ בוך, אין וועלכן איך קען לייענען, אַז אַן אַריסטאָקראַטישע דאַמע, אין אַן אָוונט־קאָסטיום, פול מיט דימענטן אויף זיך, ווערט געפונען ליגן אויף דער פּאָדלאָגע פון דער ביבליאָטעק מיט אַ שטילעט אין האַרץ, ווייס איך אויף זיכער, אַז עס וועט מיך פשוט דערקוויקן.

— עס זענען פאַראַן, פאַרשטייט זיך, פאַרשיידענע געשמאַקן — האָט געזאָגט אַלבערט. — מיר פערזענלעך געפעלט בעסער צו לייענען, ווי אַ חשו־בער פאַמיליע־ווינקל־אַדוואָקאַטל מיט באַקנבערד, מיט אַ גאָלדענעם זייגערל־קייטל און פון אַן איידעלן אויסזען, ווערט געפונען ליגן אַ טויטער אין הייד־פּאַרק.

— מיט אַן איבערגעשניטענעם האַלדז? — האָט מיט גרויס בייגעריקייט איבערגעריסן מיסיס בולפינטש.

— ניין, דורכגעשטאָכן אין דער פּלייצע. אַן אייגנאַרטיקע אַטראַקציע פאַרן לייענער איז אַ מאָרד פון אַ מיטליאַריקן דזשענטלמאַן מיט אַ קרישטאָל־ריינעם נאָמען. עס איז אָנגענעם אַ טראַכט צו טון, אַז די אַממערסטן כלומרשט פיינע לייט צווישן אונדז, זאָלן קענען האָבן אַזאַ אָדער אַן אַנדער געהיימעניש אין זייער לעבן.

— איך פאַרשטיי, וואָס דו מיינסט, אַלבערט — האָט געזאָגט מיסיס בולפינטש. — מען האָט אים פאַרטרויט אַ פּאַטאַלן סוד.

— מיר קענען דיר געבן כל־המינים אָנווייזונגען — האָט געזאָגט אַלבערט, מילד שמייכלענדיק צו מיסיס אַלבערט פאָרעסטער. — איך האָב געלייענט הונ־דערטער דעטעקטיוו דערציילונגען.

— דו?

— דאָס איז טאַקע געווען די געלעגנהייט, וואָס האָט אונדז דערנענטערט, מיך מיט קאָרינען. איך פלעג איר געבן צו לייענען יעדעס בוך, וואָס איך האָב שוין געהאַט איבערגעלייענט.

— אַ סך מאָל פלעג איך אים הערן אויסלעשן דאָס עלעקטרישע ליכט, ווען דער פרימאָרגן האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן אַריינצוקריכן דורכן פענצטער, און דעמאָלט פלעג איך שמייכלען צו זיך אַליין און זיך אַליין באַגריסן: „אָ! ענדלעך האָט ער עס שוין געענדיקט. אַצינד וועט ער קענען זיך גוט אויסשלאָפן“.

מיסיס אַלבערט פאָרעסטער איז אויפגעשטאַנען. זי האָט זיך אויסגע־גלייכט.

— אַצינד זע איך, וואָס פאַר אַן אָפּגרונט עס טיילט אונדז ביידע אָפּ — האָט זי געזאָגט, און איר פיינער קאָנטראַלט האָט זיך אַ וואַקל געטון. דו ביסט געווען דרייסיק יאָר אַרומגערינגלט מיט אַלץ, וואָס עס איז געווען דאָס בעסטע אין דער ענגלישער ליטעראַטור, און טראָץ דעם האָסטו געלייענט הונדערטער דעטעקטיוו־ראָמאַנען.

— הונדערטער און הונדערטער — האָט איבערגעשלאָגן אַלבערט מיט אַ שמייכל פון צופרידנקייט.

— איך בין אַהער געקומען מיטן ווילן צו מאַכן די ווייטגייענדיקע הנחות, כדי דו זאָלסט קומען צוריק צו דיין היים, אָבער איצט וויל איך עס נישט

מער. דו האָסט מיר בולט באַוויזן, אַז צווישן אונדז איז גאָרנישט פֿאַראַן קיין געמיינזאַמעס. צווישן אונדזביידן איז פֿאַראַן אַ תהום.

— זייער פֿיין, מיין טייערע — האָט אַלבערט העפלעך געזאָגט. — איך נעם־אָן דיין אויספֿיר. אָבער, דו גיב אַ טראַכט וועגן דער דעטעקטיוו־נאָוועלע.

— נו, איך וועל גיין — האָט זי שטיל געזאָגט.

— איך וועל אייך אַראָפּפֿירן — האָט מיסיס בולפינטש געזאָגט. — מען באַדאַרף זיין פֿאָרזיכטיק מיטן דיוואַן, אויב עמעצער איז נישט באַקאַנט מיט די ערטער, ווו עס געפֿינען זיך די לעכער.

מיט ווירדע, אָבער נישט אָן פֿאָרזיכטיקייט, איז מיסיס אַלבערט פֿאָרעס־טער אַראָפּ מיט די טרעפּ און ווען מיסיס בולפינטש האָט געעפֿנט די טיר און זי געפֿרעגט, צי זי וויל האָבן אַ טאַקסי, האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— איך וועל נעמען אַ טראַמוויי.

— איר דאַרפֿט זיך נישט באַאומרואיקן, איך וועל זייער זאָרגן פֿאַר מיס־טער פֿאָרעסטער, מאַדאַם — האָט גוטמוטיק געזאָגט מיסיס בולפינטש. — ער וועט האָבן דעם גרעסטן קאָמפֿאָרט. איך האָב באַדינט מיסטער בולפינטש דריי יאָר בעת זיין קרענק און ווייס זייער גוט, ווי זיך אומצוגיין מיט קראַנקע. אמת, מיסטער פֿאָרעסטער איז נאָך זייער שטאַרק און אַקטיוו פֿאַר זיין עלטער. אַוודאי וועט ער האָבן זיין באַליבטע זאַך, זיין האָבי. ער וועט זאַמלען פּאָסט־מאַרקעס.

מיסיס אַלבערט פֿאָרעסטער האָט לייכט אַ ציטער געטון פֿון איבערראַ־שונג. אָבער אין זעלבן מאָמענט האָט זיך פֿונדערווייטנס באַוויזן אַ טראַמוויי און, ווי עס איז די טבע פֿון פֿרויען (אַפֿילו פֿון די גרעסטע פֿון זיי), האָט זי זיך אַ לאָז געטון, איינשטעלנדיק איר לעבן, אין מיטן פֿון דער גאַס און געפּאַכעט מיט דער האַנט וואַנזיניק. דער טראַמוויי איז שטיין געבליבן, און זי איז אַריינגעשטיגן. זי האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי זי וועט זיך קענען באַ־וויזן פֿאַר מיסטער סיימאָנסן. ער וועט אויף איר וואַרטן, ווען זי וועט אַהיים קומען. קליפֿאָרד בוילסטאָן וועט מסתמא אויך דאָרט זיין. זיי וועלן דאָרט אַלע זיין, און זי וועט זיין געצווונגען איבערצוגעבן זיי, אַז זי איז חרפּהדיק דורכ־געפֿאַלן. אין יענעם מאָמענט האָבן זיך אָפּגעטון פֿון איר די וואַרעמע געפֿילן פֿון פֿריינטשאַפֿט צו דער קליינער גרופּע פֿון אירע טרייע פֿאַרערער. נישט וויסנדיק ווי שפּעט עס איז, האָט זי אַ קוק געטון אויפֿן מאַן, וועלכער איז געזעסן אַנטקעגן איר, צו זען, צי ער איז דער טיפּ, וועמען זי וואָלט געקענט

באַשיידן אַ פּרעג טון, און פּלוצים איז אַ ציטער דורכגעלאָפן איבער איר; מחמת עס איז דאָרטן געווען אַ מיטליאָריקער דזשענטלמאַן פון אַ גאָר בכבוד־דיק אויסזען, מיט באַקנבערד, מיט אַ ליבנסווירדיק פּנים און מיט אַ גאָלדן זייגערל־קייטל. עס איז געווען דער זעלבער מאַן, וואָס אַלבערט האָט אויס־געמאָלט, ווי ער ליגט אַ טויטער אין הייד־פּאַרק, און זי איז ספּאָנטאַן געקומען צום אויספיר, אַז ער איז אַ פאַמיליע־ווינקל־אַדוואָקאַט. דער צוזאַמענפאַל איז געווען אויסערגעוויינלעך און עס האָט באמת אויסגעזען, אַז די האַנט פון שיקזאַל האָט צו איר געמאַכט סודותפולע סימנים. ער האָט געהאַט אַ זיידענעם הוט, אַ שוואַרצן ראָק און הויזן מיט ווייסע און שוואַרצע פּאַסן; איז געווען עטוואָס דיקלעך, פון אַן אַטלעטישן געבוי און ביי זיין זייט האָט ער געהאַט אַ טעקע. ווען דער טראַמוויי איז געווען האַלבוועגס פון דער גאַס וואָקסהאָל־ברידזש־ראָאוד, האָט ער געבעטן דעם מאָטאָרמאַן זיך אָפּצושטעלן און זי האָט געזען ווי ער איז אַריין אין אַ קליין, פאַרוואָרלאָזט געסל. פאַרוואָס? אָ! פאַרוואָס? ווען דער טראַמוויי איז אָנגעקומען צום וויקטאָריאַ־וואָקזאַל, איז זי געווען אַזוי טיף פאַרזונקען אין אירע מחשבות, אַז זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, ביז דער קאָנדוקטאָר האָט איר, אויף אַ נישט איבער־ריק העפלעכן אופן, געזאָגט, ווו זי געפינט זיך אין דער וועלט. עדגאַר עלען פּאָאו האָט געשריבן דעטעקטיוו־דערציילונגען. זי האָט גענומען אַן אָמניבוס, פאַרזונקען אין אירע נאָכטראַכטענישן, האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ אינעווייניק, אָבער ווען דער אָמניבוס איז אָנגעקומען צום הייד־פּאַרק־קאָרנער, האָט זי פּלוצים באַשלאָסן אַרויסצוגיין. זי האָט נישט געקענט ווייטער זיצן רואיק. זי האָט געפילט, אַז זי דאַרף גיין. זי איז אַדורך די טויערן, גייענדיק פּאַוואָליע, און האָט זיך אַרומגעקוקט מיט אַן אויסדרוק, וועלכער איז געווען אייגנצייטיק אויפמערקזאַם און אַבסטראַקט. יאָ, עדגאַר עלען פּאָאו איז עס געווען, קיינער קען עס נישט לייקענען. נאָך אַלעמען, האָט דאָך ער דערפונדן דעם זשאַנער, און איטלעכער ווייס, ווי גרויס עס איז געווען זיין איינפלוס אויף די פאַרנאַ־סיאַנער. אָדער אפשר אויף די סימבאָליסטן? נישט וויכטיק. אויף באָדלעדן און אַלע איבעריקע. בעת זי איז פאַרבייגעגאַנגען די אַכילעס־סטאַטוע, האָט זי זיך אויף אַ מינוט אָפּגעשטעלט און געקוקט אויף איר מיט אויפגעהויבענע ברעמען.

— ענדלעך איז זי דערגאַנגען ביז צו איר היים, און עפענענדיק די טיר, האָט זי געזען עטלעכע היט אין האָל. זיי זענען אַלע דאָרטן געווען. זי איז אַריין אין סאַלאָן.

— אָט איז זי ענדלעך דאָ — האָט אויסגעשריִען מיס וואָטערפּאָרד.

מיסיס אַלבערט פֿאָרעסטער האָט געשריטן פֿאָראויס, שמייכלענדיק מונטער, און געדריקט די אויסגעשטרעקטע הענט. עס זענען דאָרטן געווען מיסטער סיימאָנס און קליפֿאָרד בוילסטאָן, האַררי אָקלאַנד און אָסקאַר טשאַרלז.

— אָ! איר אָרעמע באַשעפֿענישן, האָט איר געטרונקען טיי? — האָט זי לוסטיק אויסגערופֿן. — איך האָב נישט קיין אַנונג ווי שפּעט עס איז, אָבער איך ווייס, אַז איך האָב שרעקלעך פֿאַרשפּעטיקט.

— נו? — האָבן זיי אויסגעשריִען — נו, וואָס?

— מיינע טייערע, איך האָב איך צו דערציילן עפּעס װוּנדערלעכס. כ'האָב איבערגעלעבט אַ מאָמענט פֿון טיפֿער באַגייסטערונג. דאַרף דער טייוול פֿאַר זיך צונעמען דאָס בעסטע?

— וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן?

זי האָט אַ רגע געשוויגן, כדי די איבערראַשונג, וועלכע זי איז געגאַנגען זיי מגלה צו זיין, זאָל אויסאיבן דעם שטאַרקסטן עפֿעקט. דאַן, אָן שום הקדמות, האָט זי עס אויף זיי אַ שליידער געטון:

— איך גיי שרייבן אַ דעטעקטיוו־דערציילונג.

פֿאַרגאַפּט, מיט אָפֿענע מיילער, האָבן זיי אָנגעשטעלט אויף איר זייערע אויגן. זי האָט אויפֿגעהויבן איר האַנט, כדי נישט דערלויבן זיי איר איבערצורייסן, אָבער אין דער ווירקלעכקייט, האָט קיינער נישט געהאַט אַפֿילו די מינדסטע כוונה דאָס צו טון.

— איך גיי דערהויבן די דעטעקטיוו־נאָוועלע צו דער חשיבות פֿון קונסט. דער דאָזיקער געדאַנק איז מיר אַריין אין קאָפּ פֿלוצלינג, גייענדיק אין הייד־פּאַרק. עס האַנדלט זיך וועגן אַ מאָרד־נאָוועלע, און איך וועל אַנטפּלעקן די לייזונג פֿון דער מיסטעריע אויף דער סאַמע לעצטער זייט. איך וועל עס אָנשרייבן אין אַ פּערפֿעקטן ענגליש, און אַזוי ווי עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך האָב שוין אפֿשר אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן פֿון דעם סעמיקאָלאָן, וועל איך אַצינד זיך נעמען צום קאָלאָן (צוויי פּינטעלעך). קיינער האָט נאָך נישט אויסגעפּאָרשט זיינע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן. מיין ציל איז: הומאָר און געהיימעניש. איך וועל עס אָנרופֿן די אַכילעס־סטאַטוע.

— דאָס איז שוין איינמאָל אַ טיטל! — האָט אויסגעשריִען מיסטער סיימאָנס, קומענדיק צו זיך פֿריִער פֿון די איבעריקע. — איך קען שוין פֿאַרקויפֿן די רעכט צו דרוקן עס אין סעריעס, אויפֿן סמך פֿון דאָזיקן טיטל און אייער נאָמען.

— אָבער, וואָס איז געוואָרן מיט אַלבערטן? — האָט געפרעגט קליפאָרד בוילסטאָן.

— אַלבערט? — האָט ווי אַן עכאָ געענטפערט מיסיס פאָרעסטער. — אַלבערט?

זי האָט אויף אים אַ קוק געטון, גלייך ווי זי וואָלט לחלוטין זיך נישט געקענט דערמאָנען, וועגן וואָס ער רעדט. דאַן האָט זי אַ לייכטן געשריי געטון, אַזוי ווי זי וואָלט זיך עפּעס פּלוצלינג דערמאָנט.

— אַלבערט! כ׳האָב געוווּסט, אַז איך דאַרף עפּעס דערליידיקן, אָבער עס איז מיר פּשוט אַרויס פון זכרון. כ׳בין געגאַנגען דורכן הייד־פּאַרק, און אָט די אינספּיראַציע האָט מיך באַהערשט. איר וועט זיך טראַכטן, וואָס פאַראַ נאַר איך בין!

— אַלזאָ, איר האָט נישט געזען אַלבערטן?

— מיינע טייערע! איך האָב אינגאַנצן וועגן אים פאַרגעסן. — זי האָט זיך הייטער צעלאַכט. — זאָל זיך אַלבערט האַלטן מיט זיין קעכין. איך קען זיך אַצינד נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט אַלבערטן. אַלבערט געהערט צו דער סעמיקאָלאָן עפּאָכע. איך נעם מיך צום שרייבן אַ דעטעקטיוו־ראָמאַן.

— מיין טייערע! איר זענט זייער, זייער ווונדערבאַר — האָט געזאָגט האַררי אָקלאַנד.

עלסאָן געפעלט מיר. עס איז אַ ים־דאַטשע אין דרום פון ענגלאַנד, נישט זייער ווייט פון ברייטן, און עס האָט אין זיך עפּעס פון דעם פאַרגאַנגענעם רייך פון דער געאָרגיאַנישער עפּאָכע פון יענער אָנגענעמער שטאָט. אָבער עס איז נישט רוישיק און נישט גלאַנציק. צען יאָר צוריק, ווען איך פלעג אַהין אַראָפּפאָרן נישט גאָר זעלטן, האָט איר נאָך געקענט זען דאָ און דאָרט אַן אַלט הויז, אַ סאָליד און אַ יחסנדיק אויף אַ נישט אומאָנגענעם שטייגער (ענלעך צו אַ פאַרוועלקטער דאַמע פון אַ פיינער פאַמיליע, וועמעס דיסקרעטע גאווה אין איר יחוס פאַרוויילט אייך מער ווי עס באַליידיקט אייך) וואָס איז אויס־געבויט געוואָרן בעת דער הערשאַפט פון דעם ערשטן דזשענטלמאַן פון איי־ראָפּע, און ווו אַן אַנטוישטער פריץ פלעגט קענען גוט פאַרברענגען זיינע לעצ־טע יאָרן. די הויפּט־גאַס האָט געהאַט אַ סענטימענטאַלע שטימונג, און דעם דאָקטאָרס אויטאָמאָביל האָט אויסגעזען אַ ביסל נישט ביי זיך אינדערהיים. די באַלעבאָסטעס פלעגן אָפּטון זייערע הויז־אַרבעטן אויף אַ לאַנגזאַמען שטיי־גער. זיי פלעגן שמועסן מיטן קצב, בעת זיי האָבן זיך צוגעקוקט, ווי ער שניידט פאַר זיי אָפּ פון אַ פּערטל בהמה אַ שטיק פון דעם בעסטן טייל פון רוקן, און זיי פלעגן זיך נאָכפרעגן פריינטלעך אויף זיין פרוי, בעת דער געוועלבניק פלעגט זיי אַריינלייגן אַ האַלב פונט טיי און אַ פּעקעלע זאַלץ אין זייער געשטריקטן האַנטזאַק. איך ווייס נישט גענוי, צי עלסאָן איז ווען עס איז געווען אין דער מאָדע. אין יענער צייט איז זי עס זיכער נישט געווען. אָבער זי איז געווען בכבודיק און ביליק. עס האָבן דאָרטן געוווינט עלטערע פּרויען, מיידלעך און אלמנות, ציווילע לייט פון אינדיע און אויסגעדינטע זעל־נער; זיי פלעגן מיט אַ קליינעם ציטער פון שרעק אויסקוקן אויף אויגוסט און סעפּטעמבער, ווועלכע פלעגן אַראָפּברענגען זומער־געסט, אָבער זיי פלעגן נישט זיין קעגן צו פאַרדינגען זייערע הייזער, און פאַר דעם דירה־געלט פאַר־ברענגען אייניקע עולם־הזהדיקע וואָכן אין אַ שווייצאַרישן פּענסיאָן. איך האָב קיינמאָל נישט געקענט עלסאָן אין יענער רוישיקער צייט, ווען די לאָקאַטאָרן־

הייזער זענען געווען געפּאַקט און יונגע מענער אין פלאַנעלענע רעקלעך פלעגן שפּאַצירן לענגאויס דער ים־פּראָמענאַדע, בעת וואַנדערנדיקע אַרטיסטן פלעגן פאַרשטעלן אויפן ברעג, און אין דעם ביליאַרד־זאַל פון האָטעל־דעלפּין פלעגט איר הערן די קלעפּ פון די קוילן ביז עלף ביינאַכט. איך האָב זי בלויז געקענט פון ווינטער. דעמאָלט איז אויף יעדן הויז פון דעם ים־ברעג (שטוקאַטירטע מויערן מיט פאַרקיילעכטע פענצטער, אויפגעשטעלטע מיט אַ הונדערט יאָר צוריק) געווען אַ צייכן, וואָס האָט איך מודיע געווען, אַז עס זענען דאָרטן פאַראַן וווינונגען צו פאַרדינגען, און די געסט פון האָטעל דעלפּין זענען געווען באַדינט נאָר פון איין־און־איינציקן קעלנער און אַ שיכפּוצער. צען אַ זייגער אין אָוונט פלעגט דער פאַרטיער אַריינקומען אין רויכער־סאַלאָן און פלעגט אַ קוק טון אויף אייך אויף אַזאַ אָנצוהערעניש־אופן, אַז איר פלעגט אויפשטיין און אַוועקגיין שלאָפן. דאָן איז עלסאָן געווען אַ רו־איק אָרט און דעלפּין אַ זייער באַקוועם גאַסטהויז. עס איז אָנגענעם צו דערמאָנען זיך, אַז דער פּרינץ־רעגענט צוזאַמען מיט דער פרוי פיצהערבערט זענען נישט איין מאָל פאַרפאָרן צו טרינקען טיי אין זיין קאַפע־זאַל. אין האָל איז אין אַ ראַם געהאָנגען אַ בריוו פון מיסטער טהעקערי, אין וועלכן ער בעט צו רעזערווירן פאַר אים אַן אויפנאַם־צימער און צוויי שלאָפצימערן, וואָס גייען אַרויס אויפן ים, און פאַראָרדנט, אַז מען זאָל אַרויסשיקן אַ קאַרעטע אויפצונעמען אים ביים וואָקזאַל.

אין איינעם אַ נאָוועמבער, צוויי אָדער דריי יאָר נאָכן קריג, האָבנדיק געווען שטאַרק קראַנק פון אַן אַטאַקע פון אינפלוענצע, בין איך אַרויסגעפאָרן קיין עלסאָן, כדי צו קומען צו די כוחות. איך בין אָנגעקומען נאָכמיטאָג־צייט און נאָכן אויספּאַקן די זאַכן, בין איך אַרויס שפּאַצירן אויף דער פּראָמענאַדע. דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט און דער רואיקער ים גרוי און קאַלט. אייניקע מעוועס זענען געפלויגן נאָענט ביים ברעג. זעגל־שיפן, זייערע מאַסטן אַראָפּגענומען צוליבן ווינטער, זענען געווען אויסגעשטעלט הויך אויף דעם מיט שטיינדלעך באַדעקטן ברעג, און די באַד־ביידלעך זענען געשטאַנען זייט־בײ־זייט אין אַ לאַנגער, גרויער און פאַרוואָרלאָזטער רייע. קיינער איז נישט געזעסן אויף די בענק, וועלכע דער שטאָטראַט האָט אַוועקגעשטעלט וווּ־נישט־ווו, נאָר אייניקע מענטשן האָבן זיך געשלעפּט אַהין און צוריק, מאַכנדיק גימנאַסטיק. איך בין פאַרבייגעגאַנגען אַן אַלטן קאָלאָנעל מיט אַ רויטער נאָז, וועלכער האָט מאַרשירט לענגאויס, אין לאַנגע און ברייטע „פּלאָס־פּאָר״־הויזן, מיט אַ טעריער־הונט פאַר אַ באַגלייטער; צוויי עלטערע פרויען אין

קורצע קליידלעך און מאַסיווע שיך, און אַ פּשוט מיידל מיט אַ טעמאָשענטער*).
כ׳האָב קיינמאָל נישט געזען דעם ברעג אַזוי פאַרלאָזן. די לאָקאַטאָרן־הייזער
האָבן אויסגעזען ווי נאַכלעסיקע, אַלטע מוידן, וואַרטנדיק אויף זייערע גע־
ליבטע, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט צוריקקומען, און אַפילו דער פּריינט־
לעכער דעלפין האָט אויסגעזען טריב און פאַרוויסט. דאָס האַרץ האָט זיך אין
מיר פאַרקלעמט. דאָס לעבן האָט פּלוצלינג אויסגעזען צו זיין זייער מאָנאָ־
טאָן. איך האָב זיך אומגעקערט אין האָטעל, פאַרצויגן די פאָרהאַנגען פון
מיין אויפנאַם־צימער, אַ שאָר געטון דאָס פייער אין אויוון און מיט אַ בוך
געזוכט צו צעשטרייען די לאַנגווייליקייט. אָבער איך בין געווען היפּש צופרידן,
ווען עס איז אָנגעקומען די צייט זיך אָנצוטון צום אָוונטברויט. כ׳בין אַריין
אין קאַפע־זאַל און האָב געפונען די געסט פון דעם האָטעל שוין זיצן ביי
די טישן. איך האָב אויף זיי געוואָרפן אַ צופעליקן בליק. עס איז דאָרטן גע־
ווען אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, זיצנדיק אַליין; דאַן, צוויי עלטערע הערן,
אַפּנים גאָלף־שפּילער מיט רויטע פּנימער און ליסע קעפּ, וועלכע האָבן
געגעסן זייערע מאכלים אין אַ טריבער שטילקייט. די איינציקע אַנדערע
לייט אינעם זאָל זענען געווען אַ גרופּע פון דריי, וועלכע זענען געזעסן ביים
קיילעכדיקן פענצטער, און זיי האָבן תיכף צוגעצויגן מיין פאַרוווּנדערטע
אויפמערקזאַמקייט. די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַן אַלטן הער און צוויי פרוי־
ען. איינע פון זיי איז געווען אַלט און מסתמא זיין ווייב, בעת די אַנדערע
איז געווען יינגער און, מעגלעך, זיין טאָכטער. עס איז געווען די אַלטע פרוי,
וועלכע האָט די ערשטע געוועקט מיין נייגעריקייט. זי האָט געטראָגן אַ ברייט
קלייד און אַ שוואַרץ ליצן־היטעלע; אויף איר האַנט־געלענק האָט זי געהאַט
שווערע גאָלדענע בראַסלעטן, און אַרום איר האַלדז אַ מאַסיווע גאָלדענע
קייט, פון וועלכער עס האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ גרויסער גאָלדענער מעדאַליאָן.
ביי איר האַלדז האָט זי געהאַט אַ גרויסע גאָלדענע בראָשקע. ווי ווייט עס
איז מיר געווען באַקאַנט, האָט מען שוין אַזאַ מין ביזשוטעריע מער נישט
געטראָגן. פאַרבייגייענדיק אָפּטמאָל געשעפטן פון גענוצטער ביזשוטעריע און
לאָמבאַרדן, פלעג איך זיך אָפּשטעלן אַ מאָמענט אַ קוק צו טון אויף די
מאָדנע אַלטפרענקישע אַרטיקלען, אַזוי וואָגיקע, קאָסטבאַרע און שרעקעוו־
דיקע, און מיט אַ שמייכל, אין וועלכן עס איז געווען אַ לייכטע באַפאַרבונג
פון אומעט, זיך פאָרשטעלן די שוין לאַנג פאַרשטאָרבענע פרויען, וועלכע

*) אַ מין בערעט — באַמערקונג פון איבערזעצער.

האָבן זיי געטראָגן. זיי האָבן אָנגעדייט אויפֿן פּעריאָד, ווען אַ טורנור און אַ פֿאַלד האָבן פֿאַרנומען דעם פּלאַץ פֿון דער קרינאָלינע, און דער הוט איז געשטאַלט פֿון אַ „פּאַרק־פּיי"־פּאַשטעט האָט אָנגעהויבן אַרויסצושטויסן דעם בערעט מיטן ברייטן ראַנדאַ. די ענגלענדער האָבן ליב געהאַט אין יענע טעג סאָלידע און גוטע זאַכן. זיי פֿלעגן גיין אין קלויסטער זונטיק אינדערפֿרי און נאָכן קלויסטער שפּאַצירן אין פּאַרק. זיי פֿלעגן איינאָרדענען אָוונט־מאָלצייטן פֿון צוועלף געריכטן, בעת וועלכע דער באַלעבאָס פֿלעגט צעשניידן דעם ביף און די קורטשאַקעס, און נאָכן מאָלצייט פֿלעגן די פֿרויען, וועלכע האָבן געקענט שפּילן, מכבד זיין די געזעלשאַפֿט מיט מענדעלסאָנס לידער אָן ווערטער, און די הערן פֿלעגן זינגען מיט אַ פֿיינעם באַריטאָן־קול אַן אַלטע ענגלישע באַלאַדע.

די יינגערע פֿרוי איז געזעסן מיטן רוקן צו מיר און לכתחילה האָב איך נאָר געקענט זען, אַז זי האָט אַ שלאַנקע און יוגנטלעכע פֿיגור. אירע געדיכטע, פֿולע האָר האָבן אויסגעזען צו זיין זאָרגפֿעלטיק באַאַרבעט. זי האָט אויף זיך געהאַט אַ גרויעם קאָסטיום. די דריי פֿערזאָנען האָבן געשמועסט צווישן זיך אויף אַ נידעריק קול, און אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָט זי אַ קער געטון מיטן קאָפּ, אַזוי אַז איך האָב געקענט זען איר פּראָפֿיל. ער איז געווען זייער שיין, ממש צו באַוווּנדערן. די נאָז איז געווען גלייך און דעליקאַט, די ליניע פֿון דער באַק הערלעך מאָדעלירט; דאַן האָב איך געזען, אַז איר פֿריזור איז געווען לויטן סטיל פֿון דער קעניגין אַלעקסאַנדראַ. דער אָוונטברויט האָט זיך לאַנגזאַם פֿאַרענדיקט און זיי זענען אויפֿגעשטאַנען. די אַלטע פֿרוי איז אַרויסגעגאַנגען פֿון זאַל, נישט קוקנדיק נישט אויף רעכטס און נישט אויף לינקס, און די יונגע דאַמע איז איר נאָכגעגאַנגען. דעמאָלט האָב איך מיט אַ ציטער דערזען, אַז זי איז אַלט. איר קלייד איז געווען פֿון אַ פּשוטן פֿאַסאָן. די ספּאָדניצע איז געווען לענגער פֿון די, ווי מען האָט עס צו יענער צייט געטראָגן, און דער מאָדעל איז געווען עטוואָס אַלט־מאָדיש. איך וואָלט געזאָגט, אַז די טאַליע איז געווען מער אָנזעעוודיק ווי פֿון דעם דעמאָלטיקן שטייגער, אָבער עס איז געווען קענטיק אַ מיידלשע קלייד. זי איז געווען הויך, ווי אַ העלדין פֿון טעניסאָנס טיפּן, שלאַנק, מיט לאַנגע פֿיס און אַ חנעוודיקער באַנעמונג. איך האָב פֿריער געזען איר נאָז: עס איז געווען די נאָז פֿון אַ גריכישער געטין; איר מויל איז געווען שיין און אירע אויגן זענען געווען גרויסע און בלויע. איר הויט איז געווען, גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, אַ ביסל אָנגעצויגן אויף אירע ביינער און עס זענען געווען קנייטשן אויף איר שטערן

און אַרום אירע אויגן, אָבער אין איר יוגנט האָט זי באַדאַרפט זיין שיין. זי האָט דערמאָנט אָן יענע רוימישע דאַמעס מיט פּנים־שטריכן פון אַ הער־לעכער האַרמאָנישקייט, וועלכע אַלמע־טאַדימע*) פלעגט מאָלן, אָבער וועלכע, נישט געקוקט אויף זייערע אַלטערטימלעכע קליידער, זענען געווען אַזוי האַרטנעקיק ענגליש. עס איז געווען אַ טיפּ פון קאַלטער אויסגעצייכנטקייט, וועלכן מען האָט שוין זינט פינף־און־צוואנציק יאָר נישט געזען. היינט־צו־טאָג איז עס אַזוי טויט, ווי עס איז טויט דער עפּיגראַם. מען וואָלט מיך געקענט פאַרגלייכן צו אַן אַרכעאָלאָג, וועלכער האָט געפונען אַ שוין זינט לאַנג באַ־גראָבענע סטאַטוע, און איך בין געווען אַנטציקט אַנצושטויסן זיך אויף אַט דער איבערבלייבעניש פון אַ פאַרגאַנגענער תקופה. וואָרום קיין טאָג איז נישט אַזוי טויט ווי דער טאָג פון אייערנעכטן.

דער הער איז אויפגעשטאַנען, ווען די צוויי דאַמעס זענען אַוועק, און דערנאָך האָט ער ווידער פאַרנומען זיין פּלאַץ. אַ קעלנער האָט אים צוגע־בראַכט אַ גלאָז שטאַרקן פּאָרט־ווייַן. ער האָט עס אַ שמעק געטון, אַ זופּ געטון און עס געקייקלט אַרום זיין צונג. איך האָב אים אָבסערווירט. ער איז געווען אַ קליינער מאַן, אַ סך נידעריקער פון זיין אימפּאָזאַנטער פרוי, פול־קערפּערדיק, אָבער נישט דיק, מיט אַ פיינעם קאָפּ געקרייזלטע גרויע האָר. זיין פּנים איז געווען זייער צעקנייטשט און עס האָט אָפּגעשפּיגלט אַ שוואַכן הומאָריסטישן אויסדרוק. זיינע ליפּן זענען געווען שטייף און זיין קין פירקאַנטיק. ער איז געווען, לויט אונדזערע איצטיקע באַגריפן, עטוואָס עקסטראַוואַגאַנט געקליידעט. ער האָט געטראָגן אַ שוואַרצן סאַמעטענעם ראָק, אַ העמד מיט אַ זשאַבאָ און אַ נידעריקן קאָלנער, אַ גרויסן שוואַרצן קראַוואַט און זייער ברייטע אָוונט־הויזן. אין אַ געוויסן זין האָט עס געמאַכט דעם מאָדנעם איינדרוק פון אַ מאַסקאַראַד־אָנצוג. נאָך דעם ווי ער האָט בנעימות־דיק אויסגעטרונקען זיין פּאָרט־ווייַן, איז ער אויפגעשטאַנען און לאַנגזאַם אַרויס פון צימער. ווען איך בין אַדורך איבערן האָל, נייגעריק צו וויסן, ווער עס זענען די דאָזיקע אייגנאַרטיקע לייט, האָב איך אַריינגעקוקט אין גאַסט־בוך. איך האָב געזען געשריבן אין אַ קאַנטיקער פּרוויאישער האַנטשריפט, אַ קאַליגראַפיע, וועלכע מען האָט געלערנט די יונגע דאַמעס אין די מאָדער־נע שולן אַן ערך פערציק יאָר צוריק, די נעמען: מיסטער און מיסיס עדווין

*) לאָרענס אַלמע־טאַדימע (1836—1912) איז געווען אַן ענגלישער מאָלער פון האָלענדישן אָפּשטאַם — באַמערקונג פון איבערזעצער.

## וו. סאמערסעט מאָם

סיינט־קלער און מיס פּאָרטשעסטער. זייער אַדרעס איז אָנגעגעבן געוואָרן: לענסטער פּלאַץ נומער 68 ביזוואָטער, לאָנדאָן. אָט דאָס האָבן געמוזט זיין די נעמען און דאָס דער אַדרעס פון די לייט, וועלכע האָבן מיך אַזוי אינטע־רעסירט. איך האָב געפרעגט די פּאַרוואַלטערין, ווער איז עס דער מיסטער סיינט־קלער, און זי האָט מיר געענטפערט, אַז זי גלויבט, אַז ער באַדאַרף זיין אַ וויכטיקע פּערזאָן אין דער סיטי. איך בין אַריין אין ביליאַרד־צימער און אַ ווײַלע אַרומגעשטויסן די קויל און דאַן, אויף מיין וועג אַרויף צום ערשטן שטאָק, בין איך אַריין אין אָפּרו־סאַלאָן. די צוויי רויט־פּנימדיקע הערן האָבן געלייענט די אָוונט־צייטונגען און די מיטליאָריקע דאַמע האָט געדרימלט איבער אַ ראָמאַן. די גרופּע פון דריי איז געזעסן אין אַ ווינקל. פרוי סיינט־קלער האָט געשטריקט, מיס פּאָרטשעסטער איז געווען באַשעפּ־טיקט מיט האַפּטן און מיסטער סיינט־קלער האָט געלייענט אויפן קול אין אַ דיסקרעטן אָבער הויכן טאָן. ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען, האָב איך אַנטדעקט, אַז ער האָט געלייענט דאָס פּאַרוואַרלאָזטע הויז.

דעם אַנדערן טאָג האָב איך זייער אַ סך געלייענט און געשריבן, אָבער נאָך מיטאָג בין איך אַרויס שפּאַצירן און אויף מיין וועג אַהיים, האָב איך זיך צוגעזעצט אַ ביסל אויף איינעם פון יענע באַקוועמע בענק, אויף דער ים־פּראָמענאַדע. עס איז נישט געווען אַזוי קאַלט ווי דעם פריערדיקן טאָג און די לופט איז געווען אָנגענעם. נישט האָבנדיק עפּעס בעסערס צו טון, האָב איך אָבסערווירט אַ פיגור, וועלכע איז מיר געגאַנגען אַנטקעגן פון דער־ווייטנס. עס איז געווען אַ מאַנספּאַרשוין און ווען ער האָט זיך דערנענטערט, האָב איך געזען, אַז עס איז אַן אָרעם קליין מענטשל. ער האָט אויף זיך געהאַט אַ לייכטן שוואַרצן מאַנטל און אַן עטוואָס צעקנייטשן האַרטן הוט. די הענט האָט ער געהאַט אין די קעשענעס און האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט אים באַדאַרפט זיין קאַלט. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ שנעלן בליק, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען; זיך געשלייכט עטלעכע שריט פאָראויס, זיך געקווענקלט, זיך אָפּגעשטעלט און צוריקגעגאַנגען. ווען ער איז ווידער צוגע־קומען צו דער באַנק, אויף וועלכער איך בין געזעסן, האָט ער אַרויסגע־נומען איין האַנט פון זיין קעשענע און זי צוגעלייגט צום הוט. איך האָב געזען, אַז ער האָט אָפּגעטראָגענע שוואַרצע הענטשקעס און איך האָב גע־דרונגען, אַז ער באַדאַרף זיין אַן אלמן אין אַ געדריקטער לאַגע, אָדער אַן אָנגעשטעלטער אין אַ לויות־אונטערנעמונג, וועלכער, אַזוי ווי איך, איז גע־קומען זיך צו דערהאָלן נאָך אַ גריפּע.

— אַנטשולדיקט, הער, — האָט ער געזאָגט — קענט איר מיר שענקען אַ שוועבעלע?

— זיכער.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט נעבן מיר און בעת איך האָב אַרײַנגעלייגט מײַן האַנט אין מײַן קעשענע נאָך די שוועבעלעך, האָט ער אין זײַנער געזוכט די ציגאַרעטן. ער האָט אַרויסגענומען אַ שאַכטל גאָלדפלייקס און זײַן פּנים איז אים אײַנגעפאַלן.

— אָ! וואָס פֿאַראַ פֿאַרדרייעניש! ס׳איז מיר נישט פֿאַרבליבן קיין איין ציגאַרעט.

— זאָל איך אײַך מכבד זײַן מיט אײנעם? — האָב איך געענטפֿערט, שמייכלענדיק.

איך האָב אַרויסגענומען מײַן פּאַפּיראָסניצע און אים מכבד געווען.

— אַ גאָלדענע? — האָט ער אַ פֿרעג געטון, גיבנדיק איר אַ לייכטן שנעל מיטן פֿינגער, ווען איך האָב איר פֿאַרמאַכט. — אַ גאָלדענע? דאָס איז אַ זאַך, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געקענט פֿאַרהאַלטן. כ׳האָב געהאַט דרײַ. אַלע האָט מען מיר צוגעגנבעט.

זײַנע אויגן האָבן זיך מעלאַנכאָליש פֿאַרקוקט אויף זײַנע שיך, וועלכע מען האָט נעבעך באַדאַרפֿט פֿאַרריכטן. ער איז געווען אַן אויסגעדאַרטער קלענער מאַן מיט אַ לאַנגער דינער נאָז און בלאַסע, בלויע אויגן. זײַן הויט איז געווען פֿאַרגעלט און שטאַרק צעקנייטשט. כ׳האָב נישט געקענט טרעפֿן זײַן עלטער. ער וואָלט געקענט זײַן אַ פֿינף־און־דרײַסיקער אַזוי גוט ווי אַ זעכציקער. ער האָט זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט, אויסער זײַן אומבאַדײַטנדיקייט. אָבער, כאָטש אָפּנים אַן אָרעמער מאַן, איז ער געווען ריין און זויבער. ער איז געווען אַ בכבודיקער מענטש און האָט האָלט געהאַט בכבודיקע לײַט. ניין, כ׳צווייפֿל, צי ער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער פֿון אַ לויות־אונטערנעמונג; כ׳מיין, אַז ער איז געווען אַ באַאַמטער ביי אַן אַדוואָקאַט, וועלכער האָט לעצטנס געבראַכט צו קבורה זײַן פֿרוי און זײַן באַלעבאָס האָט אים געשיקט קיין עלסאַם צו קומען צו זיך נאָכן ערשטן שאָק פֿון זײַן צער.

— פֿאַרבלייבט איר דאָ לאַנג, סער? — האָט ער מיך געפֿרעגט.

— צען טעג אָדער צוויי וואָכן.

— סער, איז דאָס אײַער ערשטע וויזיט אין עלסאַם?

— איך בין שוין דאָ געווען פֿריִער.

## וו. סאַמערסעט מאָם

— איך קען עלסאָם גוט, סער. איך מעג זיך באַרימען, אַז עס זענען פֿאַראַן זייער ווייניק ים־דאַטשעס, ווו איך זאָל נישט האָבן געווען אין אַ געוויסער צייט. עלסאָם איז פֿון די בעסטע. דאָ באַגעגנט איר אַ שיינעם קלאַס מענטשן. עלסאָם איז נישט רוישיק און נישט פּראָסט, אויב איר פֿאַרשטייט וואָס איך מיין. עלסאָם האָט מיר איבערגעלאָזן זייער אָנגענעמע דעראינערונגען. איך האָב גוט געקענט עלסאָם אין די פֿאַרגאַנגענע יאָרן. איר ווייסט, סער, אַז איך בין געשטאַנען אונטער דער חופּה אין סיינט־מאַרטינס קירכע.

— טאַקע! — האָב איך אין אַ שוואַכן טאָן געזאָגט.

— סער, עס איז געווען זייער אַ גליקלעכער שידוך.

— איך בין זייער צופֿרידן צו הערן עס — האָב איך געענטפֿערט.

— עס האָט געדויערט ניין חדשים — האָט ער אַ פֿאַרטראַכטער געזאָגט.

די באַמערקונג איז זיכער געווען אַ ביסל אייגנאַרטיק. איך האָב נישט מיט קיין שום ענטוזיאַזם אויסגעקוקט אויף דער מעגלעכקייט, וועלכע איך האָב אַזוי קלאָר פֿאָראויסגעזען, אַז ער וועט מיך באַערן מיט אַ באַריכט פֿון זיינע פֿאַמיליאַרע דערפֿאַרונגען, אָבער איצט האָב איך געוואַרט, אויב נישט מיט גרויס אייפֿער, איז לכל הפּחות מיט נייגער, אויף אַ ווייטער־דיקער באַמערקונג. ער האָט גאָרנישט מוסיף געווען. ער האָט אַ ביסל גע־זיפֿצט. צום סוף האָב איך איבערגעריסן זיין שווייגן.

— עס זעט אויס, אַז עס זענען נישט פֿאַראַן קיין סך מענטשן דאָ — האָב איך באַמערקט.

— אַזוי האָב איך ליב. איך האָב נישט האָלט מאַסן. ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט נאָר־וואָס, מיין איך, אַז איך האָב פֿאַרבראַכט אַ סך יאָרן אין אַ רייע ים־קוראָרטן, אָבער איך בין קיינמאָל נישט אָנגעקומען אַהין אין דעם סעזאָן. איך האָב ליב ווינטער.

— געפֿינט איר נישט איין, אַז עס איז אַ ביסל אומעטיק?

ער האָט זיך צו מיר אויסגעדרייט און אַרויפֿגעלייגט אויף אַ סעקונדע זיין האַנט, וואָס אין דער שוואַרצער הענטשקע, אויף מיין אָרעם.

— עס איז טאַקע מעלאַנכאָליע. און ווייל עס איז מעלאַנכאָליע, איז אַ שוואַכער שטראַל פֿון זונשיין זייער אָנגעלייגט.

די באַמערקונג האָט מיר אויסגעזען צו זיין פֿולשטענדיק אידיאָטיש און איך האָב נישט געענטפֿערט. ער האָט צוריקגעצויגן זיין האַנט פֿון מיין אָרעם און איז אויפֿגעשטאַנען.

— נו, סער, איך באַדאַרף אייך נישט פאַרהאַלטן. כ׳בין צופרידן, וואָס איך האָב זיך מיט אייך באַקענט.

ער האָט אַ הויב געטון זיין אָפּגעקראָכענעם הוט און האָט זיך אַוועקגעשלייכט. עס האָט אַצינד אָנגעהויבן צו ווערן קאַלט און איך האָב געמיינט, אַז איך מעג זיך שוין אומקערן אין דעלפּין אַריין. ווען איך בין צוגעקומען צו די ברייטע טרעפּ, איז צוגעפאָרן אַ קאַרעטע, איינגעשפּאַנט מיט צוויי אויסגעקוואַרטע פערד, און פון איר איז אַרויסגעשטיגן מיסטער סיינט־קלער. ער האָט געטראָגן אַ הוט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אומגליקלעכער רעזולטאַט פון אַ שידוך צווישן אַ האַרטן הוט און אַ צילינדער. ער האָט דערלאַנגט זיין האַנט זיין פרוי און דערנאָך זיין פּלימעניצע. דער פּאָרטיער האָט אַריינגעטראָגן נאָך זיי קאָלדרעס און קישנס. בעת מיסטער סיינט־קלער האָט באַצאָלט דעם קוטשער, האָב איך אים געהערט זאָגן, אַז ער זאָל קומען מאָרגן אין דער געוויינלעכער צייט, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די סיינט־קלערס מאַכן אַ שפּאַציר יעדן נאָכמיטאָג אין אַ קאַרעטע. עס וואָלט מיך גאָרנישט איבערראַשט, אויב איך וואָלט זיך דערוווּסט, אַז קיינער פון זיי איז קיינמאָל נישט געזעסן אין אַן אויטאָמאָביל.

די פאַרוואַלטערין האָט מיר געזאָגט, אַז זיי האַלטן זיך אָפּגעזונדערט און זוכן נישט קיין באַקאַנטשאַפט מיט די אַנדערע לייט, וועלכע שטייען איין אין האָטעל. איך האָב נאָכגעפאָלגט מיסטער און מיסיס סיינט־קלער, בעת זיי זענען געזעסן אויף דער טעראַסע פון האָטעל אינדערפרי. ער האָט געלייענט די טיימס און זי האָט געשטריקט. איך בין זיך משער, אַז מיסיס סיינט־קלער האָט קיינמאָל נישט געלייענט קיין צייטונג אין איר לעבן, וואָרום זיי האָבן קיינמאָל נישט געקויפט עפּעס אַנדערש ווי די טיימס און מיסטער סיינט־קלער פלעגט עס נאָטירלעך צונעמען מיט זיך יעדן טאָג אין דער סיטי. אַרום צוועלף אַ זייגער פלעגט זיך מיט זיי צוזאַמענקומען די מיס פּאָרטשעסטער.

— האָסט געהאַט הנאה פון שפּאַציר, עלינאָר? — האָט געפרעגט מיסיס סיינט־קלער.

— ס׳איז געווען זייער פיין, מומע גערטרוד — האָט געענטפערט מיס פּאָרטשעסטער.

און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז פּונקט אַזוי ווי מיסיס סיינט־קלער פלעגט זיך „אַדורכפאָרן" יעדן נאָכמיטאָג, פלעגט זיך מיס פּאָרטשעסטער „אַדורכשפּאַצירן" יעדן פאַרמיטאָג.

## וו. סאמערסעט מאָם

— ווען דו וועסט דערגיין ביזן סוף פון דער רייע, מיין טייערע — האָט געזאָגט מיסטער סיינט־קלער, וואַרפנדיק אַ קוק אויף זיין פרויס שטריקן, — וואָלטן מיר געקענט מאַכן אַ שפּאַציר פאַר מיטאָג.

— דאָס וועט זיין זייער פיין — האָט זיך אָנגערופן מיסיס סיינט־קלער. זי האָט איינגעוויקלט איר אַרבעט און עס דערלאַנגט דער פריילין פאַר־טשעסטער. — אויב דו גייסט אַרויף, עלינאָר, זיי אַזוי גוט און נעם מיין אַרבעט.

— זיכער, מומע גערטרוד.

— איך מיין, אַז דו באַדאַרפסט זיין אַ ביסל מיד נאָך דיין שפּאַציר, מיין טייערע.

— איך וועל אַ ווײַלע אָפּרוען פאַרן עסן מיטאָג.

מיס פאַרטשעסטער איז אַריין אין האָטעל, און מיסטער און מיסיס סיינט־קלער האָבן לאַנגזאַם שפּאַצירט לענגאויס דער ים־פּראָמענאַדע, זייט־ביי־זייט, ביז אַ געוויסן פּונקט און דאַן זענען זיי געגאַנגען פּאַמעלעך צוריק.

ווען איך פלעג באַגעגענען איינעם פון זיי אויף די שטיגן, פלעג איך זיך אַ בויג טון, און דערפאַר קריגן אַ שמייכלאָזן, העפלעכן בויג צוריק, און ווען עס פלעגט זיין אינדערפרי, פלעג איך אַ ריזיקיר טון מיט אַ „גוט מאָרגן", און מיט דעם פלעגט זיך די מעשה ענדיקן. עס האָט אויסגעזען, אַז איך וועל קיינמאָל נישט האָבן קיין שאַנס צו רעדן צו איינעם פון זיי. אָבער, נישט לאַנג וואַרטנדיק, האָט זיך מיר ווי אויסגעדאַכט, אַז מיסטער סיינט־קלער וואַרפט אויף מיר אַ בליק פון צייט־צו־צייט, און מיינענדיק, אַז ער האָט געהערט מיין נאָמען, האָב איך מיר פאַרגעשטעלט, מעגלעך פון אַ ביסל גרויסהאַלטעריי, אַז ער באַקוקט מיך מיט נייגעריקייט. און אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער, ווען כ'בין געזעסן אין מיין צימער, איז אַריינגעקומען דער פאַרטיער און מיר איבערגעגעבן אַ בריוול.

מיסטער סיינט־קלער באַגריסט אייך און בעט אייך אויסצובאָרגן אים דעם וויטיקער־אַלמאַנאַך.

איך בין געבליבן פאַרוווּנדערט.

— פאַרוואָס מיינט ער, אַז איך האָב אַ וויטיקער־אַלמאַנאַך?

— וואָרום, מיין הער, די פאַרוואַלטערין האָט אים געזאָגט, אַז איר שרייבט.

איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס פאַראַ שייכות איין זאַך האָט מיט דער אַנדערער.

— זאָגט דעם מיסטער סיינט־קלער, אַז איך באַדויער זייער, וואָס איך האָב נישט דעם וויטיקער־אַלמאַנאַך, אָבער אויב איך וואָלט אים יאָ געהאַט, וואָלט איך אים גריילעך געליִען.

דאָ איז געווען מיין געלעגנהייט. אַצינד בין איך געווען פול מיט אייפער זיך צו באַקענען נענטער מיט אָט די פאַנטאַסטישע לייט. פון צייט צו צייט פלעג איך אין סאַמע האַרץ פון אַזיע באַגעגענען אַן איינזאַמען שבט, וועלכער וווינט אין אַ קליין דאָרף צווישן אַ פרעמדער באַפעלקערונג. קיינער ווייסט נישט, ווי אַזוי די דאָזיקע מענטשן זענען אַהער געקומען און פאַרוואָס זיי האָבן זיך באַזעצט אין יענעם פונקט. זיי לעבן זייער אייגן לעבן, רעדן אויף זייער אייגענער שפּראַך און האָבן קיין שום מגע־ומשא נישט מיט זייערע שכנים. קיינער ווייס נישט, צי זיי זענען אָפּשטאַמלער פון אַ מחנה, וואָס איז פאַרבליבן אויפן פּלאַץ, בעת זייער פאָלק האָט אין ריזיקע האָרדעס פאַרפלייצט און זיך דורכגעטראָגן איבערן קאָנטינענט, אָדער צי זיי זענען אַן אָפּשטאַרבנדיקע פאַרבלייבעניש פון אַ געוויס גרויס פאָלק, וועמעס אימ־פּעריע האָט אַמאָל באַלעבאַטעוועט אין אָט דעם לאַנד. זיי זענען אַ געהיימע־ניש. זיי האָבן נישט קיין צוקונפט און נישט קיין געשיכטע. די קליינע פאַמי־ליע האָט מיר אויסגעזען צו האָבן עפּעס פון דעם זעלבן כאַראַקטער. זיי האָבן אָנגעהערט צו אַן ערע, וועלכע איז טויט און פאַרגאַנגען. זיי האָבן מיר דערמאָנט אָן די העלדן פון יענע לאַנגזאַמע, אַלטפרענקישע נאָוועלן, וואָס אונדזערע פאָטערס פלעגן לייענען. זיי האָבן אָנגעהערט צו די אַכציקער יאָרן פון דעם פאַרלאָפענעם יאָרהונדערט און זיי האָבן זיך נישט גערירט זינט דע־מאָלט. ווי וווּנדערלעך איז עס, אַז זיי האָבן געקענט אַדורכלעבן די לעצטע פערציק יאָר, גלייך די וועלט וואָלט געווען פאַרבליבן אומבאַוועגלעך! זיי האָבן מיך אַוועקגעטראָגן צוריק צו מיין קינדהייט און איך האָב זיך דערמאָנט אָן מענטשן, וועלכע זענען שוין לאַנג טויט. איך ווייס נישט, צי עס איז בלויז די דיסטאַנץ, וואָס מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק, אַז זיי זענען געווען מער אייגנאַרטיק, ווי די היינטצייטיקע מענטשן. ווען מען פלעגט וועגן עמעצן זאָגן, אַז „ער איז דאָך אַ פּערזענלעכקייט“, מיין גאָט! פלעגט עס דאָך דעמאָלט עפּעס באַדייטן.

ובכן, דעם זעלבן אָוונט, נאָכן עסן, בין איך אַריין אין דעם גאַסט־סאַלאָן און זיך אָן שרעק געווענדט צו מיסטער סיינט־קלער.

— איך באַדויער זייער, וואָס איך האָב נישט קיין וויטיקער־אַלמאַנאַך —

האָב איך געזאָגט, — אָבער אויב איך האָב אַ וועלכן עס איז אַנדערן בוך, וואָס קען אייך צונוץ קומען, וועל איך זיין אַנטציקט צו לייען אייך.

מיסטער סיינט־קלער איז קענטיק געווען איבערראַשט. די ביידע פרויען האָבן געהאַט זייערע אויגן קאָנצענטרירט אין זייער אַרבעט. אַ פאַרלעגנהייט־לעכע שטילקייט האָט געהערשט.

— עס איז נישט וויכטיק דער גאַנצער ענין בכלל, נאָר די פאַרוואַלטערין האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איר זענט אַ נאָוועליסט.

איך האָב זיך געבראָכן דעם קאָפּ. קענטיק, אַז עס איז פאַראַן אַ וועלכע עס איז שייכות צווישן מיין באַרוף און דעם וויטיקער־אַלמאַנאַך, אַ זאַך, וואָס איך האָב נישט געוווּסט.

— אין די פאַרגאַנגענע יאָרן פלעגט מיסטער טראָלאָפּ אָפט עסן צוזאַ־מען מיט אונדז אָוונטברויט אין לענסטער־סקווער, און איך געדענק ווי ער פלעגט זאָגן, אַז די אַממערסטן נוצלעכע ביכער פאַר אַ נאָוועליסט זענען די ביבל און וויטיקער־אַלמאַנאַך.

— איך זע, אַז טהעקעריי האָט דאָ אַמאָל פאַרבראַכט אין דעם האָטעל — האָב איך באַמערקט, ווילנדיק אָנהאַלטן אונדזער שמועס.

— איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין גרויסן אינטערעס פאַר מיסטער טהעקעריי, כאָטש ער האָט נישט איין מאָל געגעסן אָוונטברויט מיט מיין פרויס פאָטער, דעם פאַרשטאָרבענעם מיסטער סאַרדזשענט סאָנדערס. וועדליק מיר איז ער געווען צו ציניש. מיין פלימעניצע האָט ביזן היינטיקן טאָג נישט געלייענט זיין ווערק וואַניטי פער.

מיס פאָרטשערסטער האָט זיך עטוואָס פאַררויטלט, הערנדיק דערמאָנען איר נאָמען. אַ קעלנער האָט אַריינגעבראַכט קאָווע און מיסיס סיינט־קלער האָט אַ זאָג געטון צו איר מאַן:

— אפשר, מיין טייערער, וועט דער הער אונדז פאַרשאַפן דעם פאַרגע־ניגן צו טרינקען מיט אונדז אַ טעפּעלע קאָווע?

— הגם נישט דירעקט גערעדט צו מיר, האָב איך דאָך שנעל געענט־פערט.

— אָ! אַ שיינעם דאַנק אייך פאַר דער איינלאַדונג.

איך האָב זיך אָוועקגעזעצט.

— מיסטער טראָלאָפּ איז תמיד געווען מיין באַליבטער נאָוועליסט — האָט געזאָגט מיסיס סיינט־קלער. — ער איז געווען אַן אמתער דזשענטלמאַן. איך פאַרער טשאַרלז דיקענסן. אָבער טשאַרלז דיקענס האָט קיינמאָל נישט

געקענט מאָלן אַ דזשענטלמאַן. מען גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז היינטצייטיקע יונגע לייט געפינען איין, אַז מיסטער טראָלאָפּ איז אַ ביסל צו לאַנגוויילּיק. מ־ײן פלימעניצע, דער פריילין פאַרטשעסטער געפעלן בעסער די נאָוועלן פון מיסטער וויליאַם בלעק.

— איך שרעק זיך צו זאָגן, אַז איך האָב קיינע פון זיי נישט געלייענט — האָב איך געזאָגט.

— אָ! איך זע, אַז איר זענט אַזוי ווי איך. איר זענט נישט קיין מאָדער־נער. מיין פלימעניצע האָט מיך אַמאָל איבערצייגט צו לייענען אַ נאָוועלע פון מיס ראָאודע בראָטאַן, אָבער איך האָב נישט געקענט איבערלייענען מער פון הונדערט זייטלעך.

— איך האָב נישט געזאָגט, אַז איך האָב עס ליב — האָט נאָכאַמאָל אַ צע־רייטלטע געזאָגט מיס פאַרטשעסטער, פאַרטיידיקנדיק זיך. — איך האָב גע־זאָגט, אַז עס איז צו פיל געוואָגט, אָבער אַלע האָבן וועגן דעם גערעדט.

— איך בין פולשטענדיק זיכער, אַז עס איז נישט דער מין בוך, וועלכן דיין מומע גערטרוד וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט לייענען, מיין ליבע עלינאָר.

— איך געדענק, ווי פריילין בראָטאַן האָט מיר איינמאָל געזאָגט, אַז ווען זי איז געווען יונג, פלעגן מענטשן זאָגן, אַז אירע ביכער זענען געוואָגטע און ווען זי איז געוואָרן אַלט, האָבן זיי געזאָגט, אַז אירע ווערק זענען אָפּגע־שטאַנענע און עס האָט זיך געהאַט געשאַפן אַ שווערע לאַגע, וואָרום זי האָט געשריבן דעם זעלבן סאָרט ביכער במשך פערציק יאָר.

— אָ! איר האָט געקענט מיס בראָטאַן? — האָט געפרעגט מיס פאַר־טשעסטער, ווענדנדיק זיך צו מיר צום ערשטן מאָל. — זייער אינטערעסאַנט! און האָט איר געקענט ווידען?

— מיין טייערע עלינאָר! וואָס וועסטו נאָך זאָגן? איך בין גאַנץ זיכער, אַז דו האָסט קיינמאָל נישט געלייענט גאָרנישט פון ווידען.

— פעטער עדווין, איך האָב יאָ געלייענט. איך האָב געלייענט אונטער צוויי פאַנען, און עס איז מיר זייער געפעלן געוואָרן.

— דו איבערראשט מיך און שאָקירסט מיך. איך ווייס שוין אַליין נישט, צו וואָס עס קענען דערגיין מיידלעך אין היינטיקע צייטן.

— דו פלעגסט מיר שטענדיק זאָגן, אַז ווען איך וועל אַלט ווערן דרייסיק, וועט איר מיר געבן די פולשטענדיקע פרייהייט צו לייענען, וואָס איך וועל וועלן.

## וו. סאמערסעט מאָם

— עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן פרייהייט און צעלאָזנקייט — האָט געזאָגט מיסטער סיינט־קלער אונטערשמייכלענדיק אַ ביסל, כדי צו לינ־דערן דעם באַליידיקנדיקן כאַראַקטער פון זיין פאָרוואורף, אָבער מיט אַ געווי־סער ערנסטקייט.

איך בין נישט זיכער, צי ביים איבערדערציילן דעם געשפּרעך איז מיר געלונגען איבערצוגעבן דעם איינדרוק פון אַ רייצנדיקן און אַלט־מאָדישן שטייגער, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט. איך וואָלט געוועזן געקענט זיך צוהערן אַ גאַנצע נאַכט צו זיי, ווי זיי דיסקוטירן די פאַרדאָרבנקייט פון אַ דור, וועלכער איז געווען יונג אין די אַכציקער יאָרן פונעם פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט. כ׳וואָלט אַ סך געגעבן פאַר קענען כאַפּן אַ קוק אין זייער גרויסן און רחבותדיקן הויז אויף לענסטער פּלאַץ. איך וואָלט דערקענט די שטולן געדעקט מיט רויטן בראָקאַט, וועלכע זענען געשטאַנען שטייף אַרום דעם אויפנאַם־סאַלאָן, יעדער שטיק אויף זיין באַשטימטן פּלאַץ; און די קרעדענצן, פול מיט דרעזדענער פאָרצעליי; דאָס אַלץ וואָלט מיר צוריקגעבראַכט מיין יוגנט. אין עסצימער, וווּ זיי פלעגן געוויינלעך עסן און פאַרברענגען, וואָרום דער סאַלאָן איז געווען אויסשליסלעך באַנוצט פאַר אויפנאַמעס, איז געווען אַ טערקישער טעפּיך און אַ גרויסע קאָמאָדע פון מאַהאָגאָני־האָלץ האָט ממש געקרעכצט פון דעם איבערגעפולטן זילבער. אויף די ווענט זענען גע־האָנגען בילדער, וועלכע האָבן אַרויסגערופן עקסטאַז ביי מיסיס האַמפרי וואָרד און ביי איר פעטער מאַטיו אין דער אַקאַדעמיע פון די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט.

אויף צומאָרגנס, שפּאַצירנדיק איבער אַ שיין געסל אויסער על־סאַם, האָב איך געטראָפן מיס פאָרטשעסטער, וועלכע האָט „געמאַכט איר שפּאַציר". איך האָב גערן געוואָלט אַ שפּאַציר טון אַ ביסל מיט איר, אָבער איך האָב געפילט, אַז עס וועט זיכער שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט די דאָזיקע פופציק־יעריקע פריילין אַרומצוגיין מיט אַ מאַנסביל, אַפילו פון מיינע בכבודיקע יאָרן. זי האָט זיך אַ בוק געטון, ווען כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען און זיך פאַר־רויטלט. אַ מאָדנע זאַך, אייניקע מעטער הינטער איר, איז מיר אָנגעקומען אַנטקעגן דאָס קאָמיש קרוע־בלועדיקע מענטשעלע מיט די שוואַרצע הענטש־קעס, מיט וועמען כ׳האָב געשמועסט אַ פּאָר מינוט אויף דער פּראָמענאַדע. ער האָט אַ הויב געטון זיין האַנט צו זיין האַרטן קאַפּעליוש.

— אַנטשולדיקט, סער, מעג איך בעטן ביי אייך אַ שוועבעלע? — האָט ער געזאָגט.

— גאַנץ זיכער — האָב איך געזאָגט — אָבער איך האָב מורא אײך צו זאָגן, אַז איך האָב בײ זיך נישט קײן פּאַפּיראָסן.

— דערלויבט מיר אײך מכבד זײן מיט מײנע — האָט ער געזאָגט, אַרויסנעמענדיק זײן פּאַפּירן שאַכטל. עס איז געווען לײדיק. — גאָט מײנער! איך האָב אויך נישט. וואָס פאַראַ טשיקאַווער צוזאַמענפאַל!

ער האָט פאַרגעזעצט זײן וועג, און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז ער האָט צוגעאײלט זײנע טריט. איך האָב אים אָנגעהויבן חושד צו זײן. איך האָב געהאָפט, אַז ער וועט נישט באַלעסטיקן מיס פאָרטשעסטער. אויף אַ מאָמענט האָט מיך באַהערשט אַ געדאַנק צו גײן צוריק, אָבער איך האָב עס נישט געטון. ער איז געווען אַן אָנשטענדיק מענטשל, און איך האָב נישט געגלויבט, אַז ער וועט זײן אַן אָנשיקעניש אויף אַן אײנזאַמער פרוי.

דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָב איך אים ווידער געזען. איך בין געזעסן אויף דער ים־פּראָמענאַדע. ער האָט געשפּרײזט גלײך צו מיר מיט קלײנע, אָפּגעהאַלטענע טריט. אַ שאָטן פון אַ ווינטל האָט באַוועגט די לופט, און ער האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרוועלקט בלאַט, וואָס ווערט געטריבן פון ווינט.

— מיר טרעפן זיך ווידער, סער. די וועלט איז אַ קלײן אָרט. אויב עס וועט אײך נישט באַלעסטיקן, וועט איר אפשר מיר דערלויבן אָפּצורוען זיך אײניקע מינוטן. איך בין אַ קאַפּיטשקע מיד.

— דאָס איז אַן עפנטלעכע באַנק, און איר האָט פונקט אַזוי פיל רעכט ווי איך צו זיצן אויף איר.

איך האָב נישט געוואַרט, ביז ער וועט בײ מיר בעטן אַ שוועבעלע, נאָר תיכף פאַרגעלײגט אַ פּאַפּיראָס.

— עס איז זײער פרײנטלעך פון אײך, סער! איך בין מחויב צו באַגרענעצן זיך ביז אַ געוויסער צאָל ציגאַרעטן טעגלעך, אָבער איך שטעל זיך צופרידן מיט זײ. וואָס מער אַ מענטש ווערט עלטער, פאַרמינערן זיך זײנע תענוגים, אָבער אויפן סמך פון מײן דערפאַרונג בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז ער געניסט מער פון די איבערגעבליבענע.

— דאָס איז זײער אַ טרײסטנדיקער געדאַנק.

— זײט מוחל, סער, אויב איך בין זיך נישט טועה, זענט איר דער גוט־באַקאַנטער שרײבער, נישט אמת?

— איך בין אַ שרײבער — האָב איך געענטפערט. — אָבער וואָס האָט אײך באַווירקט צו גלויבן אַזוי?

— איך האָב געזען אייער בילד אין די אילוסטרירטע בלעטער. איך מיין, אַז איר דערקענט מיך נישט.

איך האָב אויף אים ווידער אַ קוק געטון. אַ נוצלאָז, קליין מענטשל אין אַ ריינעם אָבער אָפּגעטראָגענעם שוואַרצן אָנצוג, מיט אַ לאַנגער נאָז און וואַסערדיקע בלויע אויגן.

— איך האָב מורא צו זאָגן, אַז ניין.

— מעגלעך, אַז איך האָב מיך געביטן — האָט ער אַ זיפץ געטון. — עס איז געווען אַ צייט, ווען מיין פאָטאָגראַפיע איז געווען אין יעדער צייטונג פון דעם פאַראייניקטן קעניגרייך. נאַטירלעך, יענע פּרעסע־פאָטאָגראַפיעס זע־נען קיינמאָל נישט קיין ריכטיקע. כ׳גיב אייך מיין ערנוואָרט, סער, אַז אויב איך וואָלט נישט געזען מיין נאָמען אונטן אָנגעשריבן, וואָלט איך קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז זיי מיינען מיך.

ער איז פאַרבליבן שטיל אַ ווײַלע. דער ים איז אָפּגעגאַנגען און הינטער דעם געמיש פון זאַמד און שטיינדלעך פון ברעג האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט אַ פאַס פון געלן ליים. די דאַמבעס זענען געווען האַלב־באַגראָבן אין אים, אַזוי ווי אַ רוקנביין פון אַ פאַרצייטיקער חיה.

— סער, עס באַדאַרף זיין אַ וווּנדערלעך־אינטערעסאַנטע זאַך צו זיין אַ שרייבער. איך האָב אָפט געמיינט, אַז איך גופא האָב אַ נייגונג צו שרייבן. עס זענען געווען צייטן, ווען איך האָב זייער אַ סך געליטן. לעצטנס קען איך נישט אָנגיין מיט דעם אַזוי געשווינד. וואָרום מיינע אויגן זענען נישט אַזוי שטאַרק ווי זיי פלעגן זיין. איך גלויב, אַז איך וואָלט געקענט אָנשרייבן אַ בוך, אויב איך וואָלט זיך באַמיט.

— מען זאָגט, אַז איטלעכער קען אָנשרייבן אַ בוך — האָב איך געענטפערט.

— נישט קיין ראָמאַן, זייט וויסן. איך בין נישט קיין מענטש פאַר ראָמאַ־נען. איך וויל ליבערשט קליינע דערציילונגען און דאָס גלייכן. אָבער מיר געפעלן זייער זכרונות. אויב עמיצער וואָלט מיך דערמוטיקט, וואָלט איך נישט געווען קעגן אָנצושרייבן מיינע מעמואַרן.

— עס איז אַצינד זייער אין דער מאָדע.

— עס זענען נישט פאַראַן קיין סך מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט, אויף אַזאַ אָדער אויף אַן אַנדערן אופן, אַזעלכע דערפאַרונגען ווי איך. איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צו איינער פון די זונטיקדיקע צייטונגען, אַ קורצע צייט צוריק, וועגן דעם ענין, אָבער זיי האָבן מיר גאָרנישט געענטפערט.

ער האָט מיך באַקוקט לאַנג און אַזוי ווי ער וואָלט מיך געהאַלטן אין אָפּ־

שאַצן. ער האָט געהאַט אַ צופיל בכבודיק אויסזען, אַז ער זאָל האָבן בדעה צו בעטן ביי מיר אַ גמילות־חסד פון אַ האַלבן קרוין*).

— אַוודאי ווייסט איר נישט, ווער איך בין, נישט אמת, סער?

— אויפריכטיק גערעדט, ווייס איך נישט.

ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט וועגן עפּעס געטראַכט אַ מאָמענט, דאַן האָט ער אַ גלעט געטון זיינע שוואַרצע הענטשקעס, וואָס אויף זיינע פינגער, זיך פאַרקוקט אַ מאָמענט אויף אַ לאַך אויף איינער פון זיי, און דערנאָך זיך געווענדט צו מיר נישט אָן זעלבסט־באַוווסטזיין.

— איך בין דער באַרימטער מאָרטימער עליס — האָט ער געזאָגט.

— אַזוי!

איך האָב נישט געוווסט, וואָס פאַר אַן אַנדער אויסרוף צו מאַכן, וואָרום, זוי ווייט איך האָב זיך געקענט דערמאָנען, האָב איך קיינמאָל אַזאַ נאָמען נישט געהערט. איך האָב געזען, ווי אַן אויסדרוק פון אַנטוישונג האָט זיך צע־שפּרייט איבער זיין פּנים, און אַ ווײַלע בין איך פאַרבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט.

— מאָרטימער עליס — האָט ער איבערגעחזרט.

— איר וועט דאָך מיר נישט זאָגן, אַז איר ווייסט נישט ווער איך בין.

— עס טוט מיר באַנג, אָבער איך ווייס טאָקע נישט. איך בין זייער אָפּט אויסער די גרענעצן פון ענגלאַנד.

איך בין געווען טשיקאַווע צו וויסן די סיבה פון זיין באַרימטקייט. איך האָב איבערגעקלערט אין מיין מוח פאַרשיידענע מעגלעכקייטן. ער האָט קיינמאָל נישט געקענט האָבן געווען אַן אַטלעט, וואָס בלויז דאָס גיט אַ מענטשן אין ענגלאַנד אַן אמתע באַרימטקייט, אָבער ער וואָלט געקענט האָבן געווען אַ זנאַ־כאָר אָדער אַ טשאַמפּיאָן פון ביליאַרד־שפּיל. עס איז נישט פאַראַן קיין מער טונקעלע געשטאַלט ווי אַ קאַבינעט־מיניסטער מחוץ זיינע פונקציעס, און מאָר־טימער עליס וואָלט געקענט האָבן געווען דער פּרעזידענט פון האַנדלס־ראַט פון אַ געוויזענער מלוכה־אַדמיניסטראַציע. אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין אויס־זען פון אַ פּאָליטיקער.

— אַזוי זעט אויס רום — האָט ער געזאָגט מיט אַ ביטערקייט. — אָ! גאַנצענע וואָכן בין איך געווען דער מאַן, וועגן וועמען מען האָט אַממערסטן

*) אַ קרוין איז אַן ענגלישע זילבערנע מטבע אין ווערט פון פינף שילינגן — באַמערקונג פון איבערזעצער.

גערעדט אין ענגלאַנד. באַקוקט מיך. איר האָט געמוזט האָבן געזען מיין פאָטאָגראַפיע אין די צייטונגען. מאָרטימער עליס.

— איך באַדויער — האָב איך געזאָגט, דרייענדיק מיטן קאָפּ.

ער האָט אַ מאָמענט געשוויגן, ווילנדיק דערמיט פאַרגרעסערן די ווירק־זאַמקייט פון זיין אַנטדעקונג.

— איך בין דער גוט־באַקאַנטער ביגאַמיסט.

נו, וואָס באַדאַרפט איר ענטפערן, ווען אַ פערזאָן, וועלכע איז פאַר אייך פולשטענדיק אומבאַקאַנט, אינפאָרמירט אייך, אַז ער איז אַ גוט־באַקאַנטער ביגאַמיסט? איך וועל זיך מודה זיין, אַז איך האָב אַמאָל געהאַט די פּוסטע איינגעבילדקייט צו מיינען, אַז בדרך־כלל פעלט מיר קיינמאָל נישט אויס קיין שנעלער, ווירקזאַמער ענטפער אָדער קיין געלונגענע אַנצוהערעניש, אָבער דאָ איז מיר אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון.

— סער, איך האָב געהאַט עלף ווייבער.

— די מערהייט מענער קענען זיך קוים אַן עצה געבן מיט איינער.

— נו, דאָס איז צוליב אַ מאַנגל אין דערפאַרונג. אויב איר האָט געהאַט עלף, פאַרבלייבט אייך זייער ווייניק צו וויסן מער וועגן פרויען.

— אָבער פאַרוואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט ביי די עלף?

— אַ! איך האָב געוווּסט, אַז איר וועט דאָס זאָגן. דעם מאָמענט ווען איך האָב אייך נאָר געזען, האָב איך צו זיך געזאָגט, אַז איר האָט אַ קלוג פּנים. איר ווייסט, סער, אַז דאָס איז טאַקע די זאַך, וואָס רופט ביי מיר אַרויס אַ שטענדיקע זאָרג. עלף זעט אויס אַ קאָמישע ציפער, נישט אמת? עס איז אין דעם פאַראַן עפּעס נישט קיין פאַרענדיקטס. גיט אַ קוק אויף טשיקאַוועס. דריי קען יעדער האָבן, און זיבן איז אַל־רייט, און ניין, זאָגט מען, איז מזלדיק, און מיט צען איז אַלץ אין בעסטער אָרדענונג. אָבער עלף! דאָס איז די איינ־ציקע זאַך, וואָס איך באַדויער. איך וואָלט זיך פאַר גאָרנישט אָפּגעשטעלט, אויב כ׳וואָלט עס געקענט האָבן דערפירט צו אַ קיילעכדיק טוץ.

ער האָט אָפּגעקנעפּלט זיין רעקל און פון אַן אינעווייניקסטער קעשענע אַרויסגעשלעפּט אַן אָנגעפּאַקטן און זייער פאַרפעצטן בוזים־פּאָרטפעל. פון דעם האָט ער אַרויסגענומען אַ גרויס פּעקל צייטונג־אויסשניטן; זיי זענען געווען אָפּגעריבן, צעקנייטשט און שמוציק. אָבער ער האָט אויסגעשפּרייט צוויי אָדער דריי.

— נו, גיט אַצינד אַ קוק אויף די פאָטאָגראַפיעס, איך בעט אייך, זענען

זיי ענלעך צו מיר? עס איז אַ סקאַנדאַל. אָ! קוקנדיק אויף זיי וואָלט איר גע־מיינט, אַז כ׳בין אַ קרימינאַליסט.

די אויסשניטן זענען געווען פון אַן אימפּאָזאַנטער לענג. לויט דער מיי־נונג פון די געהילף־רעדאַקטאָרן איז מאַרטימער עליס געווען אַ ווערטפול נייעס־מאַטעריאַל. איינער האָט געזאָגט: אַ מאַן האָט חתונה אַ סך מאָל; דער אַנדערער: האַרצלאָזער אויסוואָרף אין רשות פון דער יוסטיץ; אַ דריטער: עקלהאַפטער פּרא־אדם באַקומט זיין וואַטערלאָ.

— אָנרופן עס אַ גוטע מיינונג פון דער פּרעסע, קען מען נישט — האָב איך אַ מורמל געטון.

— איך לייג קיינמאָל נישט קיין אַכט אויף דעם, וואָס די צייטונגען זאָגן — האָט ער געענטפערט, צוזאַמענצי:ענדיק זיינע אויסגעדאַרטע אַקס־לען. — דאָס איז דערפאַר ווייל איך גופא בין באַקאַנט מיט אַ סך זשורנאַליסטן. זעט איר, ווען מען איך טאַדל יאָ, איז דעם ריכטער. ער האָט מיך באַהאַנדלט שוידערלעך, און טוט אַ קוק, עס האָט אים קיין גוטס נישט געבראַכט; צום יאָר איז ער געשטאָרבן.

כ׳בין אויף שנעל איבערגעלאָפן מיט מיינע אויגן דעם רעפּאָרטאַזש, וועלכן איך האָב געהאַלטן אין מיין האַנט.

— איך זע, אַז ער האָט אייך מזכה געווען מיט פינף יאָר.

— אַ בזיון רוף איך דאָס אָן, און טוט אַ קוק, וואָס עס ווערט דאָ געזאָגט. — ער האָט אָנגעוויזן מיט זיין ווייזפינגער אויף אַ געוויס אָרט. — „דריי פון זיינע קרבנות האָבן געבעטן, אַז מען זאָל אָנווענדן לגבי אים מידת הרחמים״. דאָס באַווייזט, וואָס זיי האָבן וועגן מיר געטראַכט. און נאָך דעם אַלעם האָט ער מיר געגעבן פינף יאָר. און טוט אַ קוק אויף טשיקאַוועס, ווי ער רופט מיך אָן, אַ האַרצלאָזער אויסוואָרף... מיך, דעם בעסט־האַרציקן מענטש, וואָס האָט ווען עס איז געלעבט אויף דער וועלט... אַ פּעסט פאַר דער געזעלשאַפט און אַ געפאַר פאַרן פּובליקום. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך געווונטשן צו האָבן די פולמאַכט צו הייסן מיר געבן מלקות. עס אַרט מיך נישט אַזוי, וואָס ער האָט מיר פאַראורטיילט אויף פינף יאָר, כאָטש איר וועט ביי מיר קיינמאָל נישט פועלן, אַז איך זאָל נישט זאָגן, אַז עס איז געווען צופיל, אָבער איך פרעג אייך, האָט ער געהאַט דאָס רעכט צו רעדן צו מיר אויף אַזאַ שטייגער? ניין, ער האָט נישט געהאַט דאָס רעכט, און איך וועל אים קיינמאָל נישט מוחל זיין, אַפילו אויב איך וועל דערלעבן צו מיין הונ־דערט־יעריקן געבוירנטאָג.

## וו. סאמערסעט מאָם

דעם ביגאַמיסטס באַקן האָבן זיך פאַררויטלט, און זיינע וואַסערדיקע אויגן האָבן זיך אויף אַ מאָמענט אָנגעפילט מיט פייער. דאָס איז ביי אים געווען אַן אָנגעוויטיקטער ענין.

— מעג איך זיי לייענען? — האָב איך אים געפרעגט.

— דעריבער האָב איך דאָך זיי אייך געגעבן. איך וויל, סער, אַז דווקא איר זאָלט זיי לייענען. און אויב איר וועט עס קענען איבערלייענען און דערנאָך נישט זאָגן, אַז מען האָט מיך שטאַרק באַוועלהט, זענט איר נישט דער מאַן, פאַר וועלכן איך האָב אייך אָנגענומען.

וואַרפנדיק אַן אויבערפלעכלעכן בליק פון איין אויסשניט אויפן אַנדערן, האָב איך געזען, פאַרוואָס מאַרטימער עליס האָט אַזאַ ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט די ים־דאַטשעס פון ענגלאַנד. זיי זענען געווען זיינע יאַגד־געגנטן. זיין מעטאָד איז באַשטאַנען אין באַזוכן אַ געוויסע אָרטשאַפט, ווען דער סעזאָן איז שוין געווען פאַרענדיקט, און דינגען אַ וווינונג אין איינעם פון די ליידיקע לאָקאַטאָרן־הייזער. ווי עס זעט אויס, האָט ער נישט באַדאַרפט קיין סך צייט צו באַקענען זיך מיט דער אָדער יענער פרוי, אַן אלמנה אָדער אַ מויד, און איך האָב באַמערקט, אַז זייער עלטער, ביי יענער צייט, איז געווען צווישן פינף־און־דרייסיק און פופציק. אויפן עדות־פאַרהער האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי האָבן אים צום ערשטן מאָל באַגעגנט אויף דער ים־פּראָמענאַדע. ער פלעגט זיי בדרך־כלל פאַרלייגן חתונה צו האָבן במשך צוויי וואָכן פון יענעם טאָג, און אין אַ קורצער צייט אַרום פלעגן זיי הייראַטן. דורך פאַרשיידענע אופנים פלעגט ער זיי באַווירקן אָנצופאַרטרויען אים זייערע אָפּשפּאָרונגען און אין איניקע חדשים שפּעטער, כלומרשט מיט אַ תירוץ, אַז ער מוז פאָרן קיין לאָנ־דאָן אין געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן, פלעגט ער זיי פאַרלאָזן און קיינמאָל מער זיך נישט אומקערן. בלויז איינע האָט זיך מיט אים געטראָפן און, זייענדיק געצוווּנגען צו קומען אין געריכט אויף גבית־עדות, האָבן זיי אַלע אים געזען אויף דער באַשולדיקונג־באַנק. זיי זענען געווען פרויען פון אַ געוויסער בכבודיקייט; איינע איז געווען אַ טאָכטער פון אַ דאָקטאָר און אַן אַנדערע פון אַ פּאַסטאָר; עס איז דאָרטן געווען אַן אייגנטימערין פון אַ גאַסט־הויז, דאַן אַן אלמנה פון אַ וואַיאַזשאָר, ווי אויך אַן אויסגעדינטע מאָדיסטקע. לרוב האָבן זיי פאַרמאָגט צווישן פינף הונדערט און טויזנט פונט, אָבער וואָס פאַראַ סומע עס זאָל נישט האָבן געווען, זענען די פאַרפירטע פרויען באַ־שווינדלט געוואָרן ביזן לעצטן פעני. איניקע פון זיי האָבן געשילדערט באמת ביטערע בילדער פון דער אָרעמקייט, צו וועלכער ער האָט זיי דערפירט. אָבער

אַלע פון זיי האָבן אָנערקענט, אַז ער איז געווען אַ גוטער מאַן צו זיי. נישט בלויז דריי האָבן פּאַקטיש געבעטן, אַז מען זאָל אָנווענדן לגבי אים די מידת־הרחמים, נאָר איינע האָט פון דער עדות־באַנק דערקלערט, אַז אויב ער וויל צוריקקומען, איז זי גרייט אים ווידער אויפנעמען. ער האָט געזען, אַז איך לייען דאָס אַלץ.

— און זי וואָלט געאַרבעט פאַר מיר. — האָט ער געזאָגט — וועגן דעם איז נישטאָ פאַראַן דער מינדסטער ספק. אָבער איך האָב געזאָגט, אַז דאָס וואָס איז געווען איז געווען. קיינער האָט נישט ליב בעסער פון מיר אַ שטיק גוטן רוקן־ביף, אָבער איך מוז מודה זיין, אַז איך בין נישט קיין ליבהאָבער פון אַ קאַלטס שעפּסן־בראָטן.

בלויז דורך אַ צופאַל האָט מאָרטימער עליס נישט חתונה געהאַט מיט זיין צוועלפטער ווייבל, און אַזוי אַרום נישט דערגרייכט דעם קיילעכדיקן טוץ, וואָס, ווי איך פאַרשטיי, האָט אַזוי שטאַרק אַפּעלירט צו זיין ליבע פון סי־מעטריע. וואָרום, ער האָט שוין תנאים געשריבן מיט דער מיס האַבערד, וועלכע האָט געהאַט, ווי ער האָט עס מיר מודה געווען „צוויי טויזנט פונט אין מלחמה־הלוואה־אָבליגאַציעס, אָבער קיין האַרטן פּעני ביי דער נשמה״, און מען האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט לייענען דעם חופּה־אַקט, ווען איינע פון זיינע אַמאָליקע ווייבער האָט אים דערזען, האָט זיך נאָכגעפרעגט און זיך פאַרבונדן מיט דער פּאָליציי. ער איז אַרעסטירט געוואָרן דעם זעלבן טאָג ערב זיין צוועלפטער חתונה.

— זי איז געווען אַ מרשעת, שוין איין מאָל אַ מרשעת — האָט ער מיר איבערגעגעבן. — זי האָט מיך גרויזאַם אָפּגענאַרט.

— ווי אַזוי האָט זי עס געטון?

— נו, הערט זיך צו. כ׳האָב זי געטראָפן אין איסטבאָרן. עס איז געווען אין חודש דעצעמבער. אויף דער דאַמבע, אין לויף פון געשפּרעך, האָט זי מיר דערציילט, אַז זי איז געווען אַ מאָדיסטקע און האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן. זי האָט מיר איבערגעגעבן, אַז זי האָט געמאַכט אַ שיין ביסל געלט. זי האָט נישט געוואָלט זאָגן גענוי וויפל עס איז געווען, אָבער זי האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז געווען אַן ערך פון אַ פופצן הונדערט פונט. און ווען איך האָב מיט איר חתונה געהאַט — וואָלט איר עס געגלויבט? — האָט זי אַפילו נישט געהאַט קיין דריי הונדערט. און דאָס איז געווען די, וועלכע האָט מיך דענונצירט. און נעמט עס צו קענטעניש, אַז איך האָב זי קיינמאָל נישט געטאַדלט. נישט איין מאָן וואָלט אַרויס פון די כלים, ווען ער וואָלט

זיך דערוווּסט, אַז מען האָט פון אים חוזק געמאַכט. איך האָב איר אַפילו נישט אַרויסגעוויזן, אַז איך בין געווען אַנטוישט, נאָר גאַנץ איינפאַך, כ׳בין אַוועק אָן אַ „זיי געזונט".

— אָבער נישט אָן די דריי הונדערט פונט, פאַרשטיי איך.

— אָבער, לאָזט אייך דינען, סער, איר באַדאַרפט זיין לאָגיש — האָט ער געענטפערט אין אַ באַליידיקטן טאָן. — איר קענט דאָך נישט דערוואַרטן, אַז דריי הונדערט פונט זאָלן קענען קלעקן אויף אייביק, און איך האָב געלעבט מיט איר פיר מאָנאַטן, איידער זי האָט אַנטפּלעקט דעם אמת.

— זייט מוחל מיין פרעגן — האָב איך געזאָגט, — און, ביטע, מיינט נישט, אַז מיין פראַגע אַנטהאַלט אין זיך אַ רמז פון אַן אונטערשאַצנדיקער מיי־נונג וועגן אייער פערזענלעכער צוציאונגס־קראַפט, אָבער — פאַרוואָס האָבן זיי מיט אייך חתונה געהאַט?

— ווייל איך האָב זיי געבעטן — האָט ער געענטפערט, משמעות זייער אַ פאַרוווּנדערטער פון מיינער נאָכפראַגע.

— אָבער, האָבן זיי אייך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט?

— זייער זעלטן. נישט מער פון פיר אָדער פינף מאָל אין משך פון מיין גאַנצער קאַריערע. אוודאי פלעג איך נישט מאַכן קיין פאַרשלאָגן איידער איך בין נישט געווען זיכער אין מיין פּאָזיציע. איך וויל נישט זאָגן, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין דורכפאַלן. איר קענט דאָך נישט דערוואַרטן אַלעמאָל אָנ־צוכאַפּן, אויב איר פאַרשטייט וואָס איך וויל זאָגן, און איך האָב אָפּט געפּטרט עטלעכע וואָכן אין ראָמאַנסירן מיט אַ פרוי, איידער איך האָב זיך געקענט איבערצייגן, אַז עס וועט דערפון גאָרנישט אַרויסקומען.

איך האָב זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטיפט אין מיינע מחשבות. אָבער באַלד האָב איך באַמערקט, אַז אַ ברייטער שמייכל האָט זיך פונאַדערגעשפּילט איבער מיין פריינטס באַאומרואיקטן פּנים.

— איך פאַרשטיי וואָס איר מיינט — האָט ער געזאָגט. — דאָס וואָס צעמישט אייך איז מיין אויסזען. איר ווייסט נישט, וואָס זיי זעען אין מיר. דאָס קומט אַרויס פון לייענען ראָמאַנען און גיין אין די קינאָס. איר מיינט, אַז דאָס וואָס פרויען באַגערן איז דעם קאַאובאָי־טיפּ אָדער דעם העלד פון דעם ראָמאַנס פון אַמאָליקן שפּאַניע, בליצנדיקע אויגן, אַן אָליוון־קאָליר הויט און אַ פיינעם טענצער. איר צווינגט מיך צו לאַכן.

— איך בין צופרידן פון אייערע ווערטער — האָב איך געזאָגט.

— זענט איר אַ חתונה־געהאַטער מאַן?

— יאָ, אָבער איך האָב נאָר איין פרוי.

— דערפון קענט איר נישט קומען צו קיין אויספיר. איר קענט נישט מאַכן קיין כלל פון אַן איינצלנעם פאַל, פאַרשטייט איר מיך. נו, איך וועל אייך למשל פרעגן: וואָס וועט איר קענען וויסן פון הינט, אויב איר וועט ביי זיך אינדערהיים האָבן בלויז אַ הונט פון דער ראַסע בול־טעריער?

די פראַגע איז געווען אַ רעטאָרישע און איך האָב אויף זיכער געפילט, אַז זי באַדאַרף נישט קיין ענטפער. ער האָט אויף אַ רגע געשוויגן, בכדי צו פאַרשטאַרקן דעם עפעקט פון זיינע רייד און דאַן ווייטער גערעדט.

— איר זענט נישט גערעכט, סער. איר זענט פולשטענדיק אומגערעכט. זיי מעגן ליב האָבן אַ שיינעם, עלעגאַנטן יונגן מאַן, אָבער זיי האָבן נישט קיין באַגער חתונה צו האָבן מיט אים. אין דער אמתן, אַרט זיי נישט דער אויסזען.

— דאַגלעס דזשעראָלד*), וועלכער איז געווען אַזוי מיאוס ווי ער איז געווען שאַרפזיניק, פלעגט זאָגן, אַז אויב מען וועט אים געבן צען מינוט פאָרצוג צו שמועסן מיט אַ פרוי, קען ער באַזיגן דעם שענסטן מאַן אין צימער.

— זיי זוכן נישט אינטעליגענץ. זיי ווילן נישט, אַז דער מאַן זאָל זיין אַ פריילעכער; זיי מיינען, אַז אַזאַ איז נישט ערנסט. זיי ווילן נישט, אַז דער מאַן זאָל זיין צו שיין; זיי מיינען, אַז אויך אַזאַ איז נישט ערנסט. דאָס וואָס זיי ווילן יאָ, איז, אַז דער מאַן זאָל זיין אַן ערנסטער. קודם־כל זיכערקייט, און דערנאָך — סימפּאַטיע. מעגלעך, אַז איך בין נישט שיין, און מעגלעך, אַז איך בין נישט פאַרווײַלנדיק, אָבער גלויבט מיר, איך האָב דאָס, וואָס אַ פרוי וויל: גלייכגעוויכט. און דער באַווייז דערצו איז, אַז איך האָב איטלעכע פון מיינע פרויען געמאַכט גליקלעך.

— עס אונטערליגט נישט קיין ספק, אַז דער פאַקט, וואָס דריי פון זיי האָבן געבעטן אָנווענדן לגבי אייך מידת־הרחמים, און אַז איינע איז געווען גרייט אויפצונעמען אייך צוריק, דאַרף אייך געזאָגט ווערן לשבח.

— איר האָט נישט קיין אָנונג, וואָס פאַר אַן עגמת־נפש דאָס איז געווען פאַר מיר די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין טורמע. איך האָב זיך משער געווען, אַז זי וועט אויף מיר וואַרטן ביים טויער, ווען מ׳וועט מיך באַפרייען, האָב איך דעריבער געזאָגט צום טורמע־פאַרוואַלטער: „ווי גאָט

*) וויליאַם דאַגלעס דזשעראָלד — ענגלישער ראָמאַניסט און דראַמאַטורג (1803—1857) — באַמערקונג פון איבערזעצער.

איז אייך ליב, שמוגלט מיך אַרויס פון דאַנען אַזוי, אַז קיינער זאָל מיך נישט זען".

ער האָט ווידער אַ גלעט געטון זיינע הענטשקעס וואָס אויף זיינע הענט, און זיין בליק איז פונדאָסניי געפאַלן אויף דעם לאָך, וואָס איז געווען אויפן פינגער פון זיין הענטשקע.

— אָט דאָס איז, סער, דער רעזולטאַט פון וווינען אין מעבלירטע צי־מערן. ווי קען זיך אַ מאַן אויפהאַלטן ריין און אין אָרדענונג אָן אַ פרוי, וועל־כע זאָל אים אַרומזען? איך בין צו אָפט געווען פאַרהייראַט, צו קענען זיך אַן עצה געבן אָן אַ פרוי. עס זענען פאַראַן מענער, וועלכע ווילן נישט חתונה האָבן. איך קען זיי נישט פאַרשטיין. עס איז אַ פאַקט, אַז איר קענט נישט טון קיין זאַך באמת גוט, סיידן אייער האַרץ איז אין דעם, און איך וויל זיין אַ פאַרהייראַטער מאַן. עס איז פאַר מיר נישט קיין גרויסע שוועריקייט צו טון די קליינע זאַכן, וואָס פרויען האָבן ליב און וואָס געוויסע מענער ווילן נישט, אַז מען זאָל זיי דערמיט פאַרדרייען זייערע קעפּ. ווי איך האָב אָקאָרשט גע־זאָגט, איז די הויפּטזאַך, וואָס אַ פרוי באַגערט, סימפּאַטיע. איך פלעג קיינמאָל נישט אַרויסגיין פון מיין הויז, נישט גיבנדיק קיין קוש מיין פרוי און איך בין קיינמאָל נישט צוריקגעקומען, נישט גיבנדיק איר ווידער אַ קוש, און עס איז געווען זייער זעלטן, אַז איך זאָל איר נישט ברענגען קיין שאָקאָלאַד אָדער עטלעכע בלומען. די הוצאות האָבן מיך קיינמאָל נישט אַנטמוטיקט.

— נאָך אַלעמען איז עס דאָך געווען איר געלט, וואָס איר פלעגט אויס־געבן — האָב איך אים איבערגעשלאָגן.

— און אויב אַזוי, איז וואָס? נישט וויכטיק איז דאָס געלט, וואָס איר האָט באַצאָלט פאַרן פּרעזענט, נאָר דער גייסט, וועלכן איר טוט אין דעם אַריין. אָט דאָס איז דאָס וויכטיקסטע ביי פרויען. ניין, איך בין נישט קיין גרויס־האַלטער, אָבער דאָס מוז איך זאָגן וועגן מיר אַליין, אַז איך בין אַ גוטער מאַן.

כ'האָב ווייטער אַריינגעקוקט אויבערפלעכלעך אין די רעפּאָרטאַזשן פונעם פּראָצעס, וועלכע איך האָב נאָך געהאַלטן אין האַנט.

— איך וועל אייך זאָגן, וואָס איז פאַר מיר אומפאַרשטענדלעך — האָב איך געזאָגט. — די אַלע פרויען זענען בכבודיקע, פון אַ געוויסן עלטער, רו־איקע, אָנשטענדיקע פּערזאָנען. און דאָך האָבן זיי מיט אייך חתונה געהאַט, אָן קיין שום אויסקונפטן און אין דער קורצסטער צייט פון אייער קענען זיך.

ער האָט דעמאָנסטראַטיוו אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אָרעם.

— אָ! דאָס איז טאַקע וואָס איר פאַרשטייט נישט, סער. פרויען זענען

להוט נאָך חתונה האָבן. עס איז נישט וויכטיק, ווי יונג זיי זענען, צי ווי אַלט זיי זענען, צי זיי זענען נידעריקע צי הויכע, טונקעלע אָדער בלאָנדינקעס, אַלע באַזיצן זיי איין געמיינזאַמע זאַך: זיי ווילן חתונה האָבן. און נעמט עס אין זינען, די חתונה איז פאַרגעקומען אין דער קירכע. קיין פרוי פילט זיך נישט באמת זיכער, סיידן איר חתונה איז פאַרגעקומען אין אַ טעמפּל. איר זאָגט, אַז כ׳בין נישט קיין שיינהייט. נו, כ׳האָב קיינמאָל נישט געהאַלטן, אַז כ׳בין אַזעלכער, אָבער אויב איך וואָלט געהאַט איין פוס און אַ האָרב אויף מיין פּלייצע, וואָלט איך געקענט געפינען אַ וועלכע עס איז צאָל פרויען, וואָס וואָלטן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט חתונה צו האָבן מיט מיר. ס׳איז נישט דער מאַן, וואָס אינטערעסירט זיי, ס׳איז דער עצם־ווּעזן פון צו זיין פאַרקנסט. ס׳איז ביי זיי אַ מאַניע. ס׳איז אַ קרענק. אָ! כמעט אַלע פון זיי האָבן אָנגענומען מיין פאָרשלאָג בעת אונדזער צווייטער זעאונג, אָבער איך האָב ליב צו פאַרזיכערן זיך דעם באָדן אונטער די פיס, איידער איך גיי־איין אויף אַ וועלכע עס איז פאַרפליכטונג. ווען די מעשה איז אויפגעדעקט געוואָרן, איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער טומל, היות איך האָב חתונה געהאַט עלף מאָל. עלף מאָל? אָ! ס׳איז גאָרנישט, ס׳איז אַפילו נישט קיין קיילעכדיקער טוץ. איך וואָלט געקענט חתונה האָבן דרייסיק מאָל, אויב איך וואָלט נאָר געוואָלט. כ׳גיב אייך מיין ערנוואָרט, סער, ווען איך באַטראַכט די געלעגנהייטן, וועלכע איך האָב געהאַט, באַוווּנדער איך ממש מיין באַשיידנקייט.

— איר האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט ליב צו לייענען געשיכטע.

— יאָ. וואָרן הייסטינגס*) האָט דאָס געזאָגט, נישט אמת? עס האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק, בעת איך האָב זי געלייענט. עס איז געווען צוגע־פּאַסט צו מיר ווי אַ הענטשקע צו דער האַנט.

— און האָט איר נישט איינגעפונען די כסדרדיקע ראָמאַנסירונגען פאַר אַ ביסל מאָנאָטאָן?

— נו, סער, איך מיין, אַז איך פאַרמאָג אַ לאָגישן מוח; עס פלעגט מיר תמיד פאַרשאַפן אַ סך פאַרגעניגן צו זען, ווי די זעלביקע עפעקטן קומען אַרויס פון די זעלביקע סיבות. כ׳מיין, אַז איר פאַרשטייט מיך. אָט, למשל, מיט אַ פרוי, וועלכע האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט, פלעג איך אָנגיין פאַר אַן אלמן. עס האָט געווירקט ווי אַ צויבער. איר ווייסט, אַ מויד האָט ליב

*) וואָרן הייסטינגס — ערשטער ענגלישער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון אינדיע (1732—1818) — באַמערקונג פון איבערזעצער.

אַ דערפאַרענעם מאַן. אָבער אַן אַלמנה פלעג איך תמיד זאָגן, אַז איך בין אַ בחור; אַן אַלמנה שרעקט זיך, אַז אַ מאַן, וועלכער איז שוין געווען פאַר־הייראַט, ווייסט צופיל.

איך האָב אים צוריקגעגעבן זיינע אויסשניטן. ער האָט זיי צוזאַמענגע־לייגט אין אָרדענונג און ווידער אַריינגעלייגט אין דעם דורכגעפעצטן בוזעמ־טאַש.

— איר ווייסט, סער, איך מיין תמיד, אַז מען שאַצט מיך פאַלש אָפּ. אַט טוט אויף טשיקאַווע אַ קוק, וואָס מען זאָגט וועגן מיר: אַ מגפה אויפן רוקן פון דער געזעלשאַפט; אַ געוויסנלאָזער ליידאַק; העסלעכער אויסוואָרף. נו, טוט אַ קוק אויף מיר. כ׳פרעג אייך, זע איך אויס אויף אַזאַ מין מענטש? איר קענט מיך, איר זענט אַ ריכטער פון מענטשלעכע טיפּן, איך האָב אייך דער־ציילט אַלץ וועגן מיר; האַלט איר, אַז כ׳בין אַ שעדלעכער מאַן?

— איך קען אייך זייער אויבערפלעכלעך — האָב איך געענטפערט, לויט מיין איינזען, אין אַ גענוג טאַקטישן טאָן.

— כ׳וואָלט געווען טשיקאַווע צו וויסן, צי דער ריכטער, צי דער טרי־בונאַל, צי דאָס פובליקום האָבן אויף איין רגע זיך פאַרטראַכט וועגן מיין שטאַנדפּונקט אין דער דאָזיקער פראַגע. דער עולם האָט מיך אויסגעפייפט, ווען מען האָט מיך געפירט אין טריבונאַל אַריין און די פּאָליציי האָט מיך געדאַרפט שיצן פון זייער געוואַלט. האָט איינער פון זיי אַ טראַכט געטון, וואָס איך האָב געטון פאַר אָט די פרויען?

— איר האָט ביי זיי צוגענומען זייער געלט.

— אַוודאי האָב איך צוגענומען זייער געלט. איך האָב באַדאַרפט לעבן פונקט אַזוי ווי יעדער מענטש באַדאַרף לעבן. אָבער וואָס האָב איך זיי געגעבן צוריק פאַר זייער געלט?

דאָס איז געווען אַן אַנדערע רעטאָרישע פראַגע, און כאָטש ער האָט אויף מיר געקוקט אַזוי, ווי ער וואָלט דערוואַרט פון מיר אַן ענטפער, האָב איך געהאַלטן מיין צונג. איך מוז זיך מודה זיין, אַז כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט געהויבן זיין קול און גערעדט מיט אַ שטאַרקער אַקצענטירונג. כ׳האָב געקענט באַשיינפערלעך זען, אַז ער איז אין ערנסט.

— כ׳וועל אייך זאָגן, וואָס איך האָב זיי צוריקגעגעבן פאַר זייער געלט. ראָמאַנס. טוט אַ קוק אויף אָט־אָ דער געגנט.

ער האָט געמאַכט אַ ברייטע, רונדע באַוועגונג, וועלכע האָט אַרומגענומען דעם ים און דעם האָריזאָנט. — עס זענען פאַראַן הונדערטער ערטער ווי דער

דאָזיקער אין ענגלאַנד. טויט אַ קוק אויפֿן ים און אויפֿן הימל, טויט אַ קוק אויף די גאַסטהייזער, וואַרפֿט אַ בליק אויף דער דאַמבע און דער ים־פּראָמענאַדע. טויט אייער האַרץ נישט אַ ציטער? ס'איז דאָך טויט ווי אַ פּגר. דאָס איז אַלץ זייער גוט פֿאַר אייך, וועלכער קומט אַראָפּ אַהער אויף אַ וואָך אָדער צוויי, וואָרום איר זענט דערשעפּט פֿון אייער אַרבעט. אָבער טויט אַ טראַכט פֿון די אַלע פּרויען, וועלכע לעבן דאָ פֿון איין סוף יאָר ביז צום אַנדערן. זיי האָבן נישט קיין מזל. זיי קענען כמעט קיינעם נישט. זיי פֿאַרמאָגן נאָר דאָס בוויטיקע געלט צום לעבן און דאָס איז אַלץ. כ'וואָלט געוואָלט וויסן, צי איר גיט זיך אָפּ אַ חשבון, ווי שרעקלעך עס איז זייער לעבן. זייערע לעבנס זענען גלייך צו דער ים־פּראָמענאַדע: אַ גלייכער, צעמענטירטער שפּאַציר־טראַקט, וואָס ציט זיך פֿון איין ים־דאַטשע צו דער אַנדערער. אַפֿילו דער זומער־סעזאָן ברענגט פֿאַר זיי קיין נייעס נישט. זיי בלייבן אָן אַ זייט. אַזוי ווי געשטאָרבענע. און דאָ קום איך אָן. נעמט אין אַכט, אַז איך האָב קיינמאָל נישט פֿאַרפֿירט קיין ליבע־געשפּרעכן מיט אַ פֿרוי, וועלכע זאָל נישט מיט גרויס צופֿרידנקייט האָבן באַשטעטיקט, אַז זי איז פֿינף־און־דרייסיק יאָר אַלט. און איך גיב זיי ליבע. ווייסט איר, אַז קיינע פֿון זיי האָט קיינמאָל נישט געוווסט, וואָס עס באַדייט צו האָבן אַ מאַן, וועלכער מאַכט זיי קאָמפּלימענטן. אַ סך פֿון זיי האָבן קיינמאָל נישט געוווסט, וואָס עס באַדייט צו זיצן אויף אַ באַנק אין דער פֿינצטער מיט אַ מאַנס אָרעם אַרום זייער טאַליע. איך ברענג זיי ענדערונג און אויפֿרייצונג. איך גיב אין זיי אַריין דאָס געפֿיל פֿון גאווה. זיי זענען געווען פֿאַרשטויסן אויף אַ פּאָליצע, און איך קום־צו גאַנץ רואיק און נעם זיי צילבאַוווסטזיניק אַראָפּ פֿון דאָרטן. איך בין אַ קליינער שטראַל פֿון זונשיין אין יענע אומעטיקע לעבנס. יאָ, דאָס בין איך. נישט קיין חידוש, וואָס זיי שפּרינגען אויף מיר, נישט קיין וווּנדער, וואָס זיי ווילן, אַז איך זאָל ווידער גיין צו זיי. די איינציקע, וועלכע האָט מיך דענונצירט איז געווען די מאָדיסטקע. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז אַן אלמנה. מיין פּריוואַטע מיינונג איז, אַז זי האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט. איר זאָגט, אַז איך בין זיך מיט זיי באַגאַנגען נידערטרעכטיק. ס'טייטש, איך האָב אַריינגעבראַכט גליק און רייץ אין דעם לעבן פֿון עלף פֿרויען, וועלכע האָבן אַפֿילו נישט אין זייערע חלומות געהאָפֿט, אַז זיי וועלן ווען עס איז האָבן אַזאַ געלעגנהייט. איר זאָגט, אַז איך בין אַן אויסוואָרף און אַ הפקריונג. איר זענט נישט גערעכט. איך בין אַ פֿילאַנטראָפּ. פֿינף יאָר האָט מען מיר געגעבן. זיי וואָלטן מיר באַדאַרפֿט געבן אַ מעדאַל פֿון דער קעניגלעכער וווילטעטיקער געזעלשאַפֿט.

## וו. סאַמערסעט מאָם

ער האָט אַרויסגענומען די ליידיקע שאַכטל פון די גאָלדפלייקס־ציגאַרעטן און געקוקט אויף איר, שאָקלענדיק מעלאַנכאָליש מיטן קאָפּ. ווען איך האָב אים דערלאַנגט מיין ציגאַרעטן־פושקע האָט ער זיך מכבד געווען, אָן קיין שום וואָרט. איך האָב זיך צוגעקוקט צו אַ ספּעקטאַקל, ווי אַ גוטמוטיקער מאַן קעמפט מיט זיינע אויפגעברויזטע געפילן.

— און וואָס האָב איך דערפון געהאַט? — האָט ער ווידער גענומען רעדן. — עסן און אַ וווינונג און אויף פּאַפּיראָסן. אָבער איך בין קיינמאָל נישט געווען בכוח עפּעס אָפּצושפּאָרן, און דער באַוויז איז, אַז אַצינד, ווען כ׳בין שוין נישט אַזוי יונג ווי כ׳בין געווען, האָב איך נישט קיין האַלבן קרוין אין מיין קעשענע.

ער האָט אויף מיר אַ וואָרף געטון אַ זייטיקן קוק.

— עס איז אַ גרויסע דערנידעריקונג פאַר מיר צו געפינען זיך אין אַזאַ לאַגע. איך האָב זיך תמיד אַליין אויסגעהאַלטן און קיינמאָל נישט אין מיין גאַנץ לעבן געבעטן קיין פריינט צו באָרגן מיר אַ פּרוטה. איך וואָלט געוואָלט אייך אַ פרעג טון, סער, צי איר וואָלט זיך געקענט דערלויבן צו שענקען מיר אַ קלייניקייט. עס דערנידעריקט מיך זייער צו זיין געצוווּנגען צו געבן אייך אָנצוהערן וועגן דעם, אָבער עס בלייבט אַ פאַקט, אַז אויב איר וואָלט געוואָלט מיך מזכה זיין מיט אַ פונט, וואָלט עס געמיינט זייער אַ סך פאַר מיר.

כ׳לעבן, די קיביצערייִ מיטן ביגאַמיסט איז זיכער געווען ווערט פאַר מיר אַ פונט, און כ׳האָב אַרויסגעצויגן מיין בוזעם־טאַש.

— מיט פאַרגעניגן — האָב איך געזאָגט.

ער האָט אַריינגעשרויפט זיין קוק אין די באַנקנאָטן, וועלכע איך האָב אַרויסגענומען.

— וואָלט צוויי געווען שווער פאַר אייך, סער?

— כ׳מיין, אַז נישט.

איך האָב אים דערלאַנגט אַ פאַר איין־פונטיקע באַנקנאָטן, וועלכע ער האָט מיט אַ זיפץ גענומען.

— איר קענט נישט באַנעמען, וואָס עס באַדייט פאַר אַ מאַן, וועלכער איז געווען צוגעוווינט צו די באַקוועמלעכקייטן פון אַ באַלעבאַטיש לעבן, נישט וויסן וווהין זיך צו קערן נאָך אַ נאַכטלעגער.

— אָבער איין זאַך וואָלט איך געוואָלט, אַז איר זאָלט מיר יאָ זאָגן — האָב איך געזאָגט. — איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז איר זאָלט מיך אָננעמען פאַר אַ ציניקער, אָבער איך האַלט־אָן די מיינונג, אַז פרויען בכלל גייען אַרויס

פון דער הנחה, אַז דאָס שפּריכוואָרט „עס איז מער דערהויבן צו געבן ווי צו נעמען", באַדאַרף אויסשליסלעך אָנגעווענדעט ווערן אין באַצוג צו אונדזער געשלעכט. ווי אַזוי ,אַלזאָ, האָט איר באַוויזן צו איבערצייגן אָט אָ די חשובע און, בלי שום ספק, שפּאַרזאַמע פרויען צו אָנפאַרטרויען אייך אַזוי קאָנפידענציעל זייער גאַנץ אָפּגעשפּאָרט געלט?

אַ דערפרייענדיקער שמייכל האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער זיינע נישט דייטלעכע פּנים־שטריכן.

— נו, מיין הער, עס איז דאָך אייך גוט באַקאַנט, וואָס שעקספּיר האָט געזאָגט וועגן אַמביציע, וואָס שטייגט זיך אַליין איבער. אין דעם טאָקע שטעקט די אויפקלערונג. זאָגט אַ פּרוי, אַז איר וועט פאַרטאָפּלען איר קאַפּיטאַל אין משך פון זעקס מאָנאַטן, אויב זי וועט עס אייך געבן צו פאַרווענדן, וועט זי בליץ־שנעל אָננעמען אייער פּראָפּאָזיציע. זשעדנעקייט נאָך געלט, אָט דאָס איז עס. קיין אַנדער זאַך נישט, ווי דער יצר־הרע צו געלט.

דער איבערגאַנג פון דעם דאָזיקן קאָמישן אויסוואָרף צו דער חשיבות־דיקייט, איינגעהילט אין לויטערע פאַרפומירטע לאַווענדעל־זעקעלעך און קרינאָ־לינעס פון די סיינט־קלערס און מיס פאַרטשעסטער, האָט געמאַכט אַ שאַרפן איינדרוק, וואָס האָט שטאַרק סטימולירט דעם אַפּעטיט (אַזוי ווי הייסער סאָס מיט אייז־קרעם). אַצינד האָב איך פאַרבראַכט יעדן אָוונט מיט זיי. ווי נאָר די פרויען פלעגן אים פאַרלאָזן, פלעגט ער ווענדן אַ באַגריסונג צו מיין טישל און מיך איינלאַדן צו טרינקען אַ גלאָז פּאָרט־וויין צוזאַמען מיט אים. ווען מיר האָבן געהאַט פאַרענדיקט טרינקען, פלעגן מיר אַריינקומען אינעם אָפּרוזאַל און טרינקען אַ קאַווע. מיסטער סיינט־קלער האָט זייער האַלט געהאַט אַ גלעזל אַלטן בראָנפן. די שעה, וועלכע איך פלעג אַזוי אַרום פאַרברענגען מיט זיי, איז געווען אַזוי אויסגעצייכנט לאַנגווייליק, אַז זי איז געווען פאַר מיר אַן אייגנאַרטיקער רייץ. די פאַרוואַלטערין האָט זיי איבערגעגעבן, אַז איך שרייב טעאַטער־ווערק.

— מיר פלעגן אָפט גיין אין טעאַטער, ווען סער הענרי ערווינג*) פלעגט שפּילן אין ליצעאום — האָט מיסטער סיינט־קלער געזאָגט. — איין מאָל

---

*) סער הענרי ערווינג (פריערדיקער נאָמען: דזשאָן הענרי בראָדריב) — באַרימטער ענגלישער אַקטיאָר (1838—1905) — באַמערקונג פון איבערזעצער.

## וו. סאמערסעט מאָם

האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו באַגעגענען זיך מיט אים. סער עווערארד מיליי האָט מיך גענומען אויף אַן אָונטבערויט אין גאַריק־קלוב און ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר מיסטער ערווינג, וועלכער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין „סער".

— זאָג זיי, עדווין, וואָס ער האָט דיר געזאָגט — האָט אויסגעריפן מיסיס סיינט־קלער.

מיסטער סיינט־קלער האָט אָנגענומען אַ דראַמאַטישע פּאָזע און האָט גאָר נישט שלעכט נאָכגעמאַכט העגרי ערווינגן.

— „איר האָט דעם אַקטיאָרס פּנים, מיסטער סיינט־קלער", האָט ער מיר געזאָגט. „אויב איר האָט ווען עס איז בדעה צו גיין אויף דער סצענע, טאָ קומט צו מיר און איך וועל פאַר אייך באַשטימען אַ ראָל". — מיסטער סיינט־קלער האָט צוריק אָנגענומען זיין נאַטירלעכן אויסזען. — דאָס איז זיכער געווען גענוג צו צעדרייען אַ יונגן מאַנס קאָפּ.

— אָבער אייער קאָפּ האָט עס נישט צעדרייט — האָב איך געזאָגט.

— איך וועל נישט לייקענען, אַז אויב איך וואָלט געווען אין אַן אַנדער לאַגע, וואָלט איך נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון. אָבער איך האָב באַדאַרפט זאָרגן פאַר מיין פאַמיליע. עס וואָלט געהאַט געבראָכן מיין פאָטערס האַרץ, אויב איך וואָלט נישט געווען אַריין אין קאָמערץ.

— וואָס איז עס פאַר אַ בראַנזשע? — האָב איך געפרעגט.

— סער, איך בין אַ טיי־סוחר. מיין פירמע איז די עלטסטע אין דער סיטי פון לאָנדאָן. פערציק יאָר פון מיין לעבן האָב איך געטון אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געקענט, צו באַקעמפן דעם באַגער פון מיינע לאַנדסלייט צו טרינקען דעם ציילאָן־טיי אָנשטאָט דעם כינעזישן טיי, וועלכער איז געווען איבעראַל געטרונקען אין מיינער יוגנט.

איך האָב עס באַטראַכט פאַר הערלעך כאַראַקטעריסטיש פון זיין זייט, צו פאַרווענדן אַ לעבנסצייט אין איבערצייגן דעם עולם צו קויפן בעסער אַ זאַך, וועלכער זיי ווילן נישט, איידער אַ זאַך, וואָס זיי ווילן יאָ.

— אָבער אין זיינע יונגע יאָרן האָט מיין מאַן אַ סך געשפּילט טעאַטער ווי אַן אַמאַטאָר און ער איז אָנגעגאַנגען פאַר אַ זייער פעאיקן אַקטיאָר — האָט געזאָגט מיסיס סיינט־קלער.

— געשפּילט שעקספּירן און אַמאָל די שולע פֿאַר סקאַנדאַל*). איך בין קיינמאָל נישט איינגעגאַנגען צו שפּילן עפּעס נישט וויכטיקס. אָבער דאָס געהערט שוין צו דער פֿאַרגאַנגענהייט. איך האָב געהאַט פּעאיקייטן. אפשר איז עס געווען אַ שאָד צו פֿאַרנאַכלעסיקן זיי, אָבער עס איז שוין שפּעט אַצינד. טיילמאָל, בעת אַן אָוונטברויט דערפֿיל איך די ביטע פֿון די לײדיס, צו רעציטירן די גרויסע מאָנאָלאָגן פֿון האַמלעט. אָבער מיט דעם ענדיקט זיך עס.

אָ! האָב איך אין זיך אויסגערופֿן מיט אַ ציטערנדיקער אַנטציקונג, אויס־מאָלנדיק זיך אין מיין פֿאַנטאַזיע יענע אָוונטברויטן. איך בין געווען זייער טשיקאַווע צו וויסן, צי מען וואָלט אויך מיך איינגעלאַדן צו זיי. מיסיס סיינט־קלער האָט צו מיר אַ לייכטן שמייכל געטון, האַלב שאָקירט, האַלב ניכטער.

— אין זיין יוגנט איז מיין מאַן געווען אַ גרויסער באַהעם — האָט זי געזאָגט.

— כ׳האָב געלעבט אַ משוגענעם טאָג. כ׳האָב געקענט אַ סך מאָלער און שרייבער, כדומה־למשל ווילקי קאָלינסן, און אַפילו מענטשן, וועלכע האָבן געשריבן אין די צייטונגען. וואָטס האָט געמאָלט אַ בילד פֿון מיין פֿרוי און איך האָב געקויפֿט אַ בילד פֿון מילי. כ׳בין געווען באַקאַנט מיט אַ רייע פֿאַר־ראַפֿאַעליסטן.

— האָט איר אַ ראַסעטטי? — האָב איך געפֿרעגט.

— ניין. איך האָב באַוווּנדערט ראַסעטטיס טאַלאַנט, אָבער איך האָב נישט געקענט מסכים זיין מיט זיין פּריוואַט לעבן. איך וואָלט קיינמאָל נישט גע־קויפֿט קיין בילד פֿון אַ קינסטלער, וועלכן איך וואָלט נישט געהאַט בדעה איינצולאַדן אויף אַן אָוונטברויט צו מיר אינדערהיים.

עס האָט זיך מיר אָנגעהויבן דרייען דער קאָפּ, ווען מיס פֿאָרטשעסטער, טוענדיק אַ קוק אויפֿן זייגערל, האָט אַ זאָג געטון „פּעטער עדווין, וועסט אונדז גאָרנישט לייענען היינטיקן אָוונט?“

איך האָב זיך מיט זיי געזעגנט.

אין איינעם אַן אָוונט, בעת מיר האָבן געטרונקען אַ גלעזעלע פּאָרט־ווייַן, האָט מיר מיסטער סיינט־קלער דערציילט די אומעטיקע געשיכטע פֿון מיס

*) אַ מאָראַל־פּרעדיקנדיקע קאָמעדיע פֿון דעם אירלענדישן דראַמאַטורג און פּאָליטיקער ריטשאַרד ברינזלי באַטלער שערידען (1816—1751) — באַמערקונג פֿון איבערזעצער.

פּאַרטשעסטער. זי איז געווען אַ כלה מיט אַ פּלימעניק פון מיסיס סיינט־קלער, אַן אַדוואָקאַט, ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז ער שפּילט אַ ליבע־דראַמע מיט דער טאָכטער פון זיין וועשין.

— ס'איז געווען אַ שרעקלעכע זאַך — האָט געזאָגט מיסטער סיינט־קלער. — אַ שרעקלעכע זאַך. אָבער, נאַטירלעך, מיין פּלימעניצע האָט געטון די איינציקע זאַך, וואָס זי האָט געקענט. זי האָט אים אומגעקערט זיין רינגעלע, זיינע בריוו און זיין פאָטאָגראַפיע, און אים געזאָגט, אַז זי וואָלט מיט אים קיינמאָל נישט געקענט חתונה האָבן. זי האָט אים זייער געבעטן חתונה צו האָבן מיט דער יונגער פּערזאָן, וואָס ער האָט באַעוולהט, און געזאָגט, אַז זי וועט זיין אַזוי ווי אַ שוועסטער צו איר. אָט דער פאַקט האָט צעבראָכן איר האַרץ. זי האָט זיך פון דעמאָלט אָן נישט אינטערעסירט מיט קיין שום מאַן.

— נו, האָט ער חתונה געהאַט מיט דעם מיידל?

מיסטער סיינט־קלער האָט געדרייט מיטן קאָפּ און האָט אַ קרעכץ געטון.

— ניין, מיר האָבן זיך אין אים שטאַרק אַנטוישט. עס איז געווען אַ שמערצלעכער עגמת־נפש פאַר מיין ליבער פרוי צו וויסן, אַז איר פּלימעניק זאָל זיך באַנעמען אויף אַזאַ נישט ערלעכן אופן. אַ צייט שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ יונגער פרוי, וועלכע שטאַמט פון אַ זייער גוטער משפחה און האָט אירע אייגענע צען טויזנט פונט. איך האָב געהאַלטן פאַר מיין פליכט צו שרייבן צו איר פאָטער און אים מוסר־מודעה זיין וועגן דעם יונגנמאַנס באַנעמונג. ער האָט געענטפערט אויף מיינעם בריוו אין אַ זייער חוצפּהדיקן לשון. ער האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט בעסער געוואָלט, אַז זיין איידעם זאָל געווען האָבן אַ געליבטע פאַר דער חתונה איידער נאָכהער.

— וואָס האָט דערנאָך פּאַסירט?

— זיי האָבן חתונה געהאַט און אַצינד איז מיין פרויס פּלימעניק איינער פון זיין מאַיעסטעטס ריכטער פון העכסטן טריבונאַל און זיין פרוי ווערט טיטולירט „מיי ליידי”. אָבער מיר האָבן קיינמאָל נישט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אים אויפצונעמען. ווען מיין פרויס פּלימעניק איז דערהויבן געוואָרן צו דער ראַנגע פון אַ „קעניגלעכן ריטער”, האָט עלינאָר מרמז געווען, אַז מען זאָל זיי איינלאַדן אויף אַן אָוונט־סעודה, אָבער מיין פרוי האָט געזאָגט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט זיין אונדזער גאַסט, און איך בין געווען פון דער זעלבער מיינונג.

— און וואָס איז געוואָרן מיט דער וועשערינס טאָכטער?

— זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ מאַן פון איר סאָציאַלן שיכט און האָט אַ שענק אין קאָנטערבערי. מיין פלימעניצע, וועלכע האָט אַ ביסל אייגן געלט, האָט פאַר איר אַלץ געטון און איז די טויפמוטער פון איר ערשטן קינד.

נעבעך, אָרעמע מיס פּאָרטשעסטער. זי האָט זיך מקריב געווען אויפן מזבח פון מאָראַליטעט פון דער וויקטאָריאַנער עפּאָכע, און איך האָב מורא צו זאָגן, אַז די איינציקע פּעולה, וואָס זי האָט דערפון געהאַט, איז דאָס באַ־וווסטזיין, אַז זי האָט זיך פיין באַנומען.

— מיס פּאָרטשעסטער איז אַ פרוי פון אַ זייער פיינעם אויסזען — האָב איך געזאָגט. — ווען זי איז געווען יונג, האָט זי געמוזט זיין אַ זייער פרעכ־טיקע פריילין. אַ חידוש וואָס זי האָט נישט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן מאַן.

— מיס פּאָרטשעסטער איז אָנגעגאַנגען פאַר אַ גרויסע שיינהייט. אַלמע־טאַדימע האָט זי אַזוי פאַרערט, אַז ער האָט זי געבעטן צו פּאָזירן פאַר איינעם פון זיינע בילדער, אָבער, נאַטירלעך, מיר האָבן נישט געקענט מסכים זיין דערצו.

פון מיסטער סיינט־קלערס טאָן האָט מען בולט געדרונגען, אַז דער פּאַר־שלאָג האָט טיף אויפגערעגט זיין געפיל פון אָנשטענדיקייט.

— ניין, קיין שום מאַן האָט מיס פּאָרטשעסטער נישט געאַרט, אויסער איר קוזין. זי רעדט וועגן אים קיינמאָל נישט, און עס איז שוין אַ מעשה פון דריי־סיק יאָר, ווי זיי זענען זיך צעגאַנגען, אָבער איך בין איבערצייגט, אַז זי האָט אים נאָך ליב. זי איז אַ ריכטיקע פרוי, מיין טייערער סער; איין לעבן, איין ליבע; און כאָטש איך באַדויער אפשר, וואָס עס איז איר פאַרשטערט געוואָרן די פרייד פון פאַמיליע־לעבן און מוטערלעכקייט, בין איך פונדעסטוועגן געצווונ־גען צו באַוווּנדערן איר טרייקייט.

אָבער דאָס האַרץ פון אַ פרוי איז פול מיט סודות און צופיל איבערגע־איילט איז דער מאַן, וועלכער מיינט, אַז זי וועט פאַרבלייבן תמיד אויף איין אָרט. יאָ! איבערגעאיילט, פּעטער עדווין! איר קענט עלינאָרן שוין אַ סך יאָרן, וואָרום ווען איר מוטער האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרלירן איר געזונט און איז שפּעטער געשטאָרבן, און ווען איר האָט אַריינגעבראַכט די יתומה אין אייער באַקוועם און אַפילו לוקסוסדיק הויז אויף לענסטער־פּלאַץ, איז זי נאָך געווען אַ קינד; אָבער אויב מיר וועלן איצט ערנסט באַהאַנדלען דעם

ענין, איז וואָס ווייסט איר דען, נאָך אַלעמען, פעטער עדווין, געגנוי וועגן עלינאָרן?

עס איז געווען בלויז צווי טעג נאָך דעם, ווי מיסטער סיינט־קלער האָט מיר פאַרטרויט די רירנדיקע געשיכטע, וועלכע האָט אויפגעקלערט די סיבה, פאַרוואָס מיס פאַרטשעסטער איז פאַרבליבן אַ מויד, ווען, קומענדיק צוריק אין האָטעל, נאָכמיטאָג, נאָך אַ רונדע אין גאָלף, איז צו מיר צוגעגאַנגען אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד די האָטעל־פאַרוואַלטערין.

— מיסטער סיינט־קלער האָט מיך געבעטן צו באַגריסן אייך און בעטן אייך אַריינצוקומען צו אים, אין לאָקאַל נומער זיבן־און־צוואַנציק, ווי נאָר איר וועט אַריינקומען אין האָטעל.

— זייער גוט. אָבער פאַרוואָס?

— אָ! ס'איז דאָרטן אַ גאַנצע פאַרדרייעניש. זיי וועלן שוין אייך זאָגן. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. כ'האָב געהערט אַ „קומט אַריין, קומט אַריין", וואָס האָט מיר דערמאָנט, אַז מיסטער סיינט־קלער האָט געשפּילט שעקספּיריאַנישע ראָלן אין דער וויכטיקסטער, דראַמאַטישער אַמאַטאָרן־געזעלשאַפט אין לאָנדאָן. כ'בין אַריין און געפונען מיסיס סיינט־קלער ליגן אויף דער סאָפע מיט אַ טיכעלע, אָנגעזאָפּט מיט אָדעקאָלאָן, אויף איר שטערן און אַ פלעשעלע חלשות־טראָפּנס אין איר האַנט. מיסטער סיינט־קלער איז געשטאַנען פאַרן פייער אין אַ פּאָזיציע, אַזוי ווי נישט צו דערלאָזן קיינעם אין צימער צו נהנה־זיין דערפון.

— איר וועט אַנטשולדיקן פאַר בעטן אייך אַרויפצוקומען אויף אַזאַ אומצערעמאָניעדיקן אופן, אָבער מיר זענען אין אַ גרויסן אומגליק, און מיר האָבן געטראַכט, אַז אפשר וועט איר זיין ביכולת צו וואַרפן אַ געוויסן שיין אויף דעם וואָס האָט פּאַסירט.

זיין צערודערונג איז געווען באַשיינפּערלעך.

— וואָס איז געשען?

— אונדזער פלימעניצע, מיס פאַרטשעסטער איז אַנטלאָפן. היינט אינדערפרי האָט זי געלאָזט וויסן מיין פרוי, אַז זי האָט איינעם פון אירע שטאַרקע קאָפּווייטיקן. ווען עס כאַפּט איר אָן איינער פון אירע קאָפּווייטיקן, האָט זי ליב צו בלייבן אין איר צימער אַבסאָלוט אַליין, און ערשט נאָכן האַלבן טאָג איז מיין פרוי אַוועק זען, צי זי קען עפּעס טון פאַר איר. אין איר צימער איז קיינער נישט געווען. איר קופער איז געווען פאַרפּאַקט. איר נעסעסער מיט די זילבערנע געצייג איז אין צימער נישט געווען. און אויף דאָס קישן

איז געלעגן אַ בריוו, אין וועלכן זי האָט אונדז געמאָלדן וועגן איר פּלוצלינ־גער טאָט.

— איך באַדויער זייער — האָב איך געזאָגט. — איך ווייס נישט גענוי וואָס איך קען דאָ אויפטון.

— מיר זענען געווען אונטערן איינדרוק, אַז איר זענט דער איינציקער הער אין עלסאַן, מיט וועמען זי איז געווען באַקאַנט.

כ׳האָב תיכף תופס געווען, וואָס ער מיינט.

— איך זע, אַז איר זענט נישט אַנטלאָפן מיט איר. אין ערשטן אויגנ־בליק האָבן מיר געמיינט, אַז אפשר... אָבער אויב נישט איר, איז ווער־זשע?

— באמת, איך ווייס נישט.

— באַוויז זיי דעם בריוו, עדווין — האָט געזאָגט מיסיס סיינט־קלער פון דער סאָפע.

— באַוועג דיך נישט, גערטרוד. וועסט ווידער קריגן דיין לומבאַגאָ.

מיס פּאַרטשעסטער האָט געהאַט „אירע" קאַפּווייטיקן, און מיסיס סיינט־קלער האָט געהאַט „איר" לומבאַגאָ. און וואָס האָט געהאַט מיסטער סיינט־קלער? איך בין געווען גרייט צו וועטן זיך אויף אַ פּינפּער, אַז מיסטער סיינט־קלער האָט געהאַט „זיין" פּאָדאַגרע. ער האָט מיר דערלאַנגט דעם בריוו, און איך האָב אים געלייענט מיט אַ מינע פון אַ העפלעכן מיטלייד.

טייערסטע פעטער עדווין און מומע גערטרוד!

ווען איר וועט דערהאַלטן דעם בריוו, וועל איך זיין שוין זייער וויים. איך גיי חתונה האָבן היינט אינדערפרי מיט אַ דזשענטלמאַן, וועל־כער איז מיר זייער טייער. איך ווייס, אַז איך טו שלעכט, אַנטלויפנדיק אויף אַזאַ אופן, אָבער איך האָב זיך געשראָקן, אַז איר וועט פּרוּוון מיר שטערן חתונה צו האָבן, און היות קיין זאַך וואָלט מיר נישט געקענט באַאיינפלוסן צו בייטן מיין מיינונג, האָב איך זיך געטראַכט, אַז עס וועט אונדז אַלעמען פאַרשפּאָרן אַ סך צרות, אויב איך וועל עס טון נישט זאָגנדיק אייך גאָרנישט וועגן דעם. מיין חתן איז אַ זייער צוריקגעהאַל־טענער מאַן, צוליב זיין ווונדן אַ לאַנגע צייט אין טראָפּישע לענדער, איז ער נישט אין בעסטן געזונט־צושטאַנד, און ער איז געווען דערפאַר, אַז מיר זאָלן חתונה האָבן אָן קיינעמס וויסן. ווען איר וואָלט געוווסט,

## וו. סאמערסעט מאָם

ווי שטראַלנדיק גליקלעך איך בין, האָף איך, אַז איר וואָלט מיר מוחל געווען. איך בעט אייך אַריבערצושיקן דעם קופער אין ביוראָ פון באַגאַזש־דעפּאָזיט פון וויקטאָריאַ־וואָקזאַל.

אייער ליבנדיקע פלימעניצע
עלינאָר

— איך וועל איר קיינמאָל נישט מוחל זיין — האָט געזאָגט מיסטער סיינט־קלער, ווען איך האָב אים צוריקגעגעבן דעם בריוו. — זי וועט שוין קיינמאָל נישט אויפגענומען ווערן אין מיין היים. גערטרוד, איך פאַרווער דיך אָנצורופן עלינאָרס נאָמען אין מיין אָנוועזנהייט.

מיסיס סיינט־קלער האָט אָנגעהויבן שטילערהייט צו כליפּען.

— זענט איר נישט עטוואָס צו שטרענג? — האָב איך געזאָגט. — איז דען פאַראַן אַ וועלכע עס איז סיבה, פאַרוואָס מיס פאָרטשעסטער זאָל נישט חתונה האָבן?

— אין איר עלטער? — האָט ער געענטפערט אַן אויפגערעגטער. — ס'נעמט דאָך צום לאַכן. מען וועט פון אונדז חוזק מאַכן איבערן גאַנצן לענסטער־פּלאַץ. ווייסט איר ווי אַלט זי איז? זי איז איין־און־פופציק.

— פיר־און־פופציק — האָט מיסיס סיינט־קלער אויסגעשריִען דורך איר כליפּעריי.

— זי איז געווען דאָס שוואַרצאַפּל פון מיין אויג. זי איז געווען פאַר אונדז אַזוי ווי אַ טאָכטער. זי איז געווען אַן אַלטע מויד יאָרנלאַנג. איך מיין, אַז עס איז פּאָזיטיוו נישט פּאַסיק פאַר איר צו טראַכטן וועגן חתונה האָבן.

— זי איז תמיד געווען אַ מיידעלע פאַר אונדז, עדווין — האָט געטענהט מיסיס סיינט־קלער.

— און ווער איז עס דער מאַן, מיט וועמען זי האָט חתונה געהאַט? דאָס וואָס טוט אַממערסטן ווייי איז איר אָפּנאַרעריי. זי האָט מיט אים מסתמא געהאַט אַרומגעשטיפּט אונטער אונדזערע סאַמע נעזער. זי זאָגט אונדז אַפילו נישט זיין נאָמען. איך שרעק זיך פאַר דאָס ערגסטע.

פּלוצלינג האָט מיך באַהערשט אַ באַגייסטערנדיקער געדאַנק. יענעם פאַר־מיטאָג נאָכן אָנבייסן, בין איך אַרויס קויפן פּאַפּיראָסן און אין קראָם האָב איך געטראָפן מאָרטימער עליסן. שוין עטלעכע טעג ווי איך האָב אים נישט געזען.

— איר זעט אויס זייער עלעגאַנט — האָב איך געזאָגט.

זיינע שיך זענען געוואָרן פאַרריכט און זענען געווען געהעריק באַשוואַרצט. זיין הוט איז געווען אויסגעבאַרשט. ער האָט געטראָגן אַ ריינעם קאָלנער און

נייע הענטשקעס. איך האָב זיך געטראַכט, אַז ער האָט אויסגענוצט מיינע צוויי פונט אויף אַ גינסטיקן שטייגער.

— איך באַדאַרף פאָרן קיין ענגלאַנד היינט פאַרמיטאָג אין געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן — האָט ער געזאָגט.

כ׳האָב אַ נייג געטון מיטן קאָפּ און בין אַרויס פון קראָם.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז מיט אַ צוויי וואָכן צוריק, שפּאַצירנדיק אויסער דער שטאָט, האָב איך באַגעגנט מיס פּאָרטשעסטער און אייניקע מעטער נאָך איר מאָרטימער עליסן. איז עס געווען מעגלעך, אַז זיי זענען געגאַנגען צוזאַמען און ער האָט זיך צוריקגעצויגן, ווען זיי האָבן מיך באַמערקט? אויף מיינע נאמנות, איך האָב דאָס אַלץ געזען.

— איך געדענק, אַז איר האָט מיר געזאָגט, אַז מיס פּאָרטשעסטער האָט איר אייגן געלט — האָב איך געזאָגט.

— אַ קלייניקייט. זי האָט דריי טויזנט פונט.

אַצינד בין איך שוין געווען זיכער. איך האָב אויף זיי געקוקט אַ פּאָר־ווירטער. פּלוצלינג האָט זיך מיסיס סיינט־קלער האַסטיק אויפגעשטעלט און אויסגעשריִען.

— עדווין, עדווין, שטעל דיר פאָר, אַז ער וועט מיט איר נישט חתונה האָבן, האַ?

אין דעם מאָמענט האָט מיסטער סיינט־קלער צוגעלייגט זיין האַנט צו זיין קאָפּ און, אין אַ צושטאַנד פון דערשעפּונג, געזונקען אין אַ שטול.

— די חרפּה וועט מיך דערהרגענען — האָט ער געזיפצט.

— זייט נישט באַאומרואיקט — האָב איך געזאָגט. — ער וועט מיט איר חתונה האָבן אין דער בעסטער אָרדענונג. ער טוט עס תמיד אַזוי. ער וועט מיט איר חתונה האָבן אין דער קירכע.

זיי האָבן נישט געלייגט קיין שום אַכט אויף מיינע ווערטער. איך מיין, אַז זיי האָבן זיך געטראַכט, אַז איך האָב פּלוצלינג פאַרלוירן מיינע חושים. איך בין געווען פולשטענדיק זיכער איצט. מאָרטימער עליס האָט, נאָך אַלעמען, דערגרייכט זיין אַמביציע. מיס פּאָרטשעסטער האָט דערגענצט דאָס קיילעכ־דיקע טוץ.

# דרוק-פעלער

| זייט | שורה | אנשטאָט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| IX | 6 | צניות | **צניעות** |
| XXVII | 2 | דער מאָלעריי | **צו מאָלעריי** |
| 8 | 28 | געזוּלשאַפט | **געזעלשאַפט** |
| 17 | 8 | אדאָלף | **אלפאָנס** |
| 22 | 30 | , האָט | **— האָט** |
| 39 | 24 | דעם צוזאַמענקונפט | **די צוזאַמענקונפט** |
| 47 | 2 | , — | **—** |
| 65 | 8 | אנטמיישונג | **אנטוישונג** |
| 72 | 25 | קאַקי – | **כאַקי –** |
| 76 | 20 | מאָרדזשערין | **מאַרדזשערין** |
| 81 | 32 | קאַקי - הויזלעך | **כאַקי - הויזלעך** |
| 92 | 23 | סימפּאַטיע | **סימפּאַטיעס** |
| 99 | 18 | איבעריקע טייל | **איבעריקע טיילן** |
| 136 | 7 | געקענט חתונה, | **געקענט חתונה האָבן** |
| 244 | 31 | קאָמיש בליד | **קאָמיש בילד** |
| 250 | 15 | דו באַדאַרפט | **דו באַדאַרפסט** |
| 294 | 2 | קופער | **קופערט** |